לעאָ פינקעלשטיין

# לשון יידיש און יידישער קיום

עסייען

ארויסגעגעבן פון




מעקסיקע־שטאָט, 1954

LEO FINKELSTEIN

# EL IDIOMA YIDISH

## ENSAYOS LINGÜISTICOS Y LITERARIOS

•

EDICION DEL FONDO MENDELSON DE
LA SOCIEDAD PRO CULTURA Y AYUDA
MEXICO, D. F. 1954

י. כארלאש.

# לעאָ פינקעלשטיין

## (שטריכן פאַר אַ פאָרטרעט)

מיר זענען געזעסן מיט מירען און צוזאַמען געבלעטערט דאָס בוך פון לעאָס לעבן.

מירע — דאָס איז לעאָ פינקעלשטיינס לעבנס-באַגלייטערין. פינף און פופציק יאָר האָט לעאָ פינקעלשטיין געלעבט אויף דער וועלט און פונקט אַ העלפט דערפון איז מירע געווען אַ שותפטע צו דעם דאָזיקן לעבן. און וואָס פאַר אַ שותפטע! דאָס האָט מען באַדאַרפט האָבן צוגעזען כדי עס צו קאָנען אָפשאַצן. האָט עס דעריבער אויסגעזען ווי אַ גוטער איינפאַל צו פאַרגלייכן אַן איינדרוק, וואָס מען האָט אַליין געקראָגן פון לעאָ פינקעלשטיינען, מיט מירעס אַן ענלעכן איינדרוק; צוזאַמען מיט איר זיך מיען צו רעסטאַווירן אַ לאַנג פאַרשווונדענע אַטמאָספער פון דאָ און דאָרט אין פינקעלשטיינס לעבן און נאָך דעם שוין עטוואָס זיכערער און דרייסטער פרווון צייכענען מאַנכע שטריכן פון זיין כאַראַקטער. און — דער עיקר דאָס האָט פאַרשפראָכן אַוועקצונעמען באַריערן און שמעלער און קירצער מאַכן די דיסטאַנץ צווישן דעם אָפגעשיידטן און דעם לעבעדיקן, וואָס איז אַזוי וויכטיק, בעת דער דערציילער וויל אויפהאַלטן אַ הויך פון דעם פערזענלעכן אין זיין שילדערן דעם אַוועקגעגאַנגענעם.

⁂

לעאָ פינקעלשטיינס קינדהייט איז געווען פול מיט איינ־דרוקן און רייך אין קאָלירן. אין די שפּעטערדיקע רייפע יאָרן האָט לעאָ אָפט ליב געהאַט זיך צוריקצוקערן צו יענער קינ־

דערש-יינגלשער פּאַרגאַנגענהייט, וואָס איז אין זיין זכרון קיין מאָל נישט פאַרנעפּלט געוואָרן. ער האָט געהאַט פון וואָס צו ציען יניקה.

לעאַ (אָדער לייבצע, ווי דער פאָטער האָט אים גערופן) איז געבוירן געוואָרן אין אַ פּסחדיקן אַפּריל-טאָג אין יאָר 1895 אין דער פּויליש-יידישער שטאָט ראַדאָם אין זייער אַ פיינער באַ-לעבאַטישער שטוב. זיין מוטער איז געווען אַ טאָכטער פון די צימבערקאָוויטשעס — אַ רייכע האַנדלס-פּירמע, וואָס האָט גע-האַלטן אין איר רשות דעם מאָנאָפּאָל אויף צוקער אין דער געגנט און איז געווען באַקאַנט איבער דער גאַנצער ראַדאָמער גובערניע. חיה-רבקה צימבערקאָוויטש, לעאָס מוטער, האָט נאָך אַרום 1878 געהאַט שוין געענדיקט אַ רוסישע גימנאַזיע. זי איז געווען אַן אינטעליגענטע, אַנגעלייענטע און געזעלשאַפטלעך-אַקטיווע פרוי. זי איז שפּעטער געווען אַ מיטגרינדערין פון דער ליטעראַריש-מוזיקאַלישער געזעלשאַפט „הזמיר" און זייער טעטיק אויך אין אַנדערע קולטור-אינסטיטוציעס אין ראַ-דאָם. אַ פרוי מיט וויסן און חכמה, מיט פעאיקייטן צו שפּראַכן און מיט אַ געשמאַק פאַר ליטעראַטור, האָט זי אויסגעאיבט אַ גרויסן איינפלוס אויף לעאָס פריאיקער אינטעלעקטועלער אַנט-וויקלונג, האָט געוועקט אין אים די נייגונג צו פאָרשן און דעם ווילן צו לייענען. זי איז געשטאָרבן פון לעוקעמיאַ אין 1910 — אין גאַנצן צוויי און פופציק יאָר אַלט. לעאַ פלעגט זי תמיד דערמאָנען מיט גרויס רעספּעקט און מיט אַ סך ליבע.

דער טאַטע לעאָס, רחמיאל פינקעלשטיין, איז געווען אַ ייד אַ למדן, מיט אַ סך אַלט-יידישן וויסן, אַ בעל-אמונה, אָבער גלייכצייטיק אַ משכיל, אַ העברעער, אַ ציוניסט, אַ שטענדי-קער אַבאָנענט פון דער „הצפירה" און גאָרנישט קיין פאַנאַטי-שער פרומאַק. פון זיין זייט האָט דער טאַטע געוועקט אין לעאָנען דעם אינטערעס צו דער העברעישער שפּראַך און צום תנ"ך, צו יידישער געשיכטע און צו אַלט-יידישע ספרים. ער האָט לעאָנען נישט געשיקט אין חדר, נאָר אין אַ רעפאָרמירטער יידי-שער שול און אויך געהאַלטן פאַר אים אַ לערער אין שטוב.

אין 1905 איז רחמיאל פינקעלשטיין, צוזאַמען מיט דער משפחה (פיר זין און פיר טעכטער געווען אין שטוב), אַריבער-געפאָרן קיין קעלץ — דאָרט זיך צו באַזעצן. די סיבה דערפון איז געווען — פרנסה. די צוקער-געשעפטן אין ראַדאָם זענען

אוועק שלעכט, האָט רחמיאל פינקעלשטיין „געפרווט זיין גליק" מיט אַ פאַבריק פון שוועבעלעך און האָט גאָר שלעכט אָפּגעשניטן. דעמאָלט האָט ער זיך אַריבערגעצויגן צו קרובים אין קעלץ און מיט זיי צוזאַמען גענומען מסחרן פונדאַסניי.

לעאָס פאָרמאַטיווע יאָרן אין קעלץ זענען דורכגעגאַנגען אין אַ טומלדיקער, פיל־פאַרביקער און סטימולירנדיקער סביבה. פון איין זייט האָט זיך די רעוואָלוציע אַריינגעריסן צו פינקעל־שטיינען אין שטוב אַריין. לעאָס עלטסטער ברודער, משהלע, און דער צווייטער נאָך אים, יאַנטשע, זענען געוואָרן אַקטיווע פועלי־ציוניסטן און האָבן ביידע צוליב דעם געמוזט פאַרלאָזן די היים. משהלע איז אין 1906 אוועק קיין אַמעריקע, האָט זיך באַזעצט אין שיקאַגאָ, זיך גענומען צום שטודירן, איז געוואָרן אַ דאָקטאָר־מעדיצין און האָט פּראַקטיצירט אונטערן נאָמען מאָרים פינקעל. (ער האָט עס אין 1923 אַריבערגענומען דעם אַלטן טאַטן צו זיך קיין שיקאַגאָ). יאַנטשען, ווידער, האָט מען, אויך אין 1906, אַרעסטירט, געהאַלטן אַ לאַנגע צייט פאַרשפּאַרט אין תפיסה און דערנאָך פאַרשיקט קיין סיביר, פון וואַנען ער איז שפּעטער אַנטלאָפן צום ברודער קיין אַמעריקע. ביידע ברי־דער זענען געשטאָרבן יונג; דער אַלטער טאַטע האָט זיי ביידן, ווי אויך לעאָנען, איבערגעלעבט. ער איז געשטאָרבן ערשט מיט אַ יאָר צוריק אין עלטער פון 93 יאָר. לעאָ האָט די גאַנצע יאָרן אָנגעהאַלטן אַ סיסטעמאַטישע קאָרעספּאָנדענץ מיט מאָ־ריסן, און דאָס האָט אים, לויט זיינע אייגענע ווערטער, אַ סך געגעבן אין לעבן. פון נאָך 1923 האָט לעאָ אַליין מיטן פאָטער זיך רעגולער איבערגעשריבן. דאָ שוין, אין אַמעריקע, האָט לעאָ פיל מאָל באַזוכט דעם פאָטער אין שיקאַגאָ און מיט אים פאַר־בראַכט לאַנגע שעהן. די ברידער האָבן שוין נישט געלעבט מער.

פון דער צווייטער זייט (זיך צוריקקערנדיק צו לעאָס יינגל־שע און בחורשע יאָרן אין קעלץ) האָט איינער פון די פעטערס זיינע געררייצט די פאַנטאַזיע פון דעם אונטערוואַקסנדיקן לעאָן. דאָס איז געווען בעריש צימבערקאָוויטש, דער מאַמעס אַ ברו־דער. די צימבערקאָוויטשעס זענען בכלל געווען אַ באַהעמיער־משפחה, און פון זיי האָט זיך באַזונדערס אויסגעטיילט דער פעטער בעריש. אַ מענטש מיט אַ סך סקעפּסיס, וואָס האָט גע־קאָנט פילאָסאָפיש אַריבערקוקן איבער זאַכן און געשעענישן,

מיט פּאָעטישער טרוימערישקייט און נייגונגען צו וואַנדערן, האָט ער געפאַנגען דאָס הארץ פון דעם יונגן לעאָן און איז ביי אים אין געדעכעניש פאַרבליבן שוין אויפן גאַנצן לעבן. דער פעטער בעריש האָט פיינט געהאַט נגידים, און לעאָ פלעגט רק זאָגן, אַז דאָס האָט ער דעם פעטער בעריש צו פאַרדאַנקען זיין אַנטיפּאַטיע צו רייכע און זיין שפּעטערדיקע קעגנערשאַפט צו דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג בכלל.

אַזוי האָט די דינאַמישע שטוב געלייגט די פונדאַמענטן פאַר לעאָ פינקעלשטיינס קומענדיקער פערזענלעכקייט. עס זע־נען, נאַטירלעך, אויך געווען איינפלוסן פון דער גאַס, פון חברים, אָבער דאָס וויכטיקסטע, וואָס לעאָ האָט מיט זיך פון יענע יאָרן אויפן לעבן מיטגעטראָגן, איז געבליבן די ירושה פון דער שטוב. ביז וואַנען נייע אומשטענדן זענען אַריין אינעם שפּיל, אומ־שטענדן דרויסנדיקע, האַרטע, אומבויגזאַמע, און זיי האָבן גע־האָלפן פורעמען לעאָס כאַראַקטער.

*

פון זינט די פינקעלשטיינס האָבן זיך אַריבערגעקליבן קיין קעלץ, זענען די געשעפטן זייערע קיין מאָל נישט געווען גע־הויבן. און אַז די מאַמע איז אַוועקגעשטאָרבן, איז אַלץ אַוועק נאָך ערגער. די שטוב איז זיך צעפאָרן. די עלטערע זין זענען אַוועק איבער דער וועלט, די יינגערע קינדער זענען אויסגע־וואַקסן און האָבן געדאַרפט פאַר זיך אַליין זוכן חיונה. אויך לעאָ איז געווען געצוווּנגען צו ווערן „זעלבסטשטענדיק" נאָך דער מוטערס טויט. ער האָט זיך אויסגעלערנט בוכהאַלטעריע און איז אַוועק אַרבעטן.

אין דער זעלביקער צייט האָט אָבער לעאָ זייער פיל גע־אַרבעט אויך איבער זיך. ער איז געווען אַ גרויסער מתמיד, געלייענט טיף אין די נעכט. ער האָט אויף זיין אייגענעם וועג געלערנט געשיכטע און פילאָסאָפיע, ליטעראַטור און שפּראַכן. ער האָט געשלונגען ביכער און ספרים, זיך געגרונטעוועט, פון איין זייט, אין דער פוילישער שפּראַך און ליטעראַטור און פון דער צווייטער זייט — אין העברעיש און אַלט־יידישן לעבנס־אייגנאַרט. געלערנט צוביסלעך דייטש און רוסיש, געזאָפּט אין זיך קלאַסיקער מיט מאָדערניסטן, פּאָעזיע און פּראָזע. ער האָט זיך אויך געוואָרפן אויף זשורנאַלן און צייטשריפטן און האָט

אין זיי געזוכט באַשייד אויף די טוויזנטער פראַגעס און „רעטע־נישן" פון טאָג־טעגלעכן לעבן. עס האָט זיך אין אים געוועקט דער פּאָליטישער טעמפּעראַמענט צוגלייך מיטן אומגעשטילטן דורשט נאָך וויסן: די נייגונג צו פּאָליטישע פּאַראַלגעמיינערונגען איז אין אים געוואַקסן צוזאַמען מיט אַ פיינעם חוש פאַר ליטעראַטור; די עקלעקטישע צעוואָרפנקייט פון אומדערפאַרענער יוגנט האָט אין אים געבענקט נאָך אָרדענונג פון פּרינציפּיעלער מיושבדיקייט; ער האָט דערשפּירט דעם טעם פון דער „פעדער אין האַנט" און דעם צויבער פון דער אָראַטאָרישער טריבונע. דאָס האָבן געמוזט זיין די אָנרעגנדיקסטע יאָרן אין לעאָ פינקעלשטיינס לעבן — יאָרן פון רייסן זיך פאָרויס, נישט אומדרייענדיק דעם קאָפּ אויף אַהינטער, יאָרן פון גלייבן אין עפּעס אַן אייגענער מיסיע, יאָרן פון צוזאָג און פאַרמעסט.

אָט דער יערנדיקער פּראָצעס איז אָנגעגאַנגען אין לעאָ פינקעלשטיינען אין די יאָרן 1912 ביז 1917, די יאָרן פון ערב און אין משך פון דעם ערשטן וועלט־קריג. אין 1917 איז פינקעלשטיין אַוועק קיין קראָקע הערן לעקציעס און דורכמאַכן אַ סיסטעמאַטישן שטודיום אין דאָרטיקן אוניווערסיטעט. וואָס האָט אים באַוועגט צו דעם דאָזיקן שריט? פון קאַריערע וועגן איז עס געווען אַ צו לאַנגע געשיכטע פאַרן אומפאַרמעגלעכן סטודענט. סתם אַזוי הערן לעקציעס האָט דער קוריאָזער יונגערמאַן נישט נייטיק געהאַט: ער האָט דעם וועג צו דער וועלט פון ביכער שוין גוט געקענט אָן עמעצנס אָנווייזונגען. אויך איז ער שוין נישט מער געווען קיין ייִנגעלע, אָט דער נייער קראָקאָווער סטודענט, — ער איז שוין געווען אַ שרייבער אין פּויליש זינט 1916. טאָ צו וואָס איז ער געקומען קיין קראָקע?

ד"ר יעקב שאַצקי, וואָס איז דעמאָלט אויך געווען אַ סטודענט אין קראָקעווער אוניווערסיטעט, דערציילט אַזוי וועגן זיין דעמאָלטדיקער ערשטער באַקאַנטשאַפט מיט פינקעלשטיינען („צוקונפט", סעפּטעמבער־אָקטאָבער, 1950):

„...איך האָב זיך מיט אים (פינקעלשטיינען) באַקענט אין קראָקע, וווהין ער איז אין יאָר 1917 געקומען לערנען „גויאישע תורה", וואָס זאָל קאָנען, ווי ער פלעגט זיך אויסדריקן, אים מדריך זיין, ווי אַזוי אַריינצופירן אַ סדר און אַ סינטעז צווישן דער „גויאישער תורה" און דעם יידישן וויסן בכלל און אין דעם יידישן לעבן אין פּוילן בפרט".

געפינען אַ סינטעז צווישן דער „גויאישער תורה" און דעם יידישן וויסן, אַריבערוואַרפן אַ בריק צווישן יידישער טראַדיציע און מאָדערנעם אייראָפּעישן לעבן — דאָס איז געווען דער ציל פון גאָר דער פיינערער אינטעליגענץ אונדזערער פון יענעם דור, פון יענער אינטעליגענץ, וואָס איז געגאַנגען אין די „גוישע" הויכשולן נישט לשם פּערזענלעכער קאַריערע, נאָר כדי זיך אויסצולערנען ווי צו ברענגען נוצן דעם כלל. פינקעלשטיין איז געווען איינער פון די פיינסטע פון אָט דער אינטעליגענץ.

לעאָ פינקעלשטיין האָט פאַרבראַכט אין קראָקע אַ צוויי־דריי יאָר. פאַר דער צייט האָט ער דורכגעמאַכט זיין רייפקייט־וועג, אַזוי צו זאָגן. אין אוניווערסיטעט האָט ער שטודירט פילאָזאָפיע (אַלגעמיין־ספּעקולאַטיווע און רעכטס־פילאָסאָפיע) און איז פאַרבליבן ביי ספּינאָזאָס „עטיק", ווי אויף אַ פעסטער, זיכערער פּאָזיציע אויף אַ לעבן לאַנג. אויסער דעם אוניווערסיטעט־שטודיום האָט ער געלייענט און געגרונטעוועט די קלאַסיקער פון דער אייראָפּעישער ליטעראַטור און אויסגעפונען, אַז שרייבן און רעדן וועגן ליטעראַטור איז זיין באַרוף. און אַ גלויבן האָט ער זיך אויפגעבויט אין די דאָזיקע יאָרן; דאָס איז געווען דער גלויבן אין דער היסטאָרישער מיסיע פון יידיש, פון דער יידישער ליטעראַטור, פון דער דעמאָלט אויפשפּראָצנדיקער יידיש־וועלטלעכער שול און פון אַלע אַנדערע אַטריבוטן פון דעם יידישן קולטור־רענעסאַנס, וואָס האָט זיך אַזוי הערלעך צעבליט אין די יאָרן צווישן ביידע וועלט־מלחמות. אויך פּאָליטיש איז פינקעלשטיין אין יענע יאָרן צוגעשוווּמען צו אַ ברעג און זיך דאָרטן געהאַט פאַראַנקערט אויף אַ לאַנגער צייט; ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער פאָלקס־פּאַרטיי, וואָס איז געווען דעמאָקראַטיש און יידיש־פאָלקסטימלעך, האָט נישט געהאַט קיין צו שטרענגע דיסציפּלין און געקאָנט פאַרטראָגן מענטשן פון פאַרשידענע פּאָליטישע ניואַנסן — לינקער פון ציוניזם; האָט ענערגיש און פאַרעקשנט געקעמפט פאַר די רעכט פון דער מאָדערנער יידישער קולטור, געקאָנט זיך באַרימען מיט אַזוינע קעפּ און נעמען צווישן אירע פירער ווי: ה. ד. נאָמבערג, נח פּרילוצקי, הלל צייטלין, ש. י. סטופּניקצי, ד"ר צמח שאבאד, און באַגייסטערט אַזוינע יונגע שיין־גייסטער ווי שלמה מענדעלסאָן. לעאָ פינקעלשטיין האָט דאָרט גלייך געפונען אָנער־

קענונג ווי אַ שרייבער, אַ לעקטאָר און אויך ווי אַ פּאָליטישער טוער.

עס האָט זיך אונטערגערוקט דאָס יאָר 1920 און מירע איז אַריינגעקומען אין לעאָ פינקעלשטיינס לעבן. זיי האָבן זיך באַקענט אין ראַדאָם, וואוהין פינקעלשטיין איז געקומען לייענען אַ לעקציע וועגן מאַרים מעטערלינקס „בלויען פויגל". מירע, פון דער היים — קליינמאַן, אויך אַ ראַדאָמער, האָט דעמאָלט געהאַט אָקערשט געענדיקט די פּוילישע גימנאַזיע און זי איז אַוועק קיין וואַרשע שטודירן אין אוניווערסיטעט. לעאָ ווידער איז אַוועק צאָלן אַן אַלטן חוב — מיליטער־דינסט. אין 1923 האָבן זיי חתונה געהאַט. לעאָ איז אַוועק אין אַ ביוראָ ווי אַ בוכהאַלטער און אין דער פרייער צייט פאָרגעזעצט זיין שטודיום אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט.

אין 1925 איז מירע געוואָרן אַ לערערין אין אַ גמינע־שול. לעאָ האָט אַוועקגעוואָרפן די בוכפירונג און האָט זיך אָפּגעגעבן אין גאַנצן צום שרייבן און רעדן. ער האָט דערפילט, אַז עס איז געקומען די צייט אַריבערצופירן די אייגענע פּאַטענץ אין אַקציע; אויסצובארייטערן און פאַרטיפן דאָס דערוואָרבענע. עס זענען אָנגעקומען די יאָרן פון שאַפן, יאָרן פון דערפילונג.



לעאָ פינקעלשטיין האָט געגלאַנצט אין דעם יידישן לעבן פון פוילן אין די דרייצן־פערצן יאָר, וואָס זענען פאַרלאָפן צווישן 1926 און 1939. ער האָט געשריבן אַ סך און אינטערעסאַנט איבער ליטעראַטור. פילאָסאָפיע, געשיכטע, סאָציאַלע פּראָבלעמען, לעבנשטייגער, געשריבן אין פּויליש און אין יידיש. ער איז געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין דער טעגלעכער פּוילישער צייטונג „נאַש פּשעגלאָנד" און אין דעם פאָלקיסטישן וואָכנבלאַט „דאָס פאָלק", אין די „ליטעראַרישע בלעטער" און אין דער „וואָכנשריפט", אין „ביכער־וועלט" און „פאָרויס". ער האָט געכישופט די געפּאַקטע אוידיטאָריעס איבער די שטעט און שטעטלעך אין פוילן מיט זיינע גייסטרייכע, טעמפּעראַמענטפולע און מיט הומאָר דורכגעפלאָכטענע לעקציעס און רעפעראַטן וועגן פרצן און שלום־עליכמען, דאָסטאָיעווסקין און טאָלסטאָיען, ניטשען און שפּענגלערן, רמב"ם און ספּינאָזאָן, חסידות און השכלה. ער האָט אויך אויפגערודערט די יידישע

געזעלשאַפט אין פּוילן מיט דעם אומדערמידלעכן און פּרינצי־
פּיעל־אויסגעהאַלטענעם קאַמף פאַר די רעכט פון דער יידישער
שול, פאַר דער חשיבות פון דער יידישער ליטעראַטור און פאַר
דעם שוץ פון דעם יידישן טעאַטער, וואָס ער האָט געפירט ווי
אַ פּרנס אין דער וואַרשעווער קהילה.

צוויי גרעסערע געשעענישן אין פינקעלשטיינס לעבן פאַר
דעם דאָזיקן פּעריאָד האָבן געהאַט אויף אַ צייט צוגעשמידט
צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון דער ברייטער יידישער גע־
זעלשאַפטלעכקייט. דאָס זענען געווען, פון איין זייט, זיינע דער־
גרייכונגען אויפן געביט פון ריינעם ספּעקולאַטיוון דענקען און
פון דער צווייטער זייט — זיין שיידן זיך פּאָליטיש מיט דער
פּאָלקס־פּאַרטיי און זיין אָנשליסן זיך אָן „בונד".

אין די לעצטע צוואַנציקער און אין די ערשטע דרייסי־
קער יאָרן האָט פינקעלשטיין ווידער אַ מאָל אַ סך געאַרבעט
איבער פּראָבלעמען אַבסטראַקט־פילאָסאָפישע. דערין זענען
אַריינגעגאַנגען: אַ שטודיום פון די קאָנצעפּציעס, וואָס האָבן
זיך געקייטלט פון שאָפּענהאַוערן דורך ניטצשען צו שפּענג־
לערן; אַ שטודיום פון שפּענגלערס אייגענער קאָנצעפּציע וועגן
דער היסטאָרישער פּאַרמשפּטקייט פון יידנטום; אַ פּרווו פון אַ
סינטעז צווישן העגעלן, מאַרקסן און ספּינאָזאָן, געשריבן אין
פּויליש און אַרויסגעגעבן דורכן פאַרלאַג הערזיק אין וואַרשע,
אין 1932. אָבער דער רוקנביין פון פינקעלשטיינס ווייטערדי־
קער פילאָסאָפישער פאָרשונג איז אַלץ נאָך געבליבן ספּינאָזאָס
קאָסמישע עטיק און זיין „מעטאַפיזישע רעליגיעזישקייט", וואָס
דער פאָרשער האָט איצט געניצט אויף אויסצוגעפינען אָן אַל־
געמיינעם פאַרבינד־פאָדעם אין גאַר דעם יידישן וועלט־ און
מענטש־באַנעם. די רעזולטאַטן פון דער דאָזיקער פאָרשונג זע־
נען געקומען צום אויסדרוק אין זיין אַרבעט „גרונד־שטריכן פון
דער יידישער פילאָסאָפיע", וואָס איז אַרויס אין דרוק־פאָרם
אין פאַרלאַג „ליטעראַרישע בלעטער" אין וואַרשע, אין 1937.

די אַרבעט נעמט אַרום אַ צענדליק נעמען פון יידישע דענ־
קער פון אַזוי פרי ווי פילאָן פון אַלעקסאַנדריע, ביז אַזוי שפּעט
ווי משה מענדעלסאָן, רירט אָן די מערסטע פון זיי בלויז פאַר־
בייגייענדיק און שטעלט זיך דער עיקר און אויספירלעך אָפּ
אויף די צוויי אַנטיפּאָדן — רמב"ם און ספּינאָזאַ. די הויפּט־
פּראָבלעמען זענען דאָ: די עטיק ווי אַ יסוד פון דעם קאָסמאָס

און גאָט ווי אַ מעטאַפיזישע דערשיינונג. דאָס הייסט: אי די סיבות-פֿאַרבינדונג איז פֿאַראַן, אי ס׳איז נישטאָ קיין ריס צווישן רעליגיע און וועלט-דערקלערונג, אָדער צווישן טעאָלאָגיע און פילאָסאָפיע, אויב מען וויל אַזוי. און דאָס אַלץ, פּרוּווט פינקעלשטיין באַווייזן, ליגט אין דעם תוך פון גאָר דעם אַלטן יידישן דענקען.

אַ דאַנק זיינע פילאָסאָפישע פֿאָרשונגען האָט דער יידישער ליטעראַטן-פֿאַראיין אין וואַרשע אים אויסגעוויילט ווי אַ דעלעגאַט צום ספּינאָזאַ-קאָנגרעס אין האאג, אין 1932. צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן האָט מען אויף אַ וועלט-צונויפֿקום פון פילאָסאָפן און דענקער געהערט די קלאַנגען פון דער יידישער שפּראַך; דאָס איז געווען די רעדע פון לעאָ פינקעלשטיין.

דאַן קומט די צווייטע באַדייטנדיקע געשעעניש אין יענעם צייט-אָפּשניט פון פינקעלשטיינס לעבן: דאָס איבערשטעלן די פּאָליטישע גרענעץ-סלופּעס. מען קאָן זיך גרינג משער זיין, אַז ביי אַזאַ מענטשן ווי לעאָ פינקעלשטיין איז דער איבערגאַנג פון דער פֿאָלקס-פּאַרטיי צום „בונד" געווען פֿאַרבונדן מיט שווערע אינערלעכע אינטעלעקטועלע און עמאָציאָנעלע ראַנגלענישן. אין פינקעלשטיינען האָט דאָך פֿאַר דער פּאָליטישער אומשטעלונג געמוזט פֿאָרקומען אַ פילאָסאָפישע רעוויזיע. די וועלט-אָנשויאונג הינטער דער פּראָגראַם פון דער פֿאָלקס-פּאַרטיי איז געווען אַן עקלעקטישע, אַ לויזע, הינטער דער פּראָגראַם פון „בונד" — אַ שטרענגע און כמעט אַ מאָניסטישע. אמת, פינקעלשטיין האָט שוין לאַנג פֿאַר דעם געזוכט אַ סינטעז צווישן ספּינאָזאַן און מאַרקסן, אָבער אַזאַ פּרוּוו איז פון פֿאָרויס געווען פֿאַרמשפּט אויף אַ דורכפֿאַל. אוודאי האָט דער ספּינאָזיזם, דורך דעם שווערן קלאַפּ, וואָס ער האָט געגעבן דער אַלטער דאָגמאַטישער רעליגיע, געהאָלפֿן אָפּרייניקן פון שטיינער און ביינער דאָס פֿעלד פון דענקען און מאַכן עס פֿעאיקער אויפֿצונעמען דאָס נייע, וואָס דער דינאַמישער מאַטעריאַליזם האָט שפּעטער דערויף געזייט. געוויס האָט די העגעלשע דיאַלעקטיק אַ סך געהאָלפֿן דעם מאַרקסיזם אין זיין דינאַמישן אופן פון אויפֿנעמען און באַהאַנדלען היסטאָריש-געזעלשאַפֿטלעכע דערשיינונגען. אָבער דערמיט ענדיקט זיך דאָס געמיינזאַמע צווישן די ביידע מעטאַפיזיש-פילאָסאָפישע וועלט-באַטראַכטונגען פון איין זייט

און דעם מאַרקסיזם פון דער אַנדערער זייט. די אייגנאַרטיקייט פון דער מאַרקסיסטישער שיטה שטעקט דאָך גראָד דערין, וואָס זי וואַרפט קאַטעגאָריש אָפּ פון זיך יעדער שפּור פון אַבסטראַקטער ספּעקולאַציע איבער דעם וועזן פון קאָסמאָס. טאָ ווי קאָן מען דאָ געפינען געמיינזאַמקייט? אין תוך זענען עס ווידערשפּרוכן, נישט קיין דערגאַנצונגען. איז וואָס האָט פּאַסירט מיט פינקעלשטיינען — ווי אַזוי האָט ער אַריבערגעשפּרייזט דעם אָפּגרונט? האָט ער רעווידירט זיינע גרונד-אַנשויאונגען, איידער ער איז אַריבער צום „בונד״?

ניין, לעאָ פינקעלשטיין איז פאַרבליבן ביזן סוף פון לעבן אַ ספּינאָזיסט אין אַלץ — אין דער קאָסמישער עטיק, פּונקט ווי אין דער מעטאַפיזישער רעליגיעזישקייט. נישט צוליב מאַרקסיסטישער איבערצייגונג איז ער געוואָרן אַ בונדיסט אין 1935 און נישט צוליב מאַרקסיסטישער טעאָריע האָט ער שפּעטער מיט ליידן און מסירת נפש דורכגעטראָגן זיין בונדיזם דורך יאָרן פון ירידה און פּיין. פינקעלשטיין איז געוואָרן און פאַרבליבן אַ בונדיסט צוליב דעם הייסן סאָציאַליסטישן גלויבן, צוליב דער היסטאָריש-יידישער מאַסן-ענערגיע און צוליב די הויכע נאַציאָנאַל-קולטורעלע ווערטן, וואָס האָבן געשטראַמט פון דער דאָזיקער פּאַרטיי צו אים, פּונקט ווי צו טויזנטער אַנדערע געטרייע אָנהענגער אירע. וואָרעם אַז אימעצער זאָל נאָר געוועןוועלן, האָט ער דאָך אין די טשודנאָווער קדושים געקאָנט זייער גרינג זען דעם המשך פון דעם אַלט-יידישן קידוש השם. און דאָס אַליין איז געווען גענוג צו האַלטן געפאַנגען אַזאַ מענטשן, ווי לעאָ פינקעלשטיין. פון דער צווייטער זייט, האָט דער „בונד״ אין די דרייסיקער יאָרן זייער גרינג געקאָנט שוין פאַרדייען אַ געטרייען סאָציאַליסט אויך אָן מאַרקסיזם. דער שידוך צווישן פינקעלשטיינען און דעם „בונד״ איז געווען אַ געראָטענער אויך אָן רעוויזיעס און אַשמנו-קלאַפּעניש פון קיין צד נישט.

עס איז אָנגעקומען דער כאַאָס פון 1939. פינקעלשטיינען האָט די אַלגעמיינע כוואַליע אַרויסגעריסן פון וואַרשע און אַוועקגעטראָגן צו מזרח-צו. עפּעס איז ער אַרויס „מיטן לינקן פוס״ גלייך פון די ערשטע טריט זיינע. אין ביאַלע האָט ער זיך אויסגעגליטשט גייענדיק און זיך צעבראָכן אַ האַנט מיט אַ פוס. דאָס האָט אים גלייך אַרויסגעשלאָגן אפילו פון דער נייער כאַאָטישער רוטין. ער איז געלעגן קראַנק אַ לאַנגע צייט אין ביאַלע,

אין בריסק און אין ביאַליסטאָק, וווהין מירע האָט זיך ענדלעך דערשלאָגן פון וואַרשע און זי האָט אים שוין געהאָלפן זיך שטעלן אויף די פיס. אָבער דאַן זענען זיי ביידע אַריינגעפאַלן אין דעם נייעם שטראָם פורעניות, וואָס האָט זיי, ווי אַ סך אַנ־דערע, פאַרטראָגן אין די וועלדער פון ווייטן רוסישן צפון. לעאַ איז אהין אָנגעקומען שוין אַ קראַנקער און ער האָט זיך, ווי עס האָט זיך צולעצט אַרויסגעשטעלט, פון יענער שרעקלעכער קראַנקייט — טובערקולאָז — נישט אויסגעהיילט מער. אַז מירע, מישנדיק די דערינערונגען, דערציילט אַזוי טריט ביי טריט וועגן יענע און וועגן די נאָכפאָלגנדיקע יאָרן פון לעאָס לעבן, הערט מען רק: געלעגן קראַנק, אַוועק אין שפּיטאָל, זיך ווידער דער־פילט שלעכט. אַזוי איז געווען אין מאָסקווע און אין כערסאָן, אין וואַרשע און אין לאָדזש.

די איבער זעקס יאָר, וואָס פינקעלשטיין האָט פאַרבראַכט אין רוסלאַנד, זענען געווען שטומע יאָרן אין זיין לעבן. דער פונק פון שאַפן האָט זיך ווי געהאַט אָפּגעטאָן פון אים. אויסער דעם דרוק פון פיזישע און מאָראַלישעליידן האָט אויף פינקעל־שטיינס גייסט אין יענע יאָרן, קענטיק, געפּרעסט אַ שווערע לאַסט פון דעזאָריענטאַציע און פאַרלאָרנקייט. שווער צו זאָגן, צי פינקעלשטיין האָט זיך אפילו שפּעטער אין פּוילן און נאָך שפּעטער אין אַמעריקע פולשטענדיק באַפרייט פון דער דאָזי־קער לאַסט. זי איז אָבער ווייט נישט געווען מער פון אַזאַ פאַר־נעם און אַזאַ מעכטיקייט, אַז זי זאָל קאָנען ליימען זיינע שאַ־פונגס־מעגלעכקייטן, ווי דאָס איז געווען ביז זיין צוריקקער קיין פּוילן אין אָנהייב 1946.

דערפאַר אָבער, אַז פינקעלשטיין האָט זיך נאָך אַזאַ צע־מירמלענדיקן זעקסיאָריקן איבעררייס צוריק דערפילט אין דער היים, האָבן זיך אין אים מיט אַ מאָל צעעפנט צענדליקער קוואַלן און עס האָט פון זיי אַ שפּאַר געטאָן מיט אַזאַ אימפּעט, אַז דער שרייבער איז שיר אַליין נישט פאַרכלינעט געוואָרן אין דעם שוים פון זיין ברויזנדיקן לשון. נאַטירלעך איז דאָס אַלץ גע־נערט געוואָרן פון דער איין־איינציקער טעמע: חורבן פּוילן. „על נהרות פּוילן", „די שליחות פון יידישן שרייבער", „איבער די גאַסן פון מיינע און וואַרשע" הייסן די דריי עסייען, וואָס זענען ווי אַרויסגעשפּאַרט געוואָרן דורך עפּעס אַן אַטאַווויסטי־שער קראַפט פון דעם שרייבערס נשמה אַרויס. „...איצט זיצט

ביי די ברעגעס פון דער ווייסל אַ הייפל בונקער-יידן און וואַרפט אַרום זיך פאַרלוירענע בליקן". „...איצט האָבן מיר אפילו נישט קיין בית-עלמין. דאָס אש פון אונדזערע אומגעקומענע האָט דער ווינט צעבלאָזן איבער אַלע עקן פון דער פוילישער און אוקראַי-נישער ערד". „נישטאָ קיין קברים צו רייסן, סיידן — ווי עס זאָגט דער דיכטער שולשטיין — רייסן ס'אייגענע האַרץ אויף שטיקער". „איך שפּאַן איבער די חורבות פון די וואַרשעווער יידישע גאַסן... אַ פאַרדמיונטער קלעטער איך איבער גרודעס שטיינער, איבער געוועזענע יידישע גאַסן, איך קאָן נישט דער-בליקן זייער אַמאָליקן פּרצוף-פּנים. צוזאַמען מיט מיר בלאָנ-זשען נישט-אויסגעלעבטע שאָטנס פון יונג-פאַרשניטענע לעבנס. די האַלב-צעקרישלטע הייזער מיט זייערע אויפגעריסענע פענצ-טער-עפענונגען יאָגן אָן אַ שרעק ווי אויגן-לעכער פון אַ טויטן-שיידל".

דאָס האָט דער שרייבער געזען אין ערשטן אויגנבליק און דאָס ערשטע געבאָט פון דער שרייבערישער שליחות האָט אים געשיינט צו זיין: „אל נקמות!" „...מיר פאַרשטייען, אַז דאָס שעפערישע וואָרט איז קודם כל באַרופן צו געבן דאָס שיינע און געלייטערטע, וועקן ליבע און אַכטונג צום מענטשן. דער היינטיקער דור יידישע שרייבער אָבער איז באַרופן צו פאַר-שפּרייטן האַס, ד. ה. שנאה צום שלעכטן און בלוט-דורשטיקן. מיר שעמען זיך לגמרי נישט דערמיט, ווייל שנאה צו שלעכטס הייסט ממילא ליבע צו גוטס". דאָס איז געווען דעם שרייבערס ערשטע רעאַקציע. און בלויז די ערשטע רעאַקציע. שנאה צו שלעכטס הייסט נישט ליבע צו גוטס. פינקעלשטיין אַליין האָט זיך זייער גיך פון אָט דעם אימפּולס, הגם עמאָציאָנעל באַרעכ-טיקטן, באַפרייט. דאָס צווייטע געבאָט פון דעם שרייבערישן אני מאמין האָט פינקעלשטיין געזען אין רעסטאַווירן „נוסח פוילן" און לאָזן עס ווי אַ בילד, — מעג עס אפילו זיין בלויז אַן „עסייאיסטיש סקיצירט און געלייפיק" געשילדערט בילד, — פאַר די יידן ערגעץ אַנדערש איבער דער וועלט, נישט אין פוילן, וואָרעם פוילישע יידישקייט איז „מגולגל געוואָרן אין אַ היסטאָרישן באַגריף". געטריי צו אָט דעם געבאָט, האָט פינ-קעלשטיין אָנגעשריבן די „גלגולים פון פוילישער יידישקייט" און „תנא ר' עקיבא אין אונדזער צייט". דאָס ערשטע נעמט אַריין אין זיך זעקס באַזונדערע שילדערונגען פונעם אַלטן

יידישן לעבנסשטייגער אין פוילן; קיין נייע אויפטוען געפינט מען נישט אין זיי, אָבער אַרויסגעבראַכט זענען זיי לעבעדיק, אימפּעטדיק, מיט אַ סך טעמפּעראַמענט אין שפּראַך און רייך אילוסטרירט מיט אַנטשפּרעכנדיקע ליטעראַרישע בילדער. דאָס צווייטע ווידער שטעלט פאַר מיט זיך אַן אַנרעגנדיקע און אָרי־גינעלע אַרבעט איבער אַ היסטאָרישער געשטאַלט, וואָס לאָזט שוין לאַנג נישט רוען די וואַכע גייסטער אין אונדזער ליטע־ראַרישער וועלט. אָט די אַלע עסייען, וואָס פינקעלשטיין האָט געשריבן פאַר דער צייט פון זיין קורצן פאַרווייַלן אין פוילן, זענען אין 1947 אַריין אין זיין בוך „מגילת פוילן", אַרויסגעגעבן אין בוענאָס איירעס דורכן צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע יידן.

אין דעם זעלביקן יאָר איז לעאָ פינקעלשטיין שוין געווען אין ניו־יאָרק. ער האָט זיך לאַנג געשלאָגן מיט דער דעה, אָבער ענדלעך באַשטימט צו מאַכן אַמעריקע פאַר זיין נייער היים. ער איז אויך דאָ געווען זייער שעפעריש. געשריבן אַ סך וועגן לי־טעראַטור, צום טייל אויך אויף געשיכטלעכע טעמעס. געדרוקט זיינע זאַכן אין דער „צוקונפט" און אין „וועקער", אין „אונד־זער צייט" און אין „קולטור און דערציאונג", אויך אין דער טעגלעכער צייטונג „טאָג". אין בוך־פאָרם זענען פאַר די לעצ־טע פאַר יאָר פון אונטער זיין פעדער אַרויס: אַ מאָנאָגראַפיע וועגן דער חורבן־ליטעראַטור, דער עיקר פּאָעזיע, אונטערן נאָ־מען „פדיון־השם" (אין טאָראָנטער פאַרלאַג פון ג. פּאָמעראַנץ), אַן אָפּהאַנדלונגען וועגן דעם שרייבער פ. בימקאָ אונטערן נאָ־מען „דאָ און דאָרטן" (אין דעם זעלביקן פאַרלאַג) און אַ גרע־סערע אַרבעט וועגן מנחם באָריישאַ, (געדרוקט ווי אַן הקדמה צו די לעצטע שריפטן פון דעם דיכטער). ער האָט אויך אָנגע־שריבן אַ באַדייטנדיקע קולטור־היסטאָרישע פאָרשונג אונטערן נאָמען: „לשון יידיש און יידישער קיום" (ווערט געדרוקט אין דעם איצטיקן עסייען־בוך). לעאָ פינקעלשטיין האָט זיך דאָ גע־האָט שוין געשאַפן אַ שטענדיקן לייענער־עולם, וואָס האָט גע־וואַרט אויף זיין געדרוקט וואָרט. אוי־ ווי אַ לעקטאָר האָט ער זיך דאָ געהאַט שוין דערוואָרבן אַ גרויסן נאָמען ער איז אַרום־געפאָרן איבער אַמעריקע און „עפירט צו די אַרבעטער־רינג־יידן תורה. גערעדט צו זיי — ווידער אַ מאָל — וועגן רמב"ם און ספּינאָזאַן, וועגן פּרצן און שלום־עליכמען, אשן און לייוויקן,

און זיי האָבן אים ליב געקראָגן, האָבן זיך צוגעבונדן צו אים.

פינקעלשטיין האָט, אויך אין אַמעריקע זייענדיק, מיט גאָר זיין גייסטיקן לייב און לעבן געשטעקט אין דער קאָלירפולער פאַרגאַנגענהייט פון דעם יידישן ישוב אין פוילן. ער האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין שום צאַפּל. נישט פון אינטעלעקט, נישט פון דער נשמה, אַנטקעגנאיבער דעם יידישן לעבן אין אַמעריקע. ווער ווייס, אפשר וואָלט ער מיט דער צייט מיטגעריסן געוואָרן מיט נייע אינטערעסן און אַמעריקע וואָלט ווירקלעך געוואָרן אַ נייע היים פאַר אים? נאָר ווען אפילו נישט, האָט ער נאָך געהאַט אַזוי פיל צו שעפּן פון זיין אַלטער, אין הארצן איינגעבאַקענער, היים אין פוילן. ער האָט פאַר זיך געהאַט שוין אויסגעפּלאַנעוועט אַ גאַנצע ריי פאַרשונגען אויף פאַרשידענע געביטן פונעם פאַרצייטיקן יידישן לעבן און דענקען. און ער וואָלט עס אַלץ זיכער נאָך אַרויסגעבראַכט מכוח אל הפועל, וואָרעם ער איז נאָך געווען אין פוילן בלי פון זיינע שאַפונגס־קרעפטן. עס איז אָבער אַנדערש באַשערט געווען. די אַלטע קראַנקייט האָט זיך גאַנץ אומגעריכט צונויפגעטראָפן אין זיין קערפּער מיט אַ נייער, מיט אַ מענינגיט, אוןביידע צוזאַמען האָבן זיי פאַר דער צייט געמאַכט אַ סוף צו די אַלע פּלענער.

*

אַ שיינער שאַטען, מיט לעבעדיקע, קלוגע, ברוינע אויגן, מיט אַ גראָדן געשטעל, מיט אַרויסרופערישן פאַרמעסט אינעם בליק, אַ פריידיקער, מיט אַ סך צוטרוי צו מענטשן, מיט אומבויגזאַמער קעגנערשאַפט צו די העכער־שטייענדיקע אויפן סאָציאַלן לייטער און מיט אינטימער פריינדשאַפט צום פּשוטן פאָלקס־ברודער, אַן עקשן אין פּרינציפּ־זאַכן און נאָכגיביק אין קלייניקייטן, אַ גראָדליניקער און נישט קיין נושא־פּנים, לאָיאַל און געטריי צו פריינד, צייטנווייז נאַאיוו ווי אַ קינד, אַ באַעמיער, מיט אַ ברוינזדיקן טעמפּעראַמענט אין באַציאונג צו מענטשן און אידייען, אַן אינטעלעקטואַל דורך און דורך — דאָס איז געווען לעאָ פינקעלשטיין.

ער איז געווען אַ האַסטיקער, אַן אימפּעטדיקער און אַן אימפּולסיווער. זיין שפּראַך אין שרייבן איז געווען אַ הייסע און אָפטמאָל אַ געפליגלטע. דאָס פלעגט קומען ביי אים אין רעזולטאַט פון אַן אינערלעכן געראַנגל צווישן דער פאַרשערי־

שער נייגונג צום אבסטראהירן און דעם ליטעראַרישן טריב צו עמאַציאַנעלישקייט. דאָס איז אויך געווען די סיבה פון פראַג־מענטאַרישקייט אין זיינע אַרבעטן פון גרעסערן פאַרנעם. רק סקיצע, רק געלייפיק, רק פּולסאַציעס — ווי ער אַליין האָט ליב געהאַט אָנרופן זיינע אַרבעטן.

אַנדערש איז געווען מיט פינקעלשטיינען ביים רעדן. דאָרט פלעגט דער אומאויפהערלעכער קאָנטאַקט פון דעם רעדנער מיט דעם צוהערער סיסטעמאַטיש רעגולירן די דאָזיקע סובטע־לע שאַרכיקייט ביים שרייבן. דער רעדנער פלעגט דערשפּירן די מידקייט פונעם צוהערער גלייך ביים אָנקום אירן און ער פלעגט שוין ריין מעכאַניש זיך אָפּשטעלן, אָפּווייכן אויף אַ ווייל אין אַ זייט, מאַכן דעם ענין הייטערער און אַלץ פלעגט אָוועקגיין גלאַטיק. לעאָ פינקעלשטיין איז אויך געווען אַן אינ־טערעסאַנטער דערציילער און מיטשמועסער. ער האָט שטענ־דיק דערביי געבליצט מיט גלייכווערטלעך און איינפאַלן.

אַ לעבנסלוסטיקער, מיט אַזוי פיל יוגנטלעכקייט אין זיך, שטענדיק גרייט מיט אַ הויכן, ליבן געלעכטער אייך צו באַגע־גענען — האָט ער אויסגעזען אַזוי טראַגיש אויף זיין גסיסה־בעט. דער שטומער „פאַר וואָס?" ביים קוק אויף אים אין זיין לעצטער שווערער קראַנקייט האָט געוועקט אַן אינסטינקט פון צאָרן און רעוואָלט קעגן עפּעס, וואָס מען ווייס אַליין נישט וואָס.

דעם 29־טן יולי, 1950, האָט ער אויסגעהויכט זיין אָטעם. די אַלע, וואָס האָבן לעאָ פינקעלשטיינען געקענט, האָבן אים נישט פאַרגעסן. און זיי וועלן אים נישט פאַרגעסן.

מעגן די דאָזיקע שורות פאַררעכנט ווערן פאַר בלומען פון פריינדשאַפט צום אָנדענק פון לעאָ פינקעלשטיין — דעם גוטן חבר, ערלעכן מענטשן, אָריגינעלן דענקער, באַגאַבטן שריפט־שטעלער און גייסטרייכן רעדנער.

# לשון־יידיש און יידישער קיום

## 1.—די שפּראַכן פון דער יידישער קולטור

די קולטור פון יידישן פאָלק איז פון וועלט־היסטאָרישן פאַרנעם, אירע שאַפונגס־תקופות נעמען אַרום אַ ריזיקן היקף פון איבער דריי טויזנט יאָר. זי האָט געהאַט אירע באַזונדערע גורלות און באַשערונגען, פעריאָדן פון אויפשטייג און ירידה. וואָס האָבן זיך געשאָטנט אינם אַלגעמיין־געשיכטלעכן גאַנג פון אַלטן פאָלק, וואָס איז במשך פון זיינע העכער דריי טויזנט עקזיסטענץ־יאָרן געווען מער פון צוויי טויזנט זעקס הונדערט צעשפּרייט איבער דער גאָרער וועלט. שוין זעקס הונדערט יאָר פאַר דער היינטיקער צייט־רעכענונג האָבן זיך זיינע וואַנדערונגס־שטראָמען אָנגעהויבן קרייצן פון ישראל קיין בבל און פּערסיע, פון בבל און יהודה אין אלכסנדרישן עגיפּט, סיריע און קליין־אַזיע. נאָכדעם ווי די גריכן און רוימער האָבן אָפּגעווישט די גרענעצן צווישן מזרח און מערב האָבן יידן אין אַ באַדייטנדיקער צאָל אָנגעהויבן פאַרלאָזן די אַזיאַטישע ברעגעס און גענומען אויסשלאָגן זייערע געצעלטן אויף די אייראָפּעישע ברעגעס פון מיטללענדישן ים. די ווייטערדיקע שטראָמען זענען בעיקר געגאַנגען אויף די דריי דרומדיקע האַלב־אינדזלען פון אייראָפּע: באַלקאַנישער, אַפּענינישער און פּירענעישער, ד. ה. גריכנלאַנד, איטאַליע און שפּאַניע.

נאָכדעם האָבן זיך געצויגן עמיגראַנטן־כוואַליעס קיין מיטל־אייראָפּע. אָנהייבנדיק פון צוועלפטן יאָרהונדערט האָט אַ שטראָם זיך פאַרנומען אין דער ריכטונג פון מזרח־אייראָפּע,

ד. ה. אין די סלאַווישע לענדער. במשך פון די לעצטע הונדערט יאָר האָט דער שטראָם זיך ווידער האַסטיק אַ קער געטאָן אין עבר־לים, דערהויבט אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמע־ריקע און צוביסלעך קיין אַרגענטינע. אין לעצטן פערטל יאָר־הונדערט האָט זיך געשטאַרקט דער שטראָם צוריק צו די אַזיאַ־טישע ברעגעס — קיין ארץ־ישראל. ס׳איז דעריבער פאַר־שטענדלעך, אַז די יידישע קולטור האָט אין איר לאַנגדורותדיקן אַנטוויקלונגס־גאַנג אַרויסגעשטראָמט פון פאַרשידענע געאָגראַ־פישע און גייסטיקע קלימאַטן, פאַרשידענע לענדער און פעל־קער, פאַרשידענע שפּראַכן און דיאַלעקטן. זי האָט פון אומעטום אין זיך איינגעזאַפּט פאַרשידענע איינפלוסן; וואָס עס איז פאַר איר געווען אָרגאַניש אייגן האָט זי איבערגעקאָכט, און וואָס עס איז פאַר איר געווען פרעמד, האָט זי אָפּגעוואָרפן.

נישט געקוקט אויף דעם אומאויפהערלעכן שפּאַנען איבער דעם ערד־קיילעך, נישט אַכטנדיק אויף די כסדרדיקע ביידע־זייטיקע השפּעות און פעריאָדישע שפּראַכלעכע איבערגענג, איז די יידישע קולטור נישט פאַרשלונגען געוואָרן דורך דער אַרו־מיקער מערהייט. האָבן יידן אויף דער גאָרער וועלט פונדעסט־וועגן באַוויזן אָפּצוהיטן זייער נאַציאָנאַלן אייגנאַרט און ווייטער אַנטוויקלען זייערע קולטור־ווערטן.

און ס׳איז אוודאי נישט קיין היסטאָרישער „צופאַל", וואָס יידישע קולטור טיילט זיך קודם־כל אויס מיט איר פילשפּראַכי־קייט. יאָ, יידישע גייסטיקע ווערטן, יידישע קולטור האָט זיך אין פאַרשידענע עפּאָכעס אַנטפּלעקט אין פאַרשידענע לשונות, אָפּ־הענגיק פונעם היסטאָרישן מצב פון פאָלק, ד. ה. יידן האָבן גערעדט, געהאַנדלט געזונגען, געשריבן און געשאַפן אין אַ סך שפּראַכן.

לויטן סדר איז ה ע ב ר ע י ש (עברית) היסטאָריש די ערשטע שפּראַך פון יידישן פאָלק. זי איז לכתחילה געווען אַ מונדאַרט ביי די אורבאַוווינער פון לאַנד — ביי די כ נ ע נ י ם, און איז שפּעטער דורך יידן אויסגעבילדעט געוואָרן אין אַ הויכאַנטוויקלטער שפּראַך. דער תנ"ך באַצייכנט עברית ווי „לשון כנען" און צומאָל אויך „יהודית". ביזן ערשטן חורבן ד. ה. 586 פאַר דער נייער צייט־רעכענונג איז עברית געווען דאָס איינציקע יידיש־נאַציאָנאַל לשון.

אין דער צייט פון בית־שני, ווען ל ש ו ן ־ אַ ר מ י איז

די הערשנדיקע שפּראַך אין גאַנץ פֿאָדער־אַזיע, ווערט העברעיש כסדר אַרויסגעשטויסן פֿון יידישן טאָג־טעגלעך לעבן. ארמית וואָרצלט זיך איין אין דער דעמאָלטדיקער יידישער ווירקלעכ־קייט. ס׳איז אפילו דערגאַנגען דערצו אַז מ׳האָט מעביר געווען די סדרה אויף ארמית. און עס איז איינגעפירט געוואָרן אַ מנהג — „שנים מקרא ואחד תרגום" (צוויי מאָל עברית און איין מאָל אין איבערזעצונג). ארמית איז געוואָרן די אומגאַנג. און שאַפונג־שפּראַך פֿון די יידן אין ארץ־ישראל אין בבל.

ווידער די יידן, וואָס האָבן אויסגעוואַנדערט קיין עגיפּטן און קירענע האָבן דאָרט איבערגענומען די אומגאַנג־שפּראַך פֿון די געבילדעטע קרייזן — ג ר י כ י ש. דאָרט איז צווישן יידן געווען שוואַך פֿאַרשפּרייט די קענטעניש פֿון עברית, אַזוי אַז מ׳האָט געמוזט די כתבי־הקודש איבערזעצן אויף גריכיש — די באַרימטע „סעפּטואַגינטא" (תרגום־השבעית). דאָס איז נישט געווען דאָס קלאַסישע גריכיש פֿון אַמאָליקן אַטען, נאָר ס׳געדעטע גריכיש פֿון יענער צייט. מ׳האָט עס באַצייכנט מיטן נאָמען Koine דער אויטאָריטעט פֿון גריכיש האָט אָבער אין די יידישע קהלות אין עגיפּטן, קליינאַזיע און גריכנלאַנד גופא אָנגעהויבן פֿאַלן און לסוף געוואָרן אינגאַנצן אונטערגע־גראָבן צוליב דעם אומשטאַנד, וואָס ס׳קריסטנטום האָט אָנגע־הויבן נוצן גריכיש ווי אַ שפּראַך פֿאַר די קירך־געבעטן.

אַ באַדייטנדיקע צאָל יידן האָבן אויך פֿאַר זייער אומגאַנג־שפּראַך געהאַט פּ ע ר ס י ש, דערהויפּט די יידן אין פּערסיע (פּרס ומדי), ווו ס׳איז במשך פֿון עטלעכע הונדערט יאָר געווען אַ צאָלרייכער יידישער קיבוץ. ווען דער רעליגיעזער פֿאַנאַטיזם האָט זיך דאָרט בימי סאַסאַנידן געשטאַרקט, האָבן יידן געמוזט פֿאַרלאָזן ס׳לאַנד און מיט זיך מיטגענומען קיין צענטראַל־בוכארע (דאָס היינטיקע סאָוועטישע אוזבעקיסטאַן), קאווקאז און אינדיע דעם מיטלפּערסישן „פּעהלעווי" פֿון דער סאַסאַנידן־צייט. מ׳האָט אָט־דעם פּערסיש קאָנסערווירט אין זיין אַלטערטימלעכן מצב און אויפֿגעהיט אַ סך אַלט־פּערסישע ווערטער, וואָס ווערן שוין היינט נישט געברויכט אינעם ניי־פּערסיש. בולט איז נאָכדעם געוואָרן דער יידישער כאַראַקטער פֿונעם זעלביקן פּערסיש.

אַ סך מער באַדייטונג האָט פֿאַר יידן געהאַט אַ ר אַ ב י ש, וואָס איז געוואָרן די מוטער־שפּראַך פֿון יידישע קיבוצים אויפֿן

שטח, וואָס ציט זיך פון באַגדאַד ביז קאָרדאָווע. דערהויפּט האָט זיך אַראַביש פאַרשפּרייט צווישן יידן צוליבן זיג פון איסלאַם און אפשר אויך צוליב דער דעמאָלטיקער גייסטיקער נאָענטקייט פון דער יידישער און אַראַבישער געדאַנקען־וועלט, ווי אויך מחמת דעם, וואָס העברעיש און אַראַביש זענען לינגוויסטיש פון קרובישן אָפּשטאַם. אויף אַראַביש זענען געשאַפן געוואָרן חשובע יידישע פילאָזאָפישע און עטישע ווערק. עד היום רעדן יידן, וואָס געפינען זיך אין אַן אַראַבישער סביבה, אויף פאַר־שידענע אַראַבישע דיאַלעקטן. דאָס איז שייך מאַראָקאָ, אַל־זשיר, טוניס, עגיפּט, סיריע, מעסאָפּאָטאַניע און אַראַביע.

מיטן אויסטערלישן גאַנג פון דער יידישער געשיכטע קו־מען ווידער אויף פאַר יידן נייע שפּראַכן, דאָס מאָל — פון ראָמאַנישן און גערמאַנישן אָפּשטאַם. קודם־כל קומט אין באַט־ראַכט  ל אַ ד י נ אָ  ד. ה. שפּאַניאָליש. די גולי־ספרד ופּרטוגל האָבן אָט־די שפּראַך מיט זיך מיטגענומען קיין האָלאַנד, באַל־קאַן־לענדער, טערקיי, ארץ־ישראל און צפון־אַפריקע. מיט דער צייט ווערט דער נאָמען לאַדינאָ (latinus) פאַרעלטערט און סיטאָגטעגלעך לשון ווערט באַצייכנט ווי „ד ז ש ו ד ע ז מ ע" (giudezmo) לאַדינאָ איז אַנטשטאַנען ווי אַ קאָמבינאַציע פון פּאָרטוגעזיש, שפּאַניש־קאַסטילאַניש, מיט אַ צומיש פון קאַטאַלאַניש, אַראַביש, טערקיש, גריכיש, דורכגעפלאָכטן מיט לשון־קודשדיקע ווערטער, טערמינען און סענטענצן גענומען בעיקר פון דער יידישער ליטורגיע.

יידן האָבן אויך גערעדט אויף איטאַליענישע דיאַלעקטן. אין מיטלעלטער האָבן יידן אין דרום־פראַנקרייך גערעדט פּראָוואנסאליש, (Languedock) בעיקר אין די הויפּטצענטערן טולוז און מאָנפּעליע. אָבער אויסער דעם (Judeo - provençal) האָבן יידן גערעדט  ק אָ מ ט אַ ד י נ אַ.  דאָס איז דערהויפּט שייך די אַרבע־קהלות אין אַוויניאָן און קאָמטא־ווענעסן. אין תוך איז קאָמטאַדינא אַ שמעלץ־שפּראַך פון פּראָוואָנסאַליש, העברעיש און פראַנצויזיש. אויך אין צפון־פראַנקרייך האָבן יידן גערעדט  פ ר אַ נ צ ו י ז י ש,  פון זיי שטאַמען טאַקע די באַרימטע בלע"זן פון רש"י.

און מיט טויזנט יאָר צוריק איז אין באַסיין פון ריין אויפ־געקומען  י י ד י ש,  די שפּראַך, וואָס האָט אין זיך איינ־

געזאַפּט ס׳גייסטיקע לעבן פון פופציק יידישע דורות און איז לויט דער שטח־עקספּאַנסיע געוואָרן די סאַמע פאַרשפּרייטסטע שפּראַך ביי יידן. יידיש איז לויזגעריסן געוואָרן פון ריין און ווייטער זיך שטורמיש געשווימט איבערן מאין, דונאַי, מאָלדוי, סאן, טעמזע, דניעסטער, ווייסל, בוג, נעימאַן; דניעפּער, דווינע און, שפּעטער, איבערן אָקינוס זיך אַריבערגעשניטן צום האָד־סאָן, מיסיסיפּי און קיין דרום — צו דער פּאַראַנאַ.

## 2.—ווי אַזוי זענען ביי יידן אויפגעקומען די פאַרשידענע שפּראַכן?

איצטער שווימט אויף די ערשטע גרונט־שאלה; מיט וואָס דערקלערט זיך דער פאַקט, וואָס יידן, וואָס זענען געווען צעשפּרייט איבער דער גאָרער וועלט, האָבן נישט איבערגענומען די שפּראַכן פון דעם אַרום אין זייער פּאַרטיק־עקזיסטירנדיקן מצב ד. ה. „ווי זיי שטייען און גייען", נאָר פון זיי לכתחילה גענומען דעם שפּראַכישן חומר, בלויז דעם אַלגעמיינעם וואָרט־שאַץ און גרונט־כללים, און שפּעטער זיי אינגאַנצן איבערגעבויט און איבערגעשטאַלטיקט, אַריינגעפירט צומאָל העברעישע, אַראַמישע און צומאָל ראָמאַנישע און סלאַווישע וואָרט־בילדונגען און פאָרמען, אַריינגעהויכט אין זיי אַן אייגענעם יידישן גייסט, אויסגעבילדעט אייגענע, און לויטן לעבנס־שטייגער אָפּגעשלאָסענע, אידיאָמען און תמיד זיי געשריבן מיטן יידישן (אייגענטלעך — „כתב־אשורי") אלף־בית? פאַרוואָס האָבן זיך יידן שפּראַכלעך נישט אידענטיפיצירט מיט דער מערהייט־תושבים, נאָר שטענדיק גערעדט און געשריבן די איבערגענומענע לאַנד־שפּראַך לויט אַן אייגענעם דיאַלעקט, נוסח און יידישע אותיות? האַלטן דאָך באַדייטנדיקע לינגוויסטן, אַז אַן עכטער היידנישער גריך פון דער פּטאָלאָמייער־צייט וואָלט גאָרנישט פאַרשטאַנען די יידיש־גריכישע ליטעראַטור פון דער זעלביקער צייט. אַנדערע שפּראַך - פאַרשער מיינען, אַז דאָס אַראַביש פון די סעדיה גאונס תנ"ך־איבערזעצונג איז אַ באַזונדער לשון מיט יידיש לעקסיקאַלישע און גראַמאַטיקאַלישע אייגנטימלעכקייטן. אויך דאָס אַראַביש אין וועלכן דער רמב"ם האָט געשריבן זיין פילאָזאָפישן טראַקטאַט „מורה נבוכים", אונטערשיידט זיך אַ סך פונעם אַראַביש, אין וועלכן ס׳האָבן

געשריבן די אַראַבער אין דער מאַורישער שפּאַניע. ווי אַזוי איז בכן מעגלעך געוואָרן, אַז די פּילע שפּראַכן־טראַנספּאָרמאַציעס זאָלן זיין אַ היסטאָרישע באַגלייט־דערשיינונג פון יידישן לעבן? ווו ליגט זייער קריעאַטיווע טריב־קראַפט? — אויף אָט־דער האַרבער קשיא קומען פון פאַרשידענע זייטן כל־ערליי תירוצים און השערות. מיר האָבן אָבער פון דער מעגנע פּאַראַנענע סברות, אויסגעקליבן די מיינונגען פון יידישן קולטור־פילאָזאָף מתתיהו מיזיש, וואָס באַהאַנדלט דעמזעלביקן ענין פילזייטיק אין זיין בוך
"Die Entstehungsursache der Judishen Dialekte"
ער פרעגט: ווי אַזוי דאַרף מען פאַרשטיין דעם אויסטערלישן יידיש־לינגוויסטישן פענאָמען?

יש אומרים, אַז דער אומשטאַנד, וואָס יידן זענען געווען באַרויבט פון זייערע פּאָליטישע און בירגערלעכע רעכט, וואָס מען האָט זיי כסדר גערודפט און אונטערדריקט, האָט זיי ממילא אָפּגעזונדערט פון דער נישט־יידישער סביבה און דער־מיט גורם געווען דאָס אויסבילדן אייגענע מונדאַרטן און דיאַלעקטן. מיזיש וואַרפט אָפּ אָט־די השערה און ווייזט אויף, אַז גראָד אין די צייטן פון העכסטער טאָלעראַנץ, פּאָליטישער גלייכבאַרעכטיקונג און מאַטעריעלן ווילשטאַנד, ווי אַ שטייגער אין תלמידישן עפּאָך, ווו יידן האָבן זיך באַטייליקט אין גריכישן קולטור־לעבן און געפירט מיט די גריכן וויכוחים וועגן ליטע־ראַטור און פילאָזאָפיע, איז נישט דערגאַנגען צו פולער גרי־כיזירונג. יידן האָבן זיך דאָרט שפּראַכלעך נישט אַסימילירט, נאָר אויסגעבילדעט אַ יידיש־גריכיש, וואָס האָט אַן אייגן פּר־צוף־פּנים. דאָס זעלביקע איז אויך נוגע די יידן אין דער מאַור־רישער שפּאַניע. אין דער א. ג. „גאָלדענע תקופה" האָט לגבי יידן געהערשט טאָלעראַנץ, זיי זענען אפילו אין אַ געוויסן זי־נען געווען פּריווילעגירט, פונדעסטוועגן האָבן זיך דאָרט יידן שפּראַכלעך נישט צונויפגעשמאָלצן מיט דער תושבים־מערהייט, נאָר פאָרמירט אַן אייגענעם אַראַביש־יידיש, וועגן וועלכן ס׳איז שוין אויבן געווען אַ רייד.

אַנדערע רוקן גאָר אַרויס דעם ראַסן־פאַקטאָר ד. ה. אַז ביים אַדאָפּטירן די שפּראַך פון פרעמדן אַרום איז פאַראַן אַן אינוווייניקסטער באַנעם און אויפנעם, וואָס איז ספּעציעל כאַראַקטעריסטיש פאַר דער סעמיטישער

ראַסע און אָט דאָס איז גורם די איבערגעשטאַלטונג פון פרעמדן לשון. מיט אַנדערע ווערטער — די פסיכישע און פיזיאָלאָגישע עלעמענטן פון דער ראַסע זענען עס די טרייבקראַפט איבערצואַנדערשן — אין דעם פאַל צו פאַריידישן — די לאַנד־שפּראַך. ס׳פרעמדע וואָרט באַקומט אין יידישן מויל גאָר אַן אַנדער קלאַנג. איז אָבער אויך דער אַרגומענט נישט איבערצייגעוודיק.

ס׳איז, למשל, באַקאַנט, אַז אין זעקסטן און זיבעטן יאָרהונדערט האָבן די סעמיטישע סיריער געלעבט אינעם רייך פון די מעראָווינגער און ערשטע קאַראָלינגער. איז דאָס געווען אַ ישוב פון אייגענער ראַסע און שפּראַך. אין יאָר פינף הונדערט פינף און אַכציק האָבן אין אָרלעאַן די סיריער געבילדעט אַן אָנזעעוודיקן קיבוץ, וואָס האָט גערעדט סיריש. וואָס איז דאָרט געוואָרן פון די סיריער, וואָס זענען דאָך אונדזערע ראַסן־קרובים? צי האָבן זיי געשאַפן אָדער אויסגעבילדעט אַ סיריש־פראַנצויזיש לויטן יידישן מוסטער? ניין, זיי האָבן זיך אָן איבערבלייב צונויפגעגאָסן מיטן פראַנצויזישן פאָלקס־קערפּער.

לאָמיר זיך דערמאָנען דעם גורל פון די פראַנצויזישע הוגענאָטן, וואָס זענען נאָך די גרויסע פאַרפאָלגונגען מצד די קאַטאָליקן לויטן נאַנטעס־דעקרעט פון יאָר 1598 פאַרטריבן געוואָרן פון פראַנקרייך. די פאַרטריבענע פּראָטעסטאַנטישע הוגענאָטן האָבן זיך מאַסנהאַפטיק באַזעצט אין דייטשלאַנד און אַקטיוו זיך באַטייליקט אין דער דייטשער ווירטשאַפט און קולטור. זענען זיי דאָך געווען אַ באַזונדערער קאָלעקטיוו, וואָס האָט זיך אויסגעלעבט אין זייער מוטערשפּראַך — פראַנצויזיש. צי האָבן זיי געשטעלט אַ וועלכן ס׳איז גייסטיקן ווידערשטאַנד דעם פרעמדן אַרום? האָבן זיי אויסגעבילדעט אַן אייגענעם ראָמאַנאָ־גערמאַניש, וואָס זאָל אויפהיטן זייער גייסטיקן אייגנאַרט? — ווידעראַמאָל ניין. זיי זענען פון קאָפּ ביז פיס איינגעשלונגען געוואָרן דורך דער נייער סביבה.

און איצט לאָמיר צוגעבן אַ פאַל פון דעם אַמעריקאַנער לעבן. אין די פאַריייניקטע שטאַטן אויף דער סאַוט (דרום) לעבן די נעגער אין באַזונדערע קוואַרטאַלן, זיי זענען געזעלשאַפטלעך אינגאַנצן איזאָלירט. ס׳איז זיי פאַרבאָטן צו האָבן אַ וועלכן ס׳איז געזעלשאַפטלעכן מגע ומשא מיט די ווייסע. טאָ וואָסזשע, צי האָט די שטרענגע איזאָלאַציע זיי אָנגערעגט איינצוהיטן אַ גייסטיקן אייגנאַרט און אויסבילדן אַן אייגענעם נעגראָ־ענגליש?

חוץ דעם איז נאָך כדאי צו דערמאָנען, אַז נישט אַלעמאָל זענען יידן געווען ראַסנפרעמד לגבי דעם נישט־יידישן אַרום. ס׳זענען געווען לענדער אָדער פּראָווינצן, וווּ די יידישע קהילות זענען באַשטאַנען פון לויטער גרים, וועלכע זענען געווען פון דער זעלביקער ראַסע, וואָס די נישט־יידישע תושבים־מערהייט. זיי האָבן זיך אונטערשיידט פון דער נישט־יידישער סביבה רק לויטן גלויבן, און פונדעסטוועגן האָבן זיי באַוויזן אויסצובילדן אַ באַזונדערע דיאַלעקט־געמיינשאַפט.

עס זענען באַקאַנט די יידישע גרופּעס אין אַביסיניע, וואָס זענען פון דער זעלביקער ראַסע, וואָס די אויטאָכטאָנען. אָט די אַביסיניער פון משהס גלויבן האָבן אויסגעבילדעט אַן אייגענעם דיאַלעקט „פאַלאַשינא", אויף וועלכן זיי זענען מתפּלל און לייענען די תורה.

קומען ווידער אַנדערע און שטעלן אַ ווירטשאַפט־לעכע היפּאָטעזע, באַשר אינמיטן אַ נאַטור־ווירטשאַפט פונעם נישט־יידישן פויערטום בילדן יידן, ס׳רוב, אַ שטאָטישן האַנדלס־עלעמענט פון געלט־ווירטשאַפט און דאָס מאַכט זיי אָפּגעשלאָסן, מיט אַ באַזונדערע קולטור. ממילא בילדן זיי אייגענע דיאַלעקטן און אידיאָמען. אָבער אויך די היפּאָטעזע ווערט אָפּגעלייקנט דורך דעם פאַקט, וואָס יידן האָבן נישט געבילדעט אויסשליסלעך דעם האַנדלס־קלאַס. ס׳זענען געווען אויך נישט־יידישע סוחרים און געלטהענדלער אינמיטן אַ פויערשער לאַנדווירטשאַפט און מ׳הערט עפּעס נישט וועגן זייערע באַזונדערע דיאַלעקטן.

## 3. שפּראַך און רעליגיעזע געמיינשאַפט

ווי־זשע דען אַנדערש קאָן מען אויסטייטשן דעם באַזונ־דער־יידישן שפּראַך־פענאָמען, אויב נישט דורך פּאָליטיק, ראַסע און ווירטשאַפט? אויף דעם ענטפערט מיזיש, אַז מען מוז נעמען אין אַכט דעם סאַמע וויכטיקסטן אַטריבוט פון היסטאָרישן יידנטום, נעמלעך — די רעליגיעז־געמיינשאַפט.

אין די אויערן פון הײנטוועלטלעכן ראַדיקאַל קלינגט אודאי קרייטיש אַזאַ אַלטפרענקישע גלייכונג. סטייטש, ווי קאָן עס געמאָלט זיין, אַז אמונה און שפּראַך זאָלן זיין הא בהא תליא? ווי קומט עפּעס דער עטערישער וועלט־פרעמדער רעליגיעזער טרוימער צו זיין דער גורם פון דעם געבורט פון נייע דיאַלעקטן?

גלויבן און לינגוויסטיק, סטראַנסצענדענטע און דיאַלעקטאָלאָגיע זענען דאָך צוויי לגמרי באַזונדערע געביטן. צי איז דאָס נישט אַמאָל אַן אויסגעקליגלטע און פּאַראַדאָקסאַל־צוגעשפּיצטע קאָמבינאַציע?

אַזאַ איינדרוק באַקומט מען נאָר אין דער ערשטער מינוט, אָבער אין אַ ווײַלע אַרום הייבט מען אָן אײַנזען, אַז די פֿירגעבראַכטע היפּאָטעזע איז גאָרנישט קיין קרומע. אדרבא, אַ רייע דערשײַנונגען פֿון דער אַלגעמיינער פֿעלקער־געשיכטע זענען אַ בולטע אילוסטראַציע פֿאַר דער רעליגיעזער קאָנצעפּציע אין דער אַנטשטייונג פֿון דיאַלעקטן. ווי אַ בפֿירושע ראיה לדבר קאָן דינען דער קאָנפֿעסיאָנעל־געמישטער באַלקאַן. ס׳בולגאַרישע פֿאָלק באַשטייט אין זײַן גרויסער מערהייט פֿון עקזאַרכיסטישע אָרטאָדאָקסן. ס׳זענען אָבער דאָרט פֿאַראַן מינדערהייטן פֿון קאַטאָליקן און מאַכמעדאַנער, וואָס זענען באַגלייך אַנדערשגלויביקע אויטאָכטאָנען. וואָס שטעלט זיך אַרויס? די מאַכמעדאַנישע בולגאַרן, וואָס זענען בלוט פֿון בלוט פֿון די קריסטלעכע בולגאַרן, רעדן אויך אַ שפּראַך, וואָס אונטערשיידט זיך מיט איר אייגנאַרט פֿון דער שפּראַך פֿון די קריסטלעכע בולגאַרן.

בכן, ווי אַזוי האָט די רעליגיע אין יידישן לעבן מיטגעווירקט, אַז ס׳זאָלן אַנטשטיין יידישע דיאַלעקטן? — לאָמיר זיך קלאָר מאַכן, אַז די ספּעציפֿישקייט פֿון דער יידישער רעליגיע באַשטייט אין דעם, וואָס אין איר געשיכטלעכער אַנטוויקלונג האָט זי זיך נישט רעדוצירט בלויז צו אַבסטראַקטער אמונה, נאָר איז אין אירע אויסדרוקס־פֿאָרמען געווען געבונדן מיט אַ שטרענג־אַרומגעקרייזטן לעבנס־שטייגער. וואָרום זי באַגנוגנט זיך נישט בלויז מיט גלויבן, נאָר איז מחויב צו טאָגטעגלעכער פּראַקטיק, צו מצוות־מעשׂיות. דאָס האָט שוין אומפֿאַרמיידלעך געפֿירט צו באַזונדערן טראַכט, זיטן, מנהגים, מאַכלים, וואָס האָבן זיי בולט אונטערשיידט פֿון דער לאַנדסביבה, מיט וועלכער יידן האָבן נאָר געהאַט אַ געמיינזאַם לשון אין האַנדלס־ענינים אָבער נישט געפֿונען קיין געמיינזאַמע שפּראַך פֿאַרן גייסטיקן לעבן, פֿאַר דברים־שבלב. דערצו איז די יידישע רעליגיע שטאַרק עקסקלוסיוו. פֿון איין זײַט פֿאָדערט זי „ושמרתם את חקותי ואת משפטי" (איר זאָלט היטן מײַנע חוקים און געזעצן. ויקרא י"ח־ה). פֿון דער אַנדערער זײַט וואָרנט זי פֿאַר פֿרעמדע וועגן: „ובחוקותיהם לא תלכו" (אין

זייערע חוקים זאָלט איר נישט גיין — ויקרא י״ח — ג). די ייִדישע רעליגיע מיט איר ריטוס און יורידישן קאָדעקס, וואָס האָט רעגולירט ס׳טאָג־טעגלעך לעבן, איז גיכער געווען אַ רע־ליגיעזע סאָציאָלאָגיע, וואָס איז שפּראַכלעך געבויט אויף ה ע ב ר ע י ש  א ו ן  א ר מ י ת. זי פאַרמאָגט אַ שלל ספּעציפישע גלויבנס־אַרטיקלען, ריטן, עטישע פאָרמולירונגען, טערמינען, באַצייכונגען א. ד. גל. קוים הויזט אַ בית־הכנסת אין איין שטאָט מיט אַ קירך מוזן זיי זיך שפּראַכלעך אונטער־שיידן אינעם באַצייכענען די הויפּט־מאָמענטן פון רעליגיעזן לעבן. ס׳טראָגן אַנדערע מלבושים, ס׳דאַווענען אויף לשון קודש לויט אַ באַזונדערן צערעמאָניאַל (טלית, תפילין), ס׳טראָגן באַ־זונדערע מלבושים, ס׳עסן באַזונדערע מאַכלים, ס׳לאָדן זיך אין מסחר־קאָנפליקטן און פאַמיליע־סכסוכים ביים רב, ס׳משפּטן על־פּי „שולחן ערוך״, ס׳ציילן די יאָרן לויט אַן אייגענעם לוח א. א. וו. האָט געפירט צו פולער אָפּגעשלאָסנקייט. דערצו איז די העגעמאָניע פון דעם ייִדיש רעליגיעזן און ממילא ייִדיש־סאָציאַלן לעבן געווען אָרגאַניזאַציאָנעל באַפעסטיקט דורך די אויטאָנאָמיעס אין בבל, שפּאַניע, פראַנקרייך, דייטשלאַנד און, „ועד ארבע ארצות״ אין פוילן און ליטע, וואָס האָבן געהאַט אַן עקזעקוטיווע מאַכט. דאָס האָט אומפאַרמיידלעך אַריינגע־גלידערט אין דער געריכטער שפּראַך אַ ייִדישלעכן שטראָם, וואָס האָט זיך צענויפגעגאָסן מיט דעם לאַנדשטראָם און פון זיי ביידע איז אַרויסגעקומען אַ דיאַלעקטישער חידוש, וואָס איז מיט דעם כוח פון דער אייגענער אַנטוויקלונג פאַרוואַנדלט געוואָרן לכתחילה אין אַן אידיאָם, דיאַלעקט, און שפּעטער (אין טייל פאַלן) — אין אַן אײנהייטלעכער, אַנטוויקלטער שפּראַך.

פון דעם איז אָבער צו פאַרשטיין, אַז רעליגיע איז נישט די אויסשליסלעכע סיבה פון אויפקומען פון שפּראַכן ביי ייִדן, רעליגיע איז היסטאָריש געווען די נאַציאָנאַלע אויסדרוק־פאָרם פון ייִדישער באַזונדערקייט און אָפּגעשלאָסנקייט, ווייל אַזוי האָט דעמאָלט אויסגעזען דאָס ייִדישע לעבן. חוץ דעם איז נישט אַליך, וואָס איז אַרונטערגענומען געוואָרן אונטערן טלית פון רעליגיע, אינדערעמתן געווען בלויז רעליגיע. אין ייִדיש־רעלי־גיעזן לעבן זענען פאַראַן אַ סך עלעמענטן פון וועלטלעכקייט. ס׳זענען פאַראַן צווייגן פונם טאָג־טעגלעכן וועלטלעך לעבן.

וואָס האָבן אַ שייכות צו האַנדלס־קאָנפליקטן, אַגראַר־ענינים, אַרבעטס־געזעץ, פאַמיליע־לעבן א. א. וו. וואָס ווערן רעגולירט פון אַ יורידישן קאַדעקס, וואָס גייט אונטער דער חתימה פון רעליגיע, אָבער בעצם איז דאָרט פאַראַן אַ זאַכלעכער, רייך־וועלטלעכער צוגאַנג אין אויסטייטשונג. שפּעטער, ווען ס׳יידי־שע לעבן הייבט זיך אָן ביסלעכווייז צו עמאַנציפּירן פון דער רעליגיעזער העגעמאָניע, שיילן זיך אויס אַנדערע נאַציאָנאַל־וועלטלעכע לעבנספאָרמען, וואָס ווערן די לעבעדיקע ווירקזאַמע סיבה ווייטער מיטצושאַפן און מיטצובויען די שפּראַכן.

ד ע ר  ג ר ו י ס ע ר  י י ד י ש ־ נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר  ר ע נ ע ס אַ נ ס (ציוניזם, טעריטאָריאַליזם און פאָלקיזם) ווי אויך די ע ק ס פּ אַ נ ס י ו ו ע  י י ד י ש ע  אַ ר־ב ע ט ע ר ־ ב אַ ו ו ע ג ו נ ג  מיט זייערע ריזיקע שאַפונגס־פּאָטענצן האָבן דער נייער יידישער גייסטיקייט און ממילא דער נייער יידישער שפּראַך געגעבן אַן אייגן פּרצוף־פּנים.

## 4.—דער גורל פון די איבערגענומענע שפּראַכן

צי האָבן די אַלע אויסגערעכנטע יידישע שפּראַכן געהאַט גלייך מזל? צי האָבן זיי אַלע געהאַט דעמזעלביקן גורל? צי האָבן זיי אַלע אין אַ גלייכער מאָס אויסגעווירקט זייערע השפּעות אויף דער אַנטוויקלונג פון יידישן גייסט? צי האָבן זיי אַלע דערגרייכט די זעלביקע פּאָזיציעס אין דער יידישער קולטור־געשיכטע? און ענדלעך: צי זענען זיי שוין אַלע פאַר דער יידי־שער קולטור אין אַ גלייכער מאָס היסטאָריש אויסגעשפּילט?

לאָמיר נעמען  י י ד י ש ־ ג ר י כ י ש.  דאָס איז נישט נאָר געווען די אומגאַנג־שפּראַך פון די יידן אין צפון־אַפריקע, גריכנלאַנד און רוים. איר השפּעה איז אפילו דערגאַנגען קיין ארץ־ישראל. אַזוי ווייט, אַז די משנה, וואָס איז געשריבן אויף העברעיש, איז אַדורכגעפלאָכטן מיט פאַרהעברעישטע ווער־טער, וואָס שטאַמען פון גריכיש.

נישט געקוקט דערויף, וואָס אפילו רבי (ר׳יהודה הנשיא) האָט אַרויסגערוקט דעם פּרינציפּ: „או לשון הקודש או לשון יוונית" (אָדער לשון קודש אָדער גריכיש — ב"ק פ"ג), נישט געקוקט אויף דעם „תרגום השבעים", גריכישע אַפּאָקריפן

„שלמהים חכמה", „פערט השמונאים־בוך", פילאָנס פילאָזאָפי־
שע ווערק אויף גריכיש, א. אנד. איז דער קולטור־ווערט פון
יידיש־גריכיש געווען מער אַ צייט־אויפטו, אָבער אָן ווייטער־
דיקער השפעה.

י י ד י ש ־ פ ע ר ס י ש. אויך בנוגע יידיש־פערסיש
איז באַקאַנט דער פּרינציפּ פון ר׳ יוסי: „או לשון הקודש או
לשון פּרסי" (אָדער לשון קודש אָדער פערסיש, ב"ק פ"ג).
ס׳זענען אויך פאַראַן יידיש־פערסישע איבערזעצונגען פון די
כתבי הקודש, געציילטע מסכתות פון דער משנה, מדרש־לי־
טעראַטור. ליטורגישע פּאָעזיע און תפילות. ס׳זענען אפילו גע־
ווען יידיש־פערסישע דיכטער — שאַנין שיראַזי און יוסף יהודה.
אָבער יידיש־פערסיש, ווי אַן אויסגעבויט קולטור־בילד איז אין
דער יידישער גייסטיקייט גאָרנישט בנמצא.

י י ד י ש ־ אַ ר אַ ב י ש — אַט די שפּראַך האָט יידן פאַר־
בונדן מיט דער וועלט אינעם משך פון טיפן מיטלעלטער ד. ה.
פון צענטן ביזן דרייצענטן יאָרהונדערט, ווען די אַראַבער זענען
געוואָרן אַ וועלט ממשלה. אויף אַט־דער שפּראַך האָבן זייערע
פילאָזאָפישע ווערק געשריבן ר׳סעדיה גאון, אבן גבירול, יהו־
דה הלוי, רמב"ם און רבנו בחיי. דערצו איז אין יענער צייט
אייראָפּע געווען אין אַ צושטאַנד פון גייסטיקער פאַרגליווערט־
קייט און די שפּאַנישע יידן, באַגלייך מיט די אַראַבער, זענען
געווען כמעט די איינציקע קולטור־טרעגער. אָבער אַראַביש
איז באין אופן נישט געוואָרן דער אויסדרוק פון יידיש־קאָלעק־
טיוון שאַפן, ס׳האָט נישט געהאַט אונטער זיך קיין גרונט פון
לעבעדיקער פאָלקס־שאַפונג. און גערעכט איז דער יידישער
געלערנטער דר. י. צינבערג, ווען ער זאָגט וועגן דער בלי־צייט
פון אַראַביש ביי יידן: „די נייע אומגאַנגס־שפּראַך פונעם יידישן
קיבוץ האָט אָבער נישט געקאָנט פאַרנעמען דעם בכבודיקן
פּלאַץ אין דער נאַציאָנאַל־יידישער קולטור. די אַראַבישע שפּראַך
איז געוואָרן אויף לאַנגע דורות פאַרן חשובסטן טייל פון יידישן
פאָלק דער וויכטיקסטער פאַקטאָר פון אַלמענטשלעכער קולטור
און נאַציאָנאַלן שאַפן" („די געשיכטע פון ליטעראַטור ביי יידן"
1־טער באַנד ז׳24). אַראַביש האָט נישט געוואָרצלט אין די
טיפענישן פון פאָלק און איז דעריבער שפּעטער איינגעדרימלט
געוואָרן. איצט לעבט אַראַביש (אין אירע פאַרשידנסטע דיאַ־

לעקטן) ביי די מזרח־יידן איבער אַ מצב פון פולשטענדיקער ווערגעטאַציע. אַראַביש טראָגט איצט גאָרנישט צו צום נאַציאָנאַל יידישן אוצר.

לאַדינאָ אָדער דזשודעזמע איז אַ שפּראַך, וואָס האָט אַדורכגעמאַכט אירע באַזונדערע אַנטוויקלונגס־עטאַפּן און לעבט נאָך צוביסלעך היינט אין די באַלקאַנישע לענדער און אויפן אָריענט. אויף דער גאַס ווערט זי גערעדט אין אַ נייעם גוישן נוסח אַזוי, אַז דער שפּאַניער, קאָן זי פאַר־שטיין. דערפאַר אין דער היים ווערט זי גענוצט אין אַן אַר־כאַיש־יידישלעכער פאָרעם, דורכגעפלאָכטן מיט ליטורגישע העברעיזמען. אין אָט־דעם מצב איז זי פאַרשטענדלעך נאָר די ספרדישע יידן. אין דעמזעלבן אַרכאַישן לאַדינאָ זענען אַרויס־געגעבן איבערזעצונגען פון די ספרי־הקודש, געדרוקט מיט רש"י־כתב. היסטאָריש גענומען האָט שפּאַניאָליש נישט געגעבן קיין צושטייער צום אַלגעמיינעם היסטאָריש־נאַציאָנאַלן קול־טור־אוצר. מעגלעך, אַז דערפאַר וואָס די טרעגער פון אָט־דער שפּראַך זענען קליין אין דער צאָל, פאַרוואָרפן ערגעץ אין העקן, ווייט פון ברייטע וועלט־שליאַכן, און האָבן נישט קיין דירעקטע פאַרבינדונג מיט די אַלגעמיין־שעפערישע כוחות פון דער יידי־שער וועלט־נאַציע. אַזוי צי אַנדערש איז איר יאָ־עקזיסטענץ אָדער נישט־עקזיסטענץ אָן באַזונדערן אינטערעס פאַר אונדזער אַלגעמיינעם גייסטיקן פאָלקס־פאַרמעגן.

גריכיש, פערסיש, אַראַביש, שפּאַניאָליש, טאַדזשיקיש, קאָמטאַדינא און פאַלאַשינא זענען שפּראַכן, וואָס האָבן זיך אויבנאויפיק געגליטשט אַרום דעם יידישן לעבן און נישט באַ־וויזן טיפער אַריינצודרינגען אין יידיש־גייסטיקן אינגעווייד, פון קאָלעקטיוו־יידיש־נאַציאָנאַלן לעבן זענען זיי ממש אַרויס־געריסן; ס׳איז פון זיי נישט געבליבן קיין ירושה, פונקט ווי עס איז פאַרווישט געוואָרן יעדער המשך פון דער אַמאָל־רוי־שיקער יידישער אלכסנדריא של מצרים.

## 5.—דער דריישפּראַכיקער יסוד פון יידישן

אָבער אַקעגן דעם איבערגאַנגס־דויער פון די פירגעבראַכ־טע שפּראַכן דאַרפן אויסגעטיילט ווערן דריי, וואָס זענען ענג

פאַרבונדן מיטן היסטאָרישן אַנטוויקלונג־גאַנג פון דעם יידיש־נאַציאָנאַלן קיום. מ׳קאָן זאָגן, אַז אָן זיי איז פשוט נישט מעגלעך צו טראַכטן וועגן דעם האַרמאָניש־אויסגעבויטן, גייסטיק וועלטבילד, וואָס מ׳רופט יידישקייט. דאָס זענען שפּראַכן, וואָס זענען נישט פאַרבונדן רק מיט וועלכער ס׳איז פעריאָדישער קאָניונקטור, נאָר בילדן אייביקייטס־פּאָזיציעס, אינעם קרייז פון אונדזער נאַציאָנאַלן מהות. דאָס זענען, דריי הויפּטזיילן, אויף וועלכע ס׳שפּאַרט זיך אָן דער בנין פון אונדזער נאַציאָנאַלער קולטור. מיר וואָלטן אין דעם פאַל פאַראַפראַזירט שמעון הצדיקס מאמר — על שלשה לשונות היהדות עומדת: על לשון־הקודש, לשון־ארמי, לשון־יידיש. (אויף דריי שפּראַכן שפּאַרט זיך אָן יידישקייט: אויף העברעיש, ארמית און יידיש).

אין אָט־די דריי לשונות זענען ביז איצט פון איין זייט אַרויסגעבראַכט געוואָרן די גרעסטע ציבורדיקע, עפּאָכע־מאַכנדיקע ווערק, וואָס דער יידישער קאָלעקטיווער זשעני האָט געשאַפן, און פון דער אַנדערער זייט זענען די דריי לשונות געווען מסוגל איבערצונעמען די גייסטיקע ירושה פון די פאַרגאַנגענע דורות, זי ווייטער פלאַנצן אין די נײַ־געגעבענע קלימאַטן און אויך באַוויזן צו פאַרבינדן גרויסע יידיש קיבוצים, צעשפּרייטע איבער דער גאָרער וועלט; אַריינהויכן אין זיי דעם גייסט פון יידיש־נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקייט.

אודאי האָט יעדער איינער פון די דריי לשונות דורכגעמאַכט זיין אייגענע און באַזונדערע געשיכטע, אָבער אין דער לעצטער שורה זענען זיי אַלע פאַר אונדז אייביקע קנינים.

לשון־הקודש — אין אָט־דער שפּראַך איז בראשיתדיק אַנטפּלעקט געוואָרן די יידיש־גייסטיקע פיזיאָנאָמיע; אויף העברעיש איז געשאַפן (מיט געוויסע אויסנאַמען) ס׳גראַנדיעזע גרונטווערק פון יידנטום — דער תנ״ך. ביזן ערשטן חורבן האָט העברעיש דאָמינירט אין יידישן מלוכה־לעבן. לכתחילה האָט מען עס באַצייכנט ווי „שפת כנען" (ישעיה י״ט־יח). שפּעטער — „יהודית" (מלכים ב׳־י״ח). דאָס צווייטע ריזיקע קאָלעקטיווע ווערק, וואָס איז שאַפן געוואָרן אויף העברעיש איז — די משנה. ס׳העברעיש פון דער משנה אונטערשיידט זיך באַשייפערלעך פונעם תנ״ך־העברעיש. דער זאַצבוי איז זיך שוין

סומך אויף אַנדערע כללים. דערצו איז דאָ אינעם וואָרטשאַץ אָנזעעוודיק דער צומיש פון ארמית, פּערסיש, גריכיש און אַראַ־ביש. אויך אַ טייל מדרשים זענען געשריבן אויף העברעיש. די שפּראַכלעכע דיפערענצירונג צווישן תנ"ך־העברעיש און משנה־העברעיש ווערט באַצייכנט: די ערשטע — „לשון־תורה", די צווייטע — „לשון־חכמים", („לשון תורה לעצמו, לשון חכמים לעצמו" — חולין קל"ז). שפּעטער האָט די משנה אָנגערופן העברעיש „עברית" און גאָר שפּעטער אינעם קאַמף קעגן אר־מית — „לשון־הקודש", כדי זי צו אונטערשיידן פון דעם „פּראָסטן" און „וואָכעדיקן" ארמית, וואָס איז כאַראַקטעריזירט געוואָרן ווי אַ „לשון־חול" (וואָכעדיקע שפּראַך) „לשון־הדיוט" (שפּראַך פון פּראָסטאַק).

אין דער צייט פון בית־שני און שפּעטער איז העברעיש אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון טאָג־טעגלעכן לעבן. זיין אָרט פאַר־נעמט ארמית. די חכמים זענען פון דעם נישט געווען צופרידן און געזוכט מיטלען ווי אַזוי העברעיש איינצוהאַלטן. מ׳האָט אפילו יעדן איינעם, וואָס וועט רעדן העברעיש, צוגעזאָגט... עולם הבא. אין דער צייט פון חתימת־המשנה האָבן אין ארץ־ישראל אַלע יידן גערעדט ארמית; דער מסדר המשנה, ר׳ יהודה הנשיא האָט זיך מאַכטלאָז אַקעגנגעשטעלט דער אַראַמיזאַציע. זיין הויז האָט זיך טאַקע אויסגעטיילט דערמיט, וואָס מ׳האָט דאָרט גערעדט העברעיש, ווען ס׳כּאָלק האָט שוין אַרום און אַרום גערעדט יידיש־ארמית.

אין בבל און בכלל אין די אַרומיקע לענדער האָבן יידן נישט גערעדט קיין העברעיש. אין דער „גילדענער עפּאָכע", אין שפּאַניע, האָט אויפגעלעבט די העברעישע פּאָעזיע, וואָס האָט אַרויסגעגעבן גרויסע משוררים. ווייטער טרעט איין אַ שטילשטאַנד ביז דער השכלה־עפּאָכע; די משכילים האָבן זיך באַמיט אויפצולעבן העברעיש און שפּעטער אין דער צווייטער העלפט פון נײַנצעטן יאָרהונדערט טרעט איין אַ ליטעראַרי־שער רענעסאַנס אין דער העברעישער ליטעראַטור, מיט מענ־דעלע מוכר־ספרים און ח. נ. ביאַליק בראש. אין לעצטן פערטל הונדערט איז ממש געשען אַ נס — העברעיש האָט צוריק אויפגעלעבט ווי אַ טאָג־טעגלעכע שפּראַך אין ארץ־ישראל ביי אַ באַפעלקערונג פון לערך זיבן הונדערט טויזנט יידן.

אמת, העברעיש איז אין געוויסע צייטאָפּשניטן, דערהויפּט ביזן ערשטן חורבן, געווען די הויפּט־שפּראַך פון די יידן אין ארץ־ישראל. מחוץ ארץ־ישראל אָבער איז העברעיש קיינמאָל נישט געווען קיין רעד־שפּראַך פון די יידישע פאָלקס־מאַסן. דאָס האָט פונדעסטוועגן נישט געשטערט, אַז העברעיש זאָל ווערן דער חוט־השדרה פון אַלע דיאַלעקטן, אידיאָמען און שפּראַכן, וואָס יידן האָבן אויסגעבילדעט סיי אין ארץ־ישראל און סיי אין זייער איבער צוויי טויזנט־יעריקער צעשפּרייטקייט איבער דער גאָרער וועלט. העברעיש און אויך דער העברעי־שער אלף־בית האָט אויף זיך געהאַלטן די אַלע פרעמדשפּראַ־כיקע צומישונגען און זיי געגעבן אייגענעם יידישן אויסדרוק. דאָס איז בעיקר געקומען פון תנ"ך און תפילות, וואָס האָבן באַקומען בירגער־רעכט נישט נאָר אין בית־הכנסת, בית המ־דרש און בית דין־שטוב. נאָר כמעט אין יעדער יידישער שטוב, אין וועלכער ס'האָט זיך געפונען אַ ספרים־שענקל.

ל ש ו ן  א ר מ י — איז ביי יידן אויפגעקומען אַן ערך מיט דריטהאַלבן טויזנט יאָר צוריק. דאָס איז געווען דער איינפלוס פון דעם צעשפּרייטן אַרום אין פּאַדעראַזיע און אויך אונטער דער ווירקונג פון דעם בבליש־פּערסישן וועלטרייך ווו די אָפיציעלע שפּראַך איז געווען ארמית.

יידן האָבן אין אַזיע (צפון זייט פון א"י), ארץ־ישראל, קליינאַזיע ביז פּערסיע און אַרמעניע מאַסנהאַפטיק גערעדט יידיש־ארמית און דאָס אָן אַן איבעררייס אַן ערך צוועלף הונ־דערט יאָר. (אומגעפער פון פינף הונדערט פאַר דער נייער צייט ביזן זיבעטן אָדער אַכטן יאָרהונדערט לויט דער היינטיקער רעכנונג). דאָס איז אַן איינציקאַרטיקע דערשיינונג אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק, אַז גרויסע מאַסן יידן זאָלן במשך פון אַזאַ צייט־אומפאַנג רעדן אויף איין שפּראַך.

שוין גאָר אין די אַלטע צייטן זענען געמאַכט געוואָרן אַראַמישע תרגומים פון תנ"ך („תרגום אונקלס" „תרגום יונתן בן עוזיאל" און „תרגום ירושלמי").

דאָס איבערגיין פון העברעיש צו אַראַמיש אין פאַרשי־דענע ספרים איז עפּעס פאַרגעקומען ווי פון זיך אַליין, אָפטמאָל אפילו קעגן ווילן פון מחבר. אין צווייטן יאָרהונדערט פאַר דער נייער צייטרעכנונג האָט דער תנא ר' יוסי בן יועזר, דער נשיא

פון סנהדרין אין דער צייט פון די השמנאים, וואָס איז אומגע־
קומען על קידוש־השם, אַריינגעפּלאָנטן אין דער משנה אַ הלכה
וועגן דער ריינקייט פון הײשעריק, וואָס הייסט איל קמצא
אויף א ר מ י ת (עדיות פ"ח - ד). דער באַרימטער יידי־
שער היסטאָריקער און קריגספירער אין דער צייט פון חורבן
בית שני י אָ ס ע פ ו ס פ ל אַ ו י ו ס האָט זיין גרויס
און אומגעהייער וויכטיק ווערק פאַר דער יידישער היסטאָריאָ־
גראַפיע „די מלחמה פון די יידן קעגן די רוימער" לכתחילה
געשריבן אויף ארמית.

די „לעגאַליזאַציע" פון ארמית, איז אין דעם יידישן גייס־
טיקן לעבן נישט אָנגעקומען אַזוי לייכט. מ׳האָט זי אין דער
יידישע־אינטעלעקטועלער וועלט נישט באַגעגנט מיט קיין תר־
פים ומחולות, נאָר לכתחילה מיט גאַל און חוזק, און שפּעטער
מיט צײנקריצערישער קעגנערשאַפט. מ׳האָט „ס׳פּרעמדע" אר־
מית באַטראַכט, ווי אַ „געפּערלעכן" אָפּנייג פונעם „איינציק"
נאַציאָנאַל־באַרעכטיקטן העברעיש, ווי אַן אויפשטאַנד אי פון
עם־הארץ קעגן תלמיד־חכם, אי פון דער וואָכעדיקייט קעגן
קדושה. אָבער קעגן בפירושן ווידערווילן פון דער דעמאָלטדי־
קער גייסטיקער עליטע האָט די פאָלקס־שפּראַך יידיש־ארמית
מיט אייגענע כוחות זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג צום עמוד און
איז מיט דער צייט אין הייליקייט אידענטיפיצירט געוואָרן מיט
העברעיש. ארמית האָט געשאַפן אומאויסמעקבאַרע פּאָזיציעס
אין טאָגטעגלעכן יידישן לעבן און אויך אין דער געשיכטע פון
יידישן גייסט.

קדום כל ס׳גרויסע קאָלעקטיווע ווערק, דער אויטאָריטאַ־
טיווער „תלמוד ירושלמי". וואָס איז געבוירן געוואָרן אין די
ישיבות אין ארץ ישראל, אין ציפּור, לוד און טבריה און זענען
אָנגעפירט געוואָרן דורך די אמוראים: ר׳ חנינה בר חמא, ר׳
יהושע בן לוי, ר׳ נאי, ר׳ יוחנן בר נפחא; ר׳ שמעון בן לקיש,
ר׳ אליעזר בן פדת א. אנד. אָט דאָס ווערק, וואָס האָט במשך
פון אַנדערהאַלבן טויזנט יאָר, רעגולירט ס׳יידיש לעבן, איז
לכתחילה דורכדיספּוטירט און שפּעטער פאַרשריבן געוואָרן
אויף א ר מ י ת.

ווייטער גייט ס׳גראַנדיעזע, פונדאַמענטאַלע, ענציקלאָפּע־
דישע ווערק פון יידנטום „תלמוד בבלי", וואָס איז אַנטשטאַנען

אין די ישיבות פון סורא, נהרדעא, מחוזה און פומבדיתא, אָנ־געפירט דורך די בבלישע אמוראים ר׳ אבא בר־נחמני, יוסף בר־חיא, רבא, ר׳ נחמן בר־יצחק, ר׳ פפא בר־חנן און דעם מסדר פון „תלמוד בבלי" רב אשי. אַט דאָס אָריגינעלע ווערק ווי אַן אָנערקענטער וועגווייזער, וואָס האָט רעגולירט, און רעגולירט צו טייל אויך היינט, ס׳יידיש פאָלקס־לעבן, איז געשריבן געוואָרן אויף   א ר מ י ת.   ביידע תלמודים זענען פאַר זייער צייט דער העכסטער קאָלעקטיווער אויסדרוק פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון יידיש־גייסטיקן ציבור־לעבן.

יידן אויף דער גאָרער וועלט האָבן דורות־לאַנג געלערנט דאָס דאָזיקע ווערק, אַריינגעזונגען אין די גמרא־אותיות זייערע חלומות און בענקשאַפטן און אין אַלע דיאַלעקטן, וואָס יידן האָבן גענוצט — דערונטער אויך אין היינטיקן יידיש — זענען איינגעוואָקסן געוואָרן סיי אין אומגאַנג, סיי אין לומדות הונדערטער אַראַמישע אויסדרוקן, באַצייכענונגען, גמרא־ווערטלעך, גמרא־באַגריפן, מימראות, טערמינען, מעטאַפאָרן, משלים, פאָלקסווערטער, שפּרוכן, רעטענישן א. ד. גל.

היינט ס׳צענטראַלע ווערק פון דער קבלה, דער „זוהר", וואָס איז ביים גלייביקן עולם פאַרהייליקט, אָדער ווי מ׳רופט אים פּאָפּולער „דער זוהר־הקדוש", איז געשריבן אויף א ר מ י ת.   ס׳איז גענוג צו דערמאָנען עטלעכע קעפּלעך פון די אינווייניקסטע ספרים: „רעיא מהימנא", „ספרא דצניעתאי", „אדרא" א. א. וו. כדי צו זען, אַז אין „זוהר" ווערן באַהאַנדלט טיפע וועלט־סודות און דאָס אויף   א ר מ י ת .   ס׳איז באַקאַנט, אַז אין אַכצנטן יאָרהונדערט האָבן די א. ג. „זוהריסטן" געשטעלט דעם זוהר העכער איידער די משנה און גמרא. די מקובלים האָבן געהאַלטן, אַז בלויז דאָס איבערזאָגן די ווערטער פון „זוהר", אַפילו ווען מען פאַרשטייט זיי נישט, באַהויכט דעם איבערזאָגער מיט גרוים קדושה...

חוץ דער פירגעבראַכטער ארמית־ירושה, וואָס הערט עד־היום נישט אויף צו ווירקן ביי אַ באַדייטנדיקן טייל פון יידישן פאָלק, איז אויך פאַראַן אַן אָנזעעוודיקער אַראַמישער באַשטאַנדטייל אין דער היינטיקער יידישער ליטורגיע און ריטואַל. די שבתים און כמעט אַלע ימים־טובים קאָנען זיך אין זייער ריטוס נישט באַפרייען פון ארמית. פרייטיק צו־נאַכט פאַר קי־

דוש זאָגט מען „אתקינא סעודתא", ביי זמירות זינגט מען אויך „יהי רבון עלם ועלמיא", פאַרן בענטשן זאָגט מען „ידי אסחי אנא". שבת אינדערפרי, ביי תפילת־שחרית, זאָגט מען „בריך שמה דמרא עלמא" און שפּעטער „יקום פורקן". ביי שלוש־סעודת זאָגט מען דעם אַראַמישן „בני הכלא". אויף יו"ט מאַכט מען אַן ערב־תבשילין מיט דעם אַראַמישן „בדין יהא שרא". ערב פּסח ביי בדיקת־חמוץ זאָגט מען „כל חמירא", פּסח ווערט דער סדר פייערלעך געעפנט מיטן אַראַמישן „הא לחמא עניא" און געשלאָסן מיט „חד גדיא". שבועות זאָגט מען עפנטלעך פונעם באַלעמער דעם אַראַמישן „אקדמות", דעם צווייטן טאָג שבועות — „יציב פתגם". אין די פּאַר ראש־השנהדיקע סליחות זענען פאַראַן אַ טייל אַראַמישע פּיוטים. סוכות פאַרבעט מען די „אושפיזין" אין סוכה אַריין אויף ארמית. דער העכסט פייערלעכער מאָמענט אין יידיש־רעליגיעזן שטייגער־לעבן איז בלי שום ספק דער ערב־יומכיפורדיקער אָוונט איידער מ׳טרעט צו צו זאָגן „כל נדרי". פרומגלייביקע גרייטן זיך צו דעם מיט אינעווייניקסטער ריינקייט, מ׳וואַרפט פון זי דאַראָפּ אַלע גשמיותדיקע זאָרגן, מ׳איז זיך איינס ס׳אַנדער מוחל די סכסוכים, כדי קומען געלייטערט צו דער הויכער „כל נדרי"־תפילה. ווערט אָט־די תפילה־דערקלערונג געזונגען מיט דעם סקאַרבאָוון, דורך לאַנגע דורות געהייליקטן, ניגון דריי מאָל — אויף א ר מ י ת.

אויך אין פערזענלעכן לעבן שפּילט ארמית אַ באַדייטנדיקע ראָל. בשעת חתן־כלה „שרייבן" תנאים — איז עס אויף ארמית, אויף דער חתונה לייענט מען די כתובה אין ארמית, אַ גט שרייבט מען אויף א ר מ י ת, ווען אַ יתום זאָגט אַ גאַנץ יאָר „קדיש" נאָך זיינע עלטערן, איז עס אויף א ר מ י ת.

## 6.—דער אויפקום פון לשון יידיש

דער אויפקום פון ל ש ו ן ־ י י ד י ש איז אוודאי פאַר־בונדן מיט אַנאַלאָגישע געשיכטלעכע באַדינגונגען, סאָציאַלע אומשטענדן און קולטור־היסטאָרישע אויסבליקן, אין וועלכע ס׳איז בשעתה אויפגעקומען א ר מ י ת. אָבער די אַנטוויק־לונג־עטאַפּן פון ל ש ו ן ־ י י ד י ש האָבן זיך געצויגן איבער גאָר אַנדערע שליאַכן און זענען לסוף דערגאַנגען צו אַזאַ פּונקט, וואָס לויט זיין עקספּאַנסיוון כוח, שטייגט ער איבער אַלע

לשונות, אויף וועלכע יידן האָבן ביז איצט גערעדט און געשריבן. און נישט געקוקט אויף דער מוראדיקער, קאַטאַסטראָפע, וואָס די יידיש־עדה האָט איצט געליטן אין אייראָפּע און וואָס ס׳וועט בלתי ספק פאַרבלייבן אַ בכיה לדור־דורות, איז פונדעסטוועגן דער פּאָטענציעלער קערן פון יידיש אויף ווייטער פאַרבליבן געזונט און ממילא שאַפונגס־מעגלעך.

אָט־דאָס לשון איז אין פאַרשידענע צייטן געגאַנגען איבער דער וועלט אונטער פאַרשידענע נעמען: „לשון אשכנז", „לשוננו", „טייטש", „עברי־טייטש", „יידיש־טייטש", „זשאַרגאָן", „יידיש", און האָט אויך אַ צערטלעכן ביינאָמען — „מאַמע־לשון".

לאָמיר זיך קודם כל קלאָר מאַכן ס׳געשיכטלעכע בילד פון דער יידיש־טעריטאָריע. דער יידישער עמיגראַנטן־שטראָם פון צפון־אַפריקע און ארץ־ישראל קיין אייראָפּע איז לכתחילה דערהויפּט געגאַנגען קיין אַטען און רוים. קיין רוים זענען געגאַנגען די יידישע קריגס־געפאַנגענע פונם אויפשטאַנד בעתן חורבן בית־שני און די שפּעטערדיקע אויפשטענדלער פון דער בר־כוכבא־מרידה. נאָכדעם זענען יידן געקומען קיין אייראָפּע ווי רוימישע לעגיאָנערן און לסוף ווי סוחרים און ערד־אַרבעטער. די לעגיאָנען זענען געווען באַשטימט צום קאַמף מיט די רויבער און באַרבאַרישע גערמאַנען. די דעמאָלטדיקע יידישע און גריכישע היסטאָריאָזאָפן לויבן שטאַרק יידן ווי געניטע בויגןשיסער. אַזוי אַרום איז יידן געראָטן צו דערגרייכן די גערמאַנישע געגנטן ד. ה. די צפון־פּראָווינצן פון דער רוימישער אימפּעריע.

ס׳איז שווער צו גלייבן, אַז ווען די גערמאַנישע באַרבאַרן האָבן אָנגעהויבן צו באַהערשן די רוימישע אימפּעריע, זאָלן יידן דאָרט האָבן ווייטער גערעדט דעם  י י ד י ש ־ א ר מ י ת ,  אַזוי ווי זיי האָבן גערעדט און געשריבן אַמאָל אין ארץ ישראל, בבל אאז"וו. זיי האָבן דעמאָלט מסתמא גערעדט אַ געפלאָכטענעם לאַטיין־גריכיש מיט אַ צומיש פון העברעיש־ארמית. אָבער אין אינווייניק־יידישלעכן לעבן האָט מען זיך ווייטער באַנוצט מיט העברעיש־ארמית, דערעיקרשט ביים באַצייכענען רעליגיעזע אַרטיקלען און ריטועלע צערעמאָניעס, פונם זעלביקן אָפּגעשלאָסנקייט־רעזערוואַר האָט מען אַרויס־

גענומען העברעישע און ארמישע ווערטער זיי צו באַנוצן אין האַנדלס־ענינים און נאָכמער ווי אַ פאַרשטענדיקונגס־מיטל ביים מסחרן מיט יידן פון פאַרשידענע לענדער, וואָס האָבן שוואַך פאַרשטאַנען לאַטיין און גיכער פאַרשטאַנען ארמית און באַהערשט אַ באַשטימטן סכום העברעישע אויסדרוקן. די יידישע סוחרים פון דער פרעמד האָבן אין פאַרקער מיט די אָרטיקע יידן זיך אַרויסגעהאָלפן דורך העברעיש - אַראַמישע טערמינען.

מיהאָט זיך, קודם כל, ווי שטאָט־ און גלויבנס־ברידער, גע־טראָפן אין בתי־תפילות און בתי־מדרשים, ווו מיהאָט זיך באַגריסט מיטן טראַדיציאָנעלן „שלום־עליכם", צוזאַמען גע־דאַוונט די זעלביקע תפילות אויף דער זעלביקער שפּראַך. נאָכ־דעם האָט מען זיך געטראָפן אין די יידישע קהילות, וואָס זענען געלעגן אויף די שליאַכן פון מזרח־האַנדל. און די יידישע קהילות זענען דאָך פאַר די יידישע וואַנדער־סוחרים אין דער פרעמד געווען נאַטירלעכע שוץ־ און הילף־פונקטן. כדי צו באַ־קומען אַ וואַרעמען קבלת־פּנים האָט מען געמוזט אַרויסווייזן וואָס מער לומדות, וואָרים תורה האָט ביי יידן תמיד געוועקט דרך־ארץ. מ׳איז איינגעשטאַנען אין יידישע אכסניות, זיך אויס־געהיטן פון טריף, געגעסן נאָר ביי יידן, ד"ה כשר. דאָרט האָט מען איבערגעשמועסט דעם שטייגער פון יידישע דינים, זיי פאַר־שידנאַרטיק אויסגעטייטשט, אָפטמאָל האָט מען זיך אַריינגע־לאָזט אין אַ טיפן פּילפּול; וואָס טיפער דער פּילפּול איז געווען, אַלץ מער רעספּעקט האָבן די בעלי־בתים אַרויסגעוויזן לגבי די אורחים. מיהאָט אויך גערעדט וועגן מסחר און ביים באַצייי־כענען האַנדלס־טראַנזאַקציעס האָט מען גענוצט העברעיש־אַראַמישע טערמינען.

צירונג־הענדלער האָבן זיך באַנוצט מיט מרגליות (פּערל), „אדום" (רובין), „אבן־טוב" (איידלשטיין), „תכשיט" (שמוק־זאַך) אאז״וו. פּרוכטר־ און געווירץ־הענדלער האָבן גערעדט וועגן „פּירות", „צמוקים" (ראָזשינקעס), „אגוז" (נוס), „בשמים" (שמעקעדיקע געווירצן). אין אַלגעמיינע האַנדלס־ענינים האָט מען זיך באַנוצט מיט די ווערטער: מסחר, שוק, קנין, תגר, שכר, היזק, קונה, מוכר אאז"וו. ביים געאָגראַפישן באַצייכענען די האַנדלס־וועגן האָט מען געברויכט די ווערטער: מזרח, מערב, צפון, דרום, ים, יבשה, מדינה, צרפת, אשכנז, תורגמה,

ישמאל, כנען, כוש און אז״וו. אַט־די ווערטער האָבן פריי ציר־קולירט אין דער יידישער האַנדל־וועלט.

נאָכן נצחון פון די גערמאַנישע באַרבאַרן האָבן יידן ווי אַלע „רוימישע בירגער״ זיך שפּראַכלעך צונויפגעגאָסן מיט די דייטש־רעדנדיקע דעראָבערער, אַזוי האָט עס טאַקע אויסגע־זעזן אויבנאויף, אין דער אמתן איז דאָ פאָרגעקומען דער אַלט־באַקאַנטער היסטאָרישער פּראָצעס, וועגן וועלכן ס׳איז שוין אויבן געווען אַ רייד. אַ חוץ אַלגעמיין־בירגערלעכע אינטערעסן און אַלגעמיינער לאַנד־ציוויליזאַציע, האָבן יידן אויך געפירט אַן אייגן אָפּגעשלאָסן גייסטיק־ און שטייגער־לעבן. דאָרט האָבן צירקולירט אַנדערע באַגריפן און לעבנס־פאָרשטעלונגען און אַנדערע שפּראַכלעכע באַצייכענונגען, וואָס זענען געשעפּט געוואָרן פון העברעיש־אַראַמישן רעזערוואַר, פון דאָרט האָט מען זיי אַרויסגעטראָגן אויף דער נישט־יידישער גאַס.

ס׳האָבן געדויערט עטלעכע דורות, ביז יידן האָבן באַוויזן איינצוזאַפּן אין זיך ס׳גערמאַנישע, און ס׳האָבן ווידער גע־דויערט דורות, ביז יידן האָבן אויף אַ נאַטירלעכן שטייגער זיך גענומען אָפּשפּאַלטן פון דער דייטשער וואָרצל־שפּראַך און זי ביסלעכווייז פאַריידישט דורך העברעיש, ארמית און ראָ־מאַנישע עלעמענטן. ס׳ראָמאַנישע שטאַמט פון דעם צופלוס פון איטאַליענישע און פראַנצויזישע יידן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון די דעמאָלטדיקע רדיפות און געקומען קיין דייטשלאַנד.

דאָ חזרט זיך איבער דער היסטאָריש קאָנטראַלירטער, קאָנפעסיאָנעל־סאָציאָלאָגישער סביבה־עלעמענט, וועגן וועלכן מיר האָבן שוין אויבן גערעדט אויספירלעך. די יידיש־גייס־טיקע אייגנאַרט, די קולטור־זיטלעכע אָפּגעשלאָסנקייט, וואָס גייען אונטער דעם אַלגעמיינעם נאָמען „קאָנפעסיע״, האָבן היסטאָריש אויפגעפּרעסט דעם אָריגינעלן חותם אויף דעם זיך כסדר־אויסשיילנדיקן לשון יידיש, וואָס פאַר זיין צייט גיט ער היסטאָריש די סאַמע אַריינדרינגנדיקע אָפּשפּיגלונג פון יידיש־פאָלקישן תוכן אין זיין גייסטיקן פאַרמעסט און מאַטעריעלן לבוש.

די באַזונדערע אַנטוויקלונגס־עטאַפּן פון לשון־יידיש זענען קולטור־היסטאָריש זייער באַלערנדיק. ס׳פּרצוף־פּנים פון לשון־יידיש איז אויסגעבילדעט געוואָרן אין דייטשלאַנד און טיפער

פאַראייגנאַרטיקט געוואָרן אין מזרח־איירָאָפּע אין אַ סלאַ־ווישער סביבה. וואָס טעריטאָריעל ווייטער לשון יידיש איז געווען פון דייטשן שטאַמלאַנד, אַלץ מער איז די שפּראַך גע־קומען צו זיך, ד"ה זי איז געוואָרן י י ד י ש ע ר.

לשון יידיש איז שוין אַלט לערך טויזנט יאָר און וועגן איר געשיכטע און צייט־גלגולים האָבן יידישע שפּראַך־פאָר־שער ווי שלמה בירנבוים, לעוו, ווינער, מתתיהו מיזיש, נח פּרילוצקי און מאַקס וויינרייך אויפגעשטעלט פאַרשידענע סכעמעס. צו אונדז אַפּעלירט גיכער די היפּאָטעטישע סכעמע פון מ. וויינרייך. ער פּירט אַריין פיר תקופות. די ערשטע: ב ר א ש י ת ־ י י ד י ש — איז פון די סאַמע אָנהויבן ביז אַן ערך 1250. די צווייטע — אַ ל ט ־ י י ד י ש — נעמט אַרום די צייט פון אַן ערך 1250 ביז 1500. די דריטע — מ י ט ל ־ י י ד י ש ציט זיך פון 1500 ביז אַרום 1700. די פערטע — נ י י ־ י י ד י ש — הויבט זיך אָן אַרום 1700 און דערגייט ביז היינט.

מיט 500 יאָר צוריק ד"ה אין דער ערשטער העלפט פון פופצנטן יאָר־הונדערט איז אין נירנבערג פאָרגעקומען אַ רבנים־צוזאַמענפאָר, אויף וועלכן ס'איז אָנגענומען געוואָרן אַ תקנה וועגן דער יורידישער אָנערקענונג פון י י ד י ש („לשון אשכנז") ביי דין־תורות (אָט די תקנה איז אויפגעהיט געוואָרן אין די שו"ת פון מהר"י, ווענעציע 1549). שוין אין דער צוויי־טער תקופה, ד"ה אין אַלט־יידיש איז צו זען, אַז די שפּראַך האָט אַ בולט־אייגענע צורה, וואָס אונטערשיידט זיך באַשייג־פערלעך פון דייטש, ווייל די דייטשן פאַרשטייען ממש נישט וואָס יידן רעדן און מיינען, אַז יידן רעדן גאָר העברעיש. אין דער הקדמה צו דער יידישער־דייטשער ביבל־איבערזעצונג (1544) שרייבט דער אַרויסגעבער פּאַול עמיליוס, אַז מיט זיין נייער אויסגאַבע איז ער אויסן צו באַווייזן, אַז די קריסטן לעבן אין טעות, ווען זיי מיינען, אַז יידן רעדן נאָך העברעיש.

יצחק ריווקינד דערציילט, אַז אים זענען אין דער ביבליאָ־טעק פון ניו־יאָרקער טעאָלאָגישן סעמינאַר אַריינגעפאַלן אין די הענט מאַנוסקריפּטן געשריבן פונם מהר"ם מלובלינס אַ תלמיד. דאָס זענען שו"ת, הידושים, שקלא־וטריאס איבערגע־געבן ווי חלוקים פונם מהר"ם (חלוקים אשר קבלתי ממורי

הגאון מהר"ם מלובלין); זענען זיי אינגאַנצן געשריבן אין יידיש. הייסט עס, אַז די לומדישע וועלט האָט שוין אין זעכצנטן יאָרהונדערט זיך באַדינט מיט יידיש. דער מהר"ם אַליין האָט זיינע חידושים געזאָגט פאַר זיינע תלמידים אין יידיש.

פון דעם איז קלאָר, אַז סיי די לומדים, סיי די כלי־קודש און סיי דער פאָלקסמענטש האָבן אין יידיש אַריינגעבראַכט העברעיש־ארמישע ווערטער און זאַצן, וועלכע זענען אָרגאַניש פאַרוועבט געוואָרן מיט דער גערעדטער שפּראַך. תנ"ך, משנה, גמרא און מדרשים האָבן דעם יידישן לשון געגעבן אַ זייער באַפרוכפּערנדיקן צושטייער. און דאָ קומט די רעפּראָדוקציע אָדער דער צווייטער גלגול — מיהאָט אַריינגעבראַכט אַ סך דייטשע סענטענצן און זאַצן, וואָס זענען בעצם אַ נאָכבילדונג נאָך דער העברעישער און אַראַמישער פאָרם. ממילא זענען די פאַריידישטע ווערטער און פאַראידיאָמיזירטע זאַצן געווען אומפאַרשטענדלעך דער דייטשער באַפעלקערונג, וועלכע האָט בתמימות געגלייבט, אַז יידן רעדן גאָר אין דייטשלאַנד לשון־קודש.

באַקומען אַן אייגן פּרצוף־פּנים האָט שוין יידיש אָנגעהויבן גיין איבער דער וועלט. וועגן דער צייט פון יאָר 1700 ביז 1750 שרייבט ד"ר ווײַנרייך:

„אין פּרט פון טעריטאָריאַלער עקספּאַנסיע אין אייראָפּע דערגרייכט יידיש אין דער מיטל־יידישער שפּראַך איר הויכפּונקט. אויף דרום ציען זיך קאָלאָניעס יידיש־רעדערס ביז קיין לאָמבאַרדיע און אויפן באַלקאַן, אַראָפּ אויף מערב ווערט האָלאַנד אַ יידישער ישוב מיט אַ לעבעדיקער דרוק־פּראָדוקציע, וואָס אַרבעט אויף עקספּאָרט פאַר אַלע יידיש־לענדער. דאָ קומט אויף די ערשטע צײַטונג אויף יידיש, די „קוראַנטן" (נישט שפּעטער ווי 1686). גאַנץ צפון־דייטשלאַנד האָט אויך „יידישע" יידן; גליקל האַמעלנס זכרונות זענען אַ שיינער ליטעראַרישער דאָקומענט פון אָט־דעם צפון־דייטשישן יידיש. אויף מזרח שפּרייזט יידיש אַריבער דעם דניעפּער, אין ארץ־ישראל באַווייזן זיך איבער אַ נייעם אשכנזישע, ד"ה יידיש־רעדנדיקע קהלות. אין 1750 ברענגט קריזאַנדער, אַז יידיש־רעדנדיקע יידן זענען פאַראַן אַפילו אויף דזשאַמייקע און באַרבאַדאָס, אין

אַמעריקע, און ער גיט צו: יידן באַרימען זיך, אַז מיט יידיש קאָן מען אויספאָרן די גאַנצע וועלט".

הייסט עס, אַז שוין דעמאָלט איז יידיש געווען די וועלט־שפּראַך פונעם וועלט־פאָלק. אין דער צווייטער העלפט פון אַכצנטן יאָרהונדערט הויבט אָן דאָמינירן דער יידיש, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט אין מזרח־איירָאָפּע. אָט־די שפּראַך איז אַ סך נענטער צו דער לעבעדיקער שפּראַך פון פאָלק איידער מערב־יידיש. דער מזרח־איירָאָפּעישער יידיש נעמט אויף סלאַוויזמען ווי אַ שטייגער אין מענדל לעפינס „קהלת"־איבערזעצונג: „האָריוואַניע" „קלאָפּאָט" אאז"וו.

אין נייצעגנטן יאָרהונדערט דערגייט יידיש צו אַ הויכער אַנטוויקלונגס־מדרגה. יידיש שטעלט זיך שוין נישט צופרידן מיט זיין אַ רעד־שפּראַך פון בעל־מלאכה, סוחר און לומד־תורה, נאָר הייבט אָן טיפער אריינדרינגען אין אינטעלעקטועל־וועלטלעך לעבן. אין יידיש ווערן געשאַפן הויכקינסטלערישע ווערק געשריבן אין אַ ראפינירטן סטיל. מיטן אויפשטייג פון פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעך לעבן ווערט יידיש אַ קולטור־שפּראַך, אין וועלכער פּישרייבן און רעדן קינסטלער, דיכטער, דענקער, פּובליציסטן און פּאָליטיקער.

ביים איינהאַלטן די וואָרצלהאַפטיקע אידיאָמאַטיק און פאָלקסטימלעכן ריטם באַווייזט יידיש איינזאַפן אין זיך נייע, מאָדערנע סאָציאַל־פּאָליטישע באַגריפן, טערמינען, פאָרם־בילדונגען און ליטעראַרישע מעטאַפאָרן. דער וואָרט־אוצר פון יידיש האַלט אין איין וואַקסן אָבער דער דרויסנדיקער צופלוס ווערט פריער איבערגעקאָכט און געלייטערט פונעם יידישן לעבן גופא און קומט שפּעטער אַרויס שטאַמיק־יידיש.

אין דעם ערשטן דריטל פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט קומט אין יידיש פאַר אַ ווונדערפולער אויפשטייג. עס ווערט אין יידיש לויזגעריסן אַ גרויסער שאַפונגס־שטראָם, וואָס איבערשטייגט אַלע מעגלעכע דערוואַרטונגען אויף די געביטן פון פּראָזע, פּאָעזיע, ווויסנשאַפט און פּובליציסטיק און וואָס האָט לויט דער שפּע, קוואַליטעט און קאָלעקטיוון פאַרנעם נישט קיין שום פּרעצעדענס אין דער יידישער קולטור־געשיכטע. מ׳דאַרף געדענקען, אַז פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט די צאָל יידן אויף דער וועלט

באַטראַכן זעכצן און אַ האַלב מיליאָן. פון זיי האָט אַן ערך עלף מיליאָן גערעדט יידיש. קיין שום שפּראַך אויפן שטח פון דער יידישער געשיכטע האָט נישט באַוויזן אין אַזאַ מאָס איינהייט־לעך־קולטורעל צו אַקטיוויזירן די פאָלקסמאַסן און אַקטואַלי־זירן זייערע שעפערישע פּאָטענצן, ווי דאָס האָט אויף אַ ווונ־דערבאַרן אופן באַוויזן  י י ד י ש.

אונטערן דרוק פון מעכטיקן שאַפונגס־שטראָם איז יידיש אויפסניי געשטאַלטיקט געוואָרן. ס׳האָט זיך צעבליט מיט אירע זיבן יידישלעכע חנען און פון זיך אַליין אַרויסגעכישופט קלינ־געוודיקייט, צאַרטקייט, שפּילעוודיקייט, אינטימקייט, וואַרעמ־קייט, בילדערישקייט און פּרעציזקייט. אין איר איצטיקן מצב איז יידיש מסוגל זיך פאַרגלייכן מיט יעדער קולטור־שפּראַך אויף דער וועלט.

## 7.—די חסידישע באַוועגונג און — יידיש.

אין די מזרח־אייראָפּעישע לענדער איז  י י ד י ש  גע־ווען נישט בלויז די שפּראַך פון עם־הארץ. נאָר אויך די שפּראַך פון למדן. די גאונים האָבן זייערע „חידושים” געזאָגט פאַרן עולם אויף  י י ד י ש,  דער ראש־ישיבה האָט זיין שיעור געזאָגט פאַר די תלמידים אויף  י י ד י ש,  בני־תורה און לומדים האָבן צווישן זיך מפלפל געווען אויף  י י ד י ש.

וועגן ווילנער גאון דערציילט זיך, אַז ער האָט געהאַט אַ וואַרעמע באַציונג צו  י י ד י ש.  אין זיין פּריוואַטער בי־בליאָטעק האָט מען אויך געפונען ספרים אויף  י י ד י ש.  ער האָט פון זיינע זין און טעכטער פאַרלאַנגט, אַז זיי זאָלן לערנען ספרים אין  י י ד י ש.  אין זיין באַקאַנטן בריוו, „עלים לתרופה”*) שרייבט ער צו זיין פרוי וועגן דער עטי־שער דערציונג פון זיינע קינדער: „והנה יש לי כמה ספרי־מוסר עם לשון אשכנז יקראו תמיד וכל שכן בשבת קודש לא יתעסקו אלא בספרי מוסר והנה תדריכם תמיד בספרי מוסר — — — ובספרי שלי עם לשון אשכנז למען הי׳ שיקראו בכל יום

*) זע יצחק ריווקינד „יוואָ־פּנקס” 1928 ז׳ 156.

והוא יותר טוב מכל ספרי מוסר" (און ס'איז פֿאַראַן ביי מיר פֿיל מוסר־ספרים מיט טייטש. זאָלן זיי שטענדיק לייענען בפרט אום שבת קודש זאָלן זיי זיך אינטערעסירן נאָר מיט מוסר־ספרים. און זאָלסט זיי שטענדיק מדריך זיין אין מוסר־ספרים — — — און זאָלן זיי למען ה' יעדן טאָג לייענען די מוסר־ספרים מיט טייטש, וואָס געפֿינען זיך ביי מיר, און זיי זענען די בעסטע פֿון אַלע מוסר־ספרים).

פֿונדעסטוועגן האָט די לומדישע וועלט נישט געהאַט קיין בולט־פּאָזיטיווע באַציונג צו דער „שפּראַך פֿון המון־עם" און זי גיכער באַטראַכט ווי אַ הילף־מיטל. אַנדערש איז עס געווען מיט ח ס י ד ו ת ; דאָס איז דאָך געווען אַ באַוועגונג פֿון פּראָסטן, בתמימות גלייביקן מענטש, וועלכער האָט רעוואָלטירט קעגן דער פֿאַרשטייפֿטער און דערביי גאַווהדיקער לומדות, קעגן דעם פֿאַריסענעם בן־תורה, וועמען ס'איז נישט אָנגעשטאַנען צו האָבן אַ מגע־ומשא מיטן גרויען מענטש, וואָס זאָגט קוים עברי. חסידות האָט דעטראָניזירט דעם טרוקענעם למדן און שאַרפֿן פּשטל־פּלעכטער און אויף זיין אָרט אַוועקגעשטעלט דעם לעבעדיקן טרייגלייביקן פֿאָלקסמענטש, וואָס באַנעמט גאָט מיטן האַרצן. חסידים דערציילן וועגן אַ גרויסן למדן אַן עוקר־הרים, וואָס איז מיט אַלע זיינע רמ"ח אברים געווען אַזוי פֿאַרטיפֿט אין לערנען, אַז ער האָט אינגאַנצן פֿאַרגעסן, אַז עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט... חסידות דאַקעגן האָט געהאַלטן, אַז אויך דער הדיוט קאָן מיט זיינע פֿונקען משפּיע זיין.

היות ס'האַרץ איז דער קוואַל פֿון וואָרהאַפֿטיקער אמונה, מוז מען דורך דער נאַטירלעכער שפּראַך פֿון פֿאָלק געפֿינען דעם וועג צום האַרצן. די חסידישע ספרים זאָגן טאַקע „הלשון הוא קולמוס הלב" — די שפּראַך איז די פֿען פֿון האַרצן.

חסידות איז געווען אַ מעכטיקע קולטור־געזעלשאַפֿטלעכע באַוועגונג; זי האָט אויפֿגעריסן די אַלטע באַשפֿינוועבטע וועלט און אַריינגעבראַכט אַ סך גייסטיקע פֿרישקייט. חסידות האָט אַקטואַליזירט גרויסע שעפֿערישע פּאָטענצן פֿון וועלכע מיר שעפּן נאָך היינט און ממילא האָט זי באַפֿעסטיקט די קאָמפּאָזיציע פֿאַר קיום־האומה. דאָס וואָלט אָבער באין אופֿן נישט געשען אָן דעם ל ש ו ן ־ י י ד י ש , וואָס איז נישט נאָר געווען אַ פּראָפּאַגאַנדע־מיטל, נאָר דערהויפּט אַ טיף־אינעווייַ־

ניקסטער כוח, וואָס האָט אַרויסגעשיינט פון פאָלקסוועזן.

חוץ דער אַלגעמיינער חסידישער ריכטונג האָבן אויך די באַזונדערע פירנדיקע גייסטער פון חסידות אויסגעדריקט ליבע צו יידיש.

דער באַגרינדער פון חסידות, ר׳ ישראל בעש״ט, האָט זיינע געדאַנקען און תורות נישט פאַרשריבן, נאָר זיי זענען געגאַנגען פון מויל צו מויל. זיין וועלט־באַנעם האָט ער אויף יידיש איבערגעגעבן דורך שמועסן, ווערטלעך, מימרות און משלים. אָט די פאַרביקע משלים, וואָס האָבן אַ טיף־פילאָזאָפישן תוכן און תמימותדיק־פאָלקסטימלעכן צוגאַנג, זענען געבליבן אַ פעסטער קנין אין פאָלקס־זכרון.

פון זיי זענען אויפגעקומען די הונדערטער חסידישע מעשה־ביכלעך, אין כלערליי וואַריאַנטן, פון די שבחי־בעש״ט און „קהל חסידים", וואָס האָבן, בעיקר אין יידיש, אויפגעוועקט די פאַנטאַזיע פון פאָלק. ר׳ ישראל בעל־שם־טוב האָט אין זיינע, אויף יידיש געפירטע, סימפאָזיומס אַרויסגעבראַכט די גרויס־אָפּטימיסטישע פאָלקס־לערע, וואָס איז פאַרקערפּערט אין איין וואָרט — בטחון. דערצו איז זיין באַציאונג צו יידיש אויך געווען אַ באַוווסטזיניקע. ווען דער גרויסער למדן ר׳ גרשון קיטעווער האָט געזען ווי זיין „עם הארצישער" שוואָגער, דער בעש״ט, פירט זיך אויף „אויסטערליש" ביים תפילין־לייגן, האָט ער אים גאַוווהדיק געפרעגט:

— „ישראל, פונוואַנען האָסטו עס גענומען דיין אויסטערלישן דין פון הנחת־תפילין?"

דער בעש״ט האָט בייסיק אָבער געלאַסן געענטפערט:

— „איך האָב עס געזען בספרי טייטש".

דער בעש״ט האָט חוץ דעם איראָנישן ענטפער דעם לומדישן מראַ־דאתרא, אויך געוואָלט אונטערשטרייכן דעם ווערט פון די מוסר־ספרים געשריבן אין יידיש, אָדער ווי מ׳האָט עס גערופן „טייטש"...

אויך דעם בעש״טס אַפּאָסטאָל, דער מגיד ר׳ דוב־בער, האָט נישט געשריבן קיין ספרים. זיינע חסידישע טיף־פאַנטאַסטישע געדאַנקען האָט ער פאַרשפּרייט בעל־פה אויף יידיש. זיינע תורות ביים טיש פלעגט ער מיט בילדערישער באַרעדעוודיקייט אַרויסברענגען אויף מאַמע־לשון.

דער ערשטער באַגרינדער פון פּראַקטישן צדיקיזם ר׳

אַלימלך ליזשענסקער, וואָס האָט געזוכט אַ רעאַלן וועג צום פאָלק, האָט אויסגעטייטשט אין זיין „נועם אלימלך", אַז די תורה איז פון לויטער ליבע. גאָט האָט אויסגעוויילט זיין פאָלק ישראל מיט ליבע און דער צדיק דאַרף זיך דורך ליבע באַהעפטן מיטן פאָלק. אָט־די פאָלקס־איינשטעלונג האָט גורם געווען, אַז ער זאָל שפּראַכלעך ממש לייטערן די תורות אַרויסגעזאָגטע ביים טיש אין אַ האַרציקן יידיש. דעם בעש"טס אוראייניקל ר' נחמן בראַצלאַווער איז געווען אַ טיף־פּאָעטישע נשמה, ער האָט אויסגעבויט אַן אייגענע חסידיש־פילאָזאָפישע געדאַנקען - און בילדער־וועלט. ער האָט אַלץ געשטעלט אויף התלהבות פון תפילה, וואָס דאַרף שטראָמען פון האַרץ. ער האָט זיך נישט געהאַלטן שטרענג אין דעם אָנגענומענעם סידור־התפילות, נאָר אָפט אימפּראָווירט תפילות אויף פּראָסט מאַמע־לשון. אויך פון זיינע חסידים האָט ער פאַרלאַנגט, אַז זיי זאָלן מתפלל זיין אין יידיש („בלשון אשכנז"). ווייל די מדרגה פון דער תפילה איז זייער הויך, ווען זי קומט גלייך פון האַרצן אָן שפּראַך־מחיצות.

ער פלעגט ביים טיש געלעגנהייטלעך אימפּראָוויזירן וווּנדער־מעשיות אַרויסגעזאָגט אין אַ יידיש־פּאָעטישער שפּראַך און דערמיט אָנצינדן די פאַנטאַזיע ביי די חסידים. נישט אומזיסט האָט אים י. ל. פּרץ באַצייכנט ווי „דער ערשטער דיכטער אויף יידיש". די וווּנדער־מעשיות האָבן אין זיך געהאַט אַ סך בילדערישקייט און אַ לעבנס־פילאָזאָפישן קערן. ר' נחמן האָט אַליין נישט געשריבן נאָר איבערגעגעבן זיי בעל־פּה און דערביי אַרויסגעזאָגט דעם ווונטש, אַז זיינע מעשיות זאָלן פאַרשריבן ווערן. געטון האָט דאָס זיין חסיד ר' נתן נעמיראָווער. זיי ווערן באַטראַכט ווי ליטעראַרישע פּערל. ס׳זענען פאַרשריבן געוואָרן דרייצן מעשיות: 1) „די מעשה וועגן מלך און בת־מלכה"; 2) „די מעשה וועגן אַ קיסר און אַ מלך, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין קינדער"; 3) „מעשה בחכם אחד"; 4) „אַ מעשה וועגן אַ מלך, וואָס האָט גוזר געווען אַ גזירת־שמד"; 5) „אַ מעשה וועגן אַ מלך"; 6) „מעשה במלך וחכם"; 7) „אַ מעשה וועגן אַ מלך, וואָס האָט געפירט מלחמות"; 8) „דער רב מיטן בן־יחיד"; 9) „מעשה בחכם ותם"; 10) „אַ מעשה וועגן גביר און דעם אָרימאַן"; 11) „די מעשה וועגן אַ בן־מלך און דעם

קנעכטס אַ זון"; 12) „די מעשה וועגן בעל־תפילה"; און די שענסטע מעשה — 13) „מעשה בזי בעטלער", וואָס שיכמעריזט מיט געלייטערטן בטחון.

דער אָנערקענטער פירער פון וואָלינער חסידות ר' לוי־יצחק באַרדיטשעווער („קדושת לוי") האָט געהאַלטן, אַז מ'קאָן גאָט דינען אַפילו מיט פירן וואָכעדיקע שמועסן אין מאַרק. זיין ספר, „קדושת לוי" איז דאָך אַ זאַמלונג פון דרשות, וואָס ער פלעגט האַלטן אויף יידיש יעדן שבת צו שלוש־סעודות. דער יסוד פון ספר איז אהבת־ישראל. ער איז אין דער יידישער וועלט אָנגעגאַנגען ווי אַ גרויסער „מליץ־יושר", וואָס פלעגט זיך אויסטענהן מיטן רבש"ע אויף יידיש, מלמד־זכות זיין אויף יידן. באַרימט איז ר' לוי יצחקס יידישער „קדיש", וואָס איז ברייט צעזונגען ביים פאָלק.

היינט דער גרויסער „אוהב ישראל", דער רבי ר' משה־לייב סאַסעווער, וואָס איז געגאַנגען איבער אָרימע שטובן און מיט זיין וואַרעם יידיש וואָרט אומעטום אַריינגעבראַכט ליכט און געמיט.

ר' מאיר פּרעמישלאַנער פלעגט זייער אָפט אין אַ זאַפטיקן יידיש דערציילן פּרעכטיקע מעשהלעך און אַנעקדאָטן פון אַ רעליגיעז־פילאָזאָפישן אינהאַלט. ר' מאיר פּרעמישלאַנערס ווערטלעך צירקולירן ברייט צווישן חסידישן עולם אין גאַליציע.

דאָס זעלבע איז נוגע דעם קאָזשעניצער מגיד, וואָס האָט זיך אינטים־יידיש אויסגעטענהט מיטן רבש"ע אינעם גייסט פון „קדושת לוי". אינטערעסאַנטע געדאַנקען האָבן ביים טיש אַרויסגעזאָגט אויף יידיש דער „חוזה" און דער „ייד הקדוש".

די ספרים א. נ. „שיח שרפי קדוש" זענען פול מיט הויכע ווערטער און גייסטרייכע מימרות, וואָס עס זענען געזאָגט געוואָרן אין יידיש ביי די טישן פון פּשיסכער רבי ר' בונם, קאָצקער רבי ר' מענדעלע, ראַדזינער רבי ר' מרדכי יוסף, אַלעקסאַנדער רבי ר' חנוך־העניך, וואָרקער רבי ר' יצחק, גערער רבי ר' יצחק־מאיר אאז"וו. די תורות האָבן אַן אייגנאַרטיקן טיש־כאַראַקטער און קאָנען נאָר באַנומען ווערן אין יידיש, מיט וועלכער שפּראַך די חסידישע רביים האָבן

געאַטעמט. די אַרויסגעזאָגטע תורות זענען בליציק אויפגעכאַפט געוואָרן דורך די צענדליקער טויזנטער חסידים, וואָס האָבן זיי ברייט פונאַנדערגעפירט איבער דער יידישער וועלט.

חסידות ווי אַ גרויסע פאָלקס־באַוועגונג, וואָס האָט בשעתּה באַטייט גייסטיקער ווידערגעבורט פון רעליגיעז־פאָלקסטימלעכער שאַפערישקייט, האָט מיט דער הילף פון ל ש ו ן ־ י י ד י ש פונאַנדערגעפירט איבערן יידישן לעבנסשטייגער גייסטיקע געשטייגערטקייט און התרוממות־הנפש, ס׳יידיש־חסידיש וואָרט האָט אין די יידישע געסלעך מיט דער הילף פון מאַמע־לשון אַריינגעבראַכט געמיט און יום־טובדיקייט, קאָלעקטיווע געבונדנקייט, געזאַנגען און טענץ.

די רייכע חסידישע ליטעראַטור אויף יידיש, הגם מיט לשון־קודשדיקע קעפלעך ווי: „שבחי בעש״ט", „פועל ישועות" „מליץ יושר" „לב שמח" „אוהל נפתלי" „קדושת אליעזר" „אמונת־צדיקים" „זכרון צדיקים" „עטורת צדיקים" „ספרי קדושים" „ספורי הגדולים" „פאר ישראל" „התגלות הצדיקים" „גבורת הצדיקים" „צדקת הצדיקים" „תפארת הצדיקים" „בית צדיק" „בית נחום" „בית מרדכי" „שפתי צדיקים" אאז״וו, אאז״וו. האָט באַוויזן אויף פ ר אַ ס ט י י ד י ש אָן וועלכער ס׳איז סטיליזאַציע אָדער שפּראַך־פּריזירונג אַריינצופירן אינעם אינגעווייד פון פאָלקסמענטש די גרונט־עלעמענטן פון חסידות. די חסידישע באַוועגונג איז דעריבער אַ גרויסע מאַניפעסטאַציע פון אומגעהייער בויענדיקן קולטור־ווערט פון י י ד י ש ן וואָרט.

## 8.—די אַרבעטער - באַוועגונג און — יידיש

איידער ס׳איז אויפגעקומען די אָרגאַניזירטע אַרבעטער־באַוועגונג איז דאָס יידישע געסל אין „תחום" געווען איינגעהילט אין אַ גערדיכטן נעפל פון היימישלעכע אונטערן־אויווןעניגים. די יידישע פאָלקסשיכטן זענען געווען גייסטיק פאַרוואָרלאָזט, אָפּגעשטאַנען, אָן וויסן און אָן פאַרשטענדעניש פאַר אַלגעמיינע לעבנספּראָבלעמען. ס׳איז געווען אָפּגעשלאָסן אויפן בלאָטיקן בית־מדרש־פּלעצל און נישט געקומען אין קיין שום באַרירונג מיט דער ברייטער וועלט. דער איינציקער געזעלשאַפטלעכער רעגולאַטאָר איז געווען די רעליגיע, אירע מאַכט־

אויספירער זענען געווען: רבנים, פּרנסים און תקיפים. ס׳גייס־
טיק לעבן האָט זיך קאָנצענטרירט אין בית־מדרש און חסידים־
שטיבל. אין בית־מדרש האָבן זיך לומדי־תורה געשאַרפט די
מוחות מיט מעשיות וועגן גרויסע מופתים פון „אים זאָל לעבן".
אינדערמיטן איז געשטאַנען ס׳פּראָסטע אַרבעטס־פאָלק, די
האָרעפּאַשניקעס, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין דריסת־הרגל
נישט צו די לומדים און נישט צו די חסידים. די פאָלקסמאַסן
האָבן דעריבער פון איין זייט מאַגאַזינירט אין זיך שאַפונגס־
כוחות, וואָס זענען באין־ברירה געוואָרן פאַרדרענגט, און פון
דער צווייטער זייט האָבן זיי געזאַמלט אין זיך געפילן פון סאָ־
ציאַלן פּראָטעסט, וועלכער האָט געוואַרט אויף אַ שעת־הכושר
פון אויסלאָדונג.

די אַרבעטער־באַוועגונג מיט איר סאָציאַליסטישן וועלט־
באַנעם און וועלט־דערלייזערישע אידעאַלן איז געקומען אין
דער יידישער גאַס אויפליזן פאַרדרענגטע
פאָטענצן. זי האָט זיך קודם כל געווענדעט מיטן פּנים
צו די דערנידעריקטע און באַליידיקטע, צו די גייסטיק פאַר־
וואָרלאָזטע מאַסן. זי האָט אָנגעטראָפן אויף אַ וואַנט פון פאָ־
ליטישער רעכטלאָזיקייט, וועלט־פרעמדקייט, רעליגיעזע פאָר־
אורטיילן און איינגלייבעניש, געזעלשאַפטלעכע אָפּגעשטויסנ־
קייט, עקאָנאָמישער אויסנוץ און פינצטערן אַנאַלפאַבעטיזם.
אָט־די מויערן האָט די אַרבעטער־באַוועגונג גענומען ברעכן
צומערשטן מיטן האַמער פון וואָרט. און ס׳וואָרט פון די מאַסן
איז געווען יידיש, אָדער ווי מ׳האָט עס דעמאָלט גע־
רופן — „זשאַרגאָן".

ס׳לעבעדיקע יידיש־סאָציאַליסטיש וואָרט האָט נישט גע־
קאָנט קומען אָפן און לעגאַל. דער וועג איז געווען פאַרשטעלט
פון ברוטאַלן צאַרישן זשאַנדאַרם. ס׳האָט דעריבער געמוזט זוכן
אונטערערדישע וועגן פון געהיימע פאַרזאַמלונגען, „סכאָדקעס"
און „בירזשעס", איז עס געווען אַ וואָרט פון אַ גאָר נייעם, ממש
אַנטפלעקערישן אינהאַלט, וואָס האָט געחידושט דעם פאַרהאָ־
רעוועטן און פאַרפינצטערטן אַרבעטסמענטש און באַגלייך גע־
רייצט זיין נייגיר. באַלד נאָכדעם איז געקומען ס׳געשריבן סאָ־
ציאַליסטיש וואָרט אין יידיש. דער שוואַך־עברידיקער „פּועל"
האָט אַנשטאָט דעם אַלטן סידור, באַקומען אַ פּראָקלאַמאַציע

אין האַנט אַריין, אַנשטאָט דעם תהילימל — אַ בראָשור. מ׳האָט עס געמוזט לייענען אין באַהעלטעניש, ווייט פון אַ בייז און נאָכקוקעריש אויג. ער איז געווען באַרוישט פון זייער אינהאַלט און נישט ווינציקער פאַרבליפט פון זייער שפּראַך. זענען עס געווען נייע באַגריפן, נייע באַצייכענונגען און נייע רופן, וואָס אָטעמען מיט גאָר אַן אַנדערער לופט. פאַר די אויגן פונעם לייענער האָבן תמיד געשוועבט די ווערטער „נידער" און „עס לעבע", אַ רוף צו צעשמעטערן די אַלטע וועלט, און אַ רוף אויפצובויען אַ נייע וועלט. אין דער יידישער שפּראַך זענען פאַרן יידישן אַרבעטער געצייכנט געוואָרן נייע האָריזאָנטן, וועגן וועלכע ער האָט ביז אַהער נישט געהאַט די מינדעסטע פאָרשטעלונג. ס׳גערעדט און געשריבן סאָציאַליסטיש י י ד י ש איז געווען ווייט פון די אַלטע פרומזעליקע מגידישע דרשות, ווייט פון די מוסר־ספרים אין עברי־טייטש און ווייט פון די פאַרשפּרייטע ווייבערישע תחינות. עס איז געווען וועלטלעכער אינהאַלט און וועלטלעכע שפּראַך, וואָס האָט נישט גערופן צו פרומקייט און הכנעהדיקער געהאָרכזאַמקייט, נאָר געוועקט צו ווידערשטאַנד און קאַמף.

שוין אין יאָר 1880 דערציילט די קיעווער פּאָליציייאישע כראָניק: „דעם 3־טן מאַי 1880 איז אין קיעוו געמאַכט געוואָרן אַ פּרווו פון סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע צווישן דער יידי־שער באַפעלקערונג; ווי אַ מיטל דערצו האָט געדינט אַ פּ ר אָ־ק ל אַ מ אַ צ י ע  א י ן  ד ע ר  י י ד י ש ע ר  ש פּ ר אַ ך". אָט־די העקטאָגראַפירטע פּראָקלאַמאַציע, געווענדט „צו אַלע יידן" האָט גערופן זיך צו באַטייליקן אין דער רעוואָלוציאָנע־רער אַרבעט. אין יאַנואַר 1881 איז אומלעגאַל אין רוסלאַנד דערשינען דער ערשטער סאָציאַליסטישער אָרגאַן אין יידיש, „אַרבעטער־צייטונג".

שפּעטער האָבן אָנגעהויבן דערשיינען יידישע בראָשורן פון אויפקלעריש־סאָציאַליסטישן כאַראַקטער. די ערשטע סאָ־ציאַליסטישע בראָשור אין יידיש איז געווען מאָריס ווינטשעווס־קיס „יהי אור" (1884) און מיט פיר יאָר שפּעטער איז איבער־געזעצט געוואָרן אויף יידיש דיקשטיינס בראָשור „פון וואָס איינער לעבט". די ווילנער „גרופּע יידישע סאָצ. דעמאָקראַטן" האָט אין זייער באַריכט צום אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס אין לאָנדאָן 1896 געשריבן: „די יידישע אַרבעטער־מאַסע אין איר

גרעסטער מערהייט איז לא די וואָס זי קען נישט לייענען קיין רוסיש, נאָר קוים, וואָס זי קען זיך אפילו אויסדריקן אין דער שפּראַך, און אונדזער אַרבעטער־מאַסע קומט אויס צו באַפרידיקן זיך מיט דער ז ש א ר ג אָ נ י ש ע ר ל י ט ע ר אַ ט ו ר ". עס איז לכתחילה נישט אָנגעקומען אַזוי לייכט, ווייל די אינטעליגענטן האָבן געמיינט, אַז מ'וועט אין דער אַגיטאַציע אויסקומען מיט רוסיש. היות אָבער די סאָציאַליסטישע כוואַליע האָט זיך אָנגעהויבן שטאַרקן און „איז אַריין אין שוסטערגאַס", האָט מען געמוזט אָנקומען צו אַ מיטל, וואָס האָט זיך שפּעטער פאַרוואַנדלט אין אַ זעלבסטוועק, ד"ה אין אַ זעלבסטשטענדיקן קולטור־פאַקטאָר.

אין די ניינציקע יאָרן האָבן רענאָמירטע שרייבער זיך גענומען פאַר דער פּען, כדי דורך בילדערישע שילדערונגען אַדורכשמוגלען סאָציאַליסטישן אינהאַלט. י. ל. פּרצעס „באַנציע שווייג", „ס'שטרייטמל" זיינע „דריי נייטאָרינס"; דוד פּינסקיס „חיים משרת", „ר' שלמה", „היינטיקע יונגעלייט". דאָ האָט מען שוין געדאַרפט לייענען „צווישן די שורות". שפּעטער זענען געקומען פּרצעס און ספּעקטאָרס „יום־טוב־בלעטלעך". דאָ היט מען פאַרשטעלטערהייט אָנגעוויזן אויף דער עקספּלואַטאַציע פונעם אַרבעטער, בעל מלאכה און האָרעפּאַשניק. מיט רמזים ווערט אָנגעדייט דער רעוואָלוציאָנערער קאַמף. דאָס איז שוין נישט קיין סאָציאַליסטיש־אַגיטאַטאָרישע שפּראַך, נאָר אַ געלייטערט בעלעטריסטיש יידיש. די ביכלעך זענען דורך אידעאַליסטישע „פּאַקנטרעגער" פונאַנדערגעטראָגן געוואָרן פון שטוב צו שטוב.

דער איבערגאַנג פון פּראָפּאַגאַנדע צו מאַסן־אַגיטאַציע האָט אין די ניינציקער יאָרן אַ פליין געטאָן מיט העקטאָגראַפירטע בראָשורן צוו. אַנד. „ווי פירט זיך די מלוכה אין דייטשלאַנד". „ערינערונגען פון אַ פּאַפּיראָסן־מאַכערקע" „ווי דער מיניסטער באַזאָרגט זיך וועגן די אַרבעטער" „וועגן די קאָנקורענציע" „אַ דערקלערונג וועגן שטראָפן " „די אַרבעטער־רעוואָלוציאָן" א. אנד. ס'זענען דערשינען „זשאַרגאָנישע" צייטונגען „נייעס אויס רוסלאַנד" (ווילנע) „כראָניק פונעם לויפנדן לעבן" (מינסק) „אַרבעטער־בלעטל" (מינסק). וועגן די אויף אַ געהיימען שטייגער פאַרשפּרייטע בראָשורן און פּראָקלאַמאַציעס שרייבט י. פּסחזאָן אינעם „יידישן אַרבעטער" פון 1900: „עס

האָט זיך אָנגעהויבן קאַמף צווישן יידישע אַרבעטער. אומעטום האָט מען גערעדט וועגן אונטערגעוואָרפענע „בריוו", ביכלעך... דער יידישער אַרבעטער אין וואַרשע האָט דערפילט, אַז די אונטערוואַרפער פון די „פּאַסקווילן" (ווי מען האָט עס גערופן) זענען זיינע גוטע פריינט, אַז דער וועג, וואָס זיי ווייזן, פירט צו רעטונג".

שפּעטער זענען דערשינען אַ ריי געדרוקטע בראָשורן „גוט יום־טוב", „אַ ויכוח וועגן מזל", „דער אַרבעטס־טאָג", „אַ הספּד" „אַ רעדע אויף פּורים", „דער שטאָט־מגיד". זיי זענען געשריבן אין אַ פּאָלקסטימלעכן, הגם נישט גענוג גערייניקטן, יידיש. פון אָט־די בראָשורן האָט דער יידישער אַרבעטער און פּאָלקס־מענטש באַקומען אין מויל אַ נײַ לשון, וואָס האָט געקאָנט אַרומרעדן אַלגעמיינע וועלט־פּראָבלעמען. אַ דאַנק דעם יידיש פון די סאָציאַליסטישע בראָשורן און אַגיטאַציע־רעדעס איז ביים אַרבעטער געוואָקסן דער אינטערעס צו דער אַרומיקער וועלט און אַ דורשט נאָך אַן אייגן קולטור־לעבן אויף מאַמע־לשון. זיין שפּראַך־אוצר איז פאַרמערט געוואָרן מיט נייע באַ־גריפן און ווערטער, וועגן וועלכע ער האָט ביז דעמאָלט אפילו נישט געהאַט די מינדעסטע פאָרשטעלונג, ווי אַ שטייגער: „קאַמף" „שטרייק" „לאָקאַוט" „בערזע" „בורזשוי" „קאַפּיטאַל" „לוין־אַרבעטער" „פּראָלעטאַריאַט" „עקספּלואַטאַציע" „דע־מאָנסטראַציע" „קאָנצענטראַציע" „רעוואָלוציע" „באַריקאַדן" „מיטינגען" „קאָנספּיראַציע" אד"גל.

די אַרבעטער־באַוועגונג האָט אויך געשאַפן אַן אייגענעם אומלעגאַלן טעאַטער; מ׳האָט אין געהיימע זאַלן און אין וואַלד געשטעלט פּיעסן פון סאָציאַליסטישן אינהאַלט. איין פּיעסע האָט אין 1895 געזאָלט אויפגעפירט ווערן ביים בייזיין פון 200 פּערזאָן. די האַנדלונג איז געבויט לויט א. ליטוואַקס דערציי־לונג „מלחמה פאַרן לעבן". אין אויגוסט 1896 האָט מען געשפּילט די פּיעסע „די רעליגיאָן פון קאַפּיטאַל". דער עולם האָט געזונ־גען די „אַרבעטער־מאַרסעליעזע" אויף יידיש.

אַ באַזונדערע באַדייטונג האָבן געהאַט די רעוואָלוציאָנערע לידער אויף יידיש. דערהויפּט לידער פון נויט, עקספּלואַטאַציע און קאַמף. לידער פון י. ל. פּרץ, מאָריס ווינטשעווסקי, דוד עדעלשטאַט, א. ליעסין און מאָריס ראָזנפעלד. ס׳זענען אויך געזונגען געוואָרן אַנאָנימע לידער פון אַ נישט־באַזונדער

גרויסן ליטעראַרישן ווערט. דאָס זענען אָבער געווען לידער, וואָס האָבן חבריש צונויפגעשלאָסן די אַרבעטער־רייען און געשטאַרקט זייער קאַמפּס־גייסט. שטאַרק פאַרשפּרייט זענען געווען א. ליעסינס לידער: „דער קעמפער", „אַ טראָפּן בלוט", „מאַרטירער־בלוט" אד"גל.

אין דער צייט ווען ס'אָרגאַניזירן זיך די „זשאַרגאָנישע קאָמיטעטן" צייכענען זיך אין דער יידיש־סאָציאַליסטישער באַ־וועגונג צוויי ליניעס: אַן אַ ל ג ע מ י י נ ע — מ׳גיט אַרויס אויף יידיש פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע ביכלעך און באַגלייך אַגיטאַטאָריש־סאָציאַליסטישע בראָשורן און קאָמפּילאַטיווע ביכער. ס'איז כדאי צו דערמאָנען: סווידערסקי — „אַרבעט און קאַפּיטאַל", חיה זעלדעס — „ווינטעראָוונטן", שמועסן איבערן צוזאַמענשטעל פון שטאָף. קודריאַווסקי — „אדם הראשונס דורות, אָדער די פאַרהיסטאָרישע צייטן פון מענטשן", סיפּאָווסקי — „סאָקראַטעס דער גריכישער פילאָזאָף", יאַנושעווסקי — „וועגן לופט", קוראָטשקין — „פלאַנצן־לעבן", רובאַקין — „דער זיידע צייט", ד. פינסקי — „די אַפּן", ד. פינסקי — „די לערע פון לעבן", א. דודזאָן — „די אייביקע מלחמה אין דער נאַטור", ק. מאַרקס — „לוינאַרבעט און קאַפּיטאַל", לאַסאַל — „אַרבעטער־פּראָגראַם" 2) אַ י י ד י ש ע ל י נ י ע. עס הייבט אָן דערגיין צו אַ בפירושן איבערברוך אין דעם ערב „בונד"־פּעריאָד. מ׳וויל דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק פאַרבינדן מיטן יידיש־נאַציאָנאַלן עלעמענט. די אַסימיל׳ירטע יידישע אינטעליגענץ האָט געהאַלטן, אַז סאָציאַליזם מוז זיין קאָסמאָפּאָליטיש און אַז יידיש דאַרף זיין בלויז אַן אַגיטאַציע־מיטל אָן וועלכע ס'איז נאַציאָנאַלע אויסבליקן. אָבער די פאָלקס־אינטעליגענץ, די קינפטיקע בויער פון „בונד", הייבן אָן באַטראַכטן יידיש ווי אַן אינווייניקסט־יידישן פאָלקס־כוח, וואָס איז מסוגל צו אַנטוויקלען אַן אייגן וועלטלעך־יידיש קולטור־לעבן.

אויף אַ מאַי־פייערונג אין ווילנע 1892 איז אַ יידישער קאָמאַשנמאַכער אַרויסגעטרעטן מיט אַ רעדע וועגן יידיש־נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין, צוו. אַנד. האָט ער געזאָגט: „מיר יידן דאַרפן ביי זיך נישט אָראָפּפאַלן און דאַרפן זיך נישט שעמען, וואָס מיר געהערן צו דער „שענדלעכער" יידישער ראַסע. עס איז אויף דער וועלט נישט געווען נאָך אַזאַ נאַציע, וואָס זאָל ווי די יידישע קענען מיט אַזאַ עקשנות גיין שטאַרבן אויף

קידוש השם" *). מיט דריי יאָר שפּעטער האָט מאַרטאָוו גע־
לייענט אַ רעפעראַט, וואָס איז שפּעטער געווען אָפּגעדרוקט ווי
אַ בראָשור א. נ. „די נייע עפּאָכע". דאָרט זאָגט ער: „פון דער
יידישער בורזשואַזיע, פון אירע אינטעליגענטן האָבן מיר
געירשנט אַ פּאָליטישע פּאַסיוויטעט, אַ נישט־גלויבן אין די
אייגענע כוחות. מיר האָבן אויך אַלץ נאָר געוואַרט פון דער
רוסישער אַרבעטער־באַוועגונג און אויף זיך האָבן מיר געקוקט
ווי אויף אַ ביילאַגע צו איר. אָבער קוים האָבן
מיר געשטעלט אין צענטער פון אונד־
זער פּראָגראַם אַ מאַסן־באַוועגונג,
דאַרפן מיר שוין אונדזער פּראָפּאַגאַנדע
און אַגיטאַציע צופּאַסן צו דער מאַסע
דייה זיי דאַרפן זיין מער יידיש. דער
קלאַס איז נישט ווערט די פרייהייט, וואָס ער קען זיך אַליין
נישט אויסקעמפן. דערפאַר דאַרף זיין אונדזער ציל — שאַפן
אַ ספּעציעל־יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל אָנפירן
און דערציען דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין זיין קאַמף פאַר
עקאָנאָמישע, בירגערלעכע און פּאָליטישע באַפרייונג".

ער רעדט ווייטער וועגן דעם, אַז די קלאַסן־דערוואַכונג
דאַרף גיין האַנט ביי האַנט מיט דער נאַציאָנאַלער דער־
וואַכונג. **)

אין יאָר 1897 ווערט אין ווילנע געגרינדעט דער „בונד",
וועלכער האָט אַרומגעכאַפּט די ברייטע יידישע אַרבעטער־מאַסן
און איז אינגיכן אויסגעוואַקסן אין אַ מעכטיקע יידישע סאָציאַ־
ליסטישע פּאַרטיי. מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער (1906) האָט דער
„בונד" באַקרעפטיקט זיין נאַציאָנאַלע פּראָגראַם מיט דער
פאָדערונג פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. פון דעם מאָמענט
פירט שוין דער „בונד" אַ גרויסן קאַמף פאַר יידישער קולטור;
יידיש ווערט דורכן „בונד" אָנערקענט ווי די נאַציאָנאַלע שפּראַך
פון די יידישע מאַסן (שפּעטער אין דער צייט פון רעאַקציע
אין יאָר 1908 האָט דאָס זעלביקע געפאָדערט אויך דער טשער־

---

*) זע א. טשעריקאָווער: „די אָנהייבן פון דער אומלעגאַלער ליטעראַ־
טור אין יידיש" (היסטאָרישע שריפטן 3־טער באַנד, פון ייוואָ).

---

**) ב. מיכאַלעוויטש: „ערב בונד", („רויטער פּנקס", 1921).

נאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ — אסתר פרומקין).
מיט וואָרט, שריפט, בילדונגס־אינסטיטוציעס, פאָלקס־שולן און פאָלקס־פאַרלאַגן ווערט ער מיטבויער פון דער נייער יידיש־וועלטלעכער קולטור און וועקט כסדר אַכטונג און ליבע צום יידישן וואָרט.

שפּעטער האָבן זיך אויך געמאָלדן די פּראָלעטאַריש־ציוניסטישע פּאַרטייען („פּועלי־ציון" — לינקע און ס. ס.) ווי מיט־קעמפער און מיטבויער פון דער יידיש־וועלטלעכער קולטור.

די יידישע קולטור־באַוועגונג האָט זיך ברייטכוואַליק צע־גאָסן, אַזוי אַז אין די סאָציאַליסטישע רייען האָט מען אָנגע־הויבן זיך פאַרטראַכטן איבערן ווייטערדיקן כאַראַקטער פון דער יידישער קולטור. מ׳האָט זיך געפרעגט: צי דאַרף מען זיך באַגרעניצן רק מיט פּראָלעטאַרישער קולטור אָדער מ׳דאַרף אויסברייטערן איר פאַרנעם. אין ראַטן־פאַרבאַנד איז געווען קלאָר — פּראָלעטאַרישע קולטור. פאַר די נישט־קאָמוניסטישע פּאַרטייען איז געשטאַנען די פראַגע פון אויסברייטערן די באַזע. אין יאָר 1919 האָט א. ליטוואַק פאָרמולירט דעם לאָזונג פון „מאַסן־קול־טור". ער האָט געזאָגט:

„מאַסן" — דאָס איז ברייטער, ווי אַרבעטער. ביי אונדז איז מען אָפּט געווינט איבערצוחזרן, אַז די איינציקע שטיצע פון דער יידישער שול און ליטעראַטור זענען די יידישע אַר־בעטער. דאָס איז אַ גוזמא. מיר האָבן ברייטע מאַסן בעלי־מלאכות, אָנגעשטעלטע, קליינהענדלער — בכלל פאָלקס־מענטשן, וואָס זענען געברויכער פון דער יידישער קולטור. אין מזרח־אייראָפּע פאַרמאָגט די יידישע באַפעלקערונג אַזעלכע פאָלקסמאַסן מער ווי לויז־אַרבעטער. אין אַמעריקע פאַרנעמען זיי אויך נישט קיין קליינעם אָרט. אמת, דער מער אַקטיווער טייל פון אונדזער קולטור־באַוועגונג, די טרעגער פון אונדזערע קולטור־אָרגאַניזאַציעס און קולטור־אינסטיטוציעס, די קעמפער פאַר די רעכט פון דער יידישער קולטור זענען אַרבעטער אָדער געוועזענע אַרבעטער. אָבער אַרויסלאָזן פון חשבון יענע יידישע פאָלקס־מאַסן, וואָס זענען ביז אַהער קיין אַרבעטער נישט גע־ווען, וואָלט געווען אַ גרויסער טעות". *)

*) א. ליטוואַק: „געקליבענע שריפטן", 1945, ז' 285.

ווי אַ גרויסע שוץ־מויער קעגן דער אַסימילאַציע איז ס׳לעבעדיק־יידיש וואָרט געקומען צום אויסדרוק אין די מאָדערן יידישע דערציונגס אינסטיטוציעס, וואָס זענען, על־פּי־רוב, געבויט געוואָרן דורך דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. די אַלט־יידישע דערציונג־אינסטיטוציע — דער חדר — האָט זיך אין אונטערריכט באַזירט אויסשליסלעך אויף יידיש. שפּעטער, ווען ס׳יידישע לעבן האָט זיך גענומען עמאַנסיפּירן פון טראַדיציאָנעל־יידישן חינוך און איז געוואָרן אידעאָלאָגיש געשפּאָלטן, איז אויפגעקומען די יידיש־וועלטלעכע שול־באַוועגונג. אָט די נייע שול איז אין דער היסטאָרישער ליניע דער וועלטלעכער המשך פון חדר. זי האָט פון אים איבערגענומען דעם נאַציאָנאַל־פאָלקסטימלעכן כאַראַקטער.

אין ראַטן־פאַרבאַנד זענען ביים סוף 1930 געווען 1100 שולן מיט 130,000 שילער. דערצו זענען געווען אויך 300 פאַרשול־אַנשטאַלטן (קינדערהיימען, קינדער־גערטנער און קינדער־קאָלאָניעס). ס׳זענען אויך געווען יידישע סעמינאַרן און טעכניקומס. שפּעטער זענען — —צוליב דער ספּעציפישקייט פון סאָוועטישן רעזשים — די שולן אויסגעליידיקט געוואָרן פון יידישן אינהאַלט און ס׳גאַנצע יידיש לעבן איז דאָרט אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון אַן אַסימילאַציע־שטראָם. ממילא זענען די יידישע שולן דאָרט אונטערגעגאַנגען.

מיט אַ לפּי־ערכדיקער שפע איז די יידישע דערציונג אויף לשון יידיש (וועלטלעכע און רעליגיעזע) אויפגעגאַנגען אינם צווישן־מלחמהדיקן פּוילן. ס׳וועלטלעך שול־וועזן איז אין פּוילן אָנגעפירט געוואָרן דורך דער „צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע״ (ציש״אָ). דעם גרעסטן אָנטייל אין דער שול־אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט דער „בונד״ און נאָכדעם קומען די „פּועלי ציון״ (לינקע), „פאַריינִיקטע״ און „פאָלקס־פּאַרטיי״. די עיקרדיקע פּרינציפּן פון דער שול זענען געווען: וועלטלעכקייט, פאָלקסטימלעכקייט, אַרבעט ווי אַ מעטאָד און קאָלעקטיוויסטישע דערציונג. די וועלטלעכע שול איז געווען אַ גראַנדיעזער היסטאָרישער פאַרמעסט. אין יאָר 1935 האָבן זיך אין די „ציש״אָ״־אַנשטאַלטן געלערנט 15,486 קינדער.

די אַרבעטער־באַוועגונג האָט געהאַט אייגענע פאַרלאַגן און פאָלקס־אוניווערסיטעטן (קולטור־ליגע פון „בונד״), „געז.

אָוונטקורסן" (פּועלי־ציון לינקע), „אוניווערסיטעט פאַר אַלע" (פאַראייניקטע), ביבליאָטעקן א. ד. גל.

די גרעסטע צאָל שולן מיט יידיש ווי אַן אונטערריכטס־שפּראַך האָט געפירט די אָרטאָדאָקסיע אין פּוילן, דערהויפּט דער „חורב". די תלמידים אין די רעליגיעזע אַנשטאַלטן האָבן באַטראָפן 171,577. דערונטער האָבן זיך באַזונדערס אויסגע־צייכנט די טעכטער־שולן „בית־יעקב". די אָרטאָדאָקסישע דער־ציונג איז דערהויפּט געבויט אויף לשון־יידיש. אין אַ החלטה אָנגענומען אין 1937 אויף אַ קאָנגרעס פון דער רעליגיעזער פרויען־אָרגאַניזאַציע, „בנות אגודת ישראל" זאָגט זיך:

„די יידישע שפּראַך איז אַ לשון, וואָס דאָס פאָלק האָט געשאַפן אין גלות, אויסגיסנדיק אין איר דעם גאַנצן פאָלקס־טימלעכן חן. די דאָזיקע שפּראַך איז געוואָרן דער אויסדרוק פון דער יידישער נשמה, פון די יידישע פאַרלאַנגען און שטרעבונ־גען, פון די יידישע פריידן און ליידן. יעדע גרינגשעצונג צו אָט דעם פאָלקסטימלעכן לשון איז אַ גרינגשעצונג פון אונדזער גאַנצער רומפולער פאַרגאַנגענהייט, אין וועלכער ס'האָט זיך אויסגעפורעמט די צורה פון יידישקייט".

אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אין קאַנאַדע איז דער גע־דאַנק און אָרגאַניזאַציע פון דער יידיש־וועלטלעכער שול גע־בוירן געוואָרן אין די סאָציאַליסטישע רייען. איר וועקער און טעאָרעטישער באַגרינדער איז געווען דער סאָציאַליסטישער דענקער ד"ר חיים זשיטלאָווסקי. נישט נאָר וואָס ער האָט באַוויזן אין אַמעריקע צו שאַפן מאַסן־אודיטאָריעס פאַרן ערנסטן יידישן וואָרט, ער איז אויך געווען דער אידעאָלאָגישער פּיאָנער און שפּעטערדיקער מיטבויער פון דער יידיש־וועלט־לעכער שול.

אין אָקטאָבער 1910, אין מאָנטרעאָל, איז אויף אַ צוזאַ־מענפאָר פון די „פּועלי ציון" אָנגענומען געוואָרן דער ערשטער באַשלוס צו עפענען נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן אויף י י ד י ש. באַלד נאָכדעם איז י ו א ל ע נ ט י ן געוואָרן איר פלאַמי־קער פּראָפּאַגאַטאָר און אויך דער פּאַקטישער גרינדער פון דער ערשטער יידישער שול ערגעץ אויף דער געדיכט־יידישער מעדיסאָן־גאַס. דער גרונט־קאַפּיטאַל איז באַשטאַנען פון אָרעמע פּראָלעטאַרישע קוואָרטערס. די ערשטע שולן זענען געבויט גע־וואָרן מיט גרויס באַגייסטערונג; זיי האָבן געדאַרפט דינען

ווי אַ שוץ־וואַנט קעגן אַסימילאַציע. דער לאָזונג איז געווען: „ס׳יידיש קינד — דעם יידישן פאָלק״. די ערשטע יידישע לערנביכער האָבן באַאַרבעט לעאָן עלבע און יואל ענטין. מיט דער צייט זענען די צאָל שולן און אַלגעמיינע קולטור־אינסטי־טוציעס געוואַקסן. זיי גרופּירן זיך איצט אַרום דעם „נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד״.

האַרט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז געבוירן געוואָרן דער „שלום־עליכם־פאָלקס־אינסטיטוט״, וואָס האָט געגרינדעט אַ נעץ פאָלקס־שולן, מיטלשולן, פאָלקס־אוניווערסי־טעטן, אַ ביכער־פאַרלאַג, ביבליאָטעקן און זומער־קעמפּס, ווו עס קלינגט די יידישע שפּראַך. אַלע ש״ע־אינסטיטוציעס האָבן דעם ציל „צו זאָרגן פאַר דער אַלזייטיקער דערציונג פון יידישן קינד און פאַר איינוואַקסן אין דער קולטור פון זיין פאָלק״.

אין יאָר 1915 איז דער „אַרבעטער־רינג״ צוגעטרעטן בויען אַ נעץ יידיש־סאָציאַליסטישע שולן, וואָס זענען שפּעטער פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין יידישע פאָלקס־שולן. דער ערשטער לאָ־זונג איז געווען: „יידיש אַרבעטער־קינד — דעם יידישן אַרבע־טער־קלאַס״. און אין דעם גייסט זענען דורכן דערציונגס־דע־פּאַרטאַמענט ביים אַרבעטער־רינג אַרויסגעגעבן געוואָרן איי־גענע לערנביכער. שוין אין יאָר 1930 זענען ביים אַרבעטער־רינג געווען 110 שולן מיט 6000 תלמידים. איצט איז דער דער־ציונגס־כאַראַקטער אין די אַרבעטער־רינג שולן געוואָרן אַ סך נאַציאָנאַלער.

אין יאָר 1930 האָבן זיך אַ רייע לינקע שולן אָפּגעשפּאָלטן פון אַרבעטער־רינג און זיך גענומען גרופּירן אַרום דעם „אינ־טערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־אָרדן״, וואָס איז שפּעטער מגולגל געוואָרן אין „פּראָגרעסיוון פאָלקס־אָרדן״. זיין ערשטער לאָזונג איז געווען אַן עקסטרעם־לינקער: „אידעאָלאָגיש צוגרייטן ס׳קינד פאַרן קלאַסן־קאַמף״. אין יאָר 1936 פּראָקלאַמירט שוין דער אָרדן דעם צוריקקער צו יידישקייט. ס׳רעדט זיך שוין וועגן אַ דור, וואָס „וועט זיין שטאָלץ מיט זיין נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקייט״.

בדרך־כלל איז אָנגענומען, אַז אידעאָלאָגיש זענען די שולן פון „נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד״ — פּועלי־ציוניסטיש, פון „ש״ע־אינסטיטוט״ — פאָלקיסטיש, פון „אַרבעטער־רינג״ — רעכט־סאָציאַליסטיש, פון „פּראָגרעסיוון אַרבעטער־אָרדן״ —

לינקס־סאָציאַליסטיש. אין דער לעצטער שורה אָבער גיבן אָט־די אַלע שולן דעם תלמיד אין דער לעבעדיקער יידישער שפּראַך פּראָגרעסיוו־יידישן אינהאַלט און וועקן פאַרשטענדעניש פאַר אונדזער נאַציאָנאַלער טראַגיק.

פון די זעלביקע ריכטונגען זענען געגרינדעט יידישע שולן אין קאַנאַדע, דערהויפּט אין מאָנטרעאָל, טאָראָנטאָ, וויניפּעג און ווינדזאָר. בלויז אין מאָנטרעאָל באַקומען 1200 קינדער אַ פולע יידישע דערציונג אין טאָגשולן.

אויך אין דרום־אַמעריקאַנער לענדער איז פאַראַן אַ נעץ פון יידישע שולן. שוין אין יאָר 1919 זענען אין אַרגענטינע אויפגעקומען „באָראָכאָוו־שולן”, נאָך דעם בונדישע שולן אונטערן נאָמען פון י. ל. פּרץ, שלום־עליכם און י. דינעזאָן, און קאָמוניסטישע „אַרבעטער־שולן”. ווייטער זענען אויפגעקומען יידישע שולן אין בראַזיל, אורוגוואַי, טשילע, פּערו, קאָלאָמביע, עקוואַדאָר, פּאַראַגוויי און באָליוויע. אין מעקסיקע עקזיסטירט שוין די יידישע שול איבער 25 יאָר. אַפילו אין קובאַ זענען פאַראַן מאָדערנע יידישע שולן.

ס׳רוב יידישע שולן אויף דער גאָרער וועלט טראָגן, סימבאָליש, די נעמען פון די באַנייער פון יידיש־שעפערישן וואָרט.

אַ באַזונדער אָרט אין דער מאָדערנער יידישער קולטור־באַוועגונג פאַרנעמט דער יידישע וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט (ייווא), וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1925 אין ווילנע און אין יאָר 1940 אַריבערגעטראָגן געוואָרן קיין ניו־יאָרק. דער ייווא גרופּירט אַרום זיך באַדייטנדיקע יידישע וויסנשאַפטלער פון פאַרשידענע געביטן. באַזונדער האָט דער ייווא זיך פאַרנומען וויסנשאַפטלעך צו פלעגן די יידישע שפּראַך, יידישע ליטעראַטור, יידישן פאָלקלאָר און יידישע קולטור־געשיכטע.

בסך הכל דאַרף געזאָגט ווערן, אַז די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט דעם גרויסן היסטאָרישן פאַרדינסט, וואָס זי האָט אויף דעם אייגענעם רוקן אויסגעטראָגן די פּ י אָ נ ע ר י ש ע אַרבעט פון אויפבויען אַ נייע יידיש־וועלטלעכע קולטור, וואָס איז באַזירט אויפן באַפרייערישן אידעאַל פון ס אָ צ י אַ ל י ז ם און אויף דעם לעבעדיקן לשון פון די יידישע פאָלקסמאַסן. דער וועג איז געווען דורכאויס אַ שווערער, אַ

דאַרנדיקער, מ׳איז געווען אַרומגערינגלט מיט שונאים און אָפּשפּעטער פון אינווייניק און מיט שונאים און אונטערדריקער פון דרויסן. אָבער דער פעסטער גלויבן אין ליכטיקן דערלייזער־רישן אידעאַל, די איבערגעגעבנקייט צו די לעבנס־אינטערעסן פון האָרעפּאַשניק, די ליבע צום אייגענעם פאָלקס־לשון האָבן געטריבן דעם יידישן אַרבעטער מסירת נפשדיק צו קלעטערן באַרג־אַרויף.

## 9. דער יחוס-בריוו פון דער יידישער ליטעראַטור

פון יידיש שבעל־פה ביז יידיש־שבכתב ציט זיך מסתמא אַ נישקשהדיקער מהלך, וואָרעם אין מיטלעלטער, ווען די קונסט פון שרייבן איז נישט געווען שטאַרק פאַרשפּרייט, האָט ס׳גערעדטע וואָרט געדאַרפט זיך טיפער איינוואָרצלען אין לעבן, ביז עס איז דערגאַנגען צו דער פען. ס׳האָט פריער גע־מוזט לעבן צווישן פאָלק. מ׳האָט זיך פריער געמוזט פרייען אויף יידיש, וויינען אויף יידיש, אָפּשפּרעכן אַ סגולה אויף יידיש, זאָגן אַ הלצהלע אויף יידיש, דערציילן אַ וואונדער־מעשה אויף יידיש, זיך דערקלערן אין ליבע אויף יידיש, אַ מאַמע האָט גע־מוזט פריער פאַרוויגן איר קינד אויף יידיש, דער מלמד האָט פריער געמוזט דעם יינגל אין חדר פאַרטייטשן דעם חומש אויף יידיש, ביז אָט־דאָס לשון האָט זוכה געווען זיך צו באַקליידן אין אותיות, אויף פאַרמעט.

און ווען ס׳איז געוואָרן אומפאַרמיידלעך די געניטיקייט פון געשריבענעם וואָרט פאַר די פּשוטע מענטשן, יגיעי־כפּימני־קעס, ווייבלעך און מיידלעך, איז אויפגעגאַנגען אַ שפע פון שאַפונגען אויף יידיש, אין וועלכע ס׳האָט זיך געשפּיגלט און צוריקגעשפּיגלט נישט נאָר דער קאָלעקטיווער יידישער לעבנס־שטייגער, נאָר אויך ס׳אינווייניק־גייסטיקע לעבן פון כלל און ס׳אינטימע לעבן פון יחיד.

די ערשטע יידישע שפּראַך־דאָקומענטן הייבן זיך אָן צו באַווייזן אין עלפטן יאָרהונדערט, אָנהייבנדיק מיט די גלאָסאַרן, אַריינגערינגלטע פאַרטייטשונגען, אין רש״י׳ס פּירושים.

ביים ווייטערדיקן אויפקום פון דער יידיש־ליטעראַטור לאָזן זיך מערקן צוויי הויפּט־ריכטונגען: 1) אַ ו ו ע ל ט ל ע כ ע און 2) ט ר אַ ד י צ י אָ נ ע ל ־ ר ע ל י ג י ע ז ע. צומאָל פלעכטן זיי זיך פאַראַלעל און צומאָל גייען זיי זיך שאַרף פונאַנדער.

די ערשטע ריכטונג איז אויסגערעכנט אויף קאָנסומענטן פון אַלע שיכטן, פאַר לומדי־תורה און אויך פאַר פּראָסטע מענטשן. די צווייטע ריכטונג האָט תמיד געהאַט אין אויג דעם אומוויסנדיקן עלעמענט, דעם פּשוטן עולם, וואָס האָט נישט פאַרשטאַנען קיין העברעיש און האָט פונדעסטוועגן געגאַרט זיך אויסלעבן רעליגיעז, אַריינקוקן אין „חומש" און „נביאים". ס׳תורה־לשון איז אָבער פאַר זיי געווען אומפאַרשטענדלעך, ממילא איז דער ספר־הספרים געווען פאַר זיי פאַרשלאָסן אויף זיבן שלעסער. די ערשטע תנ"ך איבערזעצונגען אויף יידיש איז פאַרן ברייטן עולם געווען ממש אַן אַנטפּלעקונג, אַ נייע קבלת־התורה. דער פּשוטער מענטש, און נאָך מער די יידישע פרוי, האָט זיך צום ערשטן מאָל פּנים־אל־פּנים באַגעגנט מיט די אָנציענדיקע בילדערישע סיפורי־חומש מיט זייערע פאַרביקע געשטאַלטן. אויך שבת און אום יום־טוב האָבן די נישט־קענעוודיקע און שוואַך־עברידיקע זיך געפילט נישט פויגלדיק אין בית־הכנסת, ווייל זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען דעם פּירוש־המלות פון די תפילות און רק אויטאָמאַטיש־גרייזיק נאָכגעזאָגט דעם נוסח פון דאַווענען. און גראָד איז ביי זיי געווען אַ שטאַרקע באַדערפעניש אין אַ פאַרשטענדלעך לשון אויסצוגיסן „ס׳גאַנצע ביטערע האַרץ" פאַרן רבש"ע. איז מען זיי געקומען צו הילף מיט פאַראַפראַזירטע איבערזעצונגען פון תפילות, קינות, סליחות און אָריגינעלע תחינות אויף מאַמע־לשון.

די וועלטלעכע ריכטונג איז נוגע דער שפּילמאַן־תקופה, וואָס ציט זיך פונם צוועלפטן יאָרהונדערט און דערגרייכט העט ביז דער טיף פון זעכצנטן יאָרהונדערט. די וועלטלעכע ריכטונג אין דער אַלט־יידישער ליטעראַטור דרינגט נישט אַרויס אוממיטלבאַר פון יידישן לעבן, נאָר איז צו אונדז געקומען פון די שכנותדיקע איינפלוסן. פאַר די קרייצצוגן איז דאָס צונויפלעבן פון יידן מיט דער אַרומיקער קריסטלעכער וועלט געווען נישט קיין שלעכטע, מ׳האָט זיך ביידע־זייטיק טאָלערירט און געאַכטעט. אָט דער מצב האָט גורם געווען געמיינזאַמע השפעות. אין צוועלפטן יאָרהונדערט האָבן יידן אָנגעהויבן אַדאָפּטירן איטאַליענישע, פראַנצויזישע און בעיקר דייטשע „ראָמאַנצן" און העלדן־עפּאָסן. מ׳האָט איבערגענומען די נישט־יידישע העלדן און ריטער־מאָטיוון מיט זייער פאַנטאַסטיק און שפּאַנענדיקער האַנדלונג, אָבער מ׳האָט דערפון באַזייטיקט די ריין־קריסטלעכע שטעלעס, וואָס זענען דערצו פאַרבונדן מיט

דער פעאָדאַל־ריטערלעכער קולטור און זיי פאַרביטן מיט רייך־יידישע מאָמענטן, געטריי דעם יידישן שטייגער און יידישן טראַכט.

יידן האָבן געהאַט אַ ספּעציפיש יידישן וואַנדער־עלעמענט. איבער די וועגן פון דייטשלאַנד און באָהעמיע, רייסן און ליטע, פּוילן און איבער איטאַליע האָבן געוואַנדערט מחנות יידישע בעטלער, מדינה־גייער. ס׳האָבן אויך געוואַנדערט ישיבה־בחו־רים, וואָס האָבן געצויגן צו באַרימטע ישיבות און גרויסע רבנים. חוץ דעם האָבן כלי־קודש: שמשים, רבנים, לומדים, מלמדים, געוואַנדערט אין די דעמאָלט־פאַרגרעבטע ישובים — איטאַליע און פּוילן. עס האָבן אויך געוואַנדערט יידישע שפּיל־לייט — „נאַרן", לצים, כלי־זמרים, פאָלקס־זינגער אד"גל. פון אָט־די אַלע האָבן זיך אויסגעבילדעט די יידישע שפּילמאַן־קאָמ־פּאַניעס און פון די קאָמפּאַניעס איז אויפגעקומען די יידישע שפּילמאַנישע דיכטונג, וואָס איז געקומען ווי אַ ווידער־קול פון דער דייטשער שפּילמאַן־דיכטונג. מ׳האָט רעציטירט, געזונגען און פאָרגעלייענט די העלדן־עפּאָסן אין ערנסט־פּאַטעטישן טאָן אויף עפנטלעכע פּלעצער, שמחות, וויין־שענק אד"גל.

עס איז כדאי צו דערמאָנען דעם יידישן אַרטור־ראָמאַן, די „מעשה קיניג אַרטיש הויף", וואָס איז שפּעטער ספּעציעל צו־געשניטן געוואָרן פון אַ יידישן שפּילמאַן. ווי די גרעסטע שאַ־פונג פון דער יידישער שפּילמאַן־דיכטונג גילט דער גרויסער עפּאָס, דאָס תנכיש „שמואל־בוך". דער אַנאָנימער אויטאָר ווייזט זיך אַרויס ווי אַ פּאַטעטישער פּאָעט פון 15־טן יאָרהונ־דערט. די צענטראַל־געשטאַלט פון „שמואל־בוך" איז דוד המלך. ס׳ציט זיך אַ לענטע פון קאַמפן, מלחמות, דועלן, שלאַכטן, אַלץ געשילדערט אויף אַ ריטערלעכן הינטערגרונט. דער סיפּור־המעשה איז אָבער שטאַרק פאַריידישט מיט דער הילף פון דער תורה און מדרשים.

צום שפּילמאַנישן רעפּערטואַר געהערן די פּאָעמעס „עקידת־יצחק", אסתר־פּאָעמעס, „מדרש ווישע", „בבא־בוך", „מלכים־בוך", שפּילמאַנישע באַאַרבעטונגען פון „יהושע" און „שופטים" א. פ. אנד.

לעם די שפּילמאַנישע עפּישע פּאָעמעס האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אַ זעלבסטשטענדיקע יידישע פּאָעזיע, וואָס האָט

אַרומגענומען פיל געביטן פון יידישן לעבן. ביידע ליניעס האָבן זיך ביז דער טיף פון זעכצנטן יאָרהונדערט געצויגן פּאַראַלעל. שפּעטער האָט זיך די שפּילמאַנישע ליניע אָפּגעהאַקט, און די רייִן־יידישע ליניע האָט זיך זיג־זאַגיק ווייטער געשלענגלט און שלענגלט זיך נאָך אין אונדזערע טעג מיט מער האַסט און אימפּעט. לאָמיר אדרבא אַ צי טאָן די לעצטע, כדי צו באַקומען כאָטש אַ געלייפיקע מיניאַטור־פאָרשטעלונג פון דעם אָפּגע־גאַנגענעם וועג.

אין דער ערשטער העלפט פון פופצנטן יאָרהונדערט האָט מען אין ערפורט און אַרומיקע שטעט געזונגען אַ טיף־רעלי־גיעז „שבת־ליד" פונם דיכטער ר' ז ע ל מ ע ל י ן. מיט גע־גראַמטע עברי־טייטש־ווערטער פירט ס׳ליד אַריין די פרומזע־ליקע אַטמאָספער פון ליבן שבת־קודש. פון זעלביקן רעליגיעזן כאַראַקטער איז ס׳ליד פון מ נ ח ם אָ ל ד ע נ ד אָ ר ף, וועלכער זינגט וועגן דעם מענטשנס געלויף נאָך געלט. פון לעבנס־פילאָזאָפישן כאַראַקטער איז ס׳ליד־פאַבעל פון ז ל מ ן ס ו פ ר א. נ. „וועט־שטרייט צווישן וויין און וואַשר". פול מיט סאַרקאַזם און וויץ איז ס׳שטייגער־ליד פון ש מ ו א ל ח ו נ ג ל ר ן א. נ. „איבער דאָס שפּילן". אין דער ערשטער העלפט זעכצנטן יאָרהונדערט האָט מען אויף די שול־הייף, חתונות און וויין־שענק געזונגען און רעציטירט שטעלן פון א ל י ה ו ב ח ו ר ס העלדן־עפּאָס „בבא־בוך". אין די צייטן פון לוקרעציאַ באָרדזשיאַ האָט מען אין איטאַליע און דייטש־לאַנד געזונגען אויף יידיש אַ קורץ „ליבע־ליד" פון אַן אומבאַ־קאַנטן דיכטער.

ווי אַ המשך פון „שמואל־בוך" איז דער אַנאָנימער „ספר מלכים" — „געריימט אין אַכט געזעץ". אין אָנהייב זעכצנטן יאָרהונדערט איז באַקאַנט געוואָרן די פּראָזע־איבערזעצונג פון תהילים און געגראַמטע איבערזעצונגען פון „יהושע" און „שופטים" געמאַכט פון משה בן מ ר ד כ י פ ר ל א ג (גע־לעבט אין איטאַליע). אין דער זעלביקער צייט האָבן פּראָסטע יידן באַלמעלאָכעס, באַלעגאָלעס און ווייבער געדאַוונט פון יוסף בן יקרס סידור.

שבת נאָכן עסן האָט מען זיך געקוויקט מיט דער יידישער פּאָעמע „קליין בראַנט־שפּיגל", (געדרוקט אין ווענעציע 1566) פון י ה ו ד ה ב ן י ש ר א ל ר ע ג ע נ ס ב ו ר ג. דאָס

זענען פאַרשטענדיקע לעבנס־שפּרוכן פון חכמים, „וואָס איך יהודה ב״ר ישראל רעגענסבורג האָב אין איינעם עברי־בוך טאָן לעזן". דעמאָלט האָט אויך קורסירט אַ געגראַמטע יידיש־אַי־בערזעצונג פון מחזור. די איבערזעצונג האָט געמאַכט יצחק בן מרדכי לאַנקוס. ס׳איז אין יענער צייט אויך געווען אַ באַדערפעניש פאַר פּאָעטישע ווערק, אַ ראיה די הוסלנס יידישע איבערזעצונג פון שלמה בן גבירולס „שיר על המים". מ׳האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט פּראָזע־איבערזעצונגען פון „תהילים". משה שטענדאל האָט געמאַכט אַ גע־גראַמטע איבערזעצונג פון „תהלים", אין 1586 האָט זיין פּרוי רייזעל פישעלס אין קראָקע אַרויסגעגעבן די איבערזעצונג מיט אירס אַ געגראַמטער הקדמה. אין זיבעצנטן יאָרהונדערט האָט מען זיך אַריינגעלייענט אין פאַרשיידענע מוסר־ספרים. אין יאָר 1610 איז אַרויס אולמא זעליגמאַנס מוסר־ספר „צוכטשפּיגל", וואָס קלאָגט דערויף, הלמאי „די וואַרהייט איז געשטאָרבן, די פרומקייט איז פאַרדאָרבן". אין יאָר 1612 ווען ס׳איז דערגאַנ־גען צו אַ פּאָגראָם און גירוש פון די פראַנקפורטער יידן, איז דער־שינען אלחנן העלנס אַ גרויסע פּאָעמע א. נ. „מגילת מינץ" אין וועלכער ער שילדערט די שווידערלעכקייטן, וואָס די פראַנקפורטער יידן האָבן דעמאָלט איבערגעלעבט. אין אייזיק וואָליכס לידער־זאַמלונג פון ערשטן פערטל זיבצנטן יאָרהונדערט געפינען מיר לידער פון אומבאַקאַנטע דיכטער אויף תהילים־מאָטיוון, פורים־לידער, ליבע־לידער און טאַנץ־לידער געזונגען פון אַ לוסטיקער חברה ישיבה־בחורים און וואָליכס אַן אייגן ליד וועגן טויט — אַ ריינער קהלת־מאָ־טיוו. אין זעלביקן זאַמלבוך זענען פאַראַן כלה־לידער פון לייב קוטנים, פורים־לידער פון יוסף בן בני־מין, רעטעניש־לידער פון ר׳ שלמהס פון פּראַג. אויס־גענומען האָבן דעמאָלט דער תהילים־מאָטיוו פון דוד מנ־חם הכ(ה)ן און ר׳ גימפל סג״ל.

דער וואָרמסטער פּרנס אייזיק בן משה וואַליך האָט מיט גרויס ליבע צוזאַמענגעקליבן 55 לידער, וואָס האָבן קורסירט צווישן יידישן עולם, דערעיקרשט טאַנצלידער. הגם די רבנים האָבן פאַרווערט יינגלעך מיט מיידלעך טאַנצן צוזאַמען, האָט חברה יונגוואַרג נישט געלייגט קיין אַכט דערויף און פריילעך געהוליעט אין די געטאָ־געסלעך. די רבנים האָבן געצאָרנט „אל

תשמחו אלי גיל כעמים" (יידן טאָרן זיך נישט פרייען ווי אַנדערע פעלקער). אָבער אין די רווישיקע און קניקס־אַרטיקע יידישע טאַנצלידער רופט יונגוואַרג:

ווער וויל אונדז ווערן זיין פרעליכן מוט
ווייל אונדז זאַלכעם דאָס גליק נישט נעמען טוט?
שענע יונגפרוי, שענע יונגפרוי,
נעמט אַלזאָ פיר גוט.

חוץ די „עלעגאַנטע" רווישיקע טאַנצלידער זענען אין זאַמל־בוך אויך פאַראַן לירישע ליבע־לידער. פּאָפּולער איז אויך געווען אַ גרויס מוסר־פאָלקס־ליד פון אומבאַקאַנטן דיכטער א. נ. „צו באַדענקנס", דורכגעפלאָכטן מיט שטייגער־בילדער פון טראַדיציאָנעל־יידיש לעבן אין דייטשלאַנד. בעת די סדרים האָט מען פּסח געזונגען לידער פון אומבאַקאַנטע דיכטער „אחד מי יודע" און „חד גדיא". אין א ל ח נ ן ה ע נ ל ע ק י ר כ ה אַ נ ס מוסר־ספר „שמחת הנפש", געפינען זיך דריי „שבת־לידער", ס׳ערשטע האָט אַ באַצייכענונג: „דאָס ליד און ג׳זאַנג איז געמאַכט צו זאָגן פרייטיק צו נאַכט". ס׳צווייטע: „זינג אָהנע זאָרגן דאָס געזאַנג שבת צו מאָרגן". ס׳דריטע: „זינג דאָס געזאַנג, אַן שבת צום אויסגאַנג".

צווישן זיבצנטן און אַכצטן יאָרהונדערט זענען אויפגעקומען פאַרשידענע קלאָג־לידער. אַן אומבאַקאַנטער דיכטער קלאָגט זיך אויף די פראנקפורטער גבאים, וואָס באַציט זיך אומנעמענטשלעך צו די אָרימע־לייט, אורחים. ד ו ד ז ו י ג ע ר ש האָט פאַרפאַסט „איין נייע קלאָג־ליד" אויף דער גרויסער פראַנקופרטער שריפה, דעם 14־טן יאַנואַר 1711. מ ש ה א י י ז נ ש ט אַ ט באַשרייבט אין זיין „ א י י ן נ י י ע ק ל אָ ג ־ ל י ד ", די שרעקלעכע מגפה אין פּראָג אין 1713, וואָס האָט געבראַכט קרבנות „ג׳ אלפים ד׳ מאות". א ב ר ה ם מ ש ה ל א ך האָט פאַרפאַסט אַ ליד „איין שריפה ליד מפראג". אַן אומבאַקאַנטער דיכטער האָט איבערגעלאָזט אַ ליד, א. נ. „גזירות ק"ק פּוזנא", וואָס באַקלאָגט די אכזריותדיקע רדיפות אויף יידן אין פּויזן. ווייטער איז פאַראַן אַ געזעמל לידער פון פאַרשידנאַרטיקן כאַראַקטער.

ס׳האָט אויך קורסירט אַ „געבעט פון אַ געווינערין" פון אַן אומבאַקאַנטן דיכטער. אין אָנפאַנג אַכצנטן יאָרהונדערט

(1708) איז אין פראַנקפורט אויפגעפירט געוואָרן אַ מכירת־יוסף־שפּיל פון יששכר בערמאַן. ס׳שפּיל באַשטייט פון דריי לידער: „פּאַסטוך־ליד", „רחל פון קבר" און „יעקבס קלאָג־ליד". אויך יוסף הערץ איז דער מחבר פון אַ „פּורים שפּיל" א. נ. „אסתר אָדער די בעשאָהנטע טוגנד". רירנדיק איז די יידישע קינה (פון אַ אומבאַקאַנטן דיכטער) אויף די גזרות תקכ״ח (קינה בשפת יהודית־אשכנזית על גזרות תקכ״ח). אַ שיין „קריאת־שמע"־ליד האָט קורסירט אין דער צווייטער העלפט אַכצנטן יאָרהונדערט. די פרויען פלעגן עס זאָגן פאַרן לייגן זיך שלאָפן.

די פירגעבראַכטע רשימה איז נאָר אַ קליינער טייל פון גרויסן לידער־אוצר פון דער אַלט־יידישער ליטעראַטור. אָבער אַפילו פון דעם איז צו זען, אַז אויפן שטח פון לאַנגע דורות איז ס׳אַלט־יידיש ליד געווען אַ באַגלייט־דערשיינונג אין שטוב, מאַרק, שול, פאַמיליע־שמחות, פּורים־סעודה, יונגוואַרג־הוליאַנ־קעס, בעת אַ קראַנקהייט, קימפּעט, מגפות, גרושים, פּאָגראָמען אאז״וו.

* * *

דער אויפקום פון פּראָזע אין יידיש הויבט זיך אָן פון תנ״ך־איבערזעצונגען. ביז איצט זענען אָבער על פּי רוב געווען פּשט־איבערזעצונגען, שפּעטער האָט זיך אַנטוויקלט אַ נייער צווייג פון דרש־איבערזעצונגען. דאָס זענען שוין געווען פאַר־ביק־צונויפגעשטעלטע פּאַראַפראַזעס, וואָס זענען באַשטאַנען קודם כל פון חומש־טעקסט אַדורכגעפלאָכטן מיט פּרושים און דערקלערונגען פון רש״ם פּירוש, אגדתאס, מימראות און מדר־שים. אַלץ איז אַרויסגעקומען אין גייסט און געשמאַק פון פרומ־גלייביקן פאָלקסמענטש. צוו. אנד. זענען באַקאַנט די „לאַנגע מגילה" (פאַרעפנטלעכט אין 1589) פון ל ייב ברי משה מעליר, דער „טייטש־חומש" פון רי יצחק בן שמשון (פאַרעפנטלעכט אין 1610). שטאַרק אויסגענומען האָט דער „צאינה וראינה" פון יעקב בן יצחק אשכנזי (פון אַ פּויליש שטעטל יאַנאָוו), וואָס איז דערשינען אין דער זעלביקער צייט. דער „צאינה וראינה" איז גיך געוואָרן דאָס שטוב־בוך פון דער יידישער פרוי. ס׳איז דערשינען אַן אומ־באַרעכנטע צאָל נייע אויפלאַגעס; אויף אָט דעם ספר האָבן זיך דערצויגן דורות. אום שבת און יו״ט פלעגן אונדזערע באָ־בעס אָנזאָגן די שפּאַקולן אויף דער נאָז און מיט פרומזעליקן

ניגון רעציטירן די רירנדיקע שטעלעס, וואָס דערציילן ווי אַזוי
די ברידער האָבן פאַרקויפט יוספן, ווי אַזוי שלמה המלך האָט
זיך געראַנגלט מיטן אשמדאי אאז״וו. אויך דער „ספר המגיד״
פון זעלביקן מחבר האָט זיך גיך קונה־שם געווען צווישן ברייטן
עולם. דער זאַפטיקער יידיש און פאָלקסטימלעכער נוסח פונם
„צאינה וראינה״ האָט אויך באַאיינפלוסט דעם מלמד, וואָס
האָט געקנעלט מיט די יינגלעך אין חדר. אויף דער שוועל פון
זיבעצנטן יאָרהונדערט איז דערשינען אַ גלאָסאַטאָרישע תנ״ך־
איבערזעצונג „באר משה״ פון מ ש ה ש ע כ ט י ל ס.

פאַראַלעל דערמיט האָבן זיך באַוויזן פאַראַפראַזן לויט אַ
דערציילערישן כאַראַקטער, מוסר־ספרים און מנהגים־ביכער.
פון 1504 איז באַקאַנט אין יידיש „סדר נשים״ (שפּעטער הייסט
עס „איין שיין פרואיך־ביכליין״). דאָס זענען געניויע אָנווייזונגען
פאַר דער פרוי ווי זי דאַרף זיך נוהג זיין אין פאַמיליע־ און
געזעלשאַפטלעך־לעבן. אין יאָר 1583 איז דערשינען אַ פּאַראַ־
פראַזע פון חונה גירונדים „ספר היראה״ א. נ. „דש בוך דעש
אויביגן לעבנש. — חיי עולם״. ווייטער איז דערשינען דאָס
„זיטן־בוך״ (ספר מידות). צווישן די מחברים איז אויך געווען
אַן אַפּטייקער אברהם אשכנזי פון לודמיר, וואָס האָט אַרויס־
געגעבן אַ מוסר־ספר א. נ. „סם חיים״ (פּראָג 1590). אין אַ פּאָר
יאָר שפּעטער האָט מ ש ה ה ע נ ע ך א ל ט ש ו ל ע ר
אַרויסגעגעבן איין גראָבבאַנדיקן אָריגינעלן מוסר־ספר „בראַנט־
שפּיגל״. און אין 1620 איז אין פּראָג דערשינען י צ ח ק ב ן
א ל י ק ו מ ס „לב־טוב״, וואָס האָט פאַררוקט אין אַ ווינקל
דעם „בראַנטשפּיגל״. דער אויטאָר, אַ למדן, דערקלערט, אַז אין
„לב טוב״ קאָן מען געפינען „די גאַנץ יידישקייט״. דאָס איז
שוין אין דער אמתן אַ וואָגיק ספר אַפילו פאַר אַ דעמאָלטדיקן
יידישן אינטעליגענט. באַלד נאָכדעם האָט ש ל מ ה ז ל מ ן
צ ב י ־ ה י ר ש א ו י פ ה ו י ז ן אַרויסגעגעבן דעם „יידישן
טירייאַק״. דאָס איז אַ פּאָלעמיש בוך וועגן מהות פון יידישן
גייסט און יידישער עטיק. אַ באַזונדער געביט איז די מ ע ־
ש י ו ת ־ ל י ט ע ר אַ ט ו ר. די מעשה־ביכער האָבן זיך
אָנגעהויבן באַווייזן נאָכדעם ווי ס׳זענען איינגעפירט געוואָרן די
דרוק־וואַרשטאַטן. די מעשה־ביכער האָבן ביים פאָלקס־מענטש
אויפגעוועקט דעם אינטערעס צום געדרוקטן יידיש־וואָרט. פון
די עלטסטע יידישע מעשיות זענען דערגאַנגען דריי: „מעשה

מרנצק" „מעשה ממענץ" און „מעשה מווירמש". דאָס זענען אויסטערלישע מעשיות וועגן אַ בת־מלכה, שדים, פאַרפֿי־רערישע חתנים, אַ ברודער אַ רוצח אד"גל. געהאַלטן אין אַ פאַנטאַסטישן טאָן. שטאַרק איבערדערציילט איז געווען די „וואונדערלעכע מעשה" וועגן ר' מאיר השץ, וואָס איז געפאָרן איבערן סמבטיון.

נישט מינער אָנציענדיק איז די נאָוועלע פון 16־טן יאָר־הונדערט „מעשה בריעה וזמרה", אַן אַפּאָטעאָז פון ליבע, וואָס איז שטאַרקער פונם טויט. אין 1602 איז דערשינען אין באַזעל אַן אוצר פון יידישע פאָלקס־מעשיות און נאָוועלן פון דער אַלט־יידישער ליטעראַטור א. נ. „מעשה־בוך", אַרויסגעגעבן דורך דעם ספרים־טרעגער יעקב בן אברהם פון מעזריטש.

דער שמש און נאמן פון דער אַלטער וואָרמסער קהלה י פ ת ח י ו ז פ א ב ן נ פ ת ל י האָט לויטן מוסטער פון „מעשה־בוך" אַרויסגעגעבן אַ גרעסערע זאַמלונג פון מעשיות און לעגענדעס א. נ. „מעשה נסים". ס'רוב מעשיות ענדיקן זיך מיט אַ פרומען מוסר השכל.

אין דער צווייטער העלפט פון זיבצנטן יאָרהונדערט ווערט ווידער שטאַרק פּאָפּולער אַ ניי וואָגיק מוסר־ספר „שמחת־הנפש" פון א ל ח נ ן ק י ר כ ה א ן. דער גוטמוטיקער מחבר זאָגט מוסר אויף אַ דערציילערישן אופן, אילוסטרירנדיק זיינע אויספירן מיט וואונדערפולע מעשיות.

אין אָנהייב אַכצנטן יאָרהונדערט זענען געוואָרן שטאַרק באַליבט צוויי מוסר־ספרים „ק ב ה י ש ר" פון צבי־הירש קוידאַנאָווער און „ש ב ט מ ו ס ר" פון אליהו אברהם כהן.ביידע ספרים זענען איבערפילט מיט אויסטערלישע מעשיות, פון וועלכע מ'דאַרף זיך אַראָפּנעמען אַ מוסר־השכל. דער גרונט־טאָן פון אָט די מוסר־מעשיות איז וועקן ס'עטיש געפיל, וואָס זאָל טרייבן דעם מענטשן גיין מיטן דרך־הישר. דערביי זענען ס'רוב געבראַכטע מעשיות פול מיט שטאָק־פרומקייט און צו־מאָל אויך מיט פינצטערע איינגלייבענישן.

אין ווימעסדאָרף (1731) איז דערשינען אַ מוסר־ספר „ברך אברהם" געבויט אויף בעלעטריסטישן שטאָף. צום סוף פירט ער אריין אַ ריי דינים און באַצייכנט זיי ווי אַ „קיצור שולחן־ערוך" אויף מאַמע־לשון.

אין אָנהייב אַכצנטן יאָרהונדערט איז דערגאַנגען דערצו,

אַז יידיש הייבט אָן אויך ווערן די ליטעראַטור־שפּראַך פון לומדי־תורה. מ׳שרייבט נישט בלויז מוסר־ספרים, נאָר מ׳זעצט שוין איבער דעם „זוהר" אויף יידיש. אין יאָר 1711 האָט דער גרויסער מקובל און למדן ר׳ צבי־הירש פון קראָקע פאַרעפנט־לעכט דעם „טייטש־זוהר" („נחלת־צבי"). דאָס איז געווען אַ גרויס געשעעניש. ר׳ צבי האָט געוווסט, אַז די רבנים זעלן מסתמא אַרויסטרעטן קעגן דעם, וואָס דער „זוהר הקדוש" ווערט איבערגעזעצט אויף פּראָסט־יידיש, ער מאַכט זיך אָבער ווייניק דערפון, ווייל ער וויל ס׳פאָלק באַקענען מיט חכמת־הנסתר. איבריקנס איז דאָך דער אָריגינאַל פון „זוהר" ארמית, ס׳אַמאָליק „לשון הדיוט"... ער זאָגט:

„אין יענער מדינה וואו מן רעט לשון־תרגום, איז דאָס ספר־הזוהר פאַר איטליכס, אַפילו פאַר המוני־עם, ווי במדינתנו איז אונדזער לשון־אשכנז שוה לכל נפש אדם, דאָס מענכר יודע־ספר זאָל נישט מיינען, עס וואר אים א חרפה צו לייענען טייטשע ספרים. איז דאָך דאָרטן אויך אַזוי דאָס לשון הזוהר איז טייטש לשון".

פונעם זעלביקן שניט איז אויך ס׳יידיש־ווערק „אביה יע־קב" פון שנייטיכער רב ע ק י ב א ־ ב ע ר ה ע נ י כ ס. ס׳קומען דאָ אַריין „פיל וואונדערליכע נסים און געשיכטן אויש דער גמרא, זוהר, שלשלת קבלה, עמק המלך".

**

די אַלט־יידישע ליטעראַטור איז נישט געבליבן שטיין אין געטאָ, נאָר געפּרווט אויך גייסטיק פאַרבינדן דעם יידיש־לייע־נער מיט דער פאַרגאַנגענקייט און אים אויך באַקענען מיט דער ברייטער וועלט דורך איבערזעצן היסטאָרישע ביכער און כראָניקעס, ווי אויך דורך אָריגינעלע זכרונות און רייזע באַ־שרייבונגען. אין יאָר 1546 איז אין ציריך דערשינען אַ יידישע איבערזעצונג פון „יוסיפון"; נאָכדעם איז איבערגעזעצט גע־וואָרן „ספר־הישר". דער איבערזעצער האָט עס „מעתיק געווען" פון לשון הקודש אויף יידיש־דייטש, כדי אַלע זאָלן וויסן די נסים ונפלאָות". אין יאָר 1591 איז אין קראָקע דערשינען אַן אַנאָנימע איבערזעצונג פון אבן ווערגאַס היסטאָרישע כראָניק „שבט יהודה". חיים בן נתן האָט איבערזעצט היסטאָרישע אָפּאָקריפן־ביכער. זלמן הענא האָט איבערזעצט דוד גאַנזס כראָניק „צמח דוד" און אין יאָר 1655 איז דערשינען אַ גע־

גראמטע איבערזעצונג פון נתן האנאווערס „יון מצולה".
ס׳זענען דערשינען אָריגינעלע באַשרייבונגען פון וויכטיקע
היסטאָרישע געשעענישן: שבתי־צבי־באַוועגונג, וועגן דער „ווי־
נער גזירה" (בשעת דער הוסיטן־מלחמה 1420), צרות ווער־
מייזע, די אומרוען אין אַמסטערדאַם, עלילת־דם אין מעץ פון
1669, עלילת־דם אין פוילן אאז"וו. אויפן ביכער מאַרק
האָבן זיך באַוויזן רייזע־באַשרייבונגען אויף יידיש: אברהם
בן לוים, „מעשה אַמסטערדאַם", רייזע־באַשרייבונג פון אברהם
לוי „דורך טייטש לאַנד אוני בעהמען, אונגרין, שטיירמאַרק,
איסטרייך, טיראָהל אין איטאַליע, לומברדיאָ, מארקה, רומניא,
טושקניא, דולוניענסים". חוץ דעם זענען אין יידיש אויך פאַ־
ראַן מעמוארן, ווי אַ שטייגער „מגילת־שמואל" וועגן אַ שקר־
בלבול אין פראָג, „מגילת־איכה" (תוספות יו"ט) „מגילת רי
מאיר (ווי אַזוי ישיבה־בחורים זענען אויפן וועג קיין קראָקע
געפאַנגען געוואָרן פון אַ פריץ), „מגילת גנש" (אַ טרויעריק
בילד פון יידישן לעבן אין דייטשלאַנד אין 17־טן יאָרהונדערט).
אַ באַזונדערן היסטאָרישן ווערט האָבן די אויספירלעכע פאַ־
מיליע־מעמואַרן געשריבן בילדעריש דורך דער פרוי גליקל
פון האַמעלן. אין איר סטיל פילט מען אַ שטאַרקע
באַלייענטקייט אין דער מוסר־ליטעראַטור אויף יידיש.



ווי אַ באַזונדער געביט אין דער יידישער ליטעראַטור טיילן
זיך אויס די א. ג. ווייבערישע תחינות. זיי זענען אויפגעקומען
נישט אונטערן דרוק פון וועלכע ס׳איז דרויסנדיקע איינפלוסן,
נאָר שטאַמען אוממיטלבאַר פון דער געדיכטעניש פונעם יידישן
פאָלקסלעבן. די יידישע פרוי, לכתחילה אַן אָפּגעשטויסענע פון
גייסטיקן לעבן, האָט געפילט אַ זעלישע באַדערפעניש ברעני־
גען צום אויסדרוק איר אינווייניקסטע וועלט, אירע לעבנס־
פאָרשטעלונגען, השגות, בענקענישן, זאָרגן, פאַרלאַנגען און
ווינטשן. זי האָט באַגערט אינטים זיך אויסצושמועסן מיטן
רבש"ע, אויסגיסן איר ביטער האַרץ, באַקלאָגן זיך אויף די
צרות און אומגליקן און אויסבעטן אַ בעסערע מערכה. דער
„מאַנצבילישער" סידור האָט איר באין אופן נישט געקאָנט
באַפרידיקן. ערשטנס, איז דער אינהאַלט פון די תפילות אַ קאָ־
לעקטיווער, מ׳איז מתפלל וועגן וווילזיין פון גאַנצן פאָלק אָן

שום פאַרשטענדעניש פאַר די איבערלעבענישן פונעם יחיד. צווייטנס — איז ס׳לשון פון סידור איר אינגאַנצן אומפאַר־שטענדלעך, ס׳איז דער „מאַנצבילישער" לשון־הקודש.

אָט־דער אומשטאַנד האָט גורם געווען ס׳אויפקומען פון אינדיווידועלע געבעטן צוגעפּאַסט צום געמיט פון דער פאַר־דאגהטער פרוי, הן לויטן נוסח והן לויטן סטיל. ס׳האָט זיך געשאַפן אַ ספּעציעלער תחינה־סטיל, אַ ווייבערישער „מענה־לשון". דערצו זענען די כלערליי תחינות אין דעראַמתן געווען געלעגנהייטס־תחינות לויט דער ספּעציעלער לאַגע, אין וועל־כער די פרוי האָט זיך גראָד געפונען. אַ תחינה, וואָס מ׳זאָגט פאַר ליכט־בענטשן, אַ תחינה פאַר חלה-נעמען, אַ תחינה — פאַרן שולגיין, אַ תחינה — פאַר בענטשן ראש־חודש, אַ תחינה, וואָס מ׳זאָגט, אַז מ׳האָט נישט קיין קינדער, אַ תחינה — ווען דער מאַן אין אונטערוועגס, אַ תחינה — ווען מ׳איז אָן פּרנסה, אַ תחינה — ווען די קינדער זענען נישט קיין לייט, אַ תחינה פאַר דער טאָכטער, וואָס דאַרף ווערן אַ כלה אאז"וו. די פּראָדוקציע פון די „שיינע תחינות" איז געווען אַ גאַנץ שפּאָרעוודיקע און איז לויט דער שפּראַך, טיף אַריינגעדרונגען אין פאָלקס־געמיט. על פּי רוב זענען זיי אַנאָנימע.

ס׳איז אויך אין דער תחינות־„וועלט" אַרויסגעהויבן גע־וואָרן ווי אַן אויטאָרין אַ פרוי „שרה בת־טובים", וואָס איז צוליב איר עוֹבר זיין אויף די גרעניצן פון פרומער יידישקייט, באַ־שטראָפט געוואָרן פון הימל צו זיין נע־ונד. איצט וואָגלט זי איבער דער וועלט, שרייבט האַרציקע תחינות, אין וועלכע זי וואָרנט יידישע פרויען צו זיין פרום און גוט און נישט דער־פירן דערצו, אַז זיי זאָלן חס חלילה ווערן באַשטראָפט אַזוי ווי זי, די וואָגלענדיקע שרה בת טובים. מיט דער צייט איז שרה בת טובים אויסגעוואַקסן אין אַ מיטישע פיגור. י. ל. פּרץ פירט זי איבער אָרימע יידישע חתונות און לאָזט זי מיט אַ קוילעטש אין האַנט טאַנצן אַקעגן דער אָרעמער כלה.

אַנדערע ווידער האַלטן, אַז ס׳איז אַ רעאַלע פיגור. איר פאָטער איז געווען אַ גרויסער למדן ר׳ מרדכי, אַ זון פון סאַ־טאַנאָווער רב ר׳ יצחק, איר עלטער־זיידע — אַ רב אין בריסק. דערפאַר האָט זי זיך גערופן „בת טובים".

די ערשטע שוישפּילער זענען געווען די לוסטיקע ישיבה־
אַן אַריינבליק אין דעמאָלטדיקן יידישן שטייגער און באַגלייך
אַ מעגלעכקייט צו זען דעם אַנטוויקלונגס־גאַנג פון יידישן וואָרט,
וואָס קומט אומוויטלבאַר פון פאָלקס־מויל, אָן וועלכע ס׳איז
דייטשמערישע „באַפּוצונגען".

* * *

אין דער צו ביסלעך געשטיקטער טויט־ערנסטער אַטמאָס־
פער פון תנ"ך־פּאַראַפראַזעס, יענעוועלטיקע מוכר־ספרים, זוהר־
איבערדיכטונגען און פרומזעליקע תחינות קומט אויף אין יידיש
אַ נייער צווייג פון דראַמאַטישער ליטעראַטור,
וואָס איז לכתחילה אַ געמיש פון ביבלישן פּאַטאָס און פריי־
וואַלן המון־שפּיל. דאָס טעאַטער־שפּיל האָט אין דער יידישער
גאַס נישט אַריינגעפּראַלט מיט גדלות, נאָר אַריינגעשלייכט זיך
דורך דער הינטערטיר פון האַלבן יום־טוב פּורים. צום טעאַטער־
שפּיל האָט זיך יידיש קהל באַצויגן מיט אָפענעם ווידערווילן
און צומאָל אויך מיט פאַראַכטונג. יידן זענען איז גלות און
דאַרפן כסדר קלאָגן אויפן חורבן בית־המקדש, און דאָ נעמען
זיך צוזאַמען יינגלעך און מיידלעך אין אַ מושב־לצים. דעמזעל־
ביקן שטאַנדפּונקט פון דער משנה־צייט האָבן פאַרטרעטן די
שפּעטערדיקע רבנים, וועלכע האָבן נישט געקאָנט סובל זיין
די „הפקר"־שפּילן. נישט קיין אַנדערער ווי דער גרויסער גאון
ר׳ יונתן אייבעשיץ (אין אַכצנטן יאָרהונדערט) זאָגט אין איי־
נער פון זיינע דרשות („יערות דבש"), אַז ס׳איז אונדז אָך און
ווי וואָס יידישע קינדער גייען אין אַ פּלאַץ, וואָס איז באַשטימט
פאַר זינד ומכל שכן אין אַן אָרט, וואָס מ׳רופט שוישפּיל, קאָ־
מעדיע", (...כן לבני ישראל לשמור רגלם ללכת למקום נשים
או מקום מורגל ומובשר לדבר עבירה ומכש"כ למקום שקורין
שוואשפּיל, קאָמעדיע...״). ס׳האָט זיך אפילו געטראָפן, אַז פרנ־
סים האָבן עפנטלעך פאַרברענט טעאַטער־פּיעסעס. אָבער דער
האַלבער יום־טוב פּורים, ווען מ׳איז באַרוישט און ס׳איז אַ
מצוה זיך אַליין און אַנדערן משמח זיין, האָט געגעבן אַ לעגאַלע
מעגלעכקייט צו שפּילן יידיש טעאַטער.

די תחינות זענען אַ ליטעראַטור־געביט, וואָס גיט אונדז
בחורים, וועלכע האָבן ווידערשפּעניקט קעגן דער רבנישער־

איינגעצוימטקייט. פונדעסטוועגן האָבן זיי די פּורים־פּיעסעס געשפּילט מיט איידעלן פּאַטאָס. שפּעטער און צומאָל באַגלייך האָט זיך צום טעאַטער־שפּיל געגומען דער פּראָסטער עולם, וואָס האָט אין שווישפּיל געזוכט זיך גייסטיק אויסצושווימען. זיי האָבן שוין דעם פּורים־שפּיל וווּלגאַריזירט און אַריינגעפירט נבול־פּה. דער פּראָסטער מענטש האָט אין טעאַטער־שפּיל אויסגעלאָדן זיין אָנגעזאַמלטן פּראָטעסט קעגן די תקיפים און אויסנוצער. האָט ער עס געטאָן דורך פּריוואָלער בופאָנאַדע; מ׳האָט פּראָסטלעך און ציניש פּאַראַדירט, אויסגעלאַכט אַלע מאַכט־רעפּרעזענטאַנטן, נישט בלויז המן־הרשע נאָר אויך מרדכי און אסתר. מרדכי דער יידישער פירשט איז מגלגול געוואָרן אין אַ שלעפּער מיט אַ האַרב אויף די פּלייצעס און אסתר המלכה אין „אַ מיידל אַ פּאָרטרעט" מיט צעריסענע שיך. אירע יום־טובדיקע בגדים זענען „קדחת מיטן רויטן פּאָדים. שטרויענע הויזן מיט דראָט באַצויגן". דער האָרעפּאַשניק האָט אום פּורים געזען אין מרדכי דעם שטאָט־גביר, און אין אסתרן דעם גבירס אויסגעכאָליעטע טאָכטער. און דאָס פּאַרמיאוסן זיי איז געווען די נקמה פונעם באַעולהטן פּאָלקסמענטש.

אין זעכצנטן יאָרהונדערט האָט מען געשפּילט יידיש טעאַטער, אָבער די ידיעה וועגן ערשטן טעאַטער־שפּיל איז דער־גאַנגען ערשט פון יאָר 1598, ווען מען האָט אין טאַנעהויזן אויפגעפירט די סאַטירע „שפּיל פון טב יעקליין מיט זיין ווייב קינדליין און מיט צוויי זינליך פיין". דאָס איז אַ סאַטירע אויף אַ געוויסער פּאַמיליע. אָבער דערהויפּט איז דער רעפּערטואַר באַשטאַנען פון ביבלישע מאָטיוון „אחשורש־שפּיל" „אקטא אסתר מיט אחשורש" „מכירת יוסף" „עקדת יצחק" „אברהם ושרה"־שפּיל, „גלית־שפּיל" „מלוכת שאול" „אשמדאי־שפּיל" „משה מיט די לוחות". דאָס זענען ביבל־מאָטיוון צונויפגעפּלאָכטן מיט מדרש־שטאָף.

פונדאַנען האָט זיך אין דער השכלה־צייט אַנטוויקלט די יידישע קאָמעדיע. גראָד די השכלה, וואָס האָט באַקעמפט יידיש ווי אַ העסלעכן זשאַרגאָן, האָט נישט־ווילנדיק באַרייכערט דעם יידישן טעאַטער רעפּערטואַר. א ה ר ן ה א ל ל ע וו וו אָ ל פ ס ז אָ ן, אַ תלמיד פון משה מענדעלסאָנען, האָט אָנגעשריבן אין יידיש אַ „טאַרטיוף"־קאָמעדיע א. נ. „לייכטזין און פרעממעליי" (1798). די „העלדן" רעדן דאָרט אַן אידיאָמאַ־

טישן יידיש. י צ ח ק  א י י כ ל  איז דער אויטאָר פון דער קאָמעדיע „ר' הענאָך אָדער וואָס טוט מען דערמיט". די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער יידישער דראַמאַטישער ליטעראַטור ווערט איבערגעשטעלט אויף מזרח־אייראָפּע, דער־הויפּט רוסלאַנד און פּוילן. די פּיעסעס ווערן געשריבן אין אַ וואָרצלהאַפטיקן יידיש.

קודם כל קומט אין באַטראַכט  ד"ר  ש ל מ ה  ע ט י נ ג ע ר ס  קאָמעדיע „סערקעלע", געשריבן אין אַ ריינעם יידיש, די „העלדן" נוצן פיינע פאָלקסווערטלעך. י ש ר א ל  אַ ק ס ע נ פ ע ל ד  איז דער אויטאָר פון אַ גרויסער צאָל דראַמעס. פון זיי זענען דערהויפּט באַקאַנט: „דער יידישער רעקרוט", „מאַן און ווייב, שוועסטער און ברודער", „דער אוצר אָדער די גענאַרטע וועלט", „קבצן־עושר־שפּיל". געשריבן מיט אַ לייכטן הומאָר און געזעלשאַפטלעך־אויפקלע־רערישער טענדענץ. א. ב. ג אָ ט ל אָ ב ע ר  איז דער אויטאָר פון דער קאָמעדיע „דעקטוך".

ענדלעך האָט ס'יידיש טעאַטער באַקומען איר ערשטן רעפּערטואַר — א ב ר ה ם  ג אָ ל ד פ אַ ד ן. וועלכער האָט אין אים אַריינגעבלאָזן אַ נייעם רוח־החיים. — ער איז געווען נישט בלויז ליטעראַרישער נאָר אויך טעאַטראַלישער בויער פון דער יידישער סצענע. ער האָט אָנגעשריבן אַ מענגע יידישע פאָלקס־קאָמעדיעס און וואָדעווילן, אַריינגעפּלאָכטן אין זיי האַרציקע ניגונים. אָבער דערעיקרשט נאָמען האָט זיך גאָלד־פאַדן דערוואָרבן ביי די ברייטע פאָלקסשיכטן מיט זיינע היס־טאָרישע אָפּערעטעס „בר־כוכבא", „שולמית", „יהודה המכבי", „יהודית און אלאָפערן", ביבלישע פּיעסעס „עקדת־יצחק" „אחד־שורש", און פאָלקס־שטיק „ביידע קונע לעמעלס", „לא־תחמוד", „די כישופמאכערין", „דאָקטאָר אלמאָסאַדאָ", „הונגערמאַן און קבצנזאָן" און „שמענדריק" (דער לעצטער איז געוואָרן אַ פאָלקס־באַצייכענונג פאַר אַ נאַרעשוואַטן בחור). גאָלדפאַדנס רעפּער־טואַר האָט דערצויגן די יידישע מאַסן, געוועקט אין זיי צוגע־בונדנקייט צום יידישן עבר, חוש פאַר שיינקייט, ליבע צו מוז־זיק און ליבע צום יידישן וואָרט. אין שאָטן פון גאָלדפאַדענען איז געוואָקסן דער זייער רייכער רעפּערטואַר פון  מ ש ה  ה ו ר ו ו י ץ  (ביבלישע, היסטאָרישע און שטייגערישע מאָ־טיוון), י צ ח ק  ז אָ ל אָ ט אַ ר ע ו ו ס ק י,  מ ש ה

זייפערט, יוסף לאַטײנער, שמ"ר, משה ריכטער, א. מ. שאַרקאַנסקי, יוסף לערנער, מ. ד. הערמאַלין, נ. קאַלמאַנאָוויטש, אַסיפּ דימאָוו.

דער צווייטער רעפּאַרמאַטאָר פון יידישן טעאַטער איז גע־ווען יעקב גאָרדין, אויטאָר פון אַ גרויסער צאָל פּיעסעס און דראַמעס, וואָס האָבן געענדערט ס׳פּרצוף־פּנים פון ביזאַיצטיקן יידישן טעאַטער. ער איז דער פּיאָנער פון דער בעסערער יידישער דראַמע. פּונקט ווי גאָלדפאַדן האָט צוגע־צויגן דעם מאַסן־באַזוכער האָט גאָרדין צוגעצויגן דעם פאָלקס־אינטעליגענט. מ׳האָט געזען אויף דער סצענע נישט בלויז לוס־טיקמאַכער, נאָר נאָרמאַלע מענטשן מיט מענטשלעכע איבער־לעבונגען און אַ מענטשלעכער שפּראַך. זיינע פּיעסעס און דראַ־מעס זענען געווען אַ דערציונגס־שטאָף פון אַ ביסל אַ העכערער מדרגה. צום אייזערנעם רעפּערטואַר פון גאָרדין־טעאַטער גע־הערט „כאַסיע די יתומה", „מירעלע אפרת", „קרייצער־סאָנאַ־טע", „קיניג ליר", „די שבועה", „דבורהלע מיוחסת", „ברידער לוריע", „די שחיטה" א. אנד. גאָרדין האָט אריינגעפירט אויף דער יידישער סצענע מאָטיוון פון דער וועלט־ליטעראַטור, גע־געבן אין יידישע אַקספּרעסיע.

שפּעטער דערגייט צו אַן אויפשטייג — אויף דער יידישער בינע לאָזט זיך הערן ס׳געלייטערט וואָרט פון יידישן דראַמאַ־טורג־קינסטלער: פּרץ הירשביין, דוד פּינסקי, שלום אש, שלום עליכם, י. ל. פּרץ, לעאָן קאָברין, ז. ליבין, אברהם רייזין, יצחק קאַצענעלסאָן און מאָדערנע דראַמאַטורגן: ה. לייוויק, פּישל בימקא, אהרן צייטלין, דוד בערגעלסאָן, א. ווייטער, יעקב פּרעגער, אַלטער קאַציזנע א. אַנד.

ס׳יידיש טעאַטער־וואָרט האָט במשך פון לאַנגע דורות, אָנ־הייבנדיק פון דער שפּילמאַן־תקופה ביז דער משיח־דראַמע פון ה. לייוויק, געקלונגען אויף די פאַרשידענע „סצענעס": אין שול־הויף, ווייך־שענק, חתונה־זאַל און בינע און דערמיט גע־הויבן דעם געשמאַק פון די יידישע פאָלקסשיכטן, אַנטוויקלט זייער גייסט און געפעסטיקט זייער נאַציאָנאַלע צוגעהעריקייט. אַרויס פון בית־המדרש האָט דער וועלטלעכער פאָלקס־מענטש

געפונען אַ נייע גייסטיקע היים אין יידיש טעאַטער.

---- ⁂ ----

פון גאָר אַ לויטערן קוואַל שווימען אַרויס די האַרציקע און וואָרהאַפטיקע מאָטיוון, וועלכע מ׳רופט געוויינלעך פ אָ ל ק ס־ ל י ד ע ר. דאָס איז די אומגעפעלשטע אָפּשפּיגלונג פון פאָלקס־לעבן. אַ פאָלקס־ליד ווערט נישט אַרויסגעשטעלט צו עפנטלעכער אָפּשאַצונג; דאָרט זינגט דער פאָלקס־מענטש פאַר זיך אַליין אָדער גאָר מיט זיך אַליין. דורכן פאָלקס־ליד קאָן מען פותר־זיין דעם חלום, וואָס עס חלומט ס׳פאָלק מיט אָפענע אויגן. אין פרימיטיוו־האַרציקע ווערטער זינגט ס׳פאָלקס־ליד וועגן קאָלעקטיוון און אינדיווידועלן גורל. ס׳פאָלקס־ליד באַגלייט דעם מענטשן אין וויג, אין קינדער־שפּיל, ליבע־שפּיל, חתן־כלה־צייט און חתונה־צייט, פאַמיליע־לידער באַצייכענען באַציונג פון קינדער צו עלטערן, באַציונג פון מאַן צו פרוי און פון פרוי צום מאַן, באַציונג פון שוויגער צו שנור, לידער וועגן פרנסה, לידער וועגן אומגליקלעכער ליבע, לידער וועגן בענקשאַפט, לידער וועגן טויט, לידער וועגן נאַציאָנאַלן גורל אאז״וו. מיט אַ נישט ראַפינירטער ווערסיפיקאַציע און פרימיטיווער בילדערישקייט קומט צום אויסדרוק דער גאַנצער לעבנס־באַנעם פון די פאָלקסשיכטן. דאָס איז נוגע אויך שפּרוכן, ווערטלעך, משלים, ווונדער־מעשיות אד״גל. פאָלקלאָר דאָס איז אַ פאָלקס־פאַרמעגן.

דער יידישער פאָלקלאָר איז אַן אומגעהייער רייכער. זייער פיל מאַטעריאַל האָבן שוין אויפגעזאַמלט און פאַרעפנטלעכט גינזבורג און מאַרעק, י. ל. כהן, נח פּרילוצקי, ש. לעהמאַן, ש. אַנסקי, מנחם קיפּנים א. אַנד. אָבער אַ גרעסערער אוצר איז נאָך פאַראַן אין פאָלקס־מויל און פאָלקס־זכרון. נישטאָ אַזאַ ייד וואָס ביים הערן זינגען אַ האַרציק יידיש פאָלקסליד, זאָל אים נישט אַדורכגיין אַ ציטער איבערן לייב.

---- ⁂ ----

אין דער צווייטער העלפט פון נייַנצנטן יאָרהונדערט איז אין אונדזער יידיש געסל געוואָרן ליכטיק; ס׳איז געבוירן געוואָרן די י י ד י ש ־ ק י נ ס ט ל ע ר י ש ע ל י ט ע ר אַ ט ו ר. ס׳יידיש געשריבן וואָרט, וואָס האָט זיך ביז אַהער על פי רוב געשטיקט אין דער געדעמפטער „אמר אביי״־ספערע, האָט פון איצט־אָן אָנגעהויבן צו באַקומען ל ו פ ט י ק י י ט. ס׳האָט אויף זיך גענומען געלייטערטע סטילפולקייט, בילדערישן לבוש,

ראַפינירטן אויסדרוק און צאַרטן וווילקלאַנג. אין אונדזער ביז־איצטיקער פאַרמלאַזיקייט איז דאָס פשוט אַן אַנטפּלעקונג; ס׳יידיש־געשריבן וואָרט האָט פון זיך אָנגעהויבן אַרויסשטראַלן אַ נייע אייגענע פאָרם. מיטן אויפטריט פון די דריי אבות, די קלאַסיקער: מענדעלע, פּרץ און שלום־עליכם האָט ס׳יידיש וואָרט באַקומען ליטעראַרישע ,בירגער־רעכט. ס׳איז אויפגעקומען דער לאַנג־אָטעמדיקער יידישער ראָמאַן, קורצע דערציילונגען און געשליפענע נאָוועלע. ס׳יידיש לעבן איז נישט נאָר באַהאַנדלט געוואָרן ווי אַ געשטריקטע נעץ פון מצוות־מעשיות, נאָר איז געווייזן געוואָרן אין ליכט פון סאַטירע, הומאָר און ראָמאַנטישן פּאַטאָס. אין דעם זעלביקן קרייז זענען נאָכדעם אויפגעקומען דיכטער פון יידישן וואָרט ש. פרוג, מאָריס ראָזנפעלד, יהואש, לעאָן קאָברין, ז. ליבין און אברהם רייזין.. און שפּעטער די גרויסע פּראָזע־מייסטער: שלום אש, י. מ. ווייסנבערג, און יונה ראָזנ־פעלד.

דאָס אויפקומען און דאָס ווייטערע אַנטוויקלען פון דער יידיש־קינסטלערישער ליטעראַטור, דאָס איינגלידערן אַ שעפע־ריש יידיש וואָרט אין וועלטלעך־נאַראַטיווע פאָרמען, דאָס וועקן ביי פאַרפּילפּולטע בחורים חוש און פאַרשטענדעניש פאַר בילד און געשטאַלט אין אַ צייט ווען דער טראַדיציאָנעל־רעליגיעזער שטייגער האָט אָנגעהויבן צאַנקען, דאַרף באַטראַכט ווערן אין יידישן לעבן ווי אַן איבערגעבורט פון יידישן וועלט־געפיל.

אויף דער צווייטער זייט ים — אין די פאַרייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע, אַרגענטינע און קאַנאַדע — הויבט זיך אָן אויספיקן אַ נייער ליטעראַרישער צענטער. חוץ דעם עלטערן דור שרייבער מאָריס ראָזנפעלד, יהואש, א. ליעסין, אברהם רייזין, ל. קאָברין, ז. ליבין, דוד פּינסקי א. אַנד., וואָס האָבן זיך באַזעצט אין אַמעריקע, קומען אויף יונגע טאַ־לאַנטירטע און קאָמפּלוסטיקע שרייבער, וועלכע קינדיקן אָן אַ קאַמף דער גייסטלאָזער רוטין און פּרווון ברעכן אַ וועג פאַר נייע עסטעטישע שטרעמונגען. ביי זייער גאַנצער יונגקייט האָבן זיי פונדעסטוועגן גראַוויטירט צו דער „אַלטער היים”, זיי האָבן שוין אָבער אויפגענומען איינפלוסן פון דעם דרויסנ־

דיק ליטעראַרישן אַרום, ווי אויך דעם טעמפּאָ פון נייעם יידיש־אַמעריקאַנישן לעבנס־שטייגער. מיט יראת הכבוד צו דער פריקטראַדיציע און מיט אַ וואַך אויער צו דער נייער יידישער ווירקלעכקייט. די אַגרעסיווע גרופּע „יונגע" (גרופּירט זיך אַרום דעם זאַמלבוך „שריפטן") האָט פּראָקלאַמירט אויטאָנאָמע רעכט פאַרן אימפּרעסיאָניסטיש־קינסטלערישן וואָרט, וואָס טאָר נישט זיין משועבד צו קיין שום נאַציאָנאַלע אָדער סאָציאַלע אידעאָלאָגיעם. דער לאָזונג איז געווען „קונסט לשם קונסט", מען האָט געוויכט פון דער קאַנאָניזירטער רעטאָרישקייט און געשטרעבט צו לייטערן ס׳וואָרט אין גאַנג פונם טאָג־טעגלעכן לעבן.

בעתן ערשטן וועלט־קריג, ווען ס׳יידישע לעבן אין מזרח־אייראָפּע האָט געקריגן כסדרדיקע קלעפּ, האָט דער יידישער צענטער אין אַמעריקע דערפילט, אַז אויף זיינע פּלייצעס פאַלט אַראָפּ אַ גרויסע נאַציאָנאַלע אחריות. מ׳האָט פאַרשטאַרקט די יידישע ביכער־פּראָדוקציע אויפן געביט פון בעלעטריסטיק, סאָציאַל־עקאָנאָמיע, געשיכטע און פילאָזאָפיע. ס׳יידיש לעבן איז געשטיגן און די יידישע ליטעראַטור איז זיך פאַנאַנדערגעוואַקסן. יהואש האָט פאַרענדיקט זיין גראַנדיעזע אַרבעט — די מייסטערהאַפטע תנ"ך־איבערזעצונג. די „יונגע" באַקומען אַ פרישן צופלוס פון כוחות, ס׳טרעט אויף די גרופּע „אינזיכיסטן". דער „אין זיך" באַשטרעבט צו פלעגן די אינטראָספּעקטיווע דיכטונג און קולטיווירן די פערזן־קונסט. ס׳אַנטוויקלט זיך אַ פּראָלעטאַרישע דיכטונג, וואָס פאַרבינדט איר טעמאַטיק מיט דער יידיש־פּראָלעטאַרישער דיכטונג אויף דער גאָרער וועלט, דערהויפּט אין ראַטן־פאַרבאַנד.

אינם לעצטן סך־הכל דאַרף געזאָגט ווערן, אַז די יידישע קיבוצים אין די אַמעריקעס פאַרנעמען איצט (בפרט נאָכן חורבן) די באַדייטנדיקסטע פּאָזיציע אין דער יידישער וועלט־ליטעראַטור. אַמעריקע קאָן זיך פּרעזענטירן מיט די בעסטע קינסטלערישע ווערק, וואָס זענען רייף אַריינגעשטעלט צו ווערן אין אַלמער פון דער אַלגעמיינער וועלט־ליטעראַטור.

צוליב באַקאַנטע סיבות, נישט אָפּהענגיק פון אונדז, איז דער קאָנטאַקט מיטן ראַטנפאַרבאַנד אַ לויזער, אָבער פון דעם, וואָס מיר ווייסן איז קלאָר, אַז דער יידיש־ליטעראַרישער פאַרמעג איז דאָרט געווען אַ באַדייטנדיקער.

אחרון אחרון חביב — ס י י ד י ש פ ו י ל ן , וואָס איז ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען דער י י ד י ש ס ט ע ר ק י ב ו ץ אויף דער גאָרער וועלט און וואָס איז נאָך איצט דער רוקנביין פון אַנדערע יידישע קיבוצים. דאָרט איז ס׳ליטעראַריש שאַפן נישט געווען קיין אינדזל, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט אַ פרעמדשפּראַכיקן געוויש, נאָר אַ יידישע צעשפּרייטקייט וואָס גייט איבער די ברעגעס. פּוילן איז געווען די אייגנטלעכע י י ד י ש ־ ט ע ר י ט אָ ר י ע . דאָרט איז אויפגעגאַנגען אַ ליטעראַרישע שפע; ס׳איז געווען פאַרקוקט אין זיך אַליין און נישט געלעבט אין יענעמס זכות. וואַרשע, ווילנע, לאָדזש און לעמבערג זענען געווען פיר מעטראָפּאָליעס פון יידיש־שעפערישן וואָרט. אַ יידישער שרייבער אין פּוילן האָט ביים שרייבן פון איין זייט געשפּירט אויף זיך די גייסטיקע בליקן פון באַפּליגלטן י. ל. פּרץ, צאַרט־ראָמאַנטישן שלום אַש און ערלעך־רעאַליסטישן י. מ. ווייסנבערג. דאָס איז געווען אַ סינטעז פון וויזיע, פּייזאַזש און פּלאַסטיק, איינגעהילט אין אַ פּויליש־יידישן לבוש. פון דער צווייטער זייט האָט אים געבריט דער הייסער אָטעם פון וואָרט־דורשטיקן יידיש־לייענער.

ס׳יקומט אין פּוילן אויף אַ נייע פּראָזע און פּאָעזיע, וואָס האָט זיך געצייטיקט אויף דעם מהלך צווישן ביידע וועלט־מלחמות. אָט־דער צייט־אָפּשניט האָט געברענגט צו אַ גרויסן אויפשטייג פון יידיש־שעפערישן וואָרט. דער נייער שרייבער טרעפט זיך אויג אויף אויג מיט די בלוטיקע רעזולטאַטן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. ס׳איז אַ צעשויבערטע צייט, וואָס ווערט געטריבן דורך רעוואָלוציאָנערע טאַטן און דערלייזערישע וויזיעס. עס קרייציקן זיך מיסטישע זעונגען פון וועלט־באַנייונג און רעאַלע שילדערונגען פון סאָציאַלן איבערשיכטונגס־פּראָצעס. די דאָזיקע צייט האָט געבוירן דעם נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן ראָמאַן. נישט קיין קליינע ראָל שפּילט אויך דער פּראָלעטאַרישער ראָמאַן, וואָס שילדערט די האַרטע נויט אין פאַרשטאָט־געסל. פּאַראַלעל מיט דער בפירוש־אידעישער ריכטונג אַנטוויקלט זיך דער רייך־שילדערישער נוסח.

גאָר גרויסע דערגרייכונגען קאָן פאַרצייכענען די יידישע פּאָעזיע אין פּוילן. זי פאַלט זיך פונאַנדער אין דריי גרופּעס: די ע ר ש ט ע ג ר ו פּ ע איז פון איין זייט אונטער

דעם איינפּלוס פון דער גרויסער פּרץ־ירושה; אַ געפלעכט פון פּאָלקסטימלעכקייט, חסידות, באַלאַדע־פאַרחלומטקייט, וועלט־לעבע יידישקייט, וועלט־דערלייזונג און מעטאַפיזישן אויסבליק. פון דער אַנדערער זייט איז קענטיק די השפּעה פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און רוסלענדישער רעוואָלוציע, וואָס האָט אַריינגעבראַכט דעם אָפּקלאַנג פון בלוט־אויפגעשריי. די דיכטונג שרייט אויס דעם פּראָטעסט קעגן סאָציאַלן עלנט פון דערשלאָגענעם מענטש, וואָס ווערגט זיך מיטן אָרעמען ביסן ברויט.

י ש ר א ל  ש ט ע ר נ ס לידער זענען ראַפינירטע דיכטונג פון אַ רעליגיעז וועלט־געפיל. עס ווייעט פון זיי מיט וועלט־עלנט געפּאָרט מיט פּאָלקסטימלעכער האַרציקייט. מ ר י ם  א ו ל י נ אָ ו ו ע ר , די צנועהדיקע יידישע טאָכטער־דיכטערין, לעבט בילדעריש אויף אַן אויסגעלאָשענע וועלט פון אַלטער היימישקייט. זי שעפּט אירע מאָטיוון פון קוואַל, פון דער געטרייער באָבעשיס מויל, וואָס דערציילט וועגן יאָרן אָנגעזאַפּט מיט דערפאַרונג און חכמה.

די צווייטע גרופּע איז שוין אינגאַנצן אויסגעניכטערט פון דער נאָך מלחמהדיקער שיכרות און ווערט וואָס אַמאָל סאָלידער. זי שפּיגלט אָפּ דאָס איינברעכן זיך פון דער אַלטער יידיש־לעבער וועלט און גערראַנג צו אַ ניי לעבן. דער איבערגאַנג איז אָבער נישט קיין ראַשיקער, ער איז על פּי רוב באַגלייט מיט אַ ראָמאַנטישן סענטימענט פאַר דעם אונטערגייענדיקן. לעם די סאָציאַלע מאָטיוון זענען מיר אויסגעוואָרצלטע, וועלט־שמערצלערישע מאָטיוון.

ד י  ד ר י ט ע  ג ר ו פּ ע , די סאַמע יינגסטע איז ווייט נישט קיין איינהייטלעכע סיי לויט דער טעמאַטיק און סיי לויט דער פאָרם. עס קומט צום אויסדרוק אַ דריילינג דיכטער, וואָס קומט פון אַ רעליגיעזער סביבה און איז פאַרבענקט אין עבר און איז אויך נשמהדיק צעריסן אויפן וועג צום נייעם.

דאָס יידיש־קינסטלעריש־וואָרט טאָר נישט באַנומען ווערן רק ווי אַן אָפּגעריסן אייגנטום פון דעם אָדער יענעם שרייבער. פּ׳יידיש־געלייטערט וואָרט איז איצט אַ קאָלעקטיוו אייגנטום פון אַ גרויסער יידישער ליטעראַטור, וואָס האָט אויפגעשלאָגן אירע געצעלטן אויף דער גאָרער וועלט.

די יידישע שרייבער פון דער גאָרער וועלט בילדן אַלע צוזאַמען אונדזער ג י י ס ט י ק ע  ו ו ע ל ט - ג ע מ י י נ ד ע

פון יידיש-נאַציאָנאַלער שעפעריש קייט.

אויב ס׳איז אמת, אַז דער בראשית פונם מענטשלעכן קיום איז געווען דאָס וואָרט (לאָגאָס), איז עס נאָכמער אמת, אַז דער מיטלפונקט פון אונדזער פאָלקס-קיום איז אַלע מאָל און אוודאי, אויך איצט ס׳היווכמענטשלעך וואָרט, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט דערהויבענעם וועלט-הומאַניזם און מיט יידיש-געשיכטלעכן גורל. דאָס איז נישט קיין קאַפּריז, ווייל אָט דער „קאַפּריז" קאָסט אונדז שוין ימים מיט בלוט, און אָן דעם „קאַפּריז" וואָלט אונדזער לעבן און ליידן נישט געהאַט דעם מינדעסטן זינען. דאָס איז היסטאָרישע דעטערמינירטקייט פון דעם אַלט-נייעם עם-הספר.

אין די לעצטע הונדערט יאָר זענען מיר געשטאַנען פאַר אַ גרויסן נסיון. ס׳טראַדיציאָנעל-יידיש לעבן האָט זיך געהאַלטן אין איינברעכן, ס׳האָט אונדז דעריבער געדראָט צו ווערן גייס-טיק אויסגעליידיקט און אָפּגעוואָרפן ווערן פון ברייטן פעלקער-שליאַך. געשען איז אַ היסטאָרישער נס, וואָס די יידישע ליטע-ראַטור האָט באַוויזן אונדז אָנצופילן מיט אינהאַלט. די יידישע ליטעראַטור איז געוואָרן דער הויפּט-גורם פון אַ נאַציאָנאַל-קולטורעלן ווידערגעבורט און דער נאַציאָנאַל-קולטורעלער ווי-דערגעבורט האָט אויך צוריק באַאיינפלוסט דעם וווקס פון דער יידישער ליטעראַטור. די יידישע ליטעראַטור איז אונדזער היינטיקע קולטור-לעגיטימאַציע, דורך איר דעמאָנסטרירן מיר אונדזער פאָלקישע שעפערישקייט. זי איז אונדזער יחוס-בריוו, מיט וועלכן מיר קומען צו דער וועלט.

## 10. די יידישע פרעסע

באַזונדער האָט דורך דער פאַרמיטלונג פון דער פרעסע ס׳יידיש וואָרט געהאָלפן גייסטיק אויספאָרעמען די מאָדערנע קולטור-יידישע געזעלשאַפט אין מזרח-אייראָפּע און אַמעריקע.

אין מזרח-אייראָפּע ביים סוף נייננצנטן יאָרהונדערט, ווען ס׳דרויסנדיק לעבן האָט געברויזט מיט רעוואָלוציע, האָבן די יידישע פאָלקסמאַסן געפירט אַן אָפּגעזונדערט און אָפּגעשטאַנען געטאָ-לעבן, נישט געהאַט די מינדעסטע השגה פון דער אַרו-מיקער וועלטלעכער קולטור. דער ראשער איבערגאַנג פון יידיש-לעכקייט צו וועלטלעכקייט האָט געדראָט מיט אַן אַסימילאַ-ציע-כוואַליע. ערשט די יידישע פרעסע האָט אין דעם פאַל אויס-

געפֿילט אַ גרויסע היסטאָרישע שליחות; זי איז געוואָרן די דער־פֿאָלגרייכע טרעגערין פֿון אַ יידיש־וועלטלעכער קולטור. זי האָט דעם פֿאָלקס־מענטש געגעבן אַ מאָדערנע שפּראַך אין מויל; אים געגעבן נייע יידישע ווערטער, אויסדרוקן, באַצייכענונגען, טערמינען פֿאַר נייע פּאָליטישע, געזעלשאַפֿטלעכע און וויסנ־שאַפֿטלעכע באַגריפֿן. זי האָט דורך דעם היימיש־יידישן וואָרט דעם יידישן מענטשן גייסטיק פֿאַרבונדן מיט דער ברייטער וועלט און, נישט מינער, נאַציאָנאַל פֿאַרבונדן צווישן זיך אַלע יידישע ישובים אויף דער גאָרער וועלט. אַ גרויסע צאָל צייטונ־גען און זשורנאַלן זענען רעגולער דערגאַנגען אין די סאַמע פֿאַרוואָרפֿנסטע יידישע ישובים און אַזוי אַרום נאַציאָנאַל גע־קרעפֿטיקט דעם יידישן פֿאָלקס־קיום. די פּרעסע איז געווען די אויסדריקערין פֿון אַלע אידעאָלאָגיעס, וואָס האָבן געהערשט אין יידישן לעבן: ציוניזם, סאָציאַליזם, טעריטאָריאַליזם, פֿאָל־קיזם, און אָרטאָדאָקסיע. נישט נאָר אין די הויפּט־שטעט, נאָר כמעט אין יעדער גרעסערער פּראָווינץ־שטאָט זענען דערשי־נען יידישע צייטונגען, וואָס האָבן געבילדעט אַ גרויסן געזעל־שאַפֿטלעך נאַציאָנאַליזירנדיקן כוח. אין וואַרשע זענען דער־שינען פֿאָלגנדיקע טאָג־צייטונגען: „דער פֿריינד", „וועג", „טע־לעגראַף", „אונדזער לעבן", „נייע וועלט", „היינט", „מאָמענט". „דאָס יידישע פֿאָלק", „פֿאָלקסצייטונג", „וואַרשעווער עקס־פּרעס", „יידיש טאָגבלאַט", „באַפֿרייונג" א. אַנד. די פּרעסע איז אויך געווען די טרעגערין פֿון יידיש־קינסטלערישן וואָרט; אין איר האָבן סיסטעמאַטיש פֿאַרעפֿנטלעכט זייערע שאַפֿונגען די אָנגעזעענסטע שרייבער מיט די קלאַסיקער י. ל. פּרץ, שלום־עליכם און שלום אש בראשם. דערצו איז דערשינען אַ גרויסע צאָל ליטעראַרישע און געזעלשאַפֿטלעכע זשורנאַלן.

אַ ריזיקע באַדייטונג האָט ס׳יידישע פּרעסע־וואָרט געהאַט אין אַמעריקע, קאַנאַדע, אַרגענטינע, בראַזיל און אַנד. אין אַמע־ריקע איז פֿון דעם אימיגראַציע־שטראָם אויסגעוואַקסן דער גרעסטער קיבוץ פֿון יידישן וועלט־פֿאָלק. די שיפֿן האָבן גע־בראַכט יידן פֿאַרוואָרלאָזטע, צעשראָקענע און אויסגעוואָרצל־טע; אָן אַ קרוב און אָן אַ פֿריינט, גרינע, נישט געוווּסט ווו־איין און ווו־אויס. ס׳האָבן זיך פֿאַר זיי געעפֿנט די פּיסקעס פֿון די טומלדיקע שטעט און די שוויץ־שעפּ. ס׳היימיש־יידיש פּרעסע־

וואָרט איז דעריבער פאַרן אימיגראַנט אין פרעמדן לאַנד געוואָרן אַ געטרייער ברודער און מדריך. די יידישע פרעסע האָט פון דער לכתחילה פאַרמלאָזער מאַסע אויסגעקריסטאַליזירט אַ קולטור־נאַציאָנאַלע געזעלשאַפט. נאָכמער איז געווען די באַדייטונג פון דער פרעסע, מחמת ס׳האָט זיך אין אַמעריקע אָנגעהויבן אַ גאַנץ נײַ יידיש לעבן ווייט פון די אייראָפּעישע טראַדיציעס.

אין 1870 זענען אין ניו־יאָרק דערשינען: די „יידישע צייטונג", „די פּאָסט". אין 1874 — די „יידישע גאַזעטן", 1878 — „יידישע פאָלקסצייטונג", 1883 — „טעגלעכע גאַזעטן".

די ערשטע שטענדיקע יידישע טאָגצייטונג „י י ד י ש ע ס ט א ג ב ל אַ ט" איז אויפגעקומען אין יאָר 1885, וועלכע האָט זיך אין יאָר 1928 צונויפגעשמאָלצן מיטן „מ אָ ר ג ן־ ז ש ו ר נ אַ ל", וואָס איז דערשינען זייט 1901. ביידע צייטונגען האָבן געדינט די אינטערעסן דערהויפּט פון אָרטאָדאָקסישן יידנטום. אין 1894 האָט אָנגעהויבן דערשיינען די ערשטע סאָציאַליסטישע צייטונג „א ב ע נ ד־ב ל אַ ט". אין יאָר 1897 האָט אָנגעהויבן דערשיינען דער „פ אָ ר װ ע ר ט ס", וועלכע איז היינט צו טאָג די פאַרשפּרייטסטע צייטונג אין אַמעריקע. זיין גרונט־פּראָגראַם איז געווען — ס׳דינען די אינטערעסן פון „יידישן אַרבעטער־קלאַס". אין יאָר 1914 האָט אָנגעהויבן דערשיינען די טעגלעכע צייטונג דער „טאָג", וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו זיין „פּאָליטיש נייטראַל, יידיש־נאַציאָנאַל און אומאָפּהענגיק פון וועלכער ס׳איז פּאַרטיי". אין יאָר 1922 האָט אָנגעהויבן דערשיינען די טאָג־צייטונג „מאָרגן־פרייהייט", וואָס פרעזענטירט די קאָמוניסטישע ריכטונג. חוץ די פּראָווינצער צייטונגען זענען אויך דערשינען פיל וואָכנבלעטער און חודש־זשורנאַלן: „פרייע אַרבעטער־שטימע", „צוקונפט" (פון 1892), „דער וועקער", „נייע צייט", „אונזער וועג", „יידישע וועלט", דער יידישער קעמפער", „יידישער אַרבעטער", „דער יידישער סאָציאַליסט", „גערעכטיקייט", „דאָס נייע לעבן", „דער פריינד", „פּראָלעטאַרישער געדאַנק", „דאָס פאָלק", א. אַנד.

אין דער פרעסע זענען געקומען צום אויסדרוק אַלע פּאָליטישע ריכטונגען אין יידישן לעבן. דאָס איז נוגע אויך אַרגענטינע, בראַזיל און מעקסיקע. אַ באַזונדערע ראָל שפּילט איצט

די יידישע פרעסע אין אייראָפּע, וואָס שאַפֿט אַ געזעלשאַפֿט־לעכע מיינונג ביי די אויסגעוואַרצלטע יידן.

## 11. וווהין גייען מיר?

פון דעם ביזאַהער געזאָגטן דאַרף זיין קלאָר, אַז לשון יידיש איז אַ פעלזנפעסטע פּאָזיציע אין אונדזער נאַציאָ־נאַלער קולטור. יידיש איז במשך פון דורות אַריינגעדרונ־גען אין אונדזער קולטור־וועזן, באַרייכערט אונדזער גייסטיק פאַרמעגן, אונדזן געעפנט די אויגן אַריינצוקוקן אין זיך און אויך אַרויסבליקן צו דער ברייטער וועלט. יידיש האָט אויף אַלע געביטן (רעליגיעזע און וועלטלעכע, נאַציאָנאַלע און סאָציאַ־לע) היסטאָריש פאָרמירט אונדזער פּרצוף־פּנים.

יידיש האָט תמיד באַשטרעבט אַרויסצובאַקומען פון די פאָלקסשיכטן ס׳שענסטע און ערלעכסטע, וואָס זיי פאַרמאָגן. יידיש האָט אונדז באַהאָפטן מיט הויכמענטשלעכע אי־דעאַלן; יידיש האָט אונדז געלערנט שעצן אַלץ, וואָס איז שיין, דערהויבן און פּראָגרעסיוו; יידיש האָט אונדז גע־לערנט ליב האָבן אונדזער פאָלק און דערהויפּט די אַרבעטנ־דיקע פאָלקסמאַסן. מיט וועמענס גורל יידיש איז פון איר ערשטן אויפקום־טאָג אָן פאַרבונדן.

אין די פיינלעכסטע טעג פון אונדזער פאָלקסלעבן האָט ס׳יידיש וואָרט אונדז געבראַכט טרייסט, יידישע קינה — האַרציקע אויסוויינונגען, ס׳יידיש פאָלקסליד — וואַרעמקייט און היילונג. בעת די גרעסטע אויפטרייסלונ־גען און קאַטאַסטראָפעס האָבן מיר פון יידיש געשעפּט מוט, כוח און אויסדויער בייצושטיין אַלע נסיונות.

אין די געטאָס, ווו ס׳האָבן געבושעוועט מגפות, אין די פינצטערע בונקערס און אַפילו אין די טויטן־לאַגערס, ווען דער רויך האָט געשפּאַרט פון די קרעמאַטאָריע־קוימענס, האָט מען אינעם יידישן וואָרט געזוכט פאַרגעסונג און באַגלייך דערמאָנונג.

דערציילט אברהם סוצקעווער פערזנ־האַפטיק ווי אַזוי ס׳האָט אינעם פלאַמענדיקן ווילנער געטאָ, אין אָנבליק פון דער דייטשער בעסטיע, די קינדער פאַרשפּילט מיט שלום־עליכמס און פרצעס פאַרביקע מעשהלעך. וואָס נענטער

ביאיז געוואָרן צום מלאך־המות, אַליין מער כישוף האָט גע־שלאָגן פון יידיש־געלייטערט וואָרט.

מען יאָגט איבער חורבות אָן ברויט און אָן פייער,
דאָס ברויט איז אַ בוך און דאָס ליכט איז אַ בלייער,

פאַרזאַמלט די קינדער אין חרובער דירה,
עס לערנט זיי ווייטער די לערערין מירע

זי לייענט זיי שלום־עליכמס אַ מעשה,
עס פינקלען די קינדער און לאַכן בעת מעשה.

דער רינג ווערט וואָס אַמאָל ענגער, די לופט שטיקנדי־קער, דער דייטשער רוצח רויבט יעדן טאָג אַוועק אַ פרישע צאָל קינדער, אָבער די לערערין מירע שטייט נישט אָפּ און וואַ־רעמט די אומגליקלעכע נפשותלעך מיט פּרצעס וואָרט, מיט פּרצעס מעשה „דריי מתנות".

ביים לייענען פּרצעס דריטע מתנה,
האָט אונטערגעזעגט דאָס געביי די סכנה.
זיי האָבן געכאַפּט און פאַרטאָג איז געבליבן
פון הונדערט און דרייסיק, בלויז מירע און זיבן.

אין חשכותדיקן וואַרשעווער געטאָ, וווּ אויף טריט און שריט האָט געהערשט הונגער, קרענק און טויטשרעק, האָט דער „ייקאָר" (יידישע קולטור־אָרגאַניזאַציע) געפירט אַ פאַר־צווייגטע קולטור־אַרבעט. און ווען די אין געטאָ־אַריינגעשליי־דערטע משומדים און אַסימילאַטאָרן האָבן געפּרוווט פאַרפלייצן די יידישע גאַס מיט פּויליש, האָבן זיך די געטאָ־יידן בשעת־חירום אַקעגנגעשטעלט. אַן עד־ראיה, יאָנאַס טורקאָוו, דער־ציילט דערוועגן: „דער ייקאָר" האָט אין וואָרט און שריפט אַנט־וויקלט גאָר אַ גרויסע פּראָפּאַגאַנדע אונטערן לאָזונג: „ייד — רעד יידיש". אַז די דאָזיקע פּראָפּאַגאַנדע האָט אַריינגעבראַכט אַ שטאַרקע אויפלעבונג און דערפרישונג אין אונדזער חושכ־דיקן געטאָ־לעבן, איז איבעריק צו זאָגן" („אַזוי איז עס געווען" ז' 249).

מיהאָט זיך נישט באַגנוגנט בלויז מיט רעדן יידיש, נאָר מיהאָט אין די סאַמע שווידערלעכסטע טעג געפּלעגט אין געטאָ ס׳יידיש־קינסטלערישע וואָרט, זיך גייסטיק געקרעפּטיקט

מיט די ווערק פון די גרויסע יידישע שעפער און אויך די יונגע אַריינגעפירט אין דער יידישער קולטור־וועלט.

„די יידישע קולטור־אָרגאַניזאַציע האָט געגרינדעט אַ נעץ פון שולן, קורסן, אָרגאַניזירט אַ פאָלקס־אוניווערזיטעט, געעפנט אַ גרויסע יידישע ביבליאָטעק, אָרגאַניזירט רעפעראַטן, וויסנ־שאַפטלעכע לעקציעס, פאַרשידענע פאַראַנשטאַלטונגען פון אַ הויכן קינסטלערישן און ליטעראַרישן ווערט. עס זענען אָרגאַ־ניזירט געוואָרן אַ גאַנצע ריי אַקאַדעמיעס, יובל־פייערונגען גע־ווידמעט יהודה הלוין, שלמה עטינגערן, מענדעלע מוכר ספרים, שלום־עליכמען, פרצן, ביאַליקן, אשן, לייוויקן א. אַנד.״ (דאָרט).

ליגט אין אָט־דעם פאַקט אוודאי יידישע שיקזאל־האַפטיקייט, וואָרום אין שאָטן פון אַ מאַסנהאַפטיקן קדושים־טויט זוכן יידן באַשייד אינם אייגענעם גייסט. מ׳טרעט אַריין אין זיך גופא, מ׳וואַרעמט זיך ביים ליכט פון די פאַרגאַנ־גענע דורות, מ׳שטאַרקט זיך מיטן וואָרט און בילד פון אונדזע־רע בעסטע. אַנדערש וואָלטן אונדזערע יסורים נישט געהאַט דעם מינדעסטן זינען. דאָס איז אַ גרויסער ווידוי פאַר די אומגעקומענע און אַ הייליקע צוואה פאַר די לעבנגעבליבענע. דאָס איז אַ צוואה פאַר די קינפטיקע דורות ביי די שווערסטע און לעבנסגעפערלעכע באַדינגונגען וויטער צו שפינען אונדזער נאַציאָנאַל־קולטורעלן המשך.

די פירער פון „ייקאָר״ אין וואַרשעווער געטאָ זענען באַ־שטאַנען פון שרייבער, דיכטער, מאָלער, שוישפילער און קול־טור־טוער: עמנואל רינגלבלום, מנחם לינדער, יהושע פערלע, יוסף קירמאַן, מרדכי מאַזאָ, סאָניע נאָוואָגרודסקי, נחום רעמ־באַ, שכנא זאַגאַן, מרים אָרלעסקאָ, חנה בראַז, ישראל שטערן, שלמה גילבערט, יחיאל לערער, וו. וויינטרויב, לאָזער קלאָג א. אנד. זיי זענען אַלע אומגעקומען מיט אַ מאַרטירער־טויט. פון זייערע פאַרשטייפטע הענט איז אַרויסגעפאַלן די יידישע קאַמפס־פאָן. איז עס אונדזער היסטאָרישער חוב די אַרויסגע־פאַלענע פאָן איבערצונעמען אין אונדזערע הענט און ממשיך זיין ס׳ווערק פון די קדושים.

מיר, דער היינטיקער דור, שטייט אויף אַ קרייצפונקט פון דער יידישער געשיכטע, וואָס האָט אויף אונדז אַרויפגעלייגט גרויס אחריות. מיר מוזן וויסן, אַז מיר זענען ווערט צו זיין

די יורשים פון די פאַרגאַנגענע דורות, אַז מיר זענען ראוי פאַר די אויפגאַבעס, וואָס די היינטיקע טעג שטעלן פאַר אונדז.

לאָמיר זיך זאָגן אָפן — מיר לעבן אין אַ צעטומלטער צייט, ווען אַ טייל, די שוואַכע און אָן כאַראַקטער, ווילן דעזערטירן פון קאַמפּפּלאַץ און באַגערן זיך „אויסמישן" מיט אַנדערע. מיט אָט־דעם גייסטלאָזן אָפּפאַל האָבן מיר נישט קיין געמיינזאַמע שפּראַך; מיר האָבן פאַר זיי נאָר אַ געפיל פון פאַראַכטונג.

ס'זענען אָבער צווישן אונדז אויך פאַראַן אַזעלכע, וואָס זאָגן, אַז זיי זענען יאָ פאַראינטערעסירט אין יידישן גורל, נישט מער זיי האָבן נישט קיין אינטערעס פאַר יידיש. זיי ווילן יידיש אויסטוישן אויף ענגליש און אין דער ווייטער פּערספּעקטיוו, ד"ה באחרית הימים, האָבן זיי אין זינען העברעיש. מוזן מיר זאָגן, אַז ס'אַנטלויפן פון יידיש הייסט אין נאַציאָנאַלן זינען שפּרינגען אין אָפּגרונט. ווער ס'זויל היינט לייכטזיניק אָדער בייזוויליק אויסמיידן, אָדער אַריבערשפּרינגען יידיש, דער באַווייזט, אַז ער איז פּשוט נישט דערוואַקסן צו די גרויסע אויפגאַבעס, וואָס שטייען פאַר אונדז. ס'איז קלאָר, אַז בעת די גרעסטע דערפאָלגן וועט די מערהייט פון יידישן פאָלק בלייבן מחוץ דער אויסשליסלעכער העברעיש־ספערע. „ענגליש אָדער העברעיש" אָט־דער לאָזונג איז רק אַ פייגנבלאַט, מיט וועלכן ס'איז אויסן צו פאַרדעקן די אייגענע אַסימילאַציע־חרפּה.

דערצו איז אָט־דער לאָזונג נישט קיין נייער, ער איז אַ גלגול פון די לאָזונגען מיט וועלכע ס'האָבן תמיד געקעמפט די קעגנער פון דער לעבעדיקער פאָלקס־שפּראַך. ווייסן מיר דאָך, אַז רבי (יהודה הנשיא), דער מסדר פון דער משנה, האָט שטאַרק באַקעמפט יידיש־ארמית. ער איז איינגעגאַנגען אויף גריכיש אָבער נישט אויף יידיש־אַ ר מ י ת. זיין לאָזונג איז געווען „או לשון הקודש או לשון יוונית". ר' יוסי האָט געהאַט שטאַרקע תרעומות אויף די פּערסישע יידן הלמאי זיי ריידן דאָרט יידיש־ארמית. זאָלן זיי רעדן לשון הקודש אָדער פּערסיש, אָבער באין אופן נישט יידיש־ארמית „אוי לשון הקדוש או לשון פּרסי". איז דאָך אין פלוג נישט צו פאַרשטיין זייער קעגנערשאַפט צו יידיש־ארמית. העברעיש איז שוין דעמאָלט געווען בלויז אַ ליטעראַטור־שפּראַך, אַרום און אַרום האָבן יידן גערעדט יידיש־ארמית, טאָ מיט וואָס איז גריכיש און פּערסיש בעסער אָדער „כשרער" איידער די לעבעדיקע פאָלקס־שפּראַך יידיש־ארמית?

דער אמת איז, אַז די קעגנער פון יידיש־ארמית זענען דעמאָלט געווען פאַרקוקט און פאַרגלויבט אין דער אַבסטראַקטער יידישער קולטור און נישט געווען פאַראינטערעסירט אינעם אויפלעבן פון אַ יידישער פאָלקס־קולטור. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז לויטן דעמאָלטדיקן מצב זענען גריכיש און פּערסיש רק איבערגאַנג־שפּראַכן, וואָס זענען נישט איינגעוואָרצלט אין יידיש־גייסטיקן לעבן. אין ארמית־יידיש האָבן זיי געזען אַן אויפשטייג פון אַ נייער יידישער קולטור־תקופה, וואָס קאָן נאָך ווערן אַ „געפערלעכער" קאָנקורענט פאַר העברעיש.

איצטער, נאָכן אָפּלויף פון אַכצן הונדערט יאָר, קאָן מען שוין מאַכן אַ ניכטערן חשבון און זאָגן, אַז ווען יידיש־ארמית וואָלט דעמאָלט נישט געווען עפענען די שאַפונגס־קוואַלן פון פאָלק, וואָלט מען היינט פאַרשפּאָרט אינגאַנצן צו רעדן וועגן ווייטערדיקן גורל פון פאָלק. אויפן אָרט פון יידיש־ארמית וואָלט געקומען אַסימילאַציע, גייסטיקע פאַרוויסטונג.

וואָס ברייטערע שאַפונגס־רעגיאָנען יידיש האָט אַרומגענומען, אַלץ מער איז געוואַקסן די פאַרביסנקייט פון אירע קעגנער. מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק האָבן די עקסטרעמע העברעיסטן געוואָרפן דעם לאָזונג „עברית או רוסית". דער „גדוד מגיני חשפה" קאָן דולדן ענגליש, רוסיש און דייטש, אָבער נישט יידיש. אויך דאָ חזרט זיך איבער דער אַלטער היסטאָרישער פעלער, וואָס די פאָלקסמאַסן „קאָרעגירן" תמיד איינעם לעבן.

דער זאַפטיקסטער יידישער צענטער אין פּוילן איז פאַרשניטן געוואָרן. דאָס איז פאַר אונדז אַ בכיה לדורי־דורות און מיר וועלן אודאי קיינמאָל נישט זיין געטרייסט. אָבער דווקא דאָס גרויסע אומגליק דאַרף פאַר אונדז זיין אַ טרייב־קראַפט פאַר באַפעסטיקן אונדזער ווייטערדיקן יידישן המשך. אין אָנבליק פון די סכנות, וואָס לויערן אויף אונדז, מוזן מיר אויפזאַמלען אַלע כוחות, כדי אויפצובויען אונדזער גייסטיק לעבן. און די שאַפערישע כוחות זענען פאַראַן אין אינגעוויד פון פאָלק און קומען צום אויסדרוק אין זיין לעבעדיקער שפּראַך. וועלן מיר זיך דערפון אָפּקערן, וואַרט אויף אונדז אידעישע ליידיקייט און גייסטיקע פאַרוויסטונג.

מיר פאַרבינדן יידיש פאָלקסטום און וועלטלעכקייט מיט די אידייען פון הומאַניזם און פּראָגרעס. אין מיטלפּונקט פון

אונדזערע באַשטרעבונגען שטייט נישט קיין אַבסטראַקטע אי־
דייע, נאָר ס׳לעבעדיקע פאָלק מיט זיינע רעאַלע טאָגטעגלעכע
גייסטיקע און מאַטעריעלע נויטן. פאַר אונדז איז ס׳העכסטע
געבאָט דער ר ע אַ ל ע ר ק י ו ם פ ו ן פ אָ ל ק,
פאַר וועלכן מיר זענען גרייט אַלץ מקריב צו זיין. משה רבנו
האָט צעבראָכן די לוחות, כדי ס׳פאָלק זאָל בלייבן גאַנץ, אָבער
מיר וועלן קיינמאָל נישט איינגיין ברעכן ס׳פאָלק לשם וועלכע
ס׳איז לוחות... מיר ווילן די לוחות אונטערוואַרפן דעם קיום
פון פאָלק. און מיר שרייבן אונדזערע לוחות אין י י ד י ש,
דער שפּראַך פון אונדזער בלוט.

ל ש ו ן י י ד י ש איז פאַר אונדז י י ד י ש ע ר
ק י ו ם.

# דאָס פּנים און שיקזאַל פון דער יידיש־סאָוועטישער ליטעראַטור

(געלייפיקע סך־הכלען)

## א. די גרונט־שטריכן פון דער יידיש־סאָוועטישער פּאָעזיע.

די יידיש־סאָוועטישע ליטעראַטור, ווי אַלע סאָוועטישע ליטעראַטורן בכלל, איז אונטערגעוואָרפן דער אַלגעמיינער לאַנד־טעמאַטיק. אין ראַטן־פאַרבאַנד האַלט מען, אַז מ'לעבט שוין איצט אין אַ קלאַסנלאָזער געזעלשאַפט (דער אַרבעטער און פּויער בילדן דאָך ביינאַנד איין קלאַס), ממילא זענען נישטאָ קיין שום עקאָנאָמישע סתירות און סאָציאַלע ווידערשפּרוכן, וואָס זאָלן נויטווענדיקערהייט טרייבן די ליטעראַטור אויף טעמאַטישע אָקעגנגעזעצטע וועגן. פאַר אַלע ליטעראַטורן אין ראַטן־פאַרבאַנד עקזיסטירט (מיט קליינע אויסנאַמען) אַן איינהייטלעכע טעמאַטיק, אַרויסגעפירט לויט די באַדערפענישן און נויטן פון דער צייט. בדרך כלל אָבער איז אין דער יידיש־סאָוועטישער ליטעראַטור ביז איצט געווען אַ גערייד וועגן: בירגער־קריג, ווירטשאַפטלעכער איבערבוי, איבערשיכטונג, קאָלווירטן, איבערזידלונג אין בירא־בידזשאַן, סאָוועטישער קאָנסטיטוציע און סטאַלין־קולט. האַרט פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה זענען אין דער יידיש־סאָוועטישער ליטעראַטור אויפגעקומען יידיש־נאַציאָנאַלע מאָטיוון געבונדן מיטן אַלגעמיינעם סאָוועטישן פּאַטריאָטיזם. בעת דער א. ג. פאָטערלענדישער מלחמה זענען די יידיש־נאַציאָנאַלע מאָטיוון

געשטאַרקט געוואָרן און אויך דאָס איז געווען אין הסכם מיט די אַלגעמיין־פּאַטריאָטישע שטימונגען, וואָס האָבן געהערשט אָדער געדאַרפט הערשן אין לאַנד.

ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז די צענטראַל־אידייע פון אַלע סאָוועטישע ליטעראַטורן געווען — אינטענסיווער בוי פון דער נייער געזעלשאַפט. דערביי איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן די „אייזערנע" איבערצייגונג, אַז עס איז נישט בנמצא קיין קינסטלערישע ליטעראַטור, וואָס זאָל עקזיסטירן פאַר זיך גופא. זי טאָר נישט האָבן קיין אינעווייניקסטן אויטאָנאָמישן ציל פון זעלבסטשטענדיקער געשטאַלטונג. זי דאַרף אין איר ווערן און אין אירע אַלע אויסדרוקפאָרמען ווערן אונטערגעוואָרפן דער אַקטועלער סאָציאַל־פּאָליטישער פּראָבלעמאַטיק. קונסט לשם קונסט, בילד לשם בילד, ליטעראַטור לשם געננים — איז הוילער אומזין, דער ווערט פון דער ליטעראַטור באַשטייט פון כסדרדיקן דינען די קאָניונקטור־אויפגאַבעס. אין מיטלאַלטער האָט געגאָלטן דער לאָזונג — די פילאָזאָפיע דאַרף זיין די שפחה פון דער טעאָלאָגיע. אין ראַטן־פאַרבאַנד גילט דער לאָזונג — די ליטעראַטור דאַרף זיין די דינסטמויד פון דער רעוואָלוציע.

דער יסוד אויף וועלכן ס׳איז געבויט די יידיש־סאָוועטישע ליטעראַטור איז — דער ר ע אַ ל י ז ם. דער אמת־פּראָלעטאַרישער שרייבער, ווען ס׳זענען טייער די דערגרייכונגען פון דער רעוואָלוציע, מוז אומבאַדינגט אויסמיידן יעדן שפּור פון פאַרפירערישן אירעאַליזם און ראָמאַנטיזם. מ׳דאַרף באין אופן נישט פאַרגעסן, אַז יעדער מין ראָמאַנטיזם איז בענקשאַפטלעך פאַרקוקט אין פאַרפלויגענעם נעכטיקן טאָג און ממילא שוואַכט ער אָפּ די אינטענסיווקייט פון סאָציאַלער אויפבוי־אַרבעט. ער איז דעריבער בפירוש שעדלעך. אפילו דער רעוואָלוציאָנערער ראָמאַנטיזם און אידעאַליזאַציע זענען שעדלעך; די בליקן טאָרן נישט ווערן אָפּגעריסן פון היינטיקן טאָג. אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור־קריטיק רעדט זיך אָפּט, אַז מ׳טאָר נישט דערלאָזן אַראָפּצונעמען ס׳גרויע לייוונט־הע‏מדל פון דער האַרטערווירקלעכקייט; מ׳טאָר עס נישט פאַרטוישן מיט קיין זיידן העמדל...

אַ סאָוועטישער שרייבער מוז זיין באַזעלט אויסשליסלעך מיט דער מאַטעריעלער פּאַטעטיק פון דער פּראָלעטאַרישער

ווירקלעכקייט. יעדער אָפּנויג פֿון דער סאָציאַלער ווירקלעכקייט דאַרף דורכאויס אויסגעוואָרצלט ווערן.

אַזוי, למשל, באַהאַנדלט די יידיש־סאָוועטישע ליטעראַ־טור־קריטיק איין און דעם זעלביקן מאָטיוו, וואָס ווערט אויס־געדריקט אין לידער פֿון צוויי פּאָעטן, קודם־כל לייענען מיר י אָ ס ל  ק אָ ט ל י אַ ר ס  ליד א. נ. „בוים“:

גע‌וועזן אַמאָל אין וואַלד אַ דעמב,
און איצט — אַ סלופּ מיט אַ לאַמטערן.
ביז איצט איז ער געבליבן פֿרעמד
דער בלאָווער גאַס, די ווייטע שטערן.
ער שטייט מיט ליכטיקייט פֿאַרשעמט,
ער וועט שוין מער דעם וואַלד נישט הערן.

פֿון גרינעם ווייטיקדיקן בלי,
וועט ער שוין מער, דער דעמב נישט וויסן.
צו זיינע ברידער אַלע פֿרי —
מיט בלעטער דלאָניעס זיך נישט גריסן.
איצט לויפֿן שאָטנס ביי די קני
און ער דאַרף זיי מיט שיין פֿאַרגיסן.

אַ פֿרעמדן קאָפּ אים אָנגעטאָן
און אים געהייסן שטיין און טראָגן.
פֿון זינט די בורע נאַכט קומט אָן
ביז וואַנען ס'הויבט נישט אָן צו טאָגן.
און נישט געפֿרעגט צי ער קאָן
אַ ברענענדיקן קאָפּ פֿאַרמאָגן.

מיר לאָזן איצט אין אַ זייט דעם פּרימיטיוון פֿערז מיט זיין בלאַסער בילדערישקייט און פֿאַרהאַלטן זיך ביי דער אימאַ־גינירטער בענקשאַפֿט פֿון אַ בוים, וואָס האָט אַמאָל געלעבט איינגעוואָרצלט אין וואַלד און געבליט צוזאַמען מיט זיינע שכ־נים־ביימער. איצט האָט מען אים אָפּגעשניטן, אים אויסגעריסן פֿון זיין וואַלד־סטיכיע, אַוועקגענומען ביי אים דעם צופֿלוס פֿון די זאַפֿטן, מיט וועלכע ער האָט זיך ביז אַהער גענערט. מ'האָט אים פֿאַרוואַנדלט אין אַ שטייפֿן סלופּ און אויפֿן קאָפּ אַוועק־

געשטעלט אַ לאַמטערן. אויף דעם בוים טראָגט דער מענטש איבער זיינע אייגענע איבערלעבענישן און בענקשאַפטן. איז עס נאַטירלעך, מענטשלעך, צאַרט. אָבער אין אַ רעוואָלוציאָנערער אַטמאָספער שמעקן אַזעלכע ראָמאַנטישע לעבצעונישן מיט... קאָנטררעוואָלוציאָנערער קראַמאָלע.

נישט אַלע דיכטער אָבער לאָזן זיך פאַנגען פון „רעאַקציאָנערער ראָמאַנטישקייט". ס׳זענען אויך פאַראַן דיכטער, וואָס האָבן באַלד גיך איבערוויגדן אין זיך בענקשאַפטס־רעשטלעך פון דער אַלטער אָפּשטאַרבנדיקער וועלט. צו זיי געהערט אויך א י צ י ק  פ ע פ ע ר, וועלכער איז כּהרף־עין געווען מוכן ומזומן פּסיכיש אויפצונעמען די נייע רעוואָלוציאָנערעווירקלעכקייט אָן וועלכע ס׳איז ראָמאַנטישע קווענקלענישן. אָט לייענען מיר ביי אים אַ ליד א. נ. „ליגט דעם בוים".

איך האָב ליב צו קוקן אויף אַ בוים,
ווען ער ליגט צעזעגט און צעשניטן,
און שטילקייט הויבט אים אָן דערמאָנען,
יענע וועלדער, ווו ער איז געשטאַנען
ווען אַ שניי פלעגט שיטן שטיל און שיטן,
אויף די ווייסע סטעזשקעס פון דער נאַכט
איז דער וואַלד געווען פאַרשאָטן און פאַרטראַכט.
און אַמאָל פלעגט אַ פלינקער שליטן
וועקן אים פון דרימל און פון נעכט...
איך האָב ליב צו קוקן אויף אַ בוים,
ווען ער ליגט צעשניטן און פאַרקלערט,
ווייל איך וויים, אַז אים שוין באַשערט
שטיין שטאָלץ מיט ווייסע טעלעגראַפן־שטאַנגען
און הויך פון רושטאָוואַנעם דערלאַנגען.

ס׳איז באַשיימפּערלעך צו זען דעם אונטערשיד צווישן די צוויי ציטירטע לידער. איציק פעפער שפּילט זיך נישט מיט קיין צאַרטע נאָכווייענישן — פון אַ לעבעדיקן בוים, ביי וועלכן מ׳האָט אַרומגעהאַקט די צווייגן און נאָכדעם צעזעגט. פעפער איז טאַקע אַ דיכטער, אָבער די רעוואָלוציע פאָדערט זיך אָפּצוזאָגן פון סענטימענטאַלע שוואַכקייטן. ס׳איז אָבער דאָ פאַראַן נאָך אַ בולטער אונטערשיד. קאָטליאַר טראָגט זיין ליבע

צו ליידנדיקע מענטשן איבער אויף ליבע צו באַעוולהטע ביימער. פעפער ווידער טראָגט זיין צופרידנקייט מיט צעזעגטע ביימער איבער אויף דער צופרידנקייט מיט באַעוולהטע מענטשן. קוים איז עס נייטיק פאַר דער טובה פון דער רעוואָלוציע, מעג מען אַלץ צעזעגן: און ער איז מודה, אַז ער האָט דערויף „ליב צו קוקן“...

פאַרשטייט זיך, אַז ס׳האַרץ פון דער סאָוועטישען ליטעראַטור־קריטיק איז אויף דער זייט פון „מוטיקן“ פעפער, און נישט אויף דער זייט פון „צעקראָכענעם“ קאָטליאַר. א. זועוויאָרקע, פאַרגלייכנדיק ביידע לידער, קומט צום, אויספיר:

„ס׳איז קלאָר, דער אונטערשיד פון די צוויי לידער באַשטייט דערין, וואָס פעפער האָט דעם בוים דורכגעלאָזן דורך זיין פּראָלעטאַריש־מענטשלעכן באַוואוסטזיין, אַריינגעפלאָכטן אים אין די פּראָדוקציע־פּראָצעסן. און קאָטליאַר האָט אָנשטאָט באַוואוסטזיין און פּראָדוקציאָנעלע באַזע דעם בוים געגעבן מעשהדיקייט (אויסגעשפּרייט פון מיר — ל. פ.) און געפילן, אין וועלכע מיר גלויבן אַגב נישט“.

מעשהדיקייט, וואָס איז דער יסוד פון ליטעראַריש־קינסטלערישן שאַפן ווערט דורך דעם סאָוועטישן קריטיקער באַטראַכט ווי אַ פאַרפירערישער עלעמענט, וואָס איז עלול זיך צו פאַרבינדן מיט נאַציאָנאַליזם, דעמאָקראַטיזם און פאַשיזם... וואָרעם מעשהדיקייט איז דאָך ראָמאַנטיזם.

——— ⁂ ———

ס׳איז שוין געזאָגט געוואָרן, אַז דער הויפּט־חידוש פון דער יידיש־סאָוועטישער ליטעראַטור איז די פּאָעזיע. זי האָט זיך אַנטוויקלט אין דריי צענטערס: קיעוו, מינסק און מאָסקווע. אויפן געביט פון פּאָעזיע האָט די יידיש־סאָוועטישע ליטעראַטור אַריינגעשריבן אַ נײַ בלאַט אין דער געשיכטע פון דער אַלגעמיינער יידישער ליטעראַטור. אָפּגעזען פון וואָסער צענטער עמיץ קומט, זענען דערעיקרשט באַקאַנט די נעמען פון די דיכטער: שמעון האַלקין, פּרץ מאַרקיש, איציק פעפער, לייב קוויטקאָ, דוד האָפשטיין, עזרא פּינינבערג, איזי כאַריק, זעליק אַקסעלראָד, אשר שוואַרצמאַן, אהרן קושניראָוו, חיים גילדין, מ. כאַשטשעוואַצקי א. אַנד.

מיר וועלן אַרויסנעמען עטלעכע דיכטער און באַווייזן ווי די זיג־זאַגן פון זייערע שאַפונגס־וועגן זענען ענג געקניפּט מיט די אויסטערלישע גורלות פון דער סאָוועטישער ווירקלעכקייט.

ש מ ע ו ן  ה אַ ל ק י ן — די רעוואָלוציע האָט אים לכתחילה באַגייסטערט: זי האָט אים געהאָלפן זען אינם ייִד דעם באַפרייטן מענטש. אָבער באַגייסטערונג אַליין האָט אים נאָך נישט געקאָנט מאַכן פּסיכיש רייף אויפצונעמען די נאָך־רעוואָלוציאָנערע ווירקלעכקייט. האַלקין איז פון דער הייב־אוים געווען אָנגעלאָדן מיט ייִדישלעכער ירושהדיקייט, ווייט פון ריינעם קלאַסן־באַנעם. ער האָט זיך פון אָנהויב נישט גע־קאָנט באַפרייען פון דער נאַציאָנאַלער און קליינבירגערלעכער מענטאַליטעט. ער האָט נישט באַנומען דעם גאַנג פון „דיאַלעק־טישן פּראָצעס" און גאָר אָפּעריגט מיט רייך־עטישע באַגריפן. ער האָט נישט פאַרשטאַנען, אַז די געזעלשאַפט ווערט גרינט־לעך עקאָנאָמיש און ממילא קולטורעל איבערגעבויט, נאָר גאָר אַלגעמיין געהאָפט אויפן אויפקום פון אַ נייעם דור... ער האָט געדיכטעט וועגן אַן אויסער קלאַסנדיקער געזעלשאַפט און זיך דערביי באַנוצט מיט ביבלישע מעטאַפאָרן. דער סאָוועטישער ליטעראַטור־קריטיקער יחזקאל דאָברושין זאָגט וועגן ש. האַל־קינס ערשטן שאַפונגס־פּעריאָד: „ס'איז קלאָר, אַז האַלקין האָט אין זיינע לידער פון יאָר 1923 אָפּגעשאַצט די רעוואָלוציע שטייענדיק אויף רעאַקציאָנערע נאַציאָנאַליסטישע פּאָזיציעס. אין בעסטן פאַל האָט ער געקאָנט נאָר איינזען אַ פּאָר סכעמאַ־טישע ליניעס און באַצייכענען מיט זיי די געשעענישן, נישט באַנעמענדיק זייער דיאַלעקטישן תוך, נישט זייער קלאַסן־אינ־האַלט" — פאַרשטייט זיך, אַז מ'האָט האַלקינען אין די ערשטע יאָרן באַצייכנט ווי אַן אידעאָלאָגיש אָפּגעשטאַנענעם דיכטער, וואָס איז נאָך באַרוישט פון דער אַלטער וועלט. ער טרוימט וועגן אַן אַלגעמיינער לייטערונג פון דורות.

אָבער מיט דער צייט איז ש. האַלקין צו־ביסלעך — און אפשר מיטאַמאָל — פּסיכיש אַריינגעוואַקסן אין דער נייער ווירקלעכקייט און גענומען שרייבן לויט דעם ניי־דיקטירטן בוי־פּרינציפּ. איז עס געווען אַ שרייבן, וואָס האָט זיך גרינטלעך אונטערשיידט פון זיין ערשטן שאַפונגס־פּעריאָד. ס'קומט פאָר ווי ער וואָלט זיך ענדלעך באַפרייט פון דער „פאַרעלטערטער" ירושה, הערט אויף צו אָפּערירן מיט אַלגעמיין־עטישע באַגריפן

און אָנערקענט שוין די שאַרפֿע קלאַסן־אונטערשידן. דערצו איז זיין טאָן אַרויסגעקומען האַפֿערדיקער, דער קלאַנג רוישי־קער און דער מאָטיוו קעמפֿערישער.

מיר זיינען פֿאַר פֿאַרניכטונג
אַלם קלאַס די בעלי־גופֿים
און אויסבויען קאַלווירטן,
ראַטווירטן דאָ אין לאַנד —
אָט דערפֿאַר מיר פֿריידיקן,
אָט דערפֿאַר מיר רופֿן,
אָט דערפֿאַר צו שרייבן
ווערט נישט מיד די האַנט.

ס'איז שווער צו גלויבן, אַז ש. האַלקין איז ביז־אַהער גע־ווען בלינד און איז נישט געווען מסוגל איינצוזען די נויטיקייט פֿון קלאַסן־קאַמף, אַזוי אויך איז שווער צו גלויבן, אַז איצטער איז ער פֿלוצים געוואָרן אַדורכגעלויכטן מיט קלאַסן־באַוואוסט־זיין. זיין איצטיקע אָנטשלאָסענע קאַמפֿס־גרייטקייט קומט אונדז נישט אויס צו זיין אַ רעזולטאַט פֿון פּראָלעטאַרישן באַוואוסט־זיין, נאָר גיכער — פֿון פּסיכישן איינברוך. ש. האַלקינען איז ביז אַהער געווען פֿרעמד די אַטמאָספֿער פֿון מענטשלעכער אומפֿרייהייט; זיין דיכטערישע ווערדע האָט זיך געבונטעוועט קעגן גייסטיקן צוואַנג און דעריבער האָט ער נישט געקאָנט מיטגיין מיט דעם אַלגעמיין־אָנגענומענעם וועג. איצט אָבער האָט אים שוין די סאָוועטישע אַטמאָספֿער אין גאַנצן איינגע־שלונגען; ער האָט דערזען די אומניציקייט פֿון ווייטערדיקן ווי־דערשטאַנד, בפֿרט אַז ס'איז נישטאָ קיין צוריקגאַנג. ער שפּילט זיך מיט די ווערטער:

מיר שרייבן וואָס מיר ווילן;
מיר שרייבן, וואָס מע טאָר.
מיר שרייבן וואָס מיר ווילן,
מיר שרייבן, וואָס מע דאַרף.

איז עס אַן אויסטערליש אויסטייטש דעם פּלאָנטער פֿון שאַפֿערישער פֿרייהייט און קאָמוניסטישער דעטערמינירטקייט.

בעצם, הייסט עס, שרייבט אַ שרייבער וואָס ער וויל, אָבער ער „וויל נישט" שרייבן וואָס מ׳טאָר נישט, דערפֿאַר שרייבט ער וואָס „מ׳טאָר", ווייל וואָס „מ׳טאָר" באַטייט באַגלייך, וואָס מ׳דאַרף, און וואָס מ׳דאַרף וויל ער טאַקע... כ׳ווייס נישט צי אַט דער פֿינפֿגלידערדיקער פּשטלדיקער געדריידל איז עבֿדות בתוך חירות, אָדער גאָר — חירות בתוך עבֿדות. גיכער דער־מאָנט עס דעם זאָג פֿון ר׳ עקיבֿא — „הכל צפוי, והרשות נתו־נה" — אַלץ איז טאַקע פֿאַראויסגעזען און פֿאָרויס באַשטימט, אָבער דאָך איז דעם מענטש געגעבן געוואָרן די פֿרייהייט...

אין דער אַטמאָספֿער פֿון דער אַ. ג. פֿרייהייטלעכער דע־טערמינירטקייט אָדער דעטערמינירטער פֿרייהייט איז שוין האַלקין מודה, אַז די דיכטערישע ענערגיע קען נישט שוועבן אין דער לופֿטן, נאָר מוז דורכאויס איינגעשפּאַנט ווערן אין בויאונגס־פּראָצעס פֿון לאַנד, די פּאָעזיע מוז אויפֿהערן צערטלען זיך מיטן אָפּשיין פֿון שטראַלן; זי מוז אויפֿהערן זיך שפּילן מיט די יחידישע איבערלעבענישן און קאָקעטירן מיט מוזיקאַלישער דינקייט פֿון פֿערז. די סאָוועטישע דיכטונג מוז אויף זיך נע־מען די וואָג פֿון אייזן און זיך קליידן אין וואָכעדיקייט.

ס׳איז די דיכטונג אונדזערע
נישט קיין בלענד, קיין שפּילצייג
אַ וואָכיקע, אַ פּראָסטע
אַ נויטיקע אין נויט;
ווי פֿאַר רעדער — אייזן
פֿאַר געביי — געהילצן,
ווי פֿאַר פֿרידן — פֿליגל,
פֿאַר מלחמה — שרויט.

זאָל דאָס שוין זיין ש. האַלקינס ענדלעך געפֿונענער „ריכ־טיקער" וועג, איבער וועלכן ער וועט שוין ווייטער שפּאַנען? זאָל זיך דערמיט ש. האַלקין האָבן דערשלאָגן צו זיין אייגנט־לעכן שאַפֿונגס־עלעמענט? זאָל דאָס שוין ווערן זיין נאַטירלע־כע באַשערטקייט? — די ווייטערדיקע יאָרן האָבן באַוויזן, אַז ס׳איז נישט אַזוי, און די הויך־סאָוועטישע לידער איז האַל־קינס יידיש וועלט־געפֿיל ממש פֿאַרדרענגט געוואָרן און עס פֿעלט זיי פּשוט אוים — לופֿט. אוודאי קאָן מען נישט האַלקי־

נען באַשולדיקן אין באַוווסטזיניקער אומאויפריכטיקייט. ער איז „געפאַנגען" געוואָרן דורך דער לעניניסטיש־סטאַליניסטישער „תורה", וואָס לאָזט נישט קיינעם לעבן ווי מ׳דאַרף און ווי מ׳ווויל...

ביי דער ערשטער געלעגנהייט, ווען ס׳זענען לויט אַ קרעמל־דעקרעט דערלויבט — און אפשר רעקאָמענדירט — געוואָרן נאַציאָנאַלע מאָטיוון, האָט ש. האַלקין פאַרעפנטלעכט צוויי נייע דראַמעס — „שולמית" און „בר־כוכבא". זענען אָט די דראַמעס עדות ווי אַזוי ביי האַלקינען איז באַפּרייט געוואָרן איינגעשפּיכלטע יידיש־נאַציאָנאַלע ענערגיע. אין פאַרגלייך מיט זיינע פריערדיקע לידער איז אין די דראַמעס לופטיק און זוניק. אוודאי צאָלט נאָך דאָ האַלקין צו ביסלעך צינזן דער גענעראַל־ליניע, אָבער ער איז דאָך מיט זיך. דאָס זעלביקע לאָזט זיך אויך זאָגן וועגן זיינע ערלעכע טיף־יידישע לידער, וואָס ער האָט געשאַפן בעת און האַרט נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, עס פילט זיך אין זיי יידישע שיקזאַלהאַפטיקייט. אָבער דאָ האָט זיך פּלוצים שמעון האַלקינס שטימע אָפּגעהאַקט. צווישן אים און אונדז איז פאַראַן געדיכטער וואָלקן; מיר ווייסן גאָרנישט, הגם עס מאַטערן אונדז אומהיימלעכע השערות...

מאָדנע זענען די שאַפונגס־וועגן פון פּ ר ץ מ אַ ר ק י ש. בטבע וואָלט ער געקאָנט זיין אַ דיכטער פון נייַנצנטן יאָרהונדערט בעתן ראָמאַנטישן שטורעם און דראַנג־פּעריאָד. ער איז אַ געבוירענער בונטאַר, וואָס וויל אויפרייסן די פאַר־שפּינוועבטע וועלט. ער גיט זיך אפשר אַליין נישט אָפּ קיין חשבון געגנער קעגן וועמען און פאַרוואָס צו קעמפן, ווייל אים ציט קודם־כל דער עצם קאַמף, נאָך מער — דער באַזונדערער קאַמף. האָט אים די „מוזע" אָנגעהויבן באַאומרואיקן אין ערשטן פערטל פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט און דערצו אין אַ רעוואָ־לוציאָנערער סביבה — האָט זיין בונטאַרישקייט זיך פאַרנומען אין דער ראַדיקאַלער ריכטונג. ער האָט מיט אַ פלאַמיק וואָרט געקעמפט קעגן אָפּגעלעבטע פאָרמען פון דער אַלטער וועלט. דערביי האָט ער לויט זיין מענטאַליטעט, אויסדרוק־פאָרמען, בילדערישקייט, מעטאַפאָר און אידיאָם — אינגאַנצן געשטעקט אין דער י י ד י ש ע ר — אויב נישט י י ד י ש ל ע כ ע ר — סביבה.

זיין אומרו שטורעמט אוים בענקשאַפט, זיין בענקשאַפט ברויזט אוים לעבצעדישן נאָך שיינקייט. איז עס אַ שיינקייט אין זיך גופא אָן אַ וועלכן ס׳איז קאָנקרעטן סאָציאַלן אינהאַלט. און דערפאַר זענען אים אַליין נישט קלאָר די אייגענע וועגן און דערפאַר זענען זיינע לידער בולטע סימנים פון נאָכאַנאַנ־דיקע בלאָנדזשעניש. ער פאַלט איבער אַלעם און הויבט זיך ווידער אויף צום ווייטערדיקן הפקרדיקן שפּאַנען.

כ׳פאַל אויף אַלץ, וואָס איך באַגעגן,
כ׳פאַל אויף העל, כ׳פאַל אויף וועגן,
איין אויג צו, דאָס צווייטע — אָפן,
ליג איך הפקר אויף די וועגן,
אויף די וועגן פון פרימאָרגן,
מיד צעוואָרפן נ׳אַלע עקן,
לאָז די וועלט זיך פאַר מיר זאָרגן!

ער ברויזט סתם קעגן דער קליינבירגערלעכער פאַרגלי־וערטקייט אָבער קיין אייגענעם אויסוועג האָט ער דערוויל נישט. ער איז פאַרקוקט אין דער שיינקייט, אָבער קאָן זי אַליין נישט דעפינירן.

שיינהייט, שיינהייט, שיינהייט, שיינהייט,
ווער דו ביסט ווייס איך אַליין נישט.

דערביי לאָזט ער אין זיינע לידער אַדורך פיליוטערן שפּיל צווישן טרויער און פרייד, צווישן עלנט און הפקרות. אין אָנ־הויב איז ער מיטגעריסן מיט די צעשוימטע לעבנס־כוואַליעס, אַנטלויפט פון יעדן אומעט, וואָס קאָן קוים אַנדייטן אויפן טויט. שפּעטער הויבט ער זיך אָן גייסטיק חברן מיטן טויט, וואָס קאָן מעגלעך אויסלייזן דעם מענטש פון נאָגנדיקן לעבנס־עלנט.

כ׳בין חבר מיט דיר, טויט,
כ׳האָב דיר אָן אָרט געשענקט אין מיינע אויגן.

איז דאָס אוודאי נישט קיין צופאַל וואָס אין לאַנד פון „זיגנדיקן סאָציאַליזם״, וואָס איז געבויט אויף אַ דורכאויס אָפּ־

טימיסטישן וועלט־באַנעם, זאָל אַ צעברויזטער דיכטער זיך גאָר גייסטיק חברן מיטן טויט. און די רוסיש־סאָוועטישע דיכטער סערגיי יעסענין און וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקי (דער לעצטער אַ באַגייסטערטער באַזינגער פון סאָוועטישן רעזשים און הויך־פּאַרערער פון וול. איל. לענינען) האָבן זיך מיט די אייגענע הענט פיזיש איבערגעגעבן דעם טויט. ווען מאַרקיש קען זיך נישט באַפרייען פון טויט־געשפּענץ, בעט ער זיך:

וויי אַ געליבטע האַלדזסטו מיך, טויט
אָ, גיי נישט נאָך מיר, גיי נישט, טויט.

אָבער אַפנים די „פרייהייטלעכע" סאָוועטישע סביבה מיט אירע אַלע אויסטערליש־קונציקע מעגלעכקייטן האָט באַוויזן אויף אַ „דעטערמינירטן" שטייגער פון מאַרקישן אַרויסצו־טרייבן זיין אומהיימלעכע וועלט און אים דיכטעריש איינרייפן אין שטייגנדיקן בוי־פּראָצעס. ער איז מיטאַמאָל געוואָרן אָפּ־טימיסטיש, זיך „איבערגעסטראָיעט" אויפן סאָוועטישן „לאַד". ער לייזט זיך אויס פון די ביז איצטיקע קאָמוניסטישע קווענק־לענישן און ווערט אַ „לייט". ער נעמט אויף זיך „פרייוויליק" די סאָוועטישע לאַסט, די לאַסט, וואָס שאַפט אַ נייע עפּאָכע און איז אַזוי זיס...

אָ, קלוגער דור מיינער, אַ פולגעשטאַלטיקטע עפּאָכע!
ס'איז אַזוי זיס די לאַסט, די לאַסט דיך צו באַגרייפן,
ס'איז אַזוי זיס די לאַסט, די לאַסט דיך צו פאַרשטיין!

ער איז געוואָרן איבערבאַוואָפנט און וויל אויסמעקן זיין דיכטערישע פאַרגאַנגנקייט, ווייל ר'האָט ענדלעך דערזען, דעם איינציק ריכטיקן וועג, וואָס איז אים באַשערט דורך דער געשיכטע. ער איז דערנאָך עפנטלעך מודה זיינע אַמאָליקע שטרויכלונגען.

ווייטער האָט ער שוין אָנגעהויבן דיכטן ריין־סאָוועטיש, געשריבן אויך אַ הויך־פּאַטריאָטישע דראַמע וועגן דער יידישער איבערזידלונג קיין ביראָ־בידזשאַן. ווי אַ קרוין פון זיינע פּאָל־סאָוועטישע שאַפונגען דאַרף באַטראַכט ווערן זיין פּאָעמע „סטאַלין". אָט די פּאָעמע האָט קוואַנטיטאַטיוו אַ גאָר גרויסן פאַרנעם, געשריבן אין אַ געשוואָלענער שפּראַך און אָנגעבלאָ־

זענע מעטאַפאָרן. און מ׳מוז מודה זיין, אַז ס׳איז אין איר אַלץ פּאַראַן, אַחוץ סטאַלין אַליין.

אָבער דער מלחמה־דעקרעט, וואָס באַגינציקט יידיש־נאַציאָנאַלע מאָטיוון, האָט מאַרקישן געגעבן די מעגלעכקייט אַוועקצושליידערן די ליטעראַרישע שטאַלצן, מיט וועלכע ער האָט אין די לעצטע פאַר מלחמה־יאָרן געשטאָלפּערט. ער האָט זיך מיטאַמאָל אָנגעהויבן פריי באַוועגן; אַרויסגעבראַכט שיינע יידישע מאָטיוון אין וועלכער ער האָט אַריינגעלייגט אַ סך האַרץ. אַ באַזונדערן אויפמערק האָט ער אין זיינע שאַפונגען געשאָנקען דער יידישער מאַרטירערשאַפט. פאַרשטייט זיך, אַז וועגן פּולער פרייהייט האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד. ער האָט זיך תמיד אַרומגעקוקט ווי עס האַלט מיט דער גענעראַל־ליניע און דערפאַר האָט ער זיין אויפגעשפּיילטע יידישקייט ס׳רוב געקניפּט מיט סאָוועטישן פּאַטריאָטיזם. דאָס איז קאָנטיק פון זיין „הא לחמא" און דער גרויסער פּאָעמע „מלחמה" (האַלט 667 זייטן!). ער גריבלט זיך אינם פּראָבלעם ייד־מענטש. אין זיין ליד „דעם יידישן שלאַכטמאַן", זאָגט מאַרקיש:

פון פאָלק צו פאָלק — מיט דערנער אויף די הענט,
פון לאַנד צו לאַנד — מיט וואָגל־ווינט געפאָרט דאָרט.
מיר מעלדן זיי אויך דאָן, ווען אונדזער מויל איז שוין
פאַרברענט!
מיר מעלדן זיי אויך דאָן, ווען אונדזער האַלדז איז שוין
געשאָכטן
ס׳באַוועגט זיך באַרג און טאָל, עס מורמלט גראָז און
בלאָט,
און בלוט אויף אַלע וועגן שרייט: — נקמה!

וועסט, יידישער סאָלדאַט, זיך נישט צעשיידן מיט
דער ביקס,
ווי ס׳האָבן דיינע זיידעס נישט צעשיידט זיך מיטן ספר.

אַ שטאָט פאַר יעטווידן געשאָכטן קינד!
אַ שטאָט — פאַר יעטווידע געשענדעטע שוועסטער.

רייסן אונדז מיט מאַרקישעס פלאַמיקע פערזן און אוודאי גלויבן מיר מער אין דער אויפריכטיקייט פון זיינע נקמה־פערזן

איידער אין דער אויפריכטיקייט פון זיינע פאַנעגיריקס פאַר סטאַלינען. אָבער איצטער האָט מען פּריץ מאַרקישן שטום־געי מאַכט און ווער ווייסט וואָס מיט אים געשעט אָדער איז געשען...

---

נאָכן באַקענען זיך מיט די שאַפונגס־וועגן פון עטלעכע יידיש־סאָוועטישע דיכטער קאָן מען שוין לייכט כמעט אַלע ווייטערדיקע פּאָעטן איינפּרעסן אין איין און דער זעלביקער פּירפּאַכיקער סכעמע: 1) לכתחילה באַרוישט פון פלוצימדיקן פרייהייט־אויפברויז; די ערשטע באַגייסטערטע לידער זענען פול מיט יידיש געמיט. 2) מ׳בונטעוועט זיך אינעווייניק אַקעגן דער אָנגעוואָרפענער גענעראַל־ליניע. 3) מ׳ווערט באַהערשט פון דרויסנדיקע צוואַנג־מיטלען, מ׳פּאַסט זיך אַריין אין אַלגע־מיין־סאָוועטישן גאַנג און מ׳הויבט אָן שטאַלפּערן אויף שטאַלצן. 4) די מלחמה־צייט האָט אויף אַ משך פון אַ פּאָר יאָר געגעבן אַ מעגלעכקייט, אַז ס׳זאָלן לויז־געריסן ווערן די טיף־מאַגאַזינירטע יידישע כוחות און מ׳טרעט ווידער אַריין אין אייגענעם עלעמענט.

נישט יעדער איינער גלויבט, אַז מ׳קאָן צווינגען אַ דיכטער צו רעדן, דעמאָלט ווען ער וויל גאָר שווייגן, אָדער צווינגען אַ דיכטער צו שווייגן, ווען ער וויל גאָר רעדן. אָבער די, וואָס פאַרשטייען נישט ווי אַזוי מ׳קאָן צווינגען אַ דיכטער צו שווייגן אָדער פאַרשווייגן, דאַרף מען דערמאָנען דעם היינטיקן איבער־בוי פון דעם אַלטרוסישן ווערטל. אַמאָל פלעגט מען זאָגן: „טישע יעדיעש, דאַלשע בודיעש" (וואָס שטילער, ד. ה. פּאַמעלעכער, דו וועסט פאָרן, אַלץ ווייטער וועסטו זיין ד. ה. פאַרפאָרן). היינט זאָגן מסתמא די פאַרשיקטע שרייבער: „דאַלשע יעדיעש, טישע בודיעש" (וואָס ווייטער דו וועסט פאַרפאָרן, אַלץ ש ט י ל ע ר וועסטו זיין)...

אונטער דער זעלביקער סכעמע קאָן מען אויך אַריינרעכענען ל י י ב ק ו ו י ט ק אָ, וועלכער איז אומבאַדינגט אַ באַ־גאַבטער דיכטער מיט אַ באַזונדערן אינטערעס פאַר קינדער־פּאָעזיע. די ערשטע יאָרן האָט ער אין זיינע לידער געצאָרנט קעגן די פּעטלורישע באַנדעס, געוויינטיקט איבערן יידישן חורבן אין אוקראַינע. מיט בלוט דערציילט ער אונדז וועגן די קינ־דער יתומים: „מיט אויגן, וואָס ווייסן דעם שאַרף פון טויט".

ער איז פול מיט האַס קעגן די מענטשן־שענדער און לעבנס־פאַרוויסטער:

לאַז מיך אָפ,
כ׳וועל מיין גאַנצע גאַל
מיט הינטישן, מיט פיינענדיקן צאָרן,
כראַקן אויפן פיינט.

אָבער אין אַלגעמיין איז קוויטקאָ נישט באַלאָדן מיט קיין איבעריקער יידישער לאַסט־ירושה און איז גלאַט נישט קיין קאָמפליצירטער מענטש. אמת, פון מאָל צו מאָל זינדיקט ער אַ ביסל אונטער מיט סימבאָליזם, אָבער אין עצם איז אים נישט שווער זיך צוצובינדן צום היינט. די משא פון נעכטן דריקט אים נישט, און דעריבער איז ער מסוגל צו רופן — „גייט אייך, אַלטוואַרג". פאַרשטייט זיך, אַז די געשווירענע באַלשעוויסטישע קריטיקער נעמען אים פאַריבל הלמאי ער באַנעמט נישט די אַרומיקע דיאַלעקטישע קלאַסן־ווירקלעכקייט. אָבער די סאָוועטישע ווירקלעכקייט טוט ס׳איריקע און ווייטער באַ־טרעט שוין קוויטקאָ „פריילעך" די סטאַליניסטיש־פראָלעטאַ־רישע פאָזיציעס. דאָס קומט דער עיקרשט צום אויסדרוק אין דעם ציקל לידער א. נ. „אויף ניי געבוי". וואָס אַמאָל ווערט ער סאָוועטיש־פאַטריאָטישער; באַזינגט דעם סאָוועטישן בוי־פראָ־צעס סיי „אין טראַקטער־זאַוואָד" און סיי אין „אָנגריף אויף וויסטעס" (אַ גרויסע פאָעמע וועגן טורקסיב). בעת דער מלחמה איז ער געוואָרן יידישער אָבער אויך סאָוועטיש־פאַטריאָטי־שער. אין זיין „פליישמאַן דער באַרדיטשעווער" גיט ער שוין אַ פאַרביקע כראָנאָלאָגיע פון אַמאָליקן יידישלעכן באַרדיטשעווער שטייגער.

אַ סך קאָמפליצירטער איז שוין דוד האָפשטיין. זיינע ערשטע לידער זענען געבויט אויף א. ג. אייביקייטס־מאָטיוון. ער פילט אויף זיך די לאַסט פון דער יידישער פאַר־גאַנגענקייט; ער האָט זיך באַלאָדן: „מיט זיידנס ירושה, מיט שטעקן מיט אַלטן, מיט אַלטן פאַרשטויבטן, פאַרשרומפענעם לאָגל". ס׳קומט דער צווייטער פעריאָד, ער ווערט מיטגעריסן פון דער סאָוועטישער ווירקלעכקייט. מיט פאַטאָס רעדט ער וועגן רעוואָלוציע. „פאַרשיכורט קוקט מיין יונגע קרוין אַנט־

קעגן און צום נייעם קנויט פון פרייען פאָלק דיינעם, אַ גרויסע וועלט". אין תוך איז האָפשטיין אָבער נישט קיין מיטלויפער; ער זינגט זיין ליד אין דער שטיל. דערצו איז ער טעמאַטיש פילזייטיק. ער פילט זיך ווי צווישן וואַלגערשטיינער בעת אַ שניידיק געוויטער.

וואָס בין איך, וואָס באַטייט אויך איינער,
וואָס טראָגט זיין לעבנסליכט מיט שטילן ציטער.

דער שטילער ציטער איז דער בולטער קענצייכן פון האָפּ־שטיינען, דעם פאַרטיפטן און מוזיקאַליש־פילבאַרן דיכטער.

איז טאַקע נישט קיין חידוש וואָס די סאָוועטישע ווירק־לעכקייט איז נישט האָפשטיינס אייגנטלעכע דיכטערישע סטי־כיע. ער האָט טאַקע אויף אַ געווינסע צייט פאַרלאָזן ראַטן־פאַרבאַנד. אויך אַנדערע יידיש־סאָוועטישע שרייבער האָבן עמיגרירט, האָפשטיין אָבער איז געפאָרן קיין ארץ ישראל דאָרט זיך אָנצוזאַפּן מיט יידישקייט. ער איז צוריקגעקומען קיין ראַטן־פאַרבאַנד; דאָרט האָט מען אים פאַר דעם עמיגראַציע־„חטא" פאַרמשפּט אויף דריי יאָר שווייגן. אָבער דאָס שווייגן־שטראָף איז אים א פנים אַריין אין די ביינער און זיינע שפּעטערדיקע לידער וואָס האָבן אַן עפּיזאָדישן כאַראַקטער, זאָגן עדות וועגן אַ דיכטער, וואָס איז אַרויס פון די רייען און שאַרט זיך אַן עלנטער אַרום די מויערן. און אפשר איז דאָס איצטיקע גע־צוונגענע שווייגן פאַר אים אַ ברכה...

גאָר אַן אַפּענער און אַ גלאַטיקער איז דער וועג פון א י צ י ק פ ע פ ע ר. ער איז נישט געקומען מיט קיין שום ירושה, מיט קיין שום טראַדיציעס, מיט קיין שום פּסיכישע מיחושן און איז באַלד מיט אַ הילכיקן בייטשגעקנאַק בריטלעך אַריינגעפאָרן אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור. דער מלאך פון רעוואָלוציע האָט אים נישט געדאַרפט שנעלן אין דער אויבער־שטער ליפּ, אַז ער זאָל פאַרגעסן די אַלטע תורות, ווייל ער האָט פשוט נישט געהאַט וואָס צו פאַרגעסן.

ער דערקלערט שוין פון אָנהויב אַ קאַמף די כלערליי לי־רישע זייטיקייטן, וואָס לאָזן נישט שפּאַנען פאָרויס מיט דער רעוואָלוציע:

אָ, לירישער רעגן, אָ, לירישער רעגן,
פאַרשטעל נישט פון מיר די פאָרויסיקע וועגן.

ער איז אין זיינע פּאָליטישע לידער ליידנשאַפטלעך פּאַ־
לעמיש; ער האָט שוין דעם אמת ליגן אַ גרייטן אין קעשענע
און פאַרטראָגט נישט קיין ווייכהאַרציקע אָפּווייכונגען. ער גיט
זיך אַליין אָפּ אַ חשבון פון זיין קריגערישן טעמפּעראַמענט, וואָס
פאַרשאַפט אים אוודאי שונאים, אָבער דערפאַר געפינט ער
אויף דער אַנדערער זייט פריינט.

ווי איז דעם דיכטער,
וואָס האָט נישט קיין פריינט,
ווי איז דעם דיכטער
וואָס האָט נישט קיין שונאים.

און באַלד איז ער געוואָרן אַ הייסער אָנהענגער פון כאַווער
סטאַלין און אים פייערלעך געשוווירן:

ביזן הילך פון לעצטן שאָס
וועל איך בלייבן דיין מאַטראָס.

ער איז בלב ונפש איבערגעגעבן דעם בוי־פּראָצעס אין
לאַנד און אַפּראָבירט דיכטעריש אַלע קרעמלישע דעקרעטן.
ר׳לויבט די פאַראָרדנער און טאַדלט די שעדיקער. רופט הילכיק
די שאַכטיאָרן צו ברייטע פאַרמעסטונגען.

פאַרמעסטונג — הייסט האַקן ביי פליערס די פליגל
פאַרמעסטונג — הייסט וואַגן!
פאַרמעסטונג — הייסט זיגן!
פאַרמעסטונג — הייסט קלאַס
קאָמוניזם!
פּאַרטיי!

אויף שריט און טריט באַטאָנט ער די גרויסקייט פון דער
באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע און גאונישקייט פון כאַווער
סטאַלין.

ווי די זון וועט סטאַלינס נאָמען
שיינען אייביק אויף דער וועלט
ער איז טיפער פון די ימען,
ער איז העכער פון די בערג,
נאָך אַזאַ איז ניט פאַראַנען
אויף דער קיילעכדיקער ערד

ער ווירקט אין גאַנצן אין דער ספּיראַלער סאָוועטישער
ווירקלעכקייט און ס׳באַקומט זיך דער איינדרוק, אַז די נאָכ־

אַנאַנדיקע אויפטריטן און צוריקטריטן, דאָס לויבן און שעלטן, דאָס כסדרדיק אָפזאָגן זיך פון דעם נעכטיק געלויבטן איז פעפערס אייגנטלעכע פערזענלעכע און דיכטערישע סטיכיע. ער שווימט דערין ווי אַ פיש אין וואַסער.

דאַרף מען זיך נישט ווונדערן, אַז ווען ס׳איז בעת דער מלחמה געוואָרן אַ קורס אויף נאַציאָנאַלע מאָטיוון, האָט פעפער נישט פאַרזוימט אויסצונוצן די געלעגנהייט. אַמאָל האָט ער געשפאָט פון דער אַלטער פאַרשימלטער יידישקייט, היינט רופט ער הויך — „איך בין אַ ייד!" און נישט גלאַט אַ ייד, נאָר אַ ייד, וואָס ציט בפירוש זיין יחוס פון ישעיה, ר׳ עקיבא, רמב"ם, שפינאָזע, איינשטיינען א. אז. וו. ד. ה. אַ ייד פון יידנלאַנד. גאָר רירנדיק זענען זיינע „שאָטנס פון וואַרשעווער געטאָ". און מ׳מוז מודה זיין אַז ער איז פיל אויפריכטיקער אין זיינע געטאָ־מאָטיוון איידער אין זיין פילגאָרנדיקן סטאַלין־קולט. איצט איז פעפער ערגעץ פאַרשטעקט געוואָרן און מעגלעך, אַז ער שעפטשעט ווייטער זיין תפילה בלחש וועגן סטאַלינען:

נאָך אַזאַ איז ניט פאַראַן
אויף דער קיילעכדיקער ערד

מ׳וואָלט אוודאי געדאַרפט נאָך ריידן וועגן אַ ריי אַנדערע סאָוועטישע דיכטער. אָבער אין תוך זענען זייערע אַלע ביאָ־ און אידעאָגראַפיעס כמעט איינע און די זעלביקע. ס׳איז נישט צו פאַרלייקענען, אַז די יידיש־סאָוועטישע פאָעזיע ציילט טאַלאַנטירטע דיכטער, אָבער צוליב דער אַלפאַרפליכטנדיקער גענעראַל־ליניע ווערן זיי אַלע צונויפגעמישט. די יידיש־סאָוועטישע פאָעזיע — פאַר זיך גענומען — בילדעט אַן אייגנאַרטיקע פאָזיציע אין דער געשיכטע פון דער אַלגעמיין־יידישער ליטעראַטור, אָבער ביי די באַזונדערע פאָעטן איז אַוועקגענומען געוואָרן יעטווידע מעגלעכקייט אויסצוקריסטאַליזירן זייער אייגן דיכטעריש פרצוף־פנים. פאַרקערט, ס׳איז אַלץ געטאָן געוואָרן אָפצומעקן זייער דיכטעריש אינדיווידועלישקייט, אָן וועלכער ס׳איז בכלל נישט געמאָלט קיין ווקס פון טאַלאַנט.

איצטער איז כדאי זיך צו באַקענען מיט דעם גאַנג פון דער יידיש־סאָוועטישער פראָזע.

## ב. די יידיש־סאָוועטישע פּראָזע און די מענטשלעכע דראַמע אין ראַטן־פאַרבאַנד

און נאָך אין אַ צוויי
און נאָך אין אַ דריי יאָר —
ווער וועט שוין דעמאָלט דערקענען מיין דור?

אַליעווסקי („שאַכטע").

ס׳איז שוין פריער געזאָגט געוואָרן, אַז די באַדייטנדיקסטע פּאָזיציע אין דער יידיש־סאָוועטישער ליטעראַטור איז — די פּ אָ ע ז י ע. די פּראָזע הינקט דאָרט אַ ביסל אונטער. דעם אמת געזאָגט, הינקט די פּראָזע אונטער נישט בלויז אין ראַטן־לאַנד, נאָר אין אַלע יידיש־שאַפערישע קיבוצים אויף דער גאַנצער וועלט. טאַקע אַ פּלא, דער קלאַסישער אויפגלאַנץ פון דער יידיש־קינסטלערישער ליטעראַטור אין מזרח־אייראָפּע איז געווען — די פּ ר אָ ז ע. מענדעלעס ברייטע שטייגער־שילדערונגען, שלום עליכמס קוואַליקע דערציילונגען און י. ל. פּרצעס וואָרצלהאַפטיקע „פאָלקסטימלעכע געשיכטן" און „חסידיש" זענען דאָך דער ווינקלשטיין פון דער יידישער ליטעראַטור. אויך דער ערשטער שטאָק: שלום אַש, אברהם רייזען, י. מ. וויסנבערג, יונה ראָזענפעלד, אנכי און דוד בערגעלסאָן זענען דאָך דער פולבלוטיקער המשך פון דער קלאַסישער פּראָזע. זיי האָבן דאָך דער נייער יידישער ליטעראַטור געגעבן אַן אייגן פּרצוף־פּנים. — און פונדעסטוועגן — היינט, ווען די יידישע ליטעראַטור קאָן זיך לעגיטימירן מיט באַשיימפּערלעך גרויסע דערגרייכונגען, איז די פּראָזע עפּעס פאַררוקט געוואָרן אין אַ ווינקל, און דעם אויבנאָן פאַרנעמט גאָר די פּאָעזיע. פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אין דער יידישער ליטעראַטור דאָמינירט די דערציילונג, ראָמאַן, נאָוועלע אָדער סקיצע. היינט דאָמינירט דאָס ליד, פּאָעמע און צומאָל — די באַלאַדע. וואָס שייך לידער זענען מיר אַצינד געבענטשט מיט אַזאַ שפע, וואָס איז אין דער געשיכטע פון די יידישע ליטעראַטורן, ביז היינט נאָך נישט נאָטירט געוואָרן.

לאָזט זיך דאָס אפשר אויפקלערן דערמיט, וואָס במשך פון די לעצטע פינף און דרייסיק יאָר לעבן מיר איבער נאָכאַנאַנדיקע אויפטרייסלונגען. די ערשטע וועלט־מלחמה מיט אירע גרויליקע רעזולטאַטן, דער אָפּקלאַנג פון דער רוסלענדישער רעוואָלוציע, דאָס שווערע לעבן אין די ניי־געשאַפענע מלוכות אין

אייראָפּע, וואָס האָבן לגבי יידן געפירט אַן עקסטערמינאַציע־
פּאָליטיק און אָרגאַניזירט פּאָגראָמען. און וואָס איז שוין שייך
צו רעדן וועגן דער צווייטער וועלט־מלחמה מיט דעם מוראדיקן
אומקום פון סאַמע בעסטן, וואָס אונדזער פאָלק האָט פאַרמאָגט,
זענען דאָס בפירוש נישט געווען קיין צייטן, ווען מ׳איז מסוגל
טיפער אויפצונעמען דערשיינונגען און דער עיקרשט זיי
שפּעטער גרינטלעך צו פאַרדייען. פראָזע פאָדערט לאַנגע פּע־
ריאָדן צו צייטיקן אין זיך די איבערלעבענישן. זי פאָדערט זעלי־
שע מנוחה, געלייטערטקייט און רייפן אויסדויער. פּאָעזיע —
ווי אַן אוממיטלבאַרער אויסדרוק פון געמיט — איז גיכער
מסוגל איבערצוגעבן די באַלדיקע רעאַקציעס, מאָמענטאַלע
צאַפּלענישן, לירישע „שטעלונג״ און דערהויפּט דעם רעפלעק־
טיוון אויסברויז פון פרייד אָדער צאָרן. רעאַגירט טאַקע ס׳יצע־
טרייסלט יידיש געמיט מיט אַ וווּנדערלעך לידער־געראַטעניש
פון ווייטיק און צײַנקריצעניש.
על אחת כמה וכמה איז דאָס נוגע דעם יידישן לעבן אין
ראַטן־פאַרבאַנד. דאָרט דאַרף מען נעמען אין באַטראַכט אַז אַלע
אויסגערעכנטע קאַטאַסטראָפעס (אויסער דער עקסטערמינאַ־
ציע־פּאָליטיק) אַז דעם גיגאַנטישן פאַרמעסט איבערצובויען
אויף אַ זעקסטל פון דער וועלט, ס׳לעבן אויף נייע קולטור־סאָ־
ציאַלע יסודות. דאָס האָט קודם־כל אין אַ קראַינע דערפירט צו
יידן־שהיטות און שפּעטער צו אַ גרינטלעך איבעראַנדערשן
ס׳ביז איצטיק לעבן אין דעם אַמאָל שטראָמיקן יידיש־נאַציאָ־
נאַלן קיבוץ. נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּיבערדיקע ווירט־
שאַפטלעכע איבערשיכטונג פון דער יידישער באַפעלקערונג.
ווייטער האָט מען זיך געמוזט ראַדיקאַל אָפּזאָגן פון די אַלט־
מאָדישע „רגילותן״ און זיך ראַשיק צופּאַסן צום נייעם שטיי־
גער. אויסער דעם קומט נאָך צו דאָס אָפטע בייטן די פּאַר־
טייאישע גענעראַל־ליניע, וואָס פאַרלאַנגט פונם שרייבער אַ
כסדרדיק א י ב ע ר ש ט ע ל ן זיך מיטן פּנים צום ה י י נ ־
ט י ק ן טאָג. און דער ה י י נ ט י ק ע ר טאָג פאַרבלייבט
פאַרן סאָוועטישן שרייבער אַ שטענדיקע מיסטעריע.
אָט האָט אַנומלט זשדאַנאָוו עפנטלעך דערקלערט, אַז
מ׳זאָל זיך נישט איינריידן, אַז ליטעראַטור, מוזיק און פילאָ־
זאָפיע זענען נוגע בלויז אויסדערוויילטע גייסטער, וואָס גע־
פינען זיך אין אַ קלויסטער אינגאַנצן אָפּגעריסן פון דער פּאָלי־

מישער ווירקלעכקייט. ער זוכט „תּכלית". קינסטלער דאַרפֿן
זיין גענעראַלן, וואָס האָבן אונטער זיך אַן אַרמיי, אַן אַרמיי
וואָס קעמפּט פֿאַר קאָמוניזם. קינסטלער דאַרפֿן בילדן דעם
גייסטיקן פֿראָנט, אָבער... די סטראַטעגיע באַשטימט שוין פֿאַר
זיי די אַלוויסנדיקע פּאַרטיי־אָנפֿירערשאַפֿט. סימוז געמאַכט
ווערן אַ סוף צו די בורזשואַזי־אינדיווידועלע אינספּיראַציעס,
וואָס פֿאַרטונקלען די איינציק־אמתע פֿילאָזאָפֿיע פֿון דער אומ־
פּעלערהאַפֿטיקער פּאַרטיי־ליניע.

וואָס־וואָס, נאָר וועגן זעלישער באַהערשטקייט, מאָטיוון־
אויסדויער און שאַפֿערישער רייפֿקייט קאָן נישט זיין קיין רייד
אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. וואָרעם אַחוץ דעם ראַשיקן איבערבוי־
פּראָצעס, לעבט דער שרייבער אין אַ טומלדיקער אַטמאָספֿער
פֿון שטענדיקער געשפּאַנטקייט, צאַפּלענישן און זיך בייטנדיקע
אָריענטאַציעס. איז טאַקע נישט קיין חידוש, הלמאי די יידיש־
סאָוועטישע ליטעראַטור, וואָס ליידט פֿון טאָפּלטן אומרו, האַלט
אין איין פֿרובֿפֿערן לידער — ש ו מ נ ד י ק ע  א ו י ס ־
ש ר י י ־ ל י ד ע ר. פּאָעזיע איז די סאַמע אָנזעעוודיקסטע
פּאָזיציע אין דער יידיש־סאָוועטישער ליטעראַטור, און די פּראָ־
זע שפּילט דאָרט גיכער אַ באַגלייט־ראָל.

אויך אין דער רוסיש־סאָוועטישער ליטעראַטור מערקט זיך
אַן אויסטערליש געוועטעניש אויף פּאָעזיע. אָבער די רוסישע
ליטעראַטור איז קוואַנטיטאַטיוו אַזוי גרויס, אַז סילאָזט זיך
פֿונדעסטוועגן ביי איר פֿאַרצייכענען אַן אָנזעעוודיקע צאָל פּראָ־
זע־ווערק.

ווען מיפֿאַרגלייכט די באַזונדערע פּעריאָדן פֿון דער אַל־
געמיין סאָוועטישער ליטעראַטור (דאָס איז אין אַ גרויסער מאָס
אויך שייך דער יידישער ליטעראַטור), זעט מען באַשיימפּער־
לעך ווי די אַלגעמיין־סאָוועטישע ליטעראַטור האָט אין גאַנג פֿון
איר רעאַליסטישע גלגולים זיך ראַדיקאַל אויסגעמיטן מיט איר
לכתחילהדיקן גרויס־רעוואָלוציאָנערן ציל.

ביים שוועל פֿון דער סאָוועטישער ליטעראַטור האָט דער
סעניאָר פֿון די סאָוועטישע שרייבער מאַקסים גאָרקי דער־
קלערט:

„די גרונט־טעמע פֿון דער פֿאַר־רעוואָלוציאָנערער ליטע־
ראַטור איז געווען די דראַמע פֿונם מענטשן, וועלכן ס'איינגן לעבן
איז אויסגעקומען איבעריק אין דער געזעלשאַפֿט. ער זוכט

דעריבער פאַר זיך אַ באַקוועמערן אָרט אין דער געזעלשאַפט. ער געפינט נישט און ליידט. ער גייט צום גרונט אָדער דורך מאַכן שלום מיט דער פאַרהאַסטער געזעלשאַפט, אָדער דורך ירידה, שיכרות ביז צו זעלבסטמאָרד".

„ביי אונדז — זאָגט וויטער גאָרקי — אין פאַרבאַנד פון סאָציאַליסטישע ראַטן, דאַרפן נישט זיין און עס קאָנען נישט זיין קיין איבעריקע מענטשן. יעדער בירגער האָט אַלע מעגלעכ־קייטן צו אַנטוויקלען אַלע פעיקייטן און טאַלאַנטן. פונם יחיד ווערט פאַרלאַנגט: זיי ערלעך אין דיין באַציונג צו דער העראָי־שער אַרבעט פאַר בויען אַ געזעלשאַפט אָן קלאַסן".

ווי זעט אויס מאַקסים גאָרקיס הויך־מענטשלעכע, פאַטע־טיש־רעוואָלוציאָנערע דעקלאַראַציע אין ליכט פון די וויטער־דיקע אַנטוויקלונגס־פעריאָדן פון דער אַלגעמיין־סאָוועטישער ליטעראַטור (דערונטער אויך דער יידישער)? — מי׳האָט במשך פון דרייסיק יאָר געהאַלטן אין איין זינגען הלל פאַר די דרייסטע פאַרמעסטונגען, פאַרן אומבאַדינגטן אונטערדריקן די בעלי־גופים, די „קולאַקעס", פאַרן „באַזייטיקן" די „שעדיקער", פאַר דער „פריידיקער" סאָוועטישער ווירקלעכקייט, פאַר דער הויך־הומאַניטאַרער קאָנסטיטוציע, פאַר דער טיפער שלום־פאַר־שטענדעניש צוליבן אָפּמאַך מיט היטלערן און ועל־כולם — אַ הלל הגדול פאַרן ליבלינג פון די געטער, ד. ה. לכבוד סטאַלינס גרויסקייט און זיניקייט...

צי איז אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור געוואָרן קאָנ־טיק, אַז נאָך דרייסיק יאָר רעוואָלוציע, איז אין ראַטן־לאַנד אין אַ וועלכער ס׳איז מאָס געוואָרן מילדער דעם מענטשנס דראַמע? צי האָבן די ערלעכע סאָוועטישע שרייבער ענדלעך דערפילט, אַז זיי זענען אין דער נייער געזעלשאַפט נישט קיין איבעריקע מענטשן, נאָר פולווערטיקע מיטבויער פון דער פריי־דיקער סאָוועטישער ווירקלעכקייט? צי איז — אַ דאַנק די נייע סאָוועטישע לעבנס־באַדינגונגען — דעם שרייבער געגעבן גע־וואָרן פאַקטישע מעגלעכקייטן צו אַנטוויקלען זיינע פעיקייטן און טאַלאַנטן?

מילא, פאַר דעם, וואָס קען די סאָוועטישע ווירקלעכקייט פון דער נאָענט, איז אָן עבירה דאָ יעדעס וואָרט. ער האָט טוי־זנטער מאָל געהאַט געלעגנהייטן זיך באַשיימפּערלעך איבער־צוציגן ווי ס׳אינטימסטע, אינערלעכסטע און שענסטע אינם

מענטשן ווערט אין סאָוועטישן לעבן טיף פאַרדרינגט. אפילו דער סאַמער גראָער סאָוועטישער בירגער וואַרגט זיך נאָכאַנאַנד מיט דער אייגענער זעלישער באַרופנקייט, האַלט אין איין מאַכן פשרות מיט דעם אים פרעמדן — אויב נישט פיינטלעכן — רעזשים. אַלץ אין אים בונטעוועט זיך אַקעגן דער פיזישער און גייסטיקער פאַרשקלאַפונג; ער קריצט מיט די ציין, אָבער הערט באַגלייך נישט אויף ליגנעריש זיך צו נייגן פאַר דער גרויסקייט און פרייִדיקייט פון סאָוועטישן לעבן. ער ווערט דערצו געטריבן פון בלינדן אינסטינקט אַבי זיך צו דערהאַלטן אויף דער אויבערפלאַך פון לעבן. — מעג־לעך, אַז דאָס וואָס מאַקסים גאָרקי האָט פאָראויסגעזען, איז מקוים געוואָרן אין דעם זינען, וואָס דעם מענטשנס דראַמע איז דאָרט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסער טראַגעדיע. דאָס שטערט אָבער נישט י. וו. סטאַלינען עפנטלעך צו דערקלערן: „דער סאַמע געוויינלעכער סאָוועטישער בירגער, וואָס איז פריי פון די קייטן פון קאַפּיטאַל, שטייט מיט אַ קאָפּ העכער פון יעדן אויסלענדישן הויכגעשטעלטן באַאַמטן, וואָס שלעפּט אויף זיינע פּלייצעס דעם יאָך פון דער קאַפּיטאַליסטישער שקלאַפע־ריי". ס'איז נישט אינגאַנצן קלאָר וועגן וואָסער הויכקייט סטאַ־לין רעדט און וועלכע קייטן בינדן מער דעם מענטש.

אין אַ קאַנטאָר זיצט אַ סאָוועטיש מיידל ביי דער אַרבעט און הערט נישט אויף צו ווישן אירע פאַרטרערטע אויגן. אַ נאָענטע חברטע דערגייט ביי איר די סיבה פון געוויין. איר פאָטער, אַן אָרעמער וואַלד־אַרבעטער, האָט מיט עטלעכע וואָכן צוריק זיך אַרויסגעבאַפט מיט אַן אומפאָרזיכטיק וואָרט... ער האָט אַרויסגעמורמלט פאַר זיינס אַ „חבר", אַז ר'האָט שוין מער נישט קיין כוח שווער צו האָרעווען, אַרומצוגיין אָפּגעריסן און הונגעריק. מ'האָט עם אָנגעטראָגן ווו מ'דאַרף און מ'האָט דעם פאָטער אַרעסטירט. איצט איז די מאַמע געקומען אין קאַנטאָר מעלדן דער טאָכטער, אַז מ'האָט פון דער תפיסה צוריקגעשיקט דעם טאַטנס אָפּגעטראָגענע מלבושים. זיי זענען אים שוין דאָרט נישט נייטיק... ס'מיידל צעכליפּעט זיך דערביי אויפן קול. אין אַ ווײַלע אַרום רופט מען אַלע קאַנטאָר־מיטאַרבעטער צונויף אויף אַ מיטינג אויסצודריקן פאַרערונג דעם פירער פון די פעל־קער י. וו. סטאַלינען. מיט אַ קול דורכגעזאַפּט פון טרערן שרייט

„פריידיק" ס׳פּאַריתומט מיידל — „וויעליקאָמו סטאַלינו אורא!..."

דאָס האַלט פונדעסטוועגן נישט אָפּ דעם ליטעראַטור־קריטיקער י. דאָברושינען צו דערקלערן מיט דער פולער זיכערקייט: „דער העלד פון דער בורזשואַזער ליטעראַטור האָט זיך געפּייניקט איבער אַ ריי פראַגן, אַ ריי ווידערשפּרוכן, וועלכע זענען פאַר אים געווען אומדערלייזבאַר: פּערזענלעכקייט און געזעלשאַפט, פרייהייט און מוז, אַרבעט און אירע פרוכט, פּאַטערס און קינדער, מאַנצביל און פרוי, טרוים און ווירקלעכקייט, ציל און מיטל, גליק און אומגליק אאז"וו, אד"גל. אונדזער סאָציאַליסטישע ווירקלעכקייט האָט געריכטעט דאָס לעבן אַזוי, אַז די דאָזיקע „פאַרפלוכטע פראַגן", ווי זיי האָבן אַמאָל געהייסן, באַקומען גאָר אַ נייע דערליידזונג אויף די וועגן צו דער קאָמוניסטישער לעבנס־איינאָרדענונג. דאַרף דען נישט דער סאָוועטישער שרייבער נישט באַווייזן קלאָר און בולט, ווי אַזוי דער הייִנטצייטיקער מענטש פון אונדזער סאָוועטישער געזעלשאַפט פּאַסט זיי אויף און געפינט די דאָזיקע נייע ליידזונג אין דער סאָציאַליסטישער טאָג־טעגלעכער לעבנס־פּראַקטיק?"

אָבער אויך די, וואָס זענען פּערזענלעך נישט באַקאַנט מיטן סאָוועטישן לעבן און שעפּן זייערע ידיעות פון דער שטאַרק דורכגעזיפּטער סאָוועטישער ליטעראַטור און פרעסע, קענען זיך אויך מאַכן אַ וועלכע ס׳איז פאָרשטעלונג דערוועגן. זיי קאָנען זיך בדרך כּלל משער זיין, צי דער סאָוועטישער שרייבער איז טאַקע אַן אינערלעך פ ר י י ע ר מענטש, וואָס פרייט זיך אויפריכטיק מיטן נייעם לעבן און מאָלט זיין פרייד ע ר ־ ל ע ך אויס אין זיינע שאַפונגען.

זיי קענען גרייטלעך זיך אָנשטויסן, צי דער סאָוועטישער שרייבער ווערט באמת נישט געמאַטערט פון אינעווייניקסטע סתירות און איז ענדלעך לויז געוואָרן פון דער אַלטער פאַרשאָלטענער בורזשואַזער לעבנס־דראַמע. זיי קענען מעגלעך באַנעמען, צי דער סאָוועטישער שרייבער האָט לסוף אויפגעהערט צו ליידן און זוכט נישט מער קיין פאַרגעסונג — אין שיכרות און געפינט נישט קיין „סאָציאַליסטישע" אויסלייזונג — א י ן ט ו י ט.

יאָ, ס׳איז געגנוג צו דערמאָנען די צוויי אָנערקענטע סאָוועט־

טישע דיכטער סערגיי יעסיענין און וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקי, וואָס זענען געווען געהייכט אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור. זיי האָבן פסיכיש נישט געקאָנט איבערקאָכן דעם צו־האַסטיקן שטראָם פון פרייהייט, גליק און דראַמעלאָזיקייט און זענען, בעתן סאַמע פאַנאַנדערבלי פון זייערע שאַפערישע כוחות, פרייוויליק געגאַנגען צום טויט. יאָ, די טויט־דראַמע האָט באַזיגט די לעבנסדראַמע.

אויך דער גורל פון די יידיש־סאָוועטישע שרייבער לאָזט אונדז עפעס הערן וועגן דעם. ס׳איז גענוג צו דערמאָנען די אַלטע רעוואָלוציאָנערע טוער און שרייבער אסתר פרומקין, ירחמיאל וויינשטיין און משה ליטוואַקאָוו, וואָס זענען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. די צוויי וויסנשאַפטלער, ליטעראַטור־פאָרשער, מאַקס עריק און ד״ר ישראל צינבערג זענען אויסגעגאַנגען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער. דער דיכטער משה קולבאַק — דערציילט מען זיך אויפן אויער — איז אין תפיסה משוגע געוואָרן. דער דיכטער אברהם פטאַשקין האָט זיך אין ראַטן־פאַרבאַנד אויפגעהאַנגען. דער שווישפילער זישא קאַץ האָט זיך אין סאָוועטישן ביאַליסטאָק דערוואָרגן מיט אַ שטריק. דער זשורנאַליסט יעקב באָרנשטיין איז געשפונגען אין טייך אַריין. דער אולטראַ־קאָמוניסטישער זשורנאַליסט משה לעווין האָט פון „גרויס באַגייסטערונג“ אַליין געמאַכט אַ סוף צו זיין יונג לעבן. אַ סך יידישע שרייבער זענען אין ראַטן־פאַרבאַנד אומגעבראַכט געוואָרן אין דער שטיל און ס׳איז פון זיי פאַרלאָרן געגאַנגען יעדער שפור. וואָס איז נאָך געבליבן צו זאָגן וועגן דער באַדייטנדיקער צאָל יידישע שרייבער, געטרייע דינער פון סאָוועטישן רעשזים און בלינדע פאַרגעטערער פון סטאַלינען, וואָס זענען מיט איבער אַ יאָר צוריק אויף אַ מיסטעריעזן אופן „באַזייטיקט“ געוואָרן. — צי דאַרף דאָס אַלץ באַשטעטיקן מאַקסים גאָרקיס טעזע, וועגן דעם, אַז שרייבער פילן זיך פעסט פאַרוואָרצלט אין דער סאָוועטישער געזעלשאַפט? אַז זיי פילן זיך, חס ושלום, נישט איבעריק? אַז ס׳איז זיי געגעבן געוואָרן די פולע מעגלעכקייטן פריי צו אַנטוויקלען זייערע שאַפונגס־כוחות?

לאָמיר דאָס פרווון איבערקאָנטראָלירן אויפן אָפשניט פון דער יידיש־סאָוועטישער פראָזע.

---

דעם אויבנאָן אין דער יידיש־סאָוועטישער פּראָזע פאַר־
נעמען: דוד בערגעלסאָן, דער נסתר, איציק קיפּנים, עזרא פּי־
ניבערג, הירש אָרלאַנד, שמואל גאָדינער, עליע גאָרדאָן, מ.
אַלבערטאָן, חיים גילדין, פּייוול סיטאָ, אברהם קאַהאַן, שמואל
פּערסאָוו, נח לוריע, משה קולבאַק, ע. שעכטמאַן, מ. אַראָנסקי,
א. דרוקער, דאַניעל א. אנד. אין דער נאָך מלחמהדיקער פּראָזע
צייכענען זיך אויס: שירע גאָרשמאַן, אַנע סטעלמאַך, ד. בענ־
דאַס, ס. וועריט און ראַבין.

די ערשטע צוויי — דוד בערגעלסאָן און
דער נסתר זענען געווען גוט באַקאַנט אין דער יידישער
ליטעראַטור פון פאַר דער רעוואָלוציע. ווער ס׳וויל זיך באַקע־
נען מיט בערגעלסאָנס פּערזענלעכן „רעקאָרד", דער וועט זיך
גיך איבערצייגן, אַז דוד בערגעלסאָן איז שוין פאַר דער רעוואָ־
לוציע געווען אַן אויסקריסטאַליזירטער שרייבער מיט אייגענעם
קינסטלערישן פּרצוף־פּנים. „אַרום וואָקזאַל", „נאָך אַלעמען"
און „אָפּגאַנג", אויפגעקומען אין דער צאַרישער אוקראַינע, זע־
נען רייפע קינסטלערישע ווערק, וואָס פאַרנעמען נאָך עד־
היום אַן אָנגעזען אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור. ער איז
מער ראַפינירטער שילדערער איידער דינאַמישער דערציילער.
ער האָט באַוויזן זיין קינסטלערישן אומרו איינצופּאַסן אין לי־
ריש־מנוחהדיקער פּראָזע. זיין ראָמאַן „אָפּגאַנג" איז טאַקע דער־
שינען אין קיעוו אין 1920 אָבער, ר׳איז געשריבן אין דער פאַר־
רעוואָלוציאָנערער שטעטלדיקער סביבה. דאָס איז אַ דענקמאָל
דעם אונטערגייענדיקן שטעטל אין אוקראַינע, מיט וועלכן
ס׳זענען פאַרבונדן אויסגעלאָשענע האָפענונגען: דער רעוואָלו־
ציאָנער פון יאָר 1905 איז געקומען קיין ראַקיטנע; ער איז אַנט־
לאָפן פון די גרויסשטעטישע „לעפּישע שאָטנס", ער האָט אָבער
אין שטעטל גאָרנישט געפונען אויסער דעם „צעפוילטן אין דער
ערד איינגעגראָבענעם סלופּ". בערגעלסאָן איז דיך־אימפּרעסיאָ־
ניסטיש, שפּילט זיך מיט די אייגענע שאָטנס.

די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע איז צוגעטרעטן
אָדער גיכער — צוגעפאַלן איבערבויען די וועלט אויף
נייע יסודות. דאָ פאָדערט זיך פון שרייבער פאַנפאַרן־מאַזשאָר,
אויסגעשריי, אונטעריאָגן, התלהבות, אויפשטייגעריש רופן,
שאַלן לויב געזאַנגען און ציינקריצערישע טאַדלונגען. דעם שריי־
בער קומט אָפּטמאָל אויס צו ליאַרעמען נישט מיטן אייגענעם

קול. ווער וועט אין אַזאַ געפֿילדער זיין מסוגל אויפֿצונעמען בערגעלסאָנס אימפּרעסיאָניסטיש קול דממה דקה?... דער קינסטלער בערגעלסאָן וואָס האָט ביז איצט נישט פֿאַרטראָגן קיין פֿאַלשע קלאַנגען, האָט זיך אינעווייניק געבונטעוועט אַקעגן דער יריד־ליטעראַטור. ער האָט נישט געוואָלט און בפֿירוש נ י ש ט ג ע ק ע נ ט מיטמאַכן דעם געפֿילדער.

אָבער אַ שרייבער קאָן נישט בלייבן שטום, בפֿרט, אַז מ׳לאָזט נישט שווייגן. בערגעלסאָנס ערשטער טריט צוצופּאַסן זיך צו דער נייער לאַגע איז געווען אין ראָמאַן „מידת הדין", געבויט אויף די געשעענישן פֿון די יאָרן 1924־1925. אָבער אויך אין דעם „נייעם" קריכט אַרויס דער „אַלטער" בערגעלסאָן. ער איז אין זיין שווערמוטיק־אימפּרעסיאָניסטישן נוסח צו דין, צו זייטיק און צו סטאַטיש. דערביי „באַלאַמוטשעט" ער מיט אויפֿכאַפּן די שטילסטע באַוועגונגען און מינדעסטן שאָרך. האָט די סאָוועטישע ווירקלעכקייט באַין אופֿן אים נישט געקאָנט איבערקאָכן (און פֿאַרקערט אויך...) אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור האָט מען באַשטרעבט צו אַקטיוויזירן די מאַסן־לייענער דורך אַרויספֿירן דעם שאַרפֿן קלאַסן־מאָמענט. און דאָ „שלעפּט זיך" ביי בערגעלסאָן די „אַקציע" ווי אַ טשערעפּאַכע, חדנלט זיך מיט זייטיקע אימפּרעסיאָניסטישע פּליטערלעך. דאָ פֿאָדערט זיך פֿילם־דינאַמיק, און בערגעלסאָן פּלאָנטערט זיך גאָר מיט אַ צעשווומענער פּלעקן־אָרנאַמענטיק. דאָס קען אַזוי ווייטער נישט געדולדעט ווערן. בפֿרט, אַז ס׳איז שוין פֿון לאַנג פֿאַראַן אַ צוואה פֿון פּלעכאַנאָוו, אַז די רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור מוז גיין געפּאָרט מיט רעאַליזם, געבויט אויף פֿאַקטישן מאַטעריאַל. מ׳מוז געבן ס׳זגרעבנע העמד פֿון לעבן, און יעדער מין אימפּרעסיאָניזם פֿירט צו ראָמאַנטיזם, וואָס איז הורכאויס רעאַקציאָנער. דער סאָוועטישער ליטעראַטור־קריטיקער א. וועוויאָרקע זאָגט וועגן בערגעלסאָנען:

„דער דאָזיקער סטאַטיש פּאַסיווער נוסח האָט די אומבאַוועגלעכקייט פֿון אַן אונטערגייענדיקן שיכט. ער זעט אין זאַכן, דערשיינונגען און מענטשן נישט דעם עיקר. ער איז נישט פֿעאיק צו קאָנצענטרירן זיך אויפֿן פּראָצעס גופֿא. דאָ קומט צום אויסדרוק אַ מין סאָציאַל־פּסיכישער פּאַראַליטש. ער דערזעט נאָר זאַכן דורך געוויסע סימנים זייערע, דורך זייטיקע, נעבעכדיקע, צופֿעליקע באַגלייט־דערשיינונגען".

„ער איז לחלוטין בלינד פאַר דער דינאַמיק פון געשעע־נישן. אים איז אַבסאָלוט פרעמד דער דיאַלעקטיש־דראַמאַטי־שער אינהאַלט פון לעבנס־פּראָצעסן".

ס׳קומט דעריבער אויס, אַז אומעטום קאָכט און זידט, און דאָ אין דער זייט חלומט גאָר בערגעלסאָן; ער פאַרזעט אָדער פאַרחלומט די איבערבויעריש־קעמפערישע פּראָצעסן און דער עיקרשט חסרון — בערגעלסאָן אָפּעריִרט נישט מיט קיין ל י כ ט ־ ע פ ע ק ט ן נאָר מיט ש אָ ט ן ־ ע פ ע ק ט ן. און געוויינלעך איז ליכט אַ קוואַל פון ענערגיע, פון באַוועגונג, פון גערעַנגל. שאָטן ווידער איז כידוע דער מקור פון פּאַסיווי־קייט, שלאַבעריקייט און צעקראָכנקייט.

ס׳איז קלאָר, אַז אין דער נייער סאָוועטישער ווירקלעכ־קייט איז פאַרן קינסטלער דוד בערגעלסאָן נישטאָ קיין אָרט; ער איז דאָ אינגאַנצן איבעריק און אַפילו „שעדלעך"... וואָלט ער געלעבט אין אַ לאַנד פון „צעפוילטער" דעמאָקראַטיע וואָלטן אים אוודאי נישט געשטייעט קיין כוחות פאַר אַ ווידערשטאַנד. ער וואָלט פון גרויס ביטערניש זיך מסתמא אָפּגעזאָגט פון אייגענעם „איך", געגאַנגען אויף דערנידעריקנדיקע הנחות מיט דער פאַרהאַסטער געזעלשאַפט און לסוף געשלאָסן מיט איר שלום. ס׳איז אויך נישט זיכער, צי ער וואָלט נישט אָנגעהויבן שיכורן און אפשר גאָר באַגאַנגען זעלבסטמאָרד על פּי נוסח גאָרקים דעקלאַראַציע. היות ווי דוד בערגעלסאָן לעבט אין אַ סאָוועטישער סביבה האָט ער לכתחילה בייסיק געשמייכלט, ווייטער האָט ער זיך געברוגזט און געקריצט מיט די ציין און ענדלעך באַשלאָסן... מיט גרויס „בראַוואָר" גיין אין דער באַל־שעוויסטישער קאַנאָסע. — ער וועט פּרווון שרייבן אַ נ ־ ד ע ר ש, נישט־בערגעלסאָניש, אָדער ווי שמעון האַלקין דריקט זיך אויס — „מיר שרייבן, וואָס מ׳טאָר — מיר שרייבן, וואָס מ׳דאַרף"...

און געטאָן האָט ער דאָס נישט מינער אויך דערפאַר, וואָס ער האָט געשפּירט, אַז ר׳פאַרלירט דעם פּיזישן באָדן אונטער די פיס. מ׳טאָר זיך — הייסט עס — נישט לאָזן פ אַ ר פ י ר ן פון אייגענע קינסטלערישע אינספּיראַציעס. מ׳דאַרף נאָכגיין דעם ג ע ב אָ ט פון צייט און אָרט, אויסגעדריקט אין דער אַלקליגסטער פאַרטייאישער גענעראַל־ליניע. אַזוי אַרום איז גע־

בוירן געוואָרן זיין גרויסער אויטאָביאָגראַפישער ראָמאַן אין
צוויי טיילן: „פּענעק" און „ביים דניעפּער".
ווען מישליסט די ערשטע קאָנטשאַפּט מיט דער יידיש־
סאָוועטישער ליטעראַטור און מיווערט דערביי „אונטערגעוואַ־
רעמט" פון דער סאָוועטישער פּרעסע, וועלכע האַלט אין איין
לויבן די באָלשעוויסטישעווירקלעכקייט, וואָס שפּרייט זיך אי־
בער אַ זעקסטל פונם ערד־קיילעך, ווערט מען בליץ־גיך באַ־
רוישט. אַלץ קומט דאָרט אויס ניי, אַלץ איז אַנדערש: סידוכט
זיך, אַז לגבי מערבדיקע לענדער איז ראַטנלאַנד אַן אַנדערער
פּלאַנעט. אָבער אָט דער לכתחילהדיקער איינדרוק, ווי פאַר־
כאַפּנדיק ער זאָל נישט זיין, איז אַ קורצדויערנדיקער, אַ דרוי־
סנדיקער, אַ „לאַקירטער". נאָכן באַקענען זיך — לויט דער איי־
גענער דערפאַרונג — נעענטער מיט דער סאָוועטישער ווירק־
לעכקייט ווי אויך מיט איר ליטעראַרישער אָפּשפּיגלונג, פאַר־
שווינדט אינגאַנצן דער פאַרביקער איינדרוק. דער לאַקיר קריכט
אָפּ און סישיילט זיך אַרויס דאָס אמתדיקע, טאָג־טעגלעכע, וואָס
לאָזט זיך נישט פאַרשלייערן מיט קיין באָמבאַסטישן ווערטער־
קאַמופלאַזש. קיין ניסים געשעען נישט; מענטשן זענען אומע־
טום נישט מער ווי מענטשן און ביי קיין שום רעזשים איז
קיינער נישט מסוגל אַרויס פון דער אייגענער הויט. ווער עס
איז געווען אַ פּחדן פאַר דער רעוואָלוציע, ווערט נישט פּלוצים
קיין העלד נאָך דער רעוואָלוציע. אַ שרייבער, וואָס איז פאַר
דער רעוואָלוציע געווען אַן אומבאַהאָלפענער טינטלער, דעם
האָט די רעוואָלוציע מיטאַמאָל נישט „אַריינגעזעצט" קיין טאַ־
לאַנט. ווער סיאיז פאַר דער רעוואָלוציע געווען אַ שיינגייסט־
אינדיווידואַליסט, דער וועט זיך נאָך דער רעוואָלוציע נישט
לאָזן אַריינפּרעסן אין דעם אַלגעמיינעם אַגיטקע־ריטם. און
אויב יאָ — וועט ער אויף יעדן טריט זיך אַליין פאַרלייקענען...
די יידיש־סאָוועטישע ליטעראַטור, אַזוי אייגן ווי די אַלגע־
מיין־סאָוועטישע ליטעראַטור, איז געקומען אויף דער וועלט
מיט קולות וברקים (דונערן און בליצן) און עס האָט זיך גע־
דוכט, אַז זי גייט איינעמען די וועלט. איר טאָן איז געווען אַ
פאַרהיסענער, איר באַציונג צו אַנדערע ליטעראַטורן — אַ גרינג־
שעצנדיקע. אָבער מיטן גאַנג פון דער צייט האָט זי זיך אַ ביסל
אָפּגעקילט, געמוזט אַדורכמאַכן נישט בלויז אַנטוויקלונג נאָר
אויך צ ו ר י ק נ ו י ק ל ו נ ג ־ עטאַפּן, געהאַט נישט בלויז

אויפגעגנג, נאָר אויך בפירושע אָפּגעגנג. איצט, נאָכן אָפּלויף פון קיילעכדיקע 30 יאָר, האָבן אירע טעאָרעטיקער און קריטיקער שטאַרק אַראָפּגעלאָזט פון זייער אַמאָליקן גדלות־טאָן. און ווער ווייסט צי זיי האָבן נאָך היינט די אַמביציע צו פּרעדיקן, אַז די יידיש־סאָוועטישע ליטעראַטור דאַרף ווייטער גילטן ווי אַ מוס־טער פאַר אַנדערע טיילן פון דער גרויסער יידישער ליטעראַ־טור אויף דער גאַרער וועלט. און אויב עס פּרוווט דאָס אַצינד טאָן די שרייבערין רבקה רובין, חזרט זי איבער אַלטע איבער־געקייטע רייד, וואָס האָבן שוין לאַנג פאַרלוירן זייער קלאַנג.

⁂

דער רעוואָלוציאָנערער אויפברויז האָט די יידן פון געענגטן תחום המושב מיטאַמאָל געבראַכט גלייכע מענטשלעכע רעכט און זיי געגעבן די מעגלעכקייט אַקטיוו זיך צו באַטייליקן אין איבערבוי פון לאַנד. דערצו איז דער נייער רעזשים געוואָרן פאַר זיי אַ שוצמויער אַקעגן די פּעטליורישע באַנדעס און אַנדערע פּאָגראָם־מאַכער. דאָס האָט די רוסישע יידן באַרוישט און אַט די באַרוישונג האָט געפונען אַ פאַרפילפאַכטן אויסדרוק אין אַ שפע לידער און פּאָעמעס. די יידישע ליטעראַטור האָט אָנגע־הויבן וואַקסן ווי אויף הייוון. אָבער די דעמאָלטיקע שרייבער און פּאָעטן, וואָס האָבן סירוב געשטאַמט פון אַ קליינבירגער־לעכער סביבה, האָבן זיך פון אָנהויב נישט אָפּגעגעבן קיין קלאָרן חשבון וועגן דעם אייגנטלעכן כאַראַקטער פון דער באָל־שעוויסטישער רעוואָלוציע. מען איז געווען פאַרשיכורט מיט די אַלגעמיינע פרייהייטס־שטראָמען און זיך דערווייל נאָך נישט אַנטשלאָסן צו שפּאַנען מיט דעם פּראָלעטאַרישן וועג.

אַ יאָר נאָך דער רעוואָלוציע האָט אַ גרופּע יידישע שריי־בער אין קיעוו אַרויסגעגעבן אַן אַלמאַנאַך א. נ. „א י י ־ג נ ם". עס האָבן זיך אין אים באַטייליקט: דוד בערגעלסאָן, יחזקאל דאָברושין און אויך אַלטער קאַציזנע. דאָס זענען אַלץ שרייבער פון פאַר דער רעוואָלוציע. ווייטער גייען נייע נעמען: דוד האָפשטיין, לייב קוויטקאָ, אשר שוואַרצמאַן און פרץ מאַר־קיש. די „אייגנס"־גרופּע האָט נישט געהאַט קיין אידעאישן פּרצוף־פּנים; אין בעסטן פאַל איז זי געווען באַהערשט פון נאַ־ציאָנאַלע און דעמאָקראַטישע שטימונגען. ב ע ר ג ע ל ס אָ ן, פירט אַרויס דעם פאָרשטייער פון דער גרויסשטאָטישער יידי־שער פּלוטאָקראַטיע — אברהם ראַפּאָפּאָרט, דאָס באָהעמע־מיי־

דל נעמי ראַפּאָפּאָרט און דעם קונסט־מאָלער ווינטראָוב. דער נסתּר זוכט אויף אַ מיסטעריעזן שטייגער דעם סוד פון קאָסמאָס. דאָבּרושין זינגט וועגן בענקשאַפט און טרערן. די לידער פון די דעמאָלט יונגע דיכטער דוד האָפשטיין און אשר שוואַרצמאַן זענען שטיל־אידילישע און וועלכן עס איז סימן פון רעוואָלוציאָנערן אויסגעשריי. דאַקעגן קוויטקאָ און מאַרקיש זענען שוין צו ביסלעך שטורעם־אָנזאָגער. צווישן צאַרטע רייד וועגן „אַ טאַנץ אַ שווייגנס מיט דער שטילקייט" און „בלויע נעכט" לאָזט קוויטקאָ שוין פאַלן בונטאַרישע ווערטער:

„זאָל גיין אַ רעגן... זאָל ווינט מיט שטויב זיך באַהעפטן און שמייסן די גאַסן אין פּנים, און זאָגן דעם שעפער: מיר האָבן שוין קרעפטן, מיר קאָנען באַגיין זיך שוין אָן אים" — — „זאָל גיין אַ רעגן — סיי הימל, סיי ערד זאָל ברומען".

אויך מאַרקיש רעדט פון אָנהויב וועגן אַ „שעה פון שטילן טרויער", אָבער דערביי איז ער אין זיך גובר דאָס ענג־נאַציאָנאַלע לטובת דעם אוניווערסאַלן און ברענגט דערביי אַרויס ס׳באָהעמישע, הפקרדיקע. פונדעסטוועגן שפּירט מען נאָך נישט אַרויס ביי דער „אייגנס"־גרופּע קיין רעוואָלוציאָנערע אַטמאָספער. גיכער קאָן דאָ זיין אַ רייד וועגן רעוואָלוציאָנערע פאָרגעפילן.

ווי אַ המשך פון „אייגנס" דאַרף באַטראַכט ווערן דער חודש־העפט „ש ט ר אָ ם", וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין מאָסקווע אין די יאָרן 1922 — 1924 ד. ה. אין די צייטן פון א. ג. „נעפּ". ווי אַ מאָטאָ פיגורירן שוואַרצמאַנס ווערטער: „נאָר אונטער פעלזן הער איך רינט און ריזלט פריש אַ שטראָם". בעצם אָבער שטייט דער זשורנאַל מן הצד פון דעם רעוואָלוציע־שטראָם און שטרעבט גאָר צו „פאַראייניקן די אַלע אחדיותפולע קונסט־קרעפטן, וואָס שמידן ביים היינטיקן טאָג די עסטעטישע ווערטן פון אונדזער צייט". מען רעדט, הייסט עס, בלויז וועגן „עסטעטישע ווערטן" און דערצו איז עס נוגע נישט בלויז ראַטנפאַרבאַנד, נאָר „די בעסטע יידישע שרייבער, דיכטער און קינסטלער פון מאָסקווע, קיעוו, וואַרשע, בערלין, ניו־יאָרק". מיט איין וואָרט — אַ כלל ישראל־כאַראַקטער.

די צייט שטייט נישט אויף אַן אָרט, די ראַטן־מאַכט באַפעסטיקט זיך כסדר און פאַרלאַנגט אַלץ אונטערצוואַרפן דער אידייע פון סאָציאַליסטישן איבערבוי אין לאַנד. מען הויבט אָן

ווערן מינער טאַלעראַנט צו זייטיקע „נאַציאָנאַליסטישע" שטי־
מונגען און לויזע עסטעטיזמען אין דער ליטעראַטור. ס׳הויבט
אָן פאַרערן פונם שרייבער אַ רייך־פּראָלעטאַרישע איינשטע־
לונג. די דערמאָנטע צוויי זאַמלביכער קאָנען דעריבער באַ־
צייכנט ווערן שיעור נישט ווי לעצטע אָפּקלאַנגען פון אַלטן עס־
טעטיזירנדיקן זשאַנר. ס׳הויבט זיך אָן ביסלעכווייז אויסצו־
קריסטאַליזירן אַ ליטעראַרישע ריכטונג לויט אַ מער בולטער
סאָציאַלער און פּאָליטישער פיזיאָנאָמיע. דאָס קומט קודם־כל
צום אויסדרוק אין אַלמאַנאַך „אָ ק ט י אַ ב ר", וואָס
נעמט אָן אַ רייך־פּראָלעטאַרישע באַזע. עס הייבט אויך אָן דער־
שיינען אַן אַלמאַנאַך א. נ. „נ י י ע ר ד", אין וועלכן ס׳קו־
מען צום אויסדרוק דריי שאַטירונגען. איזי כאַריק זאָגט דאָרט
אין זיין פּאָעמע „מינסקער בלאָטעס":

יעדער איינער — איז שוין ניט איינער,
יעדער קאָפּ — איז איצט אַ קאָפּ פון טויזנט קעפּ.

ער טרעט אַרויס קעגן די מאָטיוון פון אַלטן שטעטל, וואָס
איז נאָך דער רעוואָלוציע פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג. מער
אַנטשלאָסן טרעט אַרויס א י צ י ק פ ע פ ע ר, וועלכער
מאָנט ביי דער יידישער ליטעראַטור רעוואָלוציאָנעריש־קייט.
גאָר אין גיכן האָט זיך איינגעשטעלט אַ דורכויס רעוואָלוציאָ־
נערע ליטעראַטור, וואָס פאַרמאָגט שוין נישט קיין וואַקלעניש
און האַלבקייטן.

ס׳איז אוודאי נישט קיין צופאַל, וואָס די שטאַרקסטע פּאָ־
זיציע אין דער יידיש־סאָוועטישער ליטעראַטור פאַרנעמט די
פּאָעזיע. די יידיש־סאָוועטישע ליטעראַטור איז אויפגעקומען
אין אַ צו שטורמישער צייט, אַז זי זאָל זיך באַלד קענען אַנט־
פּלעקן אין דער לאַנג־אָטעמדיקער פּראָזע — דערציילונג אָדער
ראָמאַן, וואָס זאָל ברענגען אויף אַ געלייטערטן שטייגער צום
אויסדרוק די רעוואָלוציאָנערע איבערלעבונגען. אין אַזאַ ענגן
דיסטאַנס צווישן וואָרט און טאַט האָט דער אויסגעשריי גע־
מוזט זיין אַ העפטיקער, קורצאָטעמדיקער. די דיכטונג האָט
אויך אַן אימפּולסיוון שטייגער מיטגעמאַכט די ראַנגלענישן
פון יידיש־סאָוועטישן מענטש, וואָס איז נאָך נישט פריי פון
אַלטן און איז נאָך נישט איינגעוואַקסן אין נייעם. עס באַמבלט
זיך נאָך אַן אַלטע ירושה, פון וועלכער מ׳קאָן נישט אַזוי לייכט

לויז ווערן. עס איז קאָנטיק אַ קאַמף צווישן רייןיידישן און אַלגעמיין־סאָציאַלן, צווישן פּאָגראָם־אויפשווידער און באַגייסטערונג פאַר דעם איבערבוי, צווישן בירגערלעכע רעשטלעך און פריידיקן די אידייע פון אַ נייער פּראָלעטאַרישער באַזע, צווישן אַלטן דור, וואָס וועקט זיך און יינגן דור, וואָס ברויזט מיט ליבע, איבערגעבנקייט צו דער נייער וועלט. ווייטער גייט אָן אַ קאַמף צווישן שטיל־לירישן ראָמאַנטיזם און ניכטערן סאָציאַלן רעאַליזם, צווישן אייביקן און אַקטועלן, צווישן פאָרמאַליסטיש־עסטעטישן און אידעאָלאָגישן, צווישן אויסגעצערטלטע פאָרם־פיינקייטן און אידעאָלאָגישער אויסגעשפּראָכנקייט. דערביי איז נישט צו לייקענען, אַז די אַלגעמיין־יידישע פּאָעזיע איז באַרייכערט געוואָרן נישט נאָר מיט נייע מאָטיוון, נאָר אויך מיט נייע דיכטונגס־פאָרמען.

וואָס באַפעסטיקטער ס׳ווערט די סאָוועטישע מאַכט אין לאַנד, אַלץ שטרענגער ווערט דער רעזשים אין דער ליטעראַטור. מ׳הויבט אָן שטרענג צו באַזייטיקן די ראָמאַנטישע און עסטעטישע צוויטן אין דער ליטעראַטור ביז עס קריסטאַליזירט זיך אויס אין איר אַ רייןסאָוועטיש פּנים. די מערהייט פון די יידישע שרייבער זענען דעמאָלט מיטגעריסן געוואָרן מיטן ראַשן אויפבוי־טעמפּ; מ׳האָט אויפריכטיק געגלויבט, אַז מען בויט באמת אַ נייע וועלט פון יושר און גערעכטיקייט. און וואָס העכער ס׳האָט געשטיגן דער גלויבן אין „נייעם" „פּראָגרעסיוון", אַלץ שטרענגער האָט מען זיך אָפּגעשיידט פון דער „אַלטער וועלט" מיט איר „דעגענערירטער קולטור", און דערהויפּט האָט מען איבערגעריסן יעדע מגע ומשא מיט דער „אָפּגעשטאַנענער" יידישער ליטעראַטור מחוץ דעם ראַטן־פאַרבאַנד, ד. ה. מיט דער „אויסלענדישער" ליטעראַטור, וואָס „דינט קנעכטיש" דעם קאַפּיטאַל. חוץ דעם האָט מען דאָרט באַשיימפּערלעך איינגעזען, אַז די צוקונפט געהערט דער יידיש־סאָוועטישער ליטעראַטור, וואָרעם יידן אין ראַטן־פאַרבאַנד זענען באַרופן אויסצובילדן דעם העגעמאָנישן צענטער פון מזרח־אייראָפּעישן יידנטום. די אַנדערע יידישע קיבוצים וועלן נאָר לעבן אין זכות פון דער יידיש־סאָוועטישער קולטור. מ ש ה ל י ט װ אַ ק אָ װ האָט גאַליק אויסגעלאַכט די פּרוּוון אויסצובילדן אין פּוילן אַ יידיש־ליטעראַרישן צענטער און כסדר אָנגעוויזן, אַז מ׳בויט אין פּוילן אויף אַ בורזשואַז־זאַמדיקן באָדן.

ס'איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז מ'האָט געפּרוווט זיך און אַנדערע איינשמועסן, אַז די יידישע ליטעראַטור אין ראַטן־פאַרבאַנד לעבט ווי אַ זעלבשטענדיקער ביאָלאָגישער אָרגאַניזם, וואָס נערט זיך מיט אייגענע סאָוועטישע זאַפטן און איז אונטערגעוואָרפן רק אייגענע סאָוועטישע אַנטוויקלונגס־געזעצן. זי איז די *אייגנטלעכע יידישע ליטעראַטור* מיט דער ה' הידיעה, דאַקעגן די יידישע שרייבער אין אַנדערע לענדער זענען אויסגעליידיקט פון וועלכן עס איז פּראָגרעסיוון אינהאַלט; זיי זענען פאַראורטיילט אויף וועגעטאַציע, איינדאַרונג.

אין דעם רוישיקן געאייל *פּאָרויס* האָט מען זיך מורא געהאַט אומקוקן אויפן געוועזענעם, אויפן סאַמע נאָענטסטן עבר, כדי, חלילה, נישט מיטצושלעפּן מיט זיך אַ וועלכן עס איז קליינבירגערלעכן מיקראָב. מען האָט, הייסט עס, אָנגעהויבן אינגאַנצן אויפסניי, פון אַן אייגענעם יסוד, פון אַן אייגענער מעשה בראשית. אַן אויסנאַם האָט מען נאָר געמאַכט פאַר די קלאַסיקער, פאַר די אבות פון דער יידישער ליטעראַטור. אָבער אויך די קלאַסיקער האָט מען נישט אויפגענומען מיט דער זעלביקער מאָס סאָוועטישער גאַסטפריינדלעכקייט. שלום עליכמען האָט מען אין דער פולער גאַנצקייט אַריינגעפירט אין דער יידיש־סאָוועטישער ליטעראַטור ווי אַ גרויסן יידישן פאָלקס־שרייבער. און מיר וועלן שפּעטער זען ווי באַדייטנדיקע יידיש־סאָוועטישע פּראָזאַיקער זענען געוואַקסן אין זיין שאָטן. ביי מענדעלען האָט מען שוין צו ביסלעך אַרומגעשניטן די אַלטגעבאַקענע יידישלעכע „שלעפּעס". מ'קאָן דאָך דעם נייעם סאָוועטישן דור נישט באַווייזן מענדעלען און זיין אויסטערלישן קאַבצאַנסקער הילוך. אין אַ גאָר ביטערער מצודה איז מען געווען מיט י. ל. פּרצן. פון איין זייט איז פּרץ דער ראַדיקאַלסטער גייסט אין דער יידישער ליטעראַטור — מאָנער פון סאָציאַלער גערעכטיקייט, וואָרענער מ'זאָל נישט מיינען, אַז די וועלט איז אַ הפקרדיקע קרעטשמע פון לית־דין ולית־דיין. פון דער אַנדערער זייט איז פּרץ דורכגעזאַפּט מיט „רעאַקציאָנערן" חסידות, פאַרפירערישער פאָלקס־מעשהדיקייט און הויך־צדיקישער מיסטיק. מ'האָט זיך דעריבער געמוזט געבן אַן עצה. פון די דראַמעס האָט מען אויסגעקליבן „אין פּאָליש אויף דער קייט" און „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק". ביידע דראַמעס

(דערהויפּט די צווייטע) האָט מען אויף דער בינע „אָרנטלעך" אַרומגעשניטן און אַרויסבאַקומען נאָר דעם סאָציאַלן יאָדער. פון דער פּראָזע ווידער האָט מען אויסגעוויילט אַ מאָגערע צאָל רעאַליסטישע סקיצן און נאָוועלן פון אַ בולט סאָציאַלן כאַראַקטער. די רעשט פּרץ־זאַכן האָט מען איבערגעלאָזט דער אַלטער וועלט. צו די אויסגאַבעס פון די קלאַסיקערס ווערק האָט מען ס׳רוב צוגעגעבן ווערטערביכלעך, וואָס קלערן אויף דעם זינען פון דעם „אָפּגעלעבטן" יידישן שטייגער־אידיאָם.

* * *

אין דעם ראַשיקן סאָוועטיזאַציע־גאַנג פונם יידישן וואָרט האָט מען אָפּט געמוזט אַריבערשפּרייזן גרויסע שטיינער, וואָס זענען געלעגן אויפן וועג. ס׳איז אוודאי נישט געווען לייכט זיך אָפּצוזאָגן פון אייגן בלוט, אַבי, חלילה, נישט אָנצוגיין פאַר אַ שעדלעכן נאַציאָנאַליסט. ס׳זענען אַפילו געווען פאַלן, ווען די פיס זענען געווען צו־קורץ פאַר מאַכן ברייטע שפּרייזן און מ׳איז שוין געווען געצוווּנגען צו מאַכן גאָרע קאַרק־ברעכערישע קאָזשעלקעס. אָבער דערפון איז, פאַרשטייט זיך, דאָס פּראָבלעם נאָך נישט געלייזט געוואָרן. ביז ס׳איז „ענדלעך" אַרויס אַ בת־קול פון קרעמל: „נאַציאָנאַל לויט דער פאָרם און סאָציאַליסטיש לויטן אינהאַלט". עס איז איבעריקע צוצוגעבן, אַז ויחרד כל העם אשר במחנה און ס׳האָט כאָראַל געענטפערט — נעשה ונשמע! אָבער נאָכדעם ווי ס׳האָט זיך אַ ביסל איינגעשטילט דער גרויסער „ענטוזיאַזם" פאַרן נייעם דעקרעט, וואָס פאַרענטפערט אַלע שווערע ליטעראַרישע קשיות, והיות האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז זיין תוכן איז גאָרנישט אַזוי לייכט צו באַנעמען. עס איז נישט אַזוי גרינג פעסטצושטעלן די גרעניצן ווו ס׳ענדיקט זיך פאָרם און ס׳הויבט זיך אָן אינהאַלט, און פאַרקערט. מ׳האָט זיך געהאַלטן אין איין פילפלען דערוועגן. מילא, מיטן סאָציאַליסטישן אינהאַלט האָט מען זיך ווי ס׳איז אָפּגעפּאַרטיקט, שווערער איז געווען צו באַקומען באַשייד פאַר דער נאַציאָנאַלער פאָרם. נאָך לאַנגע־צולאַנגע דיאַלעקטישע שקלא וטריות איז מען בנוגע נאַציאָנאַלער פאָרם געקומען צום אויספיר, אַז זי באַטייט:

א. שפּראַך ווי דעם מענטשנס רעאַל באַוווסטזיין און ווי די הויפּט־סיבה פון אַ פאָלקס־אייגנאַרט.

ב. היסטאָרישע און ליטעראַרישע טראַדיציעס.

היסטאָרישע טראַדיציעס מיינט דעם סך־הכל פון געשיכטלעכע דערפאַרונגען, וואָס זענען אייגנטימלעך דעם געגעבענעם פאָלק.

ליטעראַרישע טראַדיציעס איז אַ סך־הכל פון סטילן, זשאַנרען, בילדערישקייט, וואָס זענען כאַראַקטעריס־טיש פאַר דעם אַנטוויקלונגס־גאַנג פון דער געגעבענער נאַציאָ־נאַלער ליטעראַטור. אין דער לעצטער שורה גייט וועגן אַן אייגנאַרטיקע קאָנקרעט־געשיכטלעכע מאַניפעסטאַציע. אין דעם גייט אַריין מער וואָרהייט אײדער דיכטונג, ד. ה. רעאַלער אייגנאַרט,ווירקלעכקייט, שטייגער פון כלל, זיטן, מנהגים, לאַנדשאַפט, מעטאַפאָר, אידיאָם א"וו גענומען אין דעם עבר און קעגנוואַרט. דאָס אַלץ דאַרף זיין דער נאַציאָ־נאַלער לבוש, וואָס זאָל איינהילן דעם אַלעמען פאַרפליכטנדיקן סאָציאַליסטישן אינהאַלט.

אויבנאויפיק ווייזט די זאַך אויס צו זיין גענוג קלאָר, אָבער די גאַנצע שווערקייט הויבט זיך אָן ביים אָנווענדן זי אין דער ווירקלעכקייט. מ'דאַרף האָבן אַ געניט אויג פאַר פערספעקטיוו, אַז מ'זאָל מיט דער נאַציאָנאַלער פאָרם, חס ושלום, נישט פאַר־פאָרן אין דער טעריטאָריע פון סאָציאַליסטישן אינהאַלט. בפרט, אַז אַזאַ השגת גבול ענדיקט זיך נישט בלויז מיט אַ נישט פריינט־לעכער ליטעראַריש־קריטישער אָפּשאַצונג... און דאָ שטעלן די סאָוועטישע ליטעראַטור־טעאָרעטיקער אַוועק די קלאָץ־קשיא: ווי לאַנג אין דער געשיכטע וועט אַזוי געדויערן דער „ויתרוצצו" צווישן נאַציאָנאַלער פאָרם און סאָציאַליסטישן אינהאַלט? צי וועט צווישן זיי קיינמאָל נישט איינגעשטעלט ווערן קיין שלום? און זיי ענטפערן גלייך — אין דער ווייטער פערס־פעקטיוו, ווען דער פּראָלעטאַריאַט וועט זיגן אויף דער גאָרער וועלט און דער קאָמוניזם וועט אַדורכדרינגען דעם לעבנס־שטיי־גער, וועלן אַלע נאַציאָנאַלע קולטורן זיך צונויפשמעלצן אין אַן איינציקער אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער קולטור סיי לויט דער פאָרם און סיי לויטן אינהאַלט. אָט די סאָציאַליסטישע קולטור וועט האָבן איין שפּראַך.

ווען־זשע וועט דאָס געשען? — יאָ, דאָס איז אַ הלכתא למשיחא; דאָס קאָן געשען אין דער גאָר ווייטער צוקונפט.

אַבער ביז דער קאָסמאָפּאָליטישער אידעאַל וועט מקוים ווערן דאַרף מען דערווייל אויסנוצן די פּאָטענץ פון אַלע נאַציאָנאַלע קולטורן, כדי דערגיין צו דער אַלמאַכטיקער האַרמאָניע.

אָבער ווי באַקאַנט, באַוועגט זיך די סאָוועטישע גייסטי־קייט אויף דיאַלעקטישע רעלסן, וואָס דרייען זיך ספּיראַל. די געאַנטע אַנטוויקלונג גייט דאָרט לויט אַ צוזאַמענשטויס פון ווידערשפּרוכן. ממילא האָבן די דאָרטיקע דעקרעטן נישט קיין אַריכת ימים. אַלץ מוז דינען די נויטן פון דער סאָוועטישער ווירקלעכקייט, היינט רוקט זי אַרויס דעם קאָסמאָפּאָליטיזם ווי אַ געבאָט פאַר דער ליטעראַרישער טעמאַטיק, מאָרגן קאָן זי באַזידלען און באַשנידלען די קאָסמאָפּאָליטן ווי פּאַספּאָרט־לאָזע שעדיקער. מיטאָר זיך דאָרט נישט אויף לאַנג צובינדן צו אידעאָלאָגישע לאָזונגען און זיך צו נאָענט באַפריינדן מיט אַ באַשטימטער טעמאַטיק. אַלץ שווימט און די ליטעראַטור מוז מיטשווימען. אמת די פּען־קונסט פאָדערט טיפע איבער־לעבונג, אָפּגעשטעלטקייט פון דערשיינונגען, געמיט־אויסגע־לייטערטקייט, איבערצייגעוודיקע בילדערישקייט פאַר וועלכן ס'איז נויטיק אַ רייפער שאַפונגס־פּראָצעס און ממילא אויס־דויער און צייט. אָבער די סאָוועטישע ליטעראַטור־קריטיק האַלט דאָס פאַר רעאַקציע, פאַר בורזשואַזע פאַראורטיילן. אין אַן איינלייטונגס־אַרטיקל צום סאָוועטישן אַלמאַנאַך „אויף נייע וועגן", וואָס איז דערשינען אין ניו־יאָרק 1949, זאָגט די סאָוועטישע שרייבערין רבקה רובין אַזוי:

„דער סאָוועטישער שרייבער איז אַליין אַ נייער טיפּ מענטש, ווי יעדער בירגער פונם ראַטן־פאַרבאַנד. ער איז אַן אַקטיווער אַנטיילנעמער אין דער בויאונג פון סאָציאַליזם. ער איז באַפליגלט מיט פאָרגעשריטענע אידייען. ער זעט פאַר זיך אַ היסטאָרישע פּערספּעקטיוו. דעריבער קאָן ער נישט וואַרטן, ביז אַ דערשיינונג וועט זיך אָפּזעצן אין די מוטנע וואַסערן פון דער „גרויער טאָג־טעג־לעכקייט (אונטערגעשטראָכן פון מיר — ל. פּ.). ווי דאָס קומט פאַר אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. ער נעמט דאָס לעבן אין באַוועגונג, אין אַנט־וויקלונג (אונטערשטראָכן פון מיר — ל. פּ.), מישט זיך אַקטיוו אין אים אַריין, ענדערט אים, ווירקט, אַז דאָס אומנוצ־

לעבע, דאָס היסטאָריש־פּאַראורטיילטע זאָל וואָס גיכער אָפּ־שטאַרבן און דאָס פּאָרגעשריטענע, דאָס יונגע זאָל וואָס מער זיך צעבליִען. די סאָוועטישע ליטעראַטור איז נישט נאָר געשיכ־טע, נאָר אויך אַ געווער אין די הענט פון די אַרבעטנדיקע מאַסן אויף צו שאַפן זייער געשיכטע" (ז' 10).

אַזוי אַרום קומט אויס, אַז ליטעראַטור טאָר זיך נישט רעכענען מיט אירע אימאַנענטע לעבנס־געזעצן, לויט וועלכע זי מוז זיך קינסטלעריש צייטיקן. זי דאַרף נישט וואַרטן ביז די דערשיינונגען וועלן זיך אָ פּ ז ע צ ן אין דער טאָג־טעג־לעכערווירקלעכקייט כדי זיי זאָלן ווערן רייף פאַר דער קינסט־לערישער פּען. ניין, דער שרייבער מוז זיך פאַרנעמען זיי צו „כאַפּן" אינם סאַמע פּראָצעס פון זייער ווערן, פון זייער שפּראָצן און דערביי זיך אויפהערן שפּילן אין אומגע־זונטע באַשיידנקייטן, נאָר דווקא זיך אַליין אַקטיוו אַריינמישן, כדי משפּיע צו זיין אויף זייער גאַנג. ס׳וועדט פון ליטעראַרישן שאַפן אויסגערוימט יעדער אינטים־קינסטלערישער מאָמענט, מ׳לאָזט נישט דעם דיכטער און פּראָזאַאיקער זיך נענטער „צונויפרײדן" מיט די דערשיינונגען, זיי צו פאַרדייען. אינ־טימקייט, שאַפעריש אויסוואַרעמען, טיפערע איבערלעבונג — דאָס זענען אַלץ רעאַקציאָנערע רעשטלעך פון אַן אָפּגעלעב־טער וועלט. אויף אַלעם מוז דער סאָוועטישער שרייבער בליץ־גיך „ענטפערן" מיט אַ נישט רעטושירט מאָמענט־בילד, וואָס דאַרף דינען די אינטערעסן פון סאָוועטישן „היינט". מאָרגן וועט די סאָוועטישע ווירקלעכקייט שטעלן פאַרן שרייבער נייע אויפגאַבן און ער וועט מוזן אָנשטעלן זיין אויפכאַפּ־אַפּאַראַט אין אַן אַנדערער ריכטונג. איז זיך נישט צו וווּנדערן וואָס אייך ליטעראַרישער תינוק־בן־יומו, וואָס איז — למשל — געווידמעט דער סטאַלינישער קאָנסטיטוציע, אונטערשיידט זיך קנאַפּ־וואָס „קינסטלעריש" פון אַן אַנדערן ליטעראַרישן תינוק־בן־יומו, וואָס איז געווידמעט סטאַלינען אַליין, וועלכער איז לויט איציק פעפערס רייד — „טיפער פון די ימען און העכער פון די בערג"... כאָטש צוריקגעשמועסט, געהערט דער סטאַלין־קולט צו די סאַ־מע דווערהאַפטיקסטע מאָטיוון אין דער סאָוועטישער ליטעראַ־טור. מ׳דאַרף זיך דעריבער נישט חידושן, וואָס די יידיש־סאָ־וועטישע ליטעראַטור האָט זיך אין אַ געוויסן זינען סטאַנדאַ־ריזירט. אַ באַדייטנדיקע צאָל אפילו טאַלאַנטירטע שרייבער

„אַרבעטן“ דאָרט לויט אַ קלישע. גענויער מיט דעם וועט אויס־קומען זיך צו באַקענען, ווען ס׳וועט זיין אַ רייד וועגן דער סאָוועטישער טעמאַטיק.

עס דאַרף נאָך לסוף אָנגעמערקט ווערן, אַז אין קיילעכ־דיקן אַרום האָבן די יידיש־סאָוועטישע ליטעראַטור־קריטיקער רעזיגנירט פון זייערע אַמאָליקע ליטעראַריש־„אימפּעריאַליס־טישע“ אַמביציעס. מ׳רעדט שוין נישט האָפּערדיק וועגן די אייגענע וואָרצלען פון דער יידיש־סאָוועטישער ליטעראַטור. מ׳מאַכט שוין נישט אַוועק מיט דער האַנט אַנדערע טיילן פון דער יידישער ליטעראַטור; מ׳זאָגט זיך שוין אָפּ פון דער וועג־ווייזערישער ראָל.

אינם אַלמאַנאַך א. נ. „אויף נייע וועגן“ לייענען מיר אַן איינלייטונג, אונטערגעשריבן פון פאַרלאַג „איקוף“, ניו־יאָרק. איז דאָרט פאַראַן אַ זאַץ: „קיין שום אַנדערער צווייג פון דער גרויסער יידישער ליטעראַטור, וואָס ווערט געשאַפן אין פאַר־שיידענע טיילן פון דער וועלט, איז נישט אַזוי געקניפּט און געבונדן מיט דער אַרומיקער סביבה, מיט די קאַמפן און גע־ראַנגלענישן פונם אַרומיקן לעבן, מיט די פאַרמעסטונגען און דערגרייכונגען פון לאַנד, ווי דער סאָוועטיש־יידישער צווייג פון דער יידישער ליטעראַטור“ (ז׳ 7). לאָזן מיר אַ ווײַלע אין אַ זייט די זעלבסטזיכערקייט פון די איינלייטונג־שרייבער, ווייל די וואָס קאָנען נעענטער די סאָוועטישע ווירקלעכקייט, האָבן ס׳רעכט צו האָבן אַן אַנדערע מיינונג. ס׳איז אָבער יאָ כדאי אונטערצושטרייכן דעם פאַקט, אַז די אויטאָרן פון דער גערעכ־טער איינלייטונג גלויבן שוין, אַז ס׳איז פאַראַן אַן אַלגעמיין יידישער ליטעראַטור־בוים מיט אייגענע וואָרצלען און אַז די יידיש־סאָוועטישע ליטעראַטור איז נאָר אַ צ ו ו י י ג פון דעם זעלביקן אַלגעמיין־יידישן בוים, ד. ה. אַז דער צווייג נערט זיך מיט אַלגעמיין־יידישע זאַפטן.

# פון „באַנטשע שווייג" ביז צו דער „גאָלדענער קייט"

(צו י. ל. פרצעס 35-סטן יאָרצייט)

ס׳רוב פרציאַנער ווייזן אַרויס מער אויפמערק און אינטערעס פאַר ד ע ם פעריאָד פון פרצעס שאַפן, וואָס מאַכט בולטער די אידעאיש־קינסטלערישע מעטע, צו וועלכער פרץ איז דערגאַנגען, איידער צו י ע נ ע ם פעריאָד, וואָס דאַרף באַצייכענען די גרונט־הנחה פון וועלכער ס׳האָט זיך לכתחילה אויסגעשיילט און געצייטיקט פרצעס שאַפעריש געמיט. מ׳איז מער פאַרכאַפּט מיט די סאַמע שפּיצן פון דער פרץ־פּיראַמיד, איידער מיט די אונטערשטע קרייזן, וואָס בילדן דאָך דעם פונדאַמענט פון דער זעלביקער פּיראַמיד.

י. ל. פרץ באַלאַנגט צו דעם אָבות־דריילינג פון דער יידישער ליטעראַטור, אָבער דער אונטערשיד באַשטייט אין דעם, וואָס מענדעלעס און שלום־עליכמס שאַפן באַוועגט זיך צו מיינסט אין א י י ן דימענסיע — דער ה אָ ר י ז אָ נ ט אַ ל ע ר. זיי האָבן געגעבן דעם דורכשניט־מענטש, דעם גראָען פאַרשויץ, וואָס טיילט זיך זעלטן מיט עפּעס אויס פון דער מחנה. די מענדעלעשע און שלום־עליכמישע פאַרשוינען מיט זייערע זשעסטן, זיטן, מינהגים, פאָסטעמקעס, מענטאַליטעט און יידישלעכן וועלט־געפיל זענען ממש איינגעפרעסט אין פסיכישן רי־טעם פון כלל. דעסקריפּטיוו־שטייגעריש שטעקן זיי אַזוי טיף אינעם קאָלעקטיוו־נוסח, אַז מ׳זעט כמעט נישט אַרויס זייערע קעפּ. דערפאַר י. ל. פרצעס שאַפן באַוועגט זיך שוין אין צ ו ו י י דימענסיעס — ה אָ ר י ז אָ נ ט אַ ל ע ר און

**ווערטיקאַלער.** פּרץ גיט אונדז אי דעם וואָכעדיקן, „קריכנדיקן" מענטשן, וואָס איז מיט אַלע זיינע השגות, זאָרגן און חלומות איינגעפּעדעמט אין קאָלעקטיוו־שטעטלדיקן געוועב, אי — דעם פלאַטערנדיקן, געלייטערטן שבת־יום־טובדיקן יחיד, וואָס — אַ דאַנק זיינע געשטייגערטע פאָרשטעלונגען און מאָנונגען פון זיך און פון אַנדערע — שלאָגט ער זיך אַרויף צום סאַמע שפּיץ.

רעדט מען זיך איין, אַז אָט די צוויי „באַזונדערע" דימענסיעס זענען ביי פּרצן אָפּגעטיילט איך דעם, אַז ס׳זענען געווען צייטן, ווען פּרץ איז געווען דערעיקרשט פאַראינטערעסירט אַריינצוזבליקן אין די „נשמהלעך" פון די קליינטשיקע, אין אָט די „מאָנדעלעך", אָרעמע און אומבאַהאָלפענע. און ווידער זענען געווען צייטן, ווען פּרץ האָט מיט טריומף אַרויסגעפירט דעם דערהויבענעם יחיד, די שטורמישע פּערזענלעכקייט, וואָס וויל ברעכן אַלע צוימען.

יאָ, איז טאַקע צווישן זיי פאַראַן אַן אַבסאָלוטע ליידיקייט? איז צווישן באָנטשע שווייג און ר׳ שלמהן פון דער „גאָלדענער קייט" אין דער אמתן נישט פאַראַן קיין שום בריק? צי דערגייט עס קיין מאָל נישט ביי פּרצן צו אַזעלכע פּונקטן, ווו דיביידע דימענסיעס זאָלן זיך באַרירן? צי האָט פּרץ דאָ געהאַט טעמאַטישן קפיצת הדרך? — פּונקט ווי די נאַטור פאַרטראָגט אויך נישט די קינסטלערישע ספערע קיין ליידיקייט. דער שטח צווישן באָנטשע און ר׳ שלמה איז אויסגעפילט מיט גרעסערע באָנטשעס און קלענערע שלמהס. ר׳ שלמה איז נישט אַראָפּגעפאַלן פלוצעם פון הימל. ער איז אַרויסגעוואַקסן פון אַ סביבה פון מיטעלע און גרעסערע שלמהלעך. ער שטאַפּלט זיך ווי אַ באַרג, פון דער פלאַך — ביזן שפּיץ.

אין „ביים גוסס צוקאָפּן" ווערט באַשיימפּערלעכער דער עלעמענט פון אַנדערשקייט און העכערקייט, וואָס דאַרף מיטווירקן, אַז ס׳זאָל אויפקומען דער דערהויבענער יחיד. פון לייבל קאָנסקיוואָליער קוקט אַרויס די אָפּשטויסנדיקע מיטלמעסיקייט, גירקייט, וואָס לעבט מיט דרויסנדיקער צניעות און אינעווייניקסטער צביעות. אָבער דערביי זעט מען דעם שטילן גראָען נחמנקע פון זבאַראַזש, אָט דעם נחבא אל הכלים, וואָס מיידט אוים פּירסום. ער קאָן זיך אפשר נישט באַרימען מיט קיין דרויסנדיקער „צניעות". ער היט אפשר נישט געגוי אָפּ די

מצוות מעשיות, ווי דער פרום־פּאַרליגנערישטער לייבל קאָנס־
קיוואָליער. אָבער דערפאַר האָט ער אַן אייגענעם לעבנס־גאַנג.
לייבל קאָנסקיוואָליער האָט געלעבט און איז נתעשר געוואָרן
פון אויסנוץ און „שטופּט זיך" פון דעסטוועגן אין גן־עדן אַריין.
דאָרט איז דאָך אַלץ באַשטראַלט פון גאָטס גענאָד, דאָרט טוט
מען גאָרנישט, מ׳לעבט אין ליכטיקן נחת. נחמנקע פון זבאָראַזש
האָט זיין גאַנץ לעבן מקריב געווען פאַר אַנדערע. נאָך אַנאַנד
געטראָגן הילף נויטבאַדערפטיקע. איצט בעט ער זיך אַליין אין
גיהנום אַריין. דאָרט זענען פאַראַן הונגעריקע, לעכצנדיקע,
דאָרשטיקע, גאָטס־פאַרגעסענע, פאַרלאָרענע און פאַרשאָלטע־
נע. אמת קיין הילף וועט ער זיי דאָרט נישט קענען געבן. ער
וועט אָבער דאָרט האָבן די זעלישע פּריווילעגיע מיטצופילן
און מיטצווייטיקן... איז שוין אין דעם גראָען נחמנקע פאַראַן
אַ דערויף פון פּ ע ר ז ע נ ל ע כ ק י י ט.

האָבן מיר ווייטער אין די „פּאָלקטימלעכע געשיכטן"
„קלענערע" און „גרעסערע" פּיגורן, פּראָסטע און לומדישע יידן,
וואָס האַלטן זיך אין איין ראַנגלען מיטן יצר הרע, שטעלן אים
אַקעגן דעם אינעווייניקסטן יידיש־מאָראַלישן אימפּעראַטיוו.
איז אין דעם געראַנגל גופא שוין פאַראַן אַן אָנדייט אויף פּער־
זענלעכקייט. עפּעס פון דעם איז אויך פאַראַן אין „פּדיון שבוים":
אַ געפלעכט פון צניעות, מעגלעכער אויסגעלאַסנקייט, מסירת
הגוף און מסירת נפש. שוין אָפּגערעדט פון די פּראָסטע האָלצ־
העקערס און וואַסער־טרעגערס, וואָס זענען באַגלייך פאַרבאָר־
גענע ל"ו־ניקעס. גאָר גרינג איז שוין צו געפינען אין "חסידיש"
רוישטאָף, פון וועלכע ס׳זענען שפּעטער אויסגעקנאָטן געוואָרן
פּרצעס באַזעלטע יחידים. לדוגמא איז גענוג צו דערמאַנען
„אויב נישט נאָך העכער", „מקובלים", „צווישן צוויי בערג"
א"אַ. אין זיי אַלע ווערט געצייכנט אַ ציטער־ליניע, וואָס העפּט
נאָך אַנאַנד דאָס האָריזאָנטאַלע מיטן ווערטיקאַלן.

ס׳וואָלט זיכער כדאי געווען אויסצוגעפינען פּרצעס — אין
אַ געוויסן זינען — סינטעטישע פיגורן, וואָס זאָלן, גענומען אין
אַ סאָציאַלער ראַם, באַווייזן די פּאָטענציעלע הויכע יחידיש־
קייט, וואָס צייטיקט זיך אין אַזוי גערופענעם בוזעם פון פאָלק.

אין פּרצעס דראַמעס זעען מיר אינדיווידואַליטעטן, וואָס
פאַרנעמען זיך דרייסט צו שניידן נייע וועגן. „אין פּאָליש אויף
דער קייט" זעען מיר אַ קלויזניק ווי אַ סאָציאַלן בונטאַר, וואָס

ווײל צעקרישלען די אַלטע דאָגמאַטישע צוימען. אין דער „גאָל־
דענער קייט" זעען מיר אַ חסידישן רבין, וואָס פאַרמעסט זיך
צו אַ גרויסן שטרייט מיט כביכול. אין „ביינאַכט אויפן אַלטן
מאַרק" זעען מיר אַ ליץ, וואָס נעמט זיך פאַר מיט מאַגישע
קונצשטיק צו שפּאַלטן די דערדריקנדיקע מאַכט פון די הימ־
לען. זענען דאָס אַלץ בפירוש־אויסגעקריסטאַליזירטע פּערזענ־
לעכקייטן. פון וואַנען קומען זיי? ביי וועמען האָבן זיי געשעפּט
זייערע לעבנס־זאַפטן? — די שפּליטערן פון זייער יחידיש־
דראַמאַטישן כוח זענען צעזייט איבער י. ל. פּרצעס צענדליקער
דערציילונגען, סקיצעס און נאָוועלעס, וואָס בילדן אַ פאַרשידנ־
פאַרביקן קאַליידעסקאָפּ פון דער טיפּישער יידיש־פוילישער
שטייגער־ווירקלעכקייט. לאָמיר דעריבער אויסטיילן כאָטש אַ
דריי געשטאַלטן, וואָס זענען פאַרשטריקט אינעם יידיש־פּוי־
לישן פאָלקס־שטייגער, געשטאַלטן פון וועלכע ס׳האָבן זיך
שפּעטער געקאָנט אויספלעכטן די גערדאַכטע בונטאַרן: זיי זע־
נען: דער בטלן, בדחן און קלעזמער.

דער בטלן — די סאָציאַלע היעראַרכיע פון אַמאָ־
ליקן שטעטלדיקן יידישן לעבן איז געווען אַזוי געבויט, אַז דעם
מאַמע אייבערשטן שטאַפּל האָט פאַרנומען דער סוחר, דער
גביר. ער איז געווען דער אָנגעזעענסטער אין קהליש לעבן;
אים האָט מען אויף אַלע אַסיפות און קהלישע פייערונגען באַ־
זעצט אויבן־אָן. אים האָבן געחנפעט קליין און גרויס. פון אים
זענען געווען אָפּהענגיק די שטעטלדיקע כלי־קודש, איינשליסנ־
דיק אַפילו דעם מרא דאתרא, וואָס האָט אין אַלע דין־תורות
געהאַלטן מיטן גביר פאַר רח"ש און יום־טוב־געלט. אים האָט
מען צוגעטיילט די „פעטסטע" עליות און גרעסטע כיבודים.
ער האָט אויך קהל רעפּרעזענטירט כלפּי חוץ. איז אין דעם
נאַטירלעך געקומען צום אויסדרוק דרך אריך פאַר געלט, דרך
אריך פאַר מאַכט. אָבער אחוץ דעם איז אינעם אָפּגעשטאַנענעם
שטעטלדיקן לעבן גבירישקייט געווען אויך פאַררעכנט פאַר
וועלטלעכע אינטעליגענץ, פּראַקטישע געניטקייטן. אָ, ער איז
נישט קיין פאַרבאַבליעטער, נישט קיין אונטעראויזונדיקער, ער
איז אַ געניטער סוחר, אַ וועלטמענטש, וואָס פירט גרויסע גע־
שעפטן מיט פּריצים און שפּאַרט אָן אין הויכע ערטער. באַ־
צייכענען עמעצן פאַר אַ „געניטן סוחר" הייסט מאַכן אים דעם
שענסטן קאָמפּלימענט.

דער קעגנזאַץ צום געניטן סוחר איז געווען — דער בטלן. דאָס איז טאַקע געווען אַן אונטערנאַזיוונדיקער, אַ בית־המדרשניק, וואָס קלייבט זיך גאָר קנאַפּ פונאַנדער אין מילי דעלמא. ער איז ווייט פון וועלטלעכע עסקים, ווייט פון קהלישע ענינים, ווייט פון „פּאָליטיק” (הגם ער פּאָליטיקירט נאָך אַנאַנד אויף אַ בטלנישן שטייגער...), זעט קיין מאָל נישט קיין „גאַזעט” פאַר די אויגן, צום בטלנים־לעגיאָן ווערן געווײנטלעך סאָציאַל פאַרעכנט — מלמדים, קלויזניקעס, פּרושים, שמשים, קברות־יידן, חסידישע יושבים, מגידים און גלאַט לײדיקגייערס. זיי זענען איינגעפּרעסט אין אַן ענגן, שיער נישט פאַרשימלטן לעבנס־קרייז און ווייסן נישט וואָס עס טוט זיך אויף יענער זייט ראָגאַטקע. ווען עמעצער אַרגומענטירט פאַלש אין ענינים פון מסחר, פּטרט מען אים גלייך אָפּ מיט אַ שאַרפן אויסרייד — „דו רעדסט ווי אַ מלמד, ווי אַ בטלן”! — „בטלן” איז געווען אַ זידלוואָרט און אַן אומגליק און זיכער זענען פאַרן בטלן געשלאָסן די טויערן צו מאַטעריעלן וווילשטאַנד. פאַרשטייט זיך, אַז דער בטלן האָט נישט געהאַט קיין צוטריט צו געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. מ׳האָט זיך צו אים באַצויגן מיט ביטול און חוזק. ס׳זענען פאַראַן הונדערטער מעשהלעך און אַנעקדאָטן, אין וועלכע ס׳ווערט גוטמוטיק אויסגעלאַכט דעם בטלנס וועלטפרעמדקייט און לא יצלחדיקע אומבאַהאָלפנקייט. ער קען נישט די וועלט און פאַרשטייט נישט ווי אַזוי פון איר צו געניסן.

קיינער האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין פאַרשטענדעניש פאַרן בטלנס אויסטערליש האַרט לעבן, פאַר זיין אינעווייניקסטער וועלט, עד שבא י. ל. פּרץ און האָט מיט זיין דיכטעריש אויג פאַרבלאָנדזשעט אין בית המדרש־ווינקל, זיך איינגעלעבט און אַריינגעפילט אין געמיט פון דעם עלנטן אויסגעלאַכטן. — מאָדנע, דער בטלן שטופּט אָפּ זיינע יונגע טעג און יאָרן צווישן די באַשפינעוועבטע בית המדרש־ווענט, אינעם געדיכטן ספרים־שטויב, אָפּגעריסן פון דער „קאָכיקער” וועלט. ס׳דערגייען אפילו צו אים נישט די קולות פון מאַרק, קראָם און אַכסניא. ער געניסט נישט פון עולם הזה: זיך אָפּגעשיידט פון אַלע ערדישע גלוסטונגען און תאוות. זיין וועלט איז די גמרא און דער זוהר. דאָס שאַפט אים אַ פאָרשטעלונג פון אַן אַנדער, העכערער און פאַרביקערער וועלט, אַקעגן וועלכערס פּראַכט, די היינטיקע

וועלט האָט אַ נעבעכדיק אויסזען און האָט אַ באַטייט — טאַקע ווי שאָלעכץ פון קנאָבל. אין נאָמען פון אָט דער ה ע כ ע ר ע ר און א מ ת ע ר וועלט איז כדאי זיך אָפּצוזאָגן פון דער היינטיקער, פאַרבייגייענדיקער משטיינס־געזאָגטער וועלט, וואָס האָט נישט קיין ממשות און איז נאָר אַן אחיזת־עינים. די איינרייסערס זענען פשוט פאַרבלענדט... אַזוי אַרום ווערט ביים בטלן די רעאַליטעט פאַרוואַנדלט אין אַן אילוזיע, און די איר לוזיע ווערט מגולגל אין אַ רעאַליטעט.

איז אָבער דעם בטלנס וועג כלל נישט קיין גרינגער; מ׳דאַרף אין זיך אַ סך גובר זיין, מ׳דאַרף זיך נאָך אַנאַנד האַר־טעווען, כדי נישט געשטרויכלט צו ווערן. רגע כמימרא טוישן זיך ביי אים אין דער מחשבהביידע וועלטן. און דער יצר הרע האָט אַ טבע, אַז וואָס טיפער מ׳פאַרגראָבט אים, אַלץ אָפטער שווימט ער קאַפּויער. און די איינציקע לעבעדיקע פרוי, וואָס דרייט זיך אַרום אויפן שולהויף איז די שמשטע, וואָס האָדע־וועט דאָרט הינער. חוץ דעם כאַפּט ער פון מאָל צו מאָל בגנבה אַ קוק אויף דער טאָכטער פונעם באַלעבאָס, ביי וועלכן ער עסט „טעג"... היפּערטראָפיע פון גייסט פירט אים צו עראָטאָ־מאַניע. דאָס איז דאָך אויך דער וועג פון יונגערמאַן אין „אַ גאַנץ יאָר שיכור, פורים ניכטער". ער דערזעט אינעם אינ־דיקס אויגן דעם שמייכלדיקן בליק פון זיין ווייב. די מעשה איז: דער מגילה וועגן דער נאַקעטער ושתי דערפירט דערצו, אַז דער אינדיק ווערט אין זיינע אויגן מגולגל אין אַן אשה אַ יפת תואר, מיט וועלכער ער „אַנטלויפט" פון בית המדרש — אין קרישטאָלענעם פּאַלאַץ, וואָס איז ביים טייכל.

ווען די קלויזניקעס־בטלנים קומען צום זינדיקן „אין פּאַ־ליש אויף דער קייט" — וועגן וואָסערע דאַגות דערציילן זיי? וואָסערע וויזיעס האָבן זיי? און וועגן וואָס בעטן זיי ביי אים? —

אין די בעטן — שלאָפן ווייבער,
שלאָפן מיידן, אין די נעצן
פון געקרייזלטע לאַנגע האָר,
אָדער פייער־פלאַמענדיקע...
אין די היציקע חלומות...
שטרעקן נאַקעטע פיס אַרוים
נאַקעטע הענט, נאַקעטע העלדזער...

שווערער אָטעם, רונדע בריסטן...
אַ באַפריי אונדז פון דער בענקשאַפט,
פונעם פייער, פונעם שוואַרצן! —

דאָ רעדט דער צעפּלאָמטער כוח הדמיון ביי מענטשן, וואָס האַלטן אין איין אונטערדריקן די ליידנשאַפטן. דער בטלן האָט אַן אייגענעם, אַ „בטלנישן" צוגאַנג צום לעבן; ער דענקט מיט אַנדערע קאַטעגאָריעס, וואָס זענען להיפּוך צו דער אַלגעמיינער קרעמערישער מענטאַליטעט. אָבער, ווי געזאָגט, טוישן זיך ביי אים נישט איין מאָל בליציקביידע וועלטן פון טיפן גלויבן און אויפגעפלאַצטן צווייפל. אַ שטענדיקער געראַנגל. ס'עגבערן אים ביטערע שאלות, וואָס דערפירן אָפט צו אייגענער פּסיכישער אינטראָספּעקציע: הלמאי? פאַר וואָס דאַרף איך זיך אָפּקערן פון לעבן? פאַר וואָס שטעק איך מיטן גוף אין ד ע ר וועלט און מיט דער מחשבה אויף י ע נ ע ר וועלט? און ווידער פאַר וואָס איז מיין נשמה געשפּאָלטן — איין העלפט טראַכט וועגן דער הימלישער הייך, און די אַנדערע העלפט זינקט אין ערדישער טומאה? פאַר וואָס זענען גלוסטונגען צום ערדישן לעבן — טומאה? צי וועט כאָטש דער קינפטיקער תענוג אין אַ וועלכער ס'איז מאָס זיך אויסגלייכן מיטן היינטיקן גיהנום, וואָס ברוזט אין מיר נאָך אַנאַנד? וואָס, מ'שטיינס געזאָגט, ווייסן די אַרומיקע מענטשן וועגן מיינע אינעווייניקסטע שפּאַרעונישן? בסך הכל זעען זיי נאָר מיין אָפּגעריסענעם און אָפּגעשלאָסענעם דרויסן. אוודאי בין איך אַנדערש פון זיי, אָבער דער אַנדערער אין מיר איז ווידער געשפּאָלטן אין צוויי באַזונדערע אַנדערע. ווער אין מיר איז דאָס וואָס ער איז און ווער אין מיר באַטראַכט מיין צעשפּלאָנטקייט אין מיר? — הכלל, איך האָב פאַרלאָרן מיין סוביעקטיוון מיטלפּונקט און זאָגט מיר, רבותי, ווער אייגנטלעך בין איך? — אָט צו דער מדרגה פון פּסיכישער צעמישעניש דערפירט פּרץ דעם בטלן און דערלויבט אונדז ווי אָבסערוואַטאָרן אַריינצוקוקן אין בטלנס גייסטיקן אינגעווייד דורך זיין פּסיכאָ־אַנאַליטיש סאַטיריש בילד „דער משוגענער בטלן":

„איך בין אַ דירה, איך בין אי דער גוטער שכן, אי דער שלעכטער שכן, אַלץ איך, און דערצו וויל איך וויסן ווער איך בין?! כאַ־כאַ־כאַ! — שאַ! נעכטן ערשט, דער עולם האָט גע־

לאכט, וואָס איך בין געבליבן שטיין אויף איין אָרט, אפשר אַ שעה! איך ווייס וואָס איך בין געשטאַנען! איך האָב נישט גע־קענט גיין: מען האָט געהאַקט האַלץ אויפן שולהויף, האָב איך געוואָלט גיין פּרווון, צי איך קען אַ שייטהאַלץ צעהאַקן, צי קען איך אויך אַרבעטן... איך האָב שוין אָנגעהויבן גיין; שטייען צוויי בענק: אין דער זייט אַ באַנק, אין יענער זייט אַ באַנק. דאָ דערציילט מען, אַז מען הייצט אין באָד, הייבט מיך אָן בייסן ס׳גאַנצע לייב און איך וויל צוגיין צום קעסטל, אַרויסשלעפּן דעם בעזעמל און גיין אין באָד אַריין... קעגנאיבער האָט זרח מלמד דערציילט יענקל געצלען, אַז אין „בעל־עקדה״ איז דאָ אויף דער היינטיקער סדרה אַ פּלאי־פּלאימדיקער דרוש! וויל איך וויסן, וואָס זרח מלמד איז געפעלן, צולויפן צו דער מזרח־וואַנט און אַראָפּכאַפּן דאָס ספר... נו, בין איך טאַקע געשטאַנען! די פיס האָבן נישט געוווסט וועמען צו פאָלגן: צי דעם בערל חנהציעס, וואָס וויל גיין האַלץ האַקן, צי דעם בערל חנהציעס, וואָס וויל גיין אין באָד אַריין, ווייל עס בייסט אים, צי דעם בערל חנהציעס, וואָס וויל וויסן וואָס זרח מלמד איז געפעלן!... איך בין טאַקע אַזוי לאַנג געשטאַנען, ביז איך האָב מיך דער־מאַנט, אַז איך האָב נאָך קיין מנחה נישט געדאַווענט!״

---

„רבונו של עולם! ווער בין איך פאַרט?״

אָבער נישט בלויז מיט זיך, מיטן אייגענעם צעריסענעם „איך״ קען דער בטלן נישט פאַרטיק ווערן, נאָר אויך פּונקט אַזוי קיקט ער אויף יעדן מענטש. פאַר אים, אין זיין צעדולעניש, איז דער מענטשלעכער „איך״ די העכסטע מיסטעריע. עפּעס אַ געווירבל פון אַ סך צעריסענע „איכס״ אַרום דער נישט־געזעע־נער אַקס און איינער וויל באַנעמען און פאַרשטיין דעם מהות פון צווייטן. אויך וואָלף סוחר, וואָס כאַפּט זיך אַריין אין בית המדרש צו לערנען אַ שטיקל גמרא, איז פאַר אים פּסיכאָלאָגיש אַ רעטעניש. אויך ער מסתמא באַשטייט פון אַ סך „איכס״ און ס׳איז שווער אָנצוכאַפּן זיין „אמתדיקן״ איך.

„אצינד איז ער איינער, איין וואָלף סוחר... ער זיצט און לערנט! פאַרטיפט, ער זעט מיך נישט. ער לערנט אוודאי נדרים, זיין פּרק, מער קען ער נישט... אַצינד איז אַ קונה, קונם קונם... אַצינד איז ער אַ „לשון שבדו חכמים״, אַצינד ווייס איך וואָס ער איז, אַ פּרק נדרים... דערנאָך? דערנאָך וועט וואָלף סוחר

אראָפּגיין אין גאַס אַריין, וועגן תבואה אויף אַ פאַלשער וואָג, אָפּנאַרן גאַנץ קרוינפּוילן און אַהיים גיין געבן דעם ווייב, דער אָרעמער, דערשלאָגענער טויבע, צוועלף פּעטש מיט פיר דזשאָך! זעסט דאָס לעמעלע, בערל חנהציעס! זעסט דאָס שע־פּעלע, זעסט ווי עס קנייטשט איין דעם שטערן, זעסט די פרומע אייגעלעך, זעסט, זעסט! און דו שוטה, דו בערל חנהציעס, דו חמור, ווילסט מיר איינרעדן, אַז דאָס איז דער אייגענער גנב פון גאַס, דער אייגענער רוצח פון דער היים? ניין, בערל חנה־ציעס! ניין מיר וועסטו דאָס נישט איינרעדן! ניין, ניין! — נישט אַזוי קוקט אַ גנב, נישט אַזוי זעט אויס אַ רוצח!... שוטה!...״

פאַרשטייט זיך, אַז ס׳וועט דאָ אויך נישט אויסגעמיטן דער ראָמאַנטישער עלעמענט. בערל חנהציעס עסט ביי וואָלפן אַ „טאָג״ אין דער וואָך און פאַרקוקט זיך אָפּט הינטערווייר־לעכיך אויף וואָלפס צאַרט ווייבל — טויבע. וואָלף איז צו איר גראָב און ברוטאַל. שענקט דאָס באַעוולהטע ווייבל דעם אָרע־מען בטלן אַן אומעטיקן שמייכל. בערל נעמט מיט זיך מיט דעם שמייכל, וואָס וואַרעמט אים אין זיין בית המדרש־גרויקייט...

„אַ רחמנות אויף איר!... עס שניידט מיך ביים האַרץ, אָפּט חלומט זי זיך מיר... זי בעט מיך אַמאָל, ביינאַכט אין שלאָף, איך זאָל איר העלפן... דאָס הייסט: זי בעט נישט מיטן מויל, זי רעדט נישט, חו״ש, אַ יידישע טאָכטער רעדט נישט מיט אַ מאַנצפּאַר־שוין... נאָר זי קוקט אויף מיר מיט אַזאַ... מיט עפּעס אַזאַ... מין קוק...״

דעם בטלנס נשמה־צעריסנקייט, זיינע האַרטע ראַנגלענישן, זיין קעמפן מיט די נאָכאַנאַנדיקע גלוסטונגען, וואָס האָבן אים באַנומען, דאָס כסדרדיק טרייבן פון זיך די געשפּענציקע ביל־דער און דאָס פּערמאַנענטע טוישן די וועלט פון גלויבן מיט דער וועלט פון לייכטן צווייפל האָט אין אים פאַראַרבעט אַ סך בונ־טאַרישן שטאָף. מיט דער צייט איז די בונטאַרישע פּאָטענץ גע־וואָרן אַ ק ט ו אַ ל י ז י ר ט און אָנגענומען ס אָ צ י אַ ל ע אויסדרוקפאָרמען.

פון די אַלע גאַנצע און האַלבע קלויזניקעס, פון די אַלע משוגענע און מיושבדיקע בטלנס, וואָס זענען ברייטלעך צעזייט איבער פּרצעס שריפטן, איז אויסגעוואַקסן זייער קרוין־גע־שטאַלט — דער ז י נ ד י ק ע ר אין דער דראַמאַטישער פּאָע־מע „אין פּאָליש אויף דער קייט״. געגעטיש איז ער דער אַמאָ־

ליקער בטלן, אָבער שוין אַ באַפרייטער פון אינעווייניקסטן קאַשמאַר. ער ווערט אַקטיוו, ער איז געקומען איבערבויען די געזעלשאַפט; ער איז געקומען צעקרישלען די אַלטע דאָגמעס, וואָס האַלטן אונדז אין אַ גייסטיקן און מאַטעריעלן קלעם. ער איז שוין גרייט זיך שטעלן בראש פון די באַוואָלהטע באַלעבאַ־טים, בעלי מלאכות, קלויזניקעס און אַרבעטער, וואָס דאַרפן פירן זייער האַרטן אָבער גערעכטן קאַמף פאַר באַפרייונג און אויסלייז.

אַצינד וועלן מיר זיך — לויט דער ריי — פאַרנעמען מיטן ב ד ח ן.

אין פאַרגלייך מיטן בטלן איז דעם בדחנס סאָציאַלע מערכה געווען אַ פיל ערגערע. אין וואָכעדיקע מסחר־טעג האָט מען פון בטלן, געוויינטלעך, געחוזקט צוליב זיין וועלט־פרעמדקייט און לא יוצלחדיקייט. אָבער אין יום־טובדיקע מינוטן האָט מען זיך דאָך מיט אים ווי עס איז גערעכנט. פאַרט אַ לומד־תורה, צו מאָל אַפילו אַ תלמיד חכם. נישט איין מאָל האָט זיך אַן אָרעמ־דאַר געיאָגט צו באַקומען אַ קלויזניק־בטלן פאַר אַן איידעם. אַנ־דערש איז עס אָבער געווען מיטן בדחן. צו אים האָט מען זיך באַצויגן מיט באַשיימפּערלעכן ביטול און געזעלשאַפטלעכן ווי־דערווילן. און אַ באַלעבאַטישן ייד איז זיכער קיין מאָל נישט איינגעפאַלן זיך מתחתן צו זיין מיט אַ בדחן. ווען מ׳האָט הער־שעלע אָסטראָפּאָליער געפרעגט פאַר וואָס ער פאַרנעמט זיך מיט דער מלאכה בזויה פון לצנות־טרייבעריי, האָט ער גע־ענטפערט — צוליב פינף סיבות: די ערשטע סיבה איז מיין ווייב, די איבעריקע סיבות זענען מיינע פיר קינדער.

אין דער אמתן, וואָס איז דאָס — כ׳בעט אייך — בדחנות משטיינס געזאָגט פאַר אַ וויסטע פרנסה. איז דאָס געהערט גע־וואָרן צווישן פיינע לייט, אַז אַ באַיאָרטער ייד מיט אַ באָרד, אַ טאַטע פון קינדער, זאָל פון זיך מאַכן אַ בוזי, זיך איינריסן ס׳פּנים, פאַרשטעלן און שיטן מיט לצישע גראַמען, משמח צו זיין דעם עולם אויף דער חתונה. דערצו חברט ער זיך גאָר מיט די „טריפּענע" לאַבושניקעס, זייטיק „לאַטכענט" ער בולקעס פון חתונה־טיש, גיסט אין זיך שפּאָרעוודיק אַריין דעם אומזיס־טיקן ביטערן טראָפּן און איז שטענדיק בגילופין. אַ גאַנץ יאָר פורים־שפּילער, אַ בלאַזען, אַ מאַרשעליק, שטראַם־גראַם מאַך מיר אַ לעטניק...

אָבער ווי זאָגט אַ יידיש ווערטל — „אַ בדחן מאַכט די גאַנצע שטוב פריילעך, און אַליין האָט ער אין דער היים צרות". און צרות האָט ער דערפאַר, וואָס ס'איז אַן אָרעמאַן אין זיבן פּאָלעס. קיין פּרנסה איז נישטאָ, די טאָכטער, די בוגרת, פאַרזיצט ביזן גראָען צאָפּ אַריין. ס'איז נישטאָ קיין שלום־בית, ס'ווייב שעלט זיך. און אַ קיימא־לן האָבן מיר, אַז ס'רוב נעמט זיך דערפון אַ שלעכט לעבן, ווייל ס'איז נישטאָ פון וואָס צו לעבן. און ווען גאָט העלפט שוין, אַז דער שטעטל־דיקער גביר מאַכט חתונה זיין יונגעטשקע טאָכטער און „נעמט" אויף דער שמחה אַ בדחן, איז עס פאַרן בדחן ס'רוב אַ געלעגנהייט פאַר אומעטיקע נאָכטראַכטענישן און ביטערע נאָכווייענישן.

ווען דער בדחן באַטרעט נאָר די שוועל פון דער גבירישער „סאַליע", זעט די שפע, וואָס קוואַלט פון יעדן ווינקל, די גע־פּאַקטע מחותנים אין אַטלעסענע קאַפּאָטעס און די גוידערדי־קע מחותנתטעס, אָנגעטאָן אין שטערנטיכלעך און זיך באָמבי־לענדיקע גילדענע אויירינגלעך, ווערט ער פאַר אַלעם געטראָפן פונם פולן ליכט, וואָס שלאָגט פון די בליצלעמפּ. אין דער מחש־בה הייבן אָן עגבערן די קאָנטראַסטן. דאָ איז ליכטיק און פריי־דיק, און ביי מיר אין שטוב איז פינצטער און קלאָגעדיק. דאָ גייט אַ יונגעטשקע מיידל, בלוט און מילך, אונטער דער חופה, און ביי מיר אין שטוב דאַרט און קוואַרט די בוגרת... פאַר וואָס קומט עס זיי אַלץ, און מיר גאַרנישט? ס'ווערן אין אים רייף געפילן פון פּראָטעסט קעגן דער אומגערעכטער וועלט און קעגן די, וואָס האָבן אַלץ פאַרכאַפּט פאַר זיך.

מ'באַזעצט די כלה און דער בדחן דאַרף זי אויפשפּילעריש באַזינגען אָדער איר גאָר פאַרזינגען אַ גליקלעכע צוקונפט. אין געשלאָסענע גראַמען מאָלט ער ס'שטראַליק בילד פון דער צו־קונפט. דער כלהס מזל־ברכה וועט שיינען ווי די זון אין תמוז; זי וועט זיך באָדן אין נחת, שפע און פרייד. אָבער ביי זיך אין האַרצן לייקנט ער אַלץ אָפּ. ס'איז נישטאָ קיין גליק; כלהשי, דו וועסט גראָ ווערן, דיין שטערן וועט געריינצלט ווערן. די וועלט איז אַ ביטערע וועלט. ווידער אין זיינע שטעגגרייף־לידער פאַרן מאַנצבילישן עולם, ביי דער גילדערנער יויך, שמוגלט ער אַדורך באַהאַלטענע שטעכווערטלעך אויפן אַדרעס פון די גבירישע מחותנים. ער ווינקט אָן, אַז זייער גדולה וועט נישט לאַנג גע־

דזיערן, האָרעם סוף כל סוף וועלן זיי אַלע ווערן אָנזעצערס.

און אַצינד אַ וואָרט מיט גרויס געפיל
פאַרן פאַרשפּעטיקטן גאַסט ר׳ עזריאל,
פאַרן חתנס הכל כאשר לכל
עזריעל מאכט, — — — אַ שהכל.

ביי זיך אין האַרצן שטעלט ער זיך העכער פון דעם טעמפּן עולם געסט. — „וואָרף פּערל פאַר חזירים"... סיי אין זיין זינגען פאַר די אויפגערוימטע מחותנים, סיי אין זיין באַזינגען די האָפענונגספולע כלה, די נאַרישע ציג, איז פאַראַן אַ שפּיזיקער אַדורכדרינג, וואָס איז אויסן אויפצודעקן דעם שקר, כדי אַלץ צו צעשטערן און פאַרוויסטן, ווייל אַ צביעותדיק, אומערלעך לעבן איז נישט ווערט געלעבט צו ווערן.

צו מאָרגנס נאָך דער חתונה איז דער קאָפּ שווער. אין דער היים איז ווייטער ביטער, די פאַרזעסענע טאָכטער זיפצט אויס שטיקער האַרץ און דעם ווייבס טויטע קללות פאַרטרייבן פון דער שטוב. שאַרט ער זיך ביי די מויערן ווי אַ שאָטן און גייט ווי געוויינטלעך צו חברה קלעזמאָרים. צווישן די הפקר־פאַרשווינען איז היימישער. דאָרט זאַמלט ער אין זיך דעם פּראָטעסט קעגן דער שקרנישער וועלט. ער ווערט פּאַטאַליסטיש, גלייבט ווייניק אין מענטשלעכע אויפטוען; עפּעס אַ פאַרבאָרגענע האַנט באַשטימט אַלץ אויף דער וועלט. ער ווייכט פון „זייטיקע" מענטשן. פּרץ באַצייכנט אים ווי „אַ פּאַטאַליסטיש־מיזאַנטראָפּיש געשטימטע פיגור" („וואָס אין פידעלע שטעקט"). ער האַלט אין איין זאָגן — „וואָס עס וועט זיין באַשערט"...

ביי פּרצן איז באַשיימפּערלעך צו זען דעם בדחנס איבערגאַנג פון גראָטעסק צו טראַגיק. ס׳איז אָבער שווער צו זאָגן, אַז דאָס זאָל בלויז זיין פּרצעס דיכטערישער בליק אויף דער ראָלע פון בדחן. קענערס פון יידישן שטייגער ווייסן, אַז דאָס איז נישט קיין „ליטעראַריש" נייס. ס׳איז גיכער אָנצונעמען אַז פּרץ האָט זיין בדחן־קאָנצעפּציע גענומען אוממיטלבאַר פון יידישן לעבן. עס איז באַוווסט, אַז הערשל אָסטראָפּאָליער האָט פאַרשטעלטערהייט שאַרף אַריינגעזאָגט דעם רבין ר׳ ברוכל מעזשיבעזשער. צווישן שפּאַס און ערנסט איז נישט געווען אוממעגלעך אַריינצושטעלן אַ שפּילקע. ער אַליין האָט פאַרן טויט געחוזקט פון די פרומגלייביקע און בייסיק דערציילט ווי אַזוי ער וועט

זיך „דאָרט" האַלב־אַפּיקורסיש אויסטענהן מיטן מלאך דומה...
אַזוי דערציילט מען אויך, אַז ביי ר׳ דודל טאַלנער איז געווען אַ הויף־בדחן יאָסל זשאָפּ. איין מאָל בעת אַ פּורים־סעודה האָט דער בדחן זיך פאַרשטעלט פאַרן קיניג אחשורוש און מיט חברה אָפּגעשפּילט די גאַנצע מגילה. דער עולם האָט זיך פורימדיק געוויילט. אין מיטן צעלעצווועטן שפּיל האָט זיך ר׳ דודל פּלוצעם אויפגעשטעלט, זיך ערנסט פאַרנייגט פאַר יאָסל־אחשורושן און זיך געבעטן ביי אים:
רבי: אדוני מלך, איך בעט דיך שרייב אונטער, אַז דו ביסט מבטל אַלע גזירות רעות אויף יידן.
יאָסל: איך וויל נישט.
רבי: כ׳בעט דיך, שרייב אונטער.
יאָסל (פאַרעקשנט): איך וויל נישט!
רבי: האָט רחמנות, די צרות זענען שווערע, באַו מיט ער נפש...
יאָסל: איך וויל נישט!
רבי (לאָזט זיך אַראָפּ, אויפן בענקל, זיפצט) אַ שאָד, גע־ווען אַ שעת הכושר און זי פאַרשפּילט...
נאָכן שפּיל איז דער עולם צוגעשטאַנען צו יאָסלען מיט ביטערע טענות, הלמאי ער האָט נישט געוואָלט ממלא זיין דעם רבינס בקשה און נישט אונטערגעשריבן. יאָסל האָט זיך פאַר־ענטפערט: איך האָב בפירוש געוואָלט אונטערשרייבן, נאָר כ׳האָב נישט געקענט. אינעווייניק האָט מיך עפּעס געטאָרעט אַ נישטגוטער — ניין, שרייב נישט אונטער...
איז אין דער סצענע פאַראַן אַ באַשיימפּערלעכער צונויפ־טרעף פון שפּיל און וואָר, גראָטעסק און טראַגיק. דער רבי האָט אינם אחשורוש־שפּיל געזען אַ פונק פון העכערער וואָר־הייט, און דער בדחן ווידער האָט אין זיך געשפּירט אַ ניצוץ פון טראַגישער יידישער שיקזאַלהאַפטיקייט, קעגן וועלכער ער איז אומַמעכטיק.
אין דער מיסטעריע „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" פירט פריץ אַרויס דעם בדחן ווי אַן אַקטיוו געשטאַלט, אַ ליץ, וואָס איז אַראָפּ פון זינען, פלעכט שפּאַס און ערנסט, לצנות מיט טראַגיק. ער דערשיינט ווי אַ שטורמער, וואָס רופט דעם עולם צום קאַמף מיט די פאַרליגנערישע הימלען. די וועלט ווערט געפירט שלעכט, אומיושרדיק. וויל ער ביי די הימלען צוגנבענען

דעם רשות כאָטש אויף אַן איין און אייציקער נאָכט און מיט איר אָנפירן. — „גאָטס וועלט וועל איך פירן!"...

---

דער קלעזמער.

אין פאַרגלייך מיטן בדחן פאַרנעמט דער קלעזמער נאָך אַ נידעריקערן שטאַפּל אויף דעם געזעלשאַפטלעכן לייטער. מילא, דער בדחן האָט נאָך אַ מאָל געזאָגט אַ פּשטל, אַריינגע־פלאָכטן אַ מדרש, קונציק קאָמבינירט מיט גמטריאות, ראשי תיבות, המצאות און נוטריקון. אָבער דער קלעזמער איז גלאַט אַ פּראָסטער פאַרשוין, וואָס קאָן זיך אַפילו נישט רעכט ספּראַ־וועןן מיט אַ שייטל עברי. דערצו קליידט ער זיך „גוייש". אַ „קערץ" רעקל, אַ היטל מיט אַ לאַקירטן דאַשעק. ס׳בערדל קיילעכדיק אַרומגעשוירן אדג"ל און דערמיט אַליין איז ער שוין אַ פּורש מן הציבור, און טאָן טוט ער דאָס צוליב פּרנסה, צוליב זיינע נישט יידישע קאָנסומענטן. אין די ספירה־טעג און אין די „דריי וואָכן" קומען נישט פאָר קיין חתונות. („אַז מען ציילט ספירה, קומט אויף די קלעזמער אַ פּגירה") איז מען דערהויפּט אָנגעוויזן אויף גויישע פּרנסהס ד"ה אויף הוליאַנ־קעס און פּריצישע בעלער, וואָס קומען פאָר אין דער קאַרנאַ־וואַל־צייט. אַן ערך זעקס וואָכן זיצט מען אין די פּריצישע הייף און מען „זשאָבט" מזומן. מ׳עסט און מ׳שלאָפט דאָרט. פאַרשטייט זיך, אַז מ׳איז דעמאָלט נישט איבעריק אָפּגעהיט אין כשרות און צניעות. תמיד לאָזן זיך פון דאָרטן הערן נישט קיין שיינע מעשיות. אין די פרייע טעג איז מען אַ ביסל הפקר־דיק, אַריינגעטאָן אין פּעשל קאָרטן, פאַרקאָכט אין לינקע לי־בעס, מ׳טרייסט זיך מיטן ביטערן טראָפּן, און אַ יידיש וואָרט נעמט מען זעלטן אין מויל אַריין. פאַרשטייט זיך, אַז אין דער פאַרפרומטער יידישער עדה האָט מען זיך מיט אָט דעם „תכ־שיט" נישט צו פיל געצאַצקעט, אים נישט באַזעצט אויף דער מזרח־וואַנט. ס׳איז דאָ מיט וועמען — משטיינס געזאָגט — זיך זעצן צום טיש, מיט אַ קלעזמער־יונג... אין טייל מקומות האָט מער געגלויבט, אַז דער לאַבושניק קאָן מיטן פידעלע אָנ־טאָן כישוף... דער קלעזמער אַליין האָט אין זיין באַהעמיש־קייט באַמיט זיך צו איזאָלירן פון דעם פילוסטערישן כלל דורך שאַפן זיך אַן אייגענעם זשאַרגאָן, אַ געמזרדט קלעזמער־לשון.

י. ל. פּרץ איז געווען — קאָן מען זאָגן — דער ערשטער, וואָס האָט דעם קלעזמער גייסטיק רעהאַבילירט, אויב נישט אַנטפּלעקט. (הגם שלום־עליכם האָט דער ערשטער דעם קלעזמער געמאַכט פאַרן הויפּט־העלד פון זיין ראָמאַן „סטעמפּעניו").

ס'איז כדאי צו דערמאָנען, אַז בכלל איז אין פּרצעס שאַפן מער קאָנטיק דער מוזיקאַלישער עלעמענט אויפן חשבון פון דער מאָלערישער זייט. זיין דיכטערישער פּערז איז בינדיק, קורצאָטעמדיק, ריטמיזירט לויטן האַלבטאָן, סיי אין פּרצעס אַ ליד, סיי אין זיינס אַ סקיצע אָדער דערציילונג שפּירט זיך מער דער אָפּקלאַנג פון דער אינעווייניקסטער בלחשדיקער מוזיק, איידער דער דרויסנדיקער אויסקלאַנג. פּרץ דערציילט, אַז וועגן באַרדיטשעווער קלעזמער פּדהצור פלעגט דער טאַלנער רבי זאָגן: „סודות התורה שטעקן אין זיינע ניגונים. עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס ער אַליין ווייסט זיי נישט". מ'דאַרף צו דעם האָבן אַ באַזונדער געהער. ווען מיר רעדן וועגן פּרצס מוזיקאַלישקייט, האָבן מיר אויך אין זינען די וואָקאַלישע זייט, נגינה. דער קלאַנג, וואָס קומט פון די פידל־סטרונעס, האָט ביי אים די זעלביקע חשיבות ווי דער געלייטערטער קלאַנג, וואָס קומט פון מענטשנס קעל, פון די שטים־בענד. אָפט מאָל גייען זיי צוזאַמען. נישט אומזיסט הייסט אַ שפּילער אויף יידיש — כלי־זמר; ער איז דער האַר איבער די אינסטרומענטן פונעם געזאַנג. שוין דער בעל התהילים פּאַרערט דעם מוזיקאַליש־וואָקאַלישן „מזמור". ער גיסט צונויף די שטים־קלאַנגען מיט די האַרפּע־קלאַנגען. — „מיינע ליפּן וועלן זינגען, אַז איך וועל שפּילן צו דיר" (ע"א־כ"ג).

אין „גילגול פון אַ ניגון" רעדט פּרץ וועגן נגינה ווי וועגן אַ קאָסמישן עלעמענט:

„די גלגלים, האָבן מיר אַ קיימא־לן זינגען: טאָג און נאַכט — יום ליום, לילה ללילה האָבן זייער זמר... מענטשן און פייגל זינגען, חיות ובהמות זאָגן שירה... אַ שטיין אָן אַ שטיין קלאַפּט, מעטאַל קלינגט... וואַסער, אַז עס לויפט, שווייגט עס נישט; היינט אַ וואַלד. ביים קלענסטן ווינטל, זינגט ער דאָך אַ וואַלאַך, אָן אמתן, שטילן, זיסן וואַלאַך".

דאָס פאַרבאָרגענע אינעם מענטשן זעט פרץ דערעיקרשט אין געזאַנג. נאָך מער דאָס אינעווייניקסטע אין מענטשן זעט ער פון דער שטים, פונעם מענטשנס קול און זייערע טעגלעכע, אַגבדיקע שמועסן. ווען מיוויל, למשל, וויסן צו דער טאָפּ איז גאַנץ, צי ער האָט נישט ערגעץ אַ שפּעלטל, מוז מען אָנקלאַפּן אָן דעם טאָפּ און הערן זיין קלאַנג — אַזוי איז אויך מיטן מענטשן. אין „מסירת נפש" לייענען מיר:

„אַ מענטש, וואָס איז נישט גאַנץ, קאָן האָבן אַן אויבער-קול, אַן אונטער-קול, אַ ביי-קול, אַ צעשפּאָלטן קול, אַ ציטערדיק קול, אָבער נישט קיין ריינעם קלאָרן קלאַנג: קיין רעכט קול האָט ער נישט! איז אָבער אַ מענטש קיין טאָפּ נישט: אז מען קלאַפּט אָן, און ער האָט נישט זיין אייגן קול, מאַכט ער נאָך אַ פרעמד קול... טוט ער ווי אַ פּאַפּוגיי. דו הערסט אַמאָל פון וווייטנס אַ קול, מיינסטו דער און דער פויגל, און אַז דו קומסט צו — אַ נאָכגעמאַכט קול, אַ פּאַפּוגיי..."

פרץ גלייבט, אַז אַ געזונגענער אָדער געשפּילטער ניגון איז פאַרבונדן מיטן פּנימיות פונעם זינגער. איבערגייענדיק פון מויל צו מויל, באַקומט דער ניגון אַן אַנדערן, אייגענעם ת י ק ו ן אָדער גאָר אַ ק י ל ק ו ל. די כלעזמער אומוואַנדלונגען פון אַ ניגון באַווייזן די נשמהדיקע אַנדערשקייטן פון די כלעזמער זינגערס. דאָס איז צו זען קלאָר פון פרצעס „אַ גילגול פון אַ ניגון". מ'מוז אָבער מודה זיין, אַז ביי פרצן כישופט פון דעסט-וועגן פּיפּידעלע מער פונעם געזאַנג. אין „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" פירט דער בדחן אַרויס די בראָדער זינגער פון אַלגע-מיינעם קבר, און די קלעזמער ווערן אַרויסגעצויבערט פון דעם פאַרכישופטן ברונעם — „מיט די אינסטרומענטן, וואָס זענען גלייך מיט זיי נאָס און פאַרוואַקסן, אין די הענט". אַז פרץ פאַרשטייט דעם אינטימען „באַרוף" פון איטלעכן מוזיקאַלישן אינסטרומענט באַזונדער, איז צו זען „אין פּאַליש אויף דער קייט":

פידל, שפּיל! גיס די זיסע
קיניגלעכע בענקשאַפט אויס,
ווי אַ שמעקנדיקן בוימל...

און דו, פּלייט, —
דעם קיניגס ציטעריקע פרייד,
זיין בליענדיקע ליבע זינג!
קינדיק, באַס, דער וועלט זיין ווילן!
זאָג אַ בשורה אָן, טראָמפּייט —
צו זיין מלכות דער קיניג גייט.

דורך מוזיק ווערט מלכותא דארעא פאַרבונדן מיטן מלכותא דרקיע. „און אַז יוחנן וואַסערטרעגער קומט אויף יענער וועלט, ווער, מיינט איר, קומט אים אַנטקעגן? דוד המלך מיטן פידעלע"... און אברהמל פון „שמע־ישראל" — דערציילט פרץ — האָט געהאַט אַ מינהג דריי מאָל אין טאָג צו זאָגן „שמע ישראל" אויפן באַס.

„אין דער פרי, ווען די זון האָט אויפגעשיינט, פאַרנאַכט, ווען די זון איז אונטערגעגאַנגען און חצות... אין דער פרי און פאַרנאַכט פלעגט ער עס טאָן ביים וואַסער אויף דער לאַנקע ביי דער שטאָט, און צו חצות — אין מיטן מאַרק, און די קולות פון זיין באַס פלעגן זיך צעשווימען אין דער שטילער מוטער־נאַכט און אַריינרייסן זיך דורך טיר און טויער אין לאַדן אין די שטובן, אין די הערצער אַריין"...

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דער זעלביקער באַס האָט געשפּילט אין הימל...

און ווי האַרציק דערציילט פרץ וועגן ר' אברהמל („דער שפּילער"). אין שטוב איז אומעטיק. „קומט אָבער אַריין ר' אברהמל מיטן פידעלע. די ליכטלעך ווערן מיט אַ מאָל ליכ־טיקער, אויגן לייכטן זיך, אויף די פּנימער באַווייזט זיך אַ שמייכעלע, פאַרשעמט, פאַריתומט, נאָך פאַרטערערט. רב אבר־המל שפּילט שוין ׳שושנת יעקבי — גיסט זיך אַ קלינגענדיקער בוימל אין האַרץ אַריין". — פרץ גיט צו: „און געווען איז ר' אברהמל אַ שפּילער, נישט קיין קלעזמער. ער איז געקומען צו דער מדרגה, צו וועלכער אַלע, פילייכט, בענקען, אָבער זעלטן, ווער עס זאָל דערגרייכן: ער האָט פון פידעלע קיין פּרנסה נישט געצויגן, דערפון נישט געלעבט".

דער אידעאַל פון איינעם, וואָס האַלט אַ פידל אין האַנט,

איז צו ווערן אַ שפּילער און נישט קיין קלעזמער.
דער ערשטער שפּילט כּדי זיך זעליש אויסצולעבן, דער צווייטער גרימפּלט לשם פּרנסה, אָן אינעווייניקסטער באַציאונג צום באַרוף. און דער פּראָפעסיאָנעלער גרימפּלער האָט עפּעס נישט — ווי געזאָגט — קיין גרויס אָנזען אין דעם באַלעבאַטיש שטעטל. מ'קען נישט סובל זיין זיין „טריפּענעם" הילוך. פּרעץ דערזעט פון דעסטוועגן אין דעם פּראָפעסיאָנעלן קלעזמער אַ שפּילער פון העכערן באַרוף, אַ שפּילער, וואָס איז צוליב די אויסטערלישע יידישע אומשטאַנדן אַריינגעפאַלן צווישן חברה גרימפּלער.

אין צוויי דערציילונגען: „פון וואַנען נעמט זיך: „ער שפּילט פאַרן טייוול", „אַ קלעזמער־טויט" און אין צווייאַקטיקן טעאַטער־שטיק „וואָס אין פידעלע שטעקט" בויט פּרעץ אויס די פערזענלעכקייט פון קלעזמער־שפּילער. יואל איז דיריגענט פון אַן אייגענער קאַפּעליע אין אַ מיטל־פּוילישער שטאָט. ער איז אַ באַרימטער פידלער, אָבער לעבט לויטן אָנגענומענעם קלעזמערישן נוסח. פּירט לינקע ליבעס, היט נישט אָפּ קיין כּשרות, טרינקט און מיידט אויס די באַלעבאַטישע דרכים. ער איז דרויסנדיק אין גאַנצן באַקליידט מיט דער מיטלמעסיקער קלעזמערישקייט. נישט מער ער איז שטענדיק עפּעס צעטראָגן און קיינער פאַרשטייט נישט זיין צעטראָגנקייט. פּרעץ לעבט זיך איין אין יואלס אינעווייניקסטער וועלט און אַנטפּלעקט זי. יאָ, יואל איז אַ פאַרבענקטער, אַן אייביק זוכנדיקער. וואָס זוכט ער? נאָך וואָס און וועמען בענקט ער? ווייסן מיר דערווייל נישט.

זיין צאַרטקייט, פאַרחלומטקייט און פידל־צויבעריי וועקט אויף די חתונות סימפּאַטיע ביי די כּלה־מיידלעך און נישט אויסגעשווימטע יונגע ווייבלעך. זיין מוזיקאַלישע סענסיטיווקייט טרייבט אים אויף יעדער חתונה זיך צו פאַרליבן אין אַן אַנדער מיידל; דאָ אין דער שוואַרצע פעשע, דאָרט — אין דער בלאָנדע רחל... מוזיק און ליבע זענען אַ פּאָר. אָבער ביי אים סובּטעטיזירן זיי זיך צו אַ העכערן פּונקט...

יואל האָט אַן אייגענע קאַפּעליע, די אייגענע זיך־שפּילערס, אָבער ער אַליין שפּילט נישט אויף יעדער חתונה. מאַכט זיך אַמאָל אין אַ ווייס־זילבערנער טבת־נאַכט האָט יואל, אַ פאַרחלומטער, פאַרבלאָנדזשעט אונטער דער שטאָט ביי דער קרעטשמע. אַרום און אַרום ווייסע, פאַרשנייטע פעלדער. שטעקט

ער זיך גיך אָן מוזיקאַליש מיט שניי. וואָרים שניי באַטייט קלאָרקייט, זויבערקייט.

„אַ מענטש אין שטאָט זינדיקט... באַשאַפט זינד... יאָגן זיי אים נאָך די זינד... ווי די מייז... ווי די ווערעם... קריכן אים אַרום איבערן לייב... אונטערן העמד, קריכן אים אַרום אויפן לייב אין בעט... כאַפּט דעם זינדיקן מענטש אָן אַ שרעק, אַנטלויפט ער פאַר זיי, פאַר די זינד, פון דער היים, פון דער שטאָט אַרויס... קומט דער זינדיקער מענטש פון שטאָט אַרויס צום שניי, צום קלאָרן שניי, — טריבע אויגן האָט ער, דער זינדיקער מענטש פון דער זינדיקער שטאָט, אַ פינצטער, אין שרעק איינגעשרומפּן הארץ, אַ נשמה אַ פאַרקלעמטע און אין נעפּל איינגעהילטע — קוקט ער דער זינדיקער מענטש אויפן שניי, זאַפּט ער און זאַפּט די קלאָרקייט, די ווייסע ריינקייט פון שניי, זאַפּט ער גאָטס שטיל געגאָד איין, גאָטס ליכטיק ליימזעליקייט — לייטערט זי אים די נשמה אויס, קלערט זיך אים אויף דאָס הארץ, ווערט דאָס אַזוי שטיל, אַזוי גוט...״

און דאָס פאַרוואַנדלט זיך ביי אים אין אַ מוזיקאַלישער קאָמפּאָזיציע „שניי״. צוריקקומענדיק פאַלט ער אַריין אין דער חתונה־„סאַליע״. ס׳שטעלט זיך אַרויס, אַז דאָס איז דער שוואַרצער פּעשעס חתונה. אַלע בעטן אים, אַז ער זאָל שפּילן. ער לאָזט זיך איבעררעדן. — „כ׳וועל אייך שפּילן — שניי״... ער פאַרוואַרפט די פידל, פאַרגלייזט די אויגן און הייבט אָן שפּילן שניי, ס׳ווערט אַ פיינלעכע, געדריקטע שטימונג. ווייבער חלשן... „רייסט אים אַרויס די פידל״, „ער שפּילט פאַרן טייוול״. ווען ער זעט אָבער, אַז זיין געליבטע הערט אים נישט, וואַרפט ער אַוועק די פידל, וואָס פּלאַצט אויפן אָרט... ער האָט באַשלאָסן מער נישט צו שפּילן; זיין ליד, זיין שיר השירים, איז נישט אויסגעהערט געוואָרן...

וואָס האָט ער געזוכט אין זיין שפּילן? צו וועמען האָט אים געצויגן? — אין זיין ודוי זאָגט ער צו גאָט:

„האָסט מיר אַ פאַרבענקטע נשמה געגעבן. אַן אומרואיקע, וואָס האָט גלייך מיט נחת טויב אין ערגעץ קיין רו נישט גע־פונען. פאַר בענקשאַפט געזינדיקט. — — שטענדיק געזוכט,

קיין מאָל נישט געפונען. און ווייסטו וועמען זי האָט געזוכט, מיין אָרעמע נשמה? — — דיך! נאָר דיך! אָן דיר איז איר קאַלט און פינצטער געווען. — — — געבלאָנדזשעט נאָך דיר איבער בערג און טאָל. האָט זי דיך אין יעדן וואַסערל געזוכט, צווישן נעפּל און וואָלקן געזוכט... און אין יעדן שטראַל, אין יעדער פאַרעם, אין יעדן טאָן, אין יעדן קלאַנג, אין יעדן טיפערן אויג"...

איצט ווייסן מיר שוין וואָס יואל קלעזמער האָט געזוכט אין פידעלע, אין יעדן טאָן, אין יעדן קלאַנג. ער האָט אין שפילן געזוכט גאָט און אים נישט געפונען. זיין ליד איז נישט אויסגעהערט געוואָרן, זיין שיר השירים איז פאַרשוועכט געוואָרן. האָט ער צעבראָכן די פידל. אַ גאָטלאָז לעבן איז נישט ווערט געלעבט צו ווערן...



די דריי פּעריפעריע-געשטאַלטן בטלן, בדחן און קלעזמער, מיט וועלכע די באַלעבאַטישע עדה האָט זיך געברעקט, האָט אַנטפּלעקט פאַר אונדז י. ל. פּרץ, באַוויזן זייער זעלישן כוח. פונעם בטלן האָט זיך אויסגעשיילט דער סאָציאַלער בונטאַר „אין פּאַליש אויף דער קייט". דער בדחן איז געווען דער פאַרויסלויפער פון דעם הימל-שפּאַלטנדיקן לץ אין „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק". דער קלעזמער איז געוואָרן אַ דערויף פון אויפגעוועקטן גאָט-זוכער ר׳ שלמה אין דער „גאָלדענער קייט".

# די גענעזע און טענדענץ פון י. ל. פּרצעס מיסטעריע „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק“

א. איינפּלוסן

ווען י. וו. געטע האָט פּאַרטראַכט צו שילדערן דעם זע־לישן נסיון פון דעם „אָלימפּיש־צעשויבערטן“ מענטשן, וואָס שפּרייזט אַריבער די גרענעצן פון דער „אָנגענומענער“ וועלט און בלייבט הענגען איבער די אָפּגרונטן פון דער ג ע אַ נ־ ט ע ר וועלט, האָט ער זיך באַין ברירה איינגעהילט אין אַ מאַגישן שלייער פון שוואַרצקינצלעריי. אָט־די מאַגישקייט איז נישט בלויז אַ דרויסנדיק מיטל פאַר פּלאַסטישער עקספּרעסיע און אויך נישט עפּעס אַ קרבן פאַר דעם קאַפּריזן אָפּגאָט פון דער צעפּיעשטשעטער קונסט, נאָר גילט ווי אַ נאַטירלעכער עלעמענט, וואָס שטעקט אין דעם שאַפונגס־פּראָצעס גופא.

דאָ איז אַ גערייד וועגן אַ שאַפן, וואָס באַוועגט זיך בלינד, דערפאַר אָבער טיף אין מעטאַפיזישע דימענסיעס. שטייט דער צעטרייסלטער פאַוסט, וואָס האָט פאַרלוירן דעם זינען פון אייגענעם לעבן, קלאָגט זיך אויפן גורל און באַשליסט לסוף זיך איבערצוגעבן די פאַרבאָרגענע נאַכט־כוחות. — „דרום האָב איך מיך, דער מאַגי ערגעבן“. (וויל מען אַ „נייע“ זון דער זען, מוז מען קודם אַדורכפיבערן אַ גערינכט־פינצ־טערע נאַכט אין דעם פלעדערמייז־קעניגרייך. דאָרט הערשן בייזע רוחות, וואָס דאַרפן צייכענען דעם דערשיינונגס־וועג פון די כלערליי פאַרזענישן). „... ס׳איסט געזעץ דער טייפעל אונד געשפּענסטער: וואָ זי הערײַנגעשליפּפט, דאַ מיססען זי הינאוס!“

דער געטע־קוואַל האָט באַפרוכפּערט פאַרשידענע ליטעראַטורן, דערונטער אויך די פּוילישע און יידישע.

***

אָט דער געטע־ריטם איז צום ערשטן מאָל קינסטלעריש איבערגעפלאַנצט געוואָרן אין דער פּוילישער ליטעראַטור דורך דעם גרעסטן פּוילישן ראָמאַנטיקער אַדאַם מיצקעוויטש. מיצקעוויטשעס גוסטאַוו, דער פאַרקלעמטער מענטש, זוכט דעם זינען פון זיין פּערזענלעכער טראַגעדיע און האָפט אים צו געפינען אין דער פאַרבאָרגענער פלאָנטער־וועלט פון דעם אומבאַקאַנטן. מיצקעוויטש האָט זיך דעמאָלט איינגעגלייבט אין דעם באַטייט פון שעקספּירס מימרא — „ס׳זענען פאַראַן אין הימל און אויף דער ערד אַזויפיל נסים ונפלאות, וועגן וועלכע ס׳האָט זיך קיין שום פילאָסאָף נישט געחלומט". אַזוי אַרום איז ער געווען גענייטיקט, זיך „דער מאַגיע איבערצוגעבן". ס׳קומט דאָ צו הילף דער שוואַרצקינצלער, וואָס דאַרף ביים היידנישן „דזשאַדי"־יום־טוב אַרויסכישופן פון די קברים אַלע פאַרוואָלגלטע נשמות, וואָס לעכצן נאָך אַ תיקון. מיצקעוויטש לאָזט זיך אין דער געדיכט־פינצטערער האַרבסט־נאַכט פון Ciemno wszedzie, glucho wszedzie (ס׳איז אומעטום פינצטער, אומעטום — טויב־שטיל) ערגעץ אויף אַ העט־וויט פאַרלאָזענעם אַלטן בית־עלמין. דער שוואַרצקינצלער פּרוווט דאָ מיט זיינע מאַגישע שטיק צו וועקן אַ נישט־דערלעבטע וועלט און ווידערבאַלעבן אַ נישט־דערהויכטן אָטעם (גוסטאַוו). ער פאַרמאַכט זיך אין דער בית־הקברות־קאַפּליצע, צינדט אָן אַ שטיק קין און מיט דער הילף פון פאַרשידענע צויבערשפּרוכן רופט ער אַרויס נשמות. אַזוי אַרום הייבט זיך אָן דער קאַראַהאָד פון די עולם־התוהו־געשפּענצער. אויף אַלע געשפּענצער האָט דער צויבערער אַ שליטה; ער באַווייזט אין דער רעכטער צייט זיי צו פאַרטרייבן. דער האָן גיט דעם ערשטן קריי און די צערעמאָניע איז שוין געענדיקט. פּלוצים באַווייזט זיך אָבער אַ געשפּענץ פון „יונגען גייסט". וואָס וויל נישט געניסן פון די צוגעגרייטע „דזשאַדי"־מאַכלים. דער גוסליאַר נוצט אויס אַלע שוואַרצקינצלערישע שטיק אים צו פאַרטרייבן, אָבער אָן דערפאָלג. ס׳געשפּענץ איז גוסטאַווס עבן־בילד, וואָס קאָן דורך דער מאַגיע בלויז אַנטפּלעקט ווערן,

אָבער אַ תיקון זוכט ער שוין נישט בײם מכשף, נאָר בײם גײסטלעכן.

דער אַרױסגעצױבערטער גוסטאַװ־גײסט מאַכט אַדורך שבעה מדורי גיהנום, ביז ער װערט מגולגל אין קאָנראַדן און געפינט ענדלעך דעם װעג צום קאָלעקטיװן „זיך". ער נעמט זיך אונטער װעקן בײם פֿאָלק אַקטיװן װילן, העראָאיזם און מסירת נפש. קודם כל שטרעקט ער אױס אַקעגן די הימלען אַ דראָענדיקע בונטאַרישע פֿויסט. װי אַ רופֿער און װעקער דערגרײכט ער אין זײַן איבערמוטיקײט דעם העכסטן שטאַפּל, שמועסט זיך גאװהדיק דורך מיטן בורא, פֿרעגט בײַ אים באַ־שײד אױף דער געפֿאַלנקײט פֿון דער פּױלישער אומה און רע־כנט אים אױס אַלע עװלות, װאָס די הימלען האָבן דערלאָזן לגבי דעם פּױלישן פֿאָלק. אָבער, װען גוסטאַװ געפֿינט זיך שױן אױפֿן שפּיץ פֿון אײגענעם אױפֿברױז, קומט אַ פּלוצימדיקער איבערברוך. גוסטאַװס העלדישקײט פֿאַלט און לעשט זיך אױס. דאָס אָרט פֿון איבערמוטיקן בונטאַר פֿאַרנעמט גאָר דער הכנעה־דיקער גלח פּיאָטר, װאָס האַלט זיך אין אײן בוקן צו די הימ־לען, קריכן אין שטױב פֿאַר גאָטס װאָרט און שעפּטשן שטילע אונטערטעניקע תפֿילות. — דאָס װידערשפּעניקע קול איז דער־שטיקט; ס'איז אַ צײַט פֿון בעטן און נישט פֿון װעקן...

⁂

די זעלביקע ליניע שלענגלט זיך װײַטער איבער זײַטיקע װעגן, באַקרעפֿטיקט זיך נאָכאַנאַנד מיט רעמיניסצענצן פֿון דער אַלט־גריכישער ליטעראַטור, און װערט לסוף דערפֿירט צו אַ דיכטעריש גאָר אױסגעלײַטערטן פּונקט — סטאַניסלאַװ װיספּיאַנסקי. בײַ אָט־דעם פּױלישן דראַמאַטורג־װיזיאָ־נער איז שױן נישט קײן גערײד װעגן פֿאַרנעפּלטע און צע־שװומענע זעעניש. די װיזיע פֿון שװער־געפּרװוטן באַקומט דאָ — כמעט צום ערשטן מאָל אין דער פּױלישער ליטעראַטור — אַ בולט־פֿאַרביקן קאָלאָריט, אַ פֿולבלוטיק פּרצוף־פּנים. דאָס איז דערהױפּט קאָנטיק אין װיספּיאַנסקיס װיזיאָנעריש דראַמאַ־טישער פּאָעמע „װעסעליע".

עס פֿאַרײניקט דאָ מיצקעװיטשן מיט װיספּיאַנסקין דער באַגער פֿון דער סימבאָלישקײט אַרױסצושײלן דעם מעטאַ־פֿיזישן אמת. דער גרונט־אונטערשײד צװישן „דזשיאַדי" און „װעסעליע" איז דער, װאָס אין „דזשאַדי" (אין דעם צװײטן

טייל) ווערט דער משל פֿאַרצערט דורכן נמשל און דערפֿאַר פֿאַרלירט דאָס בילד דעם אוממיטלבאַרן געצאַפּל. דאַקעגן אין „וועסעליע" ווערט געצויגן אַ פּאַראַלעלער בונד צווישן אידייע און לבוש, וואָרט און בילד, באַשערטקייט און געשטאַלט. דעריבער איז דאָ פֿאַראַן מער זאַפּטיקייט און קינסטלערישע גאַנצקייט.

דער מיטלפּונקט פֿון וויספּיאַנסקיס שאַפֿן איז — ד י מ י ס־ט ע ר י ע פ ו ן ג ו ר ל. דאָס איז געווען דאָס הויפּט רעטעניש, וואָס האָט אים קיינמאָל נישט אויפֿגעהערט צו אינטריגירן. ביי וויספּיאַנסקין פֿאַרמאָגט נישט דער באַגריף „שיקזאַל" קיין געפּעסטיקטן אינהאַלט. ער האַגלט און בלאָנדזשעט אַרבער די אומבאַקאַנטע רוימען און לאָזט זיך נישט באַנעמען מיטן הוילן אויג. ס׳האָט גיכער דעם „אַנבליק" פֿון אַן אַלגעבראַישע פֿאָרמולע, וואָס מ׳קען צו יעדער צייט אויספֿילן מיט אַן אַנדערן אינהאַלט.

אין „וועסעליע" ווערט דער „גורל" אַנגעפֿילט מיט אַ נאַציאָנאַלן אינהאַלט. דאָס פֿאָלק איז פֿאַרסמט מיט דער קללה פֿון קנעכטשאַפֿט און דער דיכטער זוכט אַ וועג פֿאַר דערלייזונג. אויך די „חתונה" (וועסעליע) מוז קודם דורכגיין דעם גייסטיקן תוהו ובוהו פֿון אַ פֿינצטערער האַרבסט־נאַכט, וואָרן אָן דעם קען גאָרנישט געמאָלט זיין קיין „נייער" טאָג. אויך וויספּיאַנסקי מוז זיך „דער מאַגיע ערגעבן". ער באַמיט זיך אויף אַ שוואַרצקינצלערישן שטייגער צו באַלעבן:

Wszystkie dziwy, kwiaty, krzewy, pioruny, Bvzenczenia, spiewy.

(אַלע פּיפּערנאָטערס, בלומען, קרייטעכצער, דונערן, גרימפּלעדישן, געזאַנגען). און זיי ווי „שיינע" מחותנים פֿאַרבעטן אויף דער „חתונה".

באַלד קומט די שטרויענע „סטראַשידלע" כאַכאַל, און פֿירט דורך די עולם־התוהו־פּראַצעסיע; Co sie w duszy komu gra (וואָס ס׳שפּילט זיך ביי עמעצן אויף דער נשמה).

דער קאַרנאַוואַל הייבט זיך אָן, דאָס געזעמל פֿון געשפּענצן קומט אין באַוועגונג, ביז ער פֿאַרווירט זיך. פֿונעם שוואַרצקינצלערישן קנויל שיילט זיך אויס די ליכטיקע פֿיגור פֿון אוקראַאינישן לירע - שפּילער — ו ו ע ר נ י ה אָ ר אַ. ער

דערבליקט אין אַט ־ דער פינצטערער האַרבסט ־ נאַכט אַ chwila osobliwa (אַ שעת הכושר) צו בלאָזן און שאַלן אויף דעם „גילדענעם האָרן" פון גאולה. דער שעת־הכושר צעציט זיך איבער דער גאַנצער לענג פון דער געדיכט־פינצ־טערער „התונה"־נאַכט, איבער וועלכער ווערניהאָראַ האָט אי־בערגענומען די מאַכט. אָבער ווערניהאָראַס שליטה גרייכט נאָר ביזן ערשטן קריי פון האָן, ביזן ערשטן זונען־שטרייף. ווייטער ווערט שוין אַלץ אויסגעלאָשן אין דעם ליכט־אָנבליק פון דער אויפגייענדיקער זון.

אַזוי אַרום ווערט דורכגעלופּטערט דער גאַנצער גייסטיקער פאָלקס־אינווענטאַר, די עדה מיט אירע ווידערשפּרוכן און בלאָנדזשעונישן. עס ווערט דעמאַסקירט דער חלום און די וואָר. פּישטעלט זיך אַרויס אַ שוידערהאַפטיק בילד פון דרויסנדיקן גלאַנץ און אינעווייניקסטער אימפּאָטענץ, צעפּוילטקייט. אַלץ איז פאַרווירט אינם קרייז פון שווערמערישע אילוזיעס און זיך נאַרנדיקער פראַזן־דרעשעריי. דער האָן האָט אַ קריי געטאָן, דער זונען־שיין הייבט זיך אָן שאַרן און דעקט ביסלעכווייז אויף די חרפּה פון דער צעהוליעטער נאַכט־קאָמפּאַניע, וואָס ווערט פאַרבלענדט פון קינסטלעך ליכט און בלייבט פאַרווירבלט אין דעם כישופדיקן אָנמאַכט־טאַנץ... דער תיקון איז נישט גע־קומען... דער טאָג האָט זיי פאַרשעמט — דער „גורל" איז אויף ווייטער געבליבן הענגען ווי אַ רעטעניש...

די גילגולים־קייט רינגלט זיך ווייטער, ביז זי קומט אויף אין דער יידישער ליטעראַטור אין פּוילן. ס׳ווייזט אויס, אַז דער ערשטער אויף דעם געביט איז געווען ש ל ו ם אַ ש. ער האָט נאָך צו יענער צייט נישט געגנוי באַנומען פּוילנס גייס־טיקע ווערטן און בכלל נאָך נישט אַרויסגעוויזן קיין ספּעציעלן ליטעראַרישן אינטערעס פאַר דערלייזונג־מאָטיוון. מעגלעך אויך, אַז דאָס איז געווען אַ צופעליקער איינפאַל. אַש האָט אַ קורצע צייט געוווינט אין קראָקע, פאַרקערט אין פּויליש־ליטע־ראַרישע קרייזן, געזען אין קראָקעווער טעאַטער וויספּיאַנסקיס „וועסעליע" און איז פון דער פּוילישער דראַמע ממש אָנגע־שטעקט געוואָרן. זיין קינסטלעריש געמיט איז דערפון גערייצט געוואָרן, ס׳„וועסעליע"־בילד האָט אים פאַרכאַפּט און ס׳איז רעמיניצענץ־מעסיק אויפגעקומען זיין דראַמע „משיחס צייטן".

„משיחס צייטן" טראָגן קינסטלעריש דעם לויזן וויס־

פּיאַנסקי־שלייער פון דער מיסטעריעזער „חתונה". בולטער קומט שוין דאָ אַרויס די אַלגעמיינע וויספּיאַנסקי־טענדענץ. אויך דאָ מאַרשירט אַדורך די גאַנצע יידישע עדה אין דער באַ־שיימפּערלעך דיפערענצירטער רווישיקער יידישער משפּחה. אַ אַ קאַליידאָסקאָפּ פון ליכט־און־שאָטן־בילדער. דער ראש המשפּחה, דער גרייז־גרויסער ר׳ חנן ווייזט נאָכאַנאַנד אָן אויף דעם שעת־הכושר („ריכטיקע מינוט"). ביי דעם אָפּהילך פון קולות און אָפּשיין פון ברקים שטייען די פּאָרשטייער פון דער יידישער עדה אויפן שייד־וועג, נישט־אַנטשלאָסן, פאַרלוירן... אין אַשם יוגנט־ווערק, וואָס אָטעמט בעיקר מיט ווייך־לירישן געמיט, איז צו זען, אַז דער אויטאָר האָט דעמאָלט נישט גע־קאָנט אויף די אייגענע פּלייצעס אויסטראָגן דעם אידייען־באַ־לאַסט פון וויספּיאַנסקים פּראָבלעמאַטיק. ס׳איז דעריבער נישט קיין וווּנדער, הלמאי דער ברייטער פאַרנעם האָט איבערגע־שטיגן אַשם דעמאָלטיקע אינטעלעקטועלע כוחות און ס׳איז אַרויסגעקומען אַן אַנעמישע אָקציע, וואָס איז אויסגעשטופּט מיט פּול־פּובליציסטישער רעטאָריק. אַש האָט אין זיין „משיחס צייטן", וואָס ער באַטראַכט ווי אַ „חלום פון מיין פאָלק" נישט אָנגערירט דאָס פונדאַמענטאַלע פון יידישן לעבן.

ס׳קומט בכן אויס ווי שלום אַש וואָלט געווען דער ערש־טער, וואָס האָט אויפן יידישן באָדן אין אַ דראַמאַטישער פאָרם איבערגעפּלאַנצט די וויספּיאַנסקי־וויזיע. ער האָט זיין „משיחס צייטן" פאַרעפנטלעכט אין יאָר 1906. און ער האָט אפשר דער־מיט געשטויסן י. ל. פּרצן צו פאַרטראַכטן זיין דראַמאַטישע פּאָעמע „ביי נאַכט אויפן אַלטן מאַרק", וואָס האָט זיך אָנגע־הויבן דרוקן אין אָקטאָבער 1907 אין דער וואַרשעווער „ראָמאַן־צייטונג". און מעגלעך אויך, אַז פּרץ האָט אויסגעמיטן אַשן און איז באַווירקט געוואָרן אוממיטלבאַר פון וויספּיאַנסקין, וואָרן די וויספּיאַנסקי־רעמיניסצענצן זענען צו בולט ביי פּרצן. אָבער חוץ די איינפלוסן, וואָס ער האָט באַקומען פון געטע, וויס־פּינסקין און אפשר אויך פון אַשן, איז ער בנוגע דעם שטי־מונג־טאָן אויך באַאיינפלוסט געוואָרן מן הצד — פון מ אָ ר י ס מ ע ט ע ר ל י נ ק. „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" שלייערט זיך כסדר אין מעטערלינקישע שאָטנס, וואָס קרייזן זיך אַרום דער נעפּלהאַפטיקער אַקס, פון דעם פּול־און גאָרנישט זאָגנדיקן „גורל". דער ווידעראַנאַנד פון דער זעבאַרער וועלט ווערט גע־

טריבן דורכן פּאַטוס פון דעם אומזעבאַרן, וואָס וועגן אים קאָן מען בלויז אַנען. די קאָנטיקע וויספּיאַנסקישע קאָנסטרוקציע־ און אידייען־איינפלוסן און דער סודותדיקער שטימונגס־ריטם פון מעטערלינקס בלאָנדזשנדיקע „בלינדע", וואָס דאַרשטן נאָך ליכט, גיסן זיך דאָ צונויף. וויספּיאַנסקים און מעטערלינקס אָפּגעהאַקטע האַלב־באַטאָנונגען און רמזידיקע בייקלאַנגען זענען ממש „לעבעדיקערהייט" איבערגעטראָגן געוואָרן אין דער מיסטעריע „ביי נאַכט אויפן אַלטן מאַרק".

„ביינאַכט" איז, לויט דעם פאַרנעם, כאַראַקטער און געשטאַלטונג, אַ ווערק, וואָס האָט נישט געקאָנט זעלבסטשטענדיק אויסוואַקסן אויף אַ רייך־יידישן באָדן. ס׳האָבן געמוזט קומען דרויסנדיקע איינפלוסן, וואָס האָבן ערשט שפּעטער געטריבן צום רייך־יידישן, צום וואָרצלהאַפטיק־יידישן. די איינפלוסן זענען נישט נאָר ליטעראַרישע, פון ביכער גענומען, נאָר אויך אוממיטלבאַר פון לעבן. אין די קלענערע פּוילישע שטעט זענען יידן אָפטער געקומען אין נאָענטער באַרירונג מיט דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. דער זאַמאָשטשער פּרץ האָט זיך אויך צוגעקוקט צום פּויליש־רעליגיעזן לעבן, געזען זייערע שוישפּילערישע „יאַסעלקעס", אָט די קאַטויליש־פאָלקסטימלעכע מיסטעריעס געבויט אויף עוואַנגעליע־מאָטיוון. איבעריקנס, אויך מיצקעוויטשעס „דזשאַדי" זענען געבויט אויף די פאַרצייטישע רעליגיעזע מיסטעריעס. דער ספּעציפיש־פּוילישער לעבנס־שטייגער, יידישער וועלט־בליק און שטעטלדיקער לעבנסאַרט, צוזאַמען מיט די גערעכטע־ליטעראַרישע איינפלוסן האָבן געהאָלפן געבוירן די עכט יידישע וואונדער־מיסטעריע — — „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק".

---

## ב. אַנאַליז

איידער פּרץ טרעט־צו זיך „דער מאַגיע ערגעבן" לאָזט ער וויסן, אַז ער האָט אין אויג בלויז זיך צו פאַרנעמען מיט אַן אָפּשניט פון דעם לאַנג־לאַנגן יידישן גאַנג איבער דער וועלט, נעמלעך — מ ד י נ ת פּ ו י ל ן.

...אויף אַ זומף, וואָס וויל נישט טראָגן,
שטייט דאָס קראַנקע בעט

דער „וואַנדערער" סימבאָליזירט דעם פאַרכישופטן קרייז

פון דער פאַרשאָלטענער יידישער אייביקייט. במשך פון דור־דורות וואַנדערט אַ פאָלק איבער דער גאָרער וועלט און קען נישט געפינען דעם וועג צו זיך. דאָס וואָגלען איז געוואָרן אַ זעלבסט־ציל און דעריבער פאַרלוירן די אַמאָליקע שליחות־אַמ־ביציעס. „איך קום, פרעג נישט פונוואַנען...” ווייטער — „ווהין? נישט פרעג...” אפשר איז ערגעץ אין דער „הויך” פאַראַן אַ פאַרבאָרגענע האַנט, וואָס פירט מיט דעם אַלעם אָן. פאַר אים אַליין איז די זאַך פאַרבליבן אומקלאָר. פון זיין לאַנג־מידן וועג איז אים פאַרבליבן די אומבאַהאָלפנקייט — נישטאָ קיין אויסוועג. ער ווייסט נישט און פאַרשטייט נישט דעם זינען פון זיין אייביקן שפאַנען איבערן וועלט־קיילעך. „בין עלטער געוואָרן, נישט קליגער...” אין זייט וואַכט דאָס האַרץ פונם דיכטער און כאַפט אויף דעם גרוי־שוואַרץ־רויטן חלום פון „וואַנדרער”.

האָב איך, הייסט עס, איינעם
פון זיינע חלומות געזען,
און דעם וועט מען שפילן.

און אָט צאָלט פריך אָפּ די „נייטיקע” מאַגישע צינזן. אינ־מיטן מאַרק געפינט זיך אַן אַלטער האַלב־פאַרשאָטענער ברוי־נעם, דערביי אַ געץ. ס׳האָבן זיך אַמאָל פאַרלאָפן אין דער האַלבער נאַכט משונהדיקע זאַכן. די שטאָט־קאַפעליע האָט זיך אַהיימגעקערט פון אַ פריצישן באַל אויף דער קלויסטער־גאַס. די קלעזמער שיכור פון ווייַן און תאווה, באַלאָדנט מיט פידל, טראָמפייטל, פייקל און באַס, אָבער אָן ציצית. האָט זיי דער געץ אין ברונעם אַריינגעצויגן. דער בדחן באַהערשט דעם געץ, גנבעט־צו ביים נאַכטוועכטער דאָס פייפערל פון האַלדז, וועקט אויף דעם געץ, שליסט מיט אים אַ בונד און רופט צו צו אים: „עס איז אונדזער נאַכט! אונדזער נאַכט!” דער געץ טוט דעם בדחנס ווילן. עס ווערט די נאַכט פון טייוול, וואָס פאַרנעמט דאָס אָרט פון באַשעפער, און נעמט ביי אים אַוועק די וועלט־פירונג. ער כישופט אַרויס מתים פון די קברים און מיטן הוילן וואָרט טויט ער לעבעדיקע. דער, וואָס טרעט אַריין אין כישוף־ראָד פון אַלטן געץ, פאַרלירט זיינע טרוימען. מ׳שעפּט כוח פון כישוף־געץ, וואָס האָט זיך באַזעצט אויפן אַלטן יידיש־פּוילישן בלאָטע־מאַרק. דער סגולה־שליסל צום געץ ליגט במשך פון איין נאַכט אין די הענט פון וואַנזיניקן ליץ־בדחן. ער דאַרף עס אָנ־

פירן מיט דעם מאָדנעם „טייוול־געלעכטער, מתים־געשפּעט״.

אויב אַ מיסטעריע קאָן האָבן אַ „גאַנג״, מאַכט דער גאַנג פון דער „נאַכט״ ביי פּרצן דורך דריי הויפּט־פאַזן, עליה און ירידה־פאַזן, שיר נישט ווי ר׳ אליעזרם שלש משמרות הוי הלי־לה. זיי קענען לויט דער ריי באַצייכנט ווערן: ה ג י ו ן, חזיון און נ ס י ו ן.

— * —

ה ג י ו ן באַטייט אייגנטלעך לאָגיק, שכלדיקייט. דאָ ווערט די באַצייכענונג גענוצט ווי אַ רעאַלע קריטעריע, וואָס דאַרף מעסטן די ווירקלעכקייט און אירע שטייגער־בילדער. עס אַנטפּלעקט זיך דער גראָטעסק־געצייכנטער שטעטלדיקער מאַרק, דער „קלאַסישער״ דאַרמפּלאַץ פאַר דעפילאַדע פון די יידיש־געזעלשאַפטלעכע כוחות.

קודם כל דעפילירט פאַר אונדז די אַלט־יידישע וועלט: באַ־לעבאַטעמלעך, קרעמער, בעלי מלאכות, אויבסט־הענדלערקעס, וואַסער־טרעגער, האַלצהעקער, בדחנים, קלעזמאָרים, חזנים, שול־שמשים, נושאים, חברה קדישא־לייט און פּרושים. ווייטער גייען: נאַכט־מיידלעך, שיכורים און פאַרליבטע פּאָרלעך. אַ בלוט־אָרעמע עדה; איר מישטיינסגעזאָגט לעבן איז איינגע־פרעסט אין פאַרגליווערטע דאָגמעס פון מיטל־עלטער. אַלץ איז אַרומגענומען מיט אַלט־דורותדיקן שפּינוועבס. מ׳לעבט מיט אויסטערלישע חלומות, פלוצימדיקע גליק־דערוואַרטונגען און ערדישע שעה־פערספּעקטיוון. מ׳האָפט אויף אַ „פון אויבן־צו־געשיקטן״ מזל־ברענגענדיקן קונה, וואָס זאָל איינשאַפן פּרנסה אַזש אויף אַ גאַנצן טאָג. און אויף מאָרגן זאָל גאָט זאָרגן.

זאָל דאָס טאַקע זיין דער גלייכער שפּיגל פון דער קרומער ווירקלעכקייט? צי דאַרף די אַלט־גראָע שול מיט די אויסגע־שלאָגענע שויבן און בלעכענעם האָן באַווייזן, אַז אויך דער הימל איז פאַרשפּינוועבט? וועמעס פאַרגליווערטקייט באַנוצט דער איינגעשלאָפענער טורעם־גלאָק ביים קלויסטער? דער בדחן פאַרלויפט דעם וועג, רייסט זיך מיט די פויסטן אַנטקעגן הימל און רופט — „ד י י ן ע ב נ ב י ל ד!״

עס זענען פאַראַן גייסטיקע כוחות, וואָס רעגולירן און האַלטן־איין אָט־דעם איינגעגלייבטן צושטאַנד. זיי קומען צום אויסדרוק אין די רייד פון פּרוש:

די שול וויינט און קלאָגט!
זי זאָגט:
וויי צום פאָטער, וויי,
וואָס האָט זיין זון פאַרטריבן,
און עלנט געבליבן...
און וויי, וויי
צום זון, פון פאָטערס טיש פאַריאָגט.

דער פרוש וויל אויסראָטן יעדן שפּור פון ווידערשטאַנד, ער „קעמפט" קעגן דער „קליפּה, וואָס האָט איר נעץ פאַרשפּרייט"...

פון דער נייער וועלט באַווייזן זיך: חוקרים, משכלים, פאַר־הונגערטע אַרבעטער, סיימיסטן, ציוניסטן, סאָציאַליסטן, וואָס ווילן — יעדער אויף זיין שטייגער — איבערבויען דאָס יידיש לעבן. מ׳רעדט וועגן אַ סיים, שקלים, פאָלק, לאַנד, קלאַסן־קאַמף אדג"ל. ס׳איז באַשיימפּערלעך צו זען, אַז לגבי דער אַל־טער וועלט בילדעט דאָס נייע אַ דינעם אָבער אַ ק ט י וו ן שיכט.

⁂

דער בדחן — י י ד י ש ע ר א ו מ ר ו. דער איינציקער, וואָס האָט דערשפּירט די טראַגישע אומזיניקייט. דער שטעטלדיקער קינסטלער פון פאַרקרומטן יידישן חוזק־וואָרט נישטערט אין זיין געדעכעניש די פאַרשיידענע חתן־כלה־באַ־זינגעכצן, בלעטערט פיבערהאַפטיק אין זכרון דעם בדחנישן לעקסיקאָן... אפשר וועט ער דאָרטן געפינען דאָס צויבערוואָרט, מיט וועלכן ער זאָל קאָנען דעם דאַזיקן עיפּושדיקן תוהו־ובוהו פאַרוואַנדלען אין אַן אויסגעלייטערטע וועלט...

ס׳איז מיר עפּעס פון זינען...
כ׳האָב עפּעס אַ וויכטיק וואָרט פאַרגעסן...
צו לאַנג אין חורבה געזעסן
צווישן די שפּינען.

ס׳איז נישט אַזוי לייכט צו געפינען דאָס פּאַסיקע וואָרט, דעם „שם" פון דער סטרא אחרא... ס׳קאָן דאָך אָבער פאָרט נישט אַזוי ווייטער פאַרבלייבן.

עס איז דאָך פאָרט
פאַראַן אַזאַ וואָרט,
אַלץ איבערצומאַכן, איבערצוקערן.

דעם בדחנס וועג צו דער איבערקערעניש איז נישט קיין

גראַדליניקער. דאָס פּראָמעטעוס־וואָרט (אַפילו אין דער חוזק־שאַטירונג) איז נאָך דערווייל נישט קיין געזעצלעך קינד פון דעם נייעם יידישן לעבנס־שטייגער. סימוז זיך נאָך אַלץ פלעכטן מיט דער אַלט־געפלעגטער רעליגיעזישער הכנעה און געבראָ־כנקייט. דער בדחן טרעפט כסדר אָן אויף אַ קעגנגעוויכט פון פּרוש, וואָס פאַרענטפערט אַלע דערשיינונגען דערמיט — „זינ־דיק איז די וועלט, זינדיק". ביי יעדן בדחנס דערוועגטן פרווו צו „איבעראַנדערשן", וואַקסט תיכף אַרוים דער פּרוש ווי אַ פאַרקערפּערער פון דער אַלטער יידישקייט און ווייזט אויפן הימל — „זיין ווערק!"

צווישן פּרוש און בדחן געפינט זיך „עמעץ", וואָס וויל נישט טראַכטן און פרעגן.

גאָרנישט פרעגן! וויל גאָרנישט וויסן.
וויסן לעמטו!
דערשראָקן און פאַרשעמט,
פּראַלט מען צוריק.

ער אַליין ווייס נאָך נישט וואָס ער איז; ער ווייס קוים וואָס ער באַגערט. קיין מורא פאַר דער קליפּה האָט ער נישט. ער אַנטלויפט נישט פון נאַכט־מיידל, פאַרקערט — ער כאַפּט זי אַרום און דריקט זי צום האַרצן — „ליפּן צו קושן, ליפּן צו קושן". אין דער עראָטיק זעט ער מעגלעך זיין תיקון. אפשר פון מאָמענטאַלן דערגייט ער צום מאָנומענ־טאַלן. —„אייביקייט אין אויגנבליק".

דער בדחן האָט זיין אייגענעם וועג. ער וויל דעמאַסקירן „זיין ליבן נאָמענס הייליקן שווינדל". די נאַכט געהערט צו אים. ביז צום ערשטן קרייען פון האָן איז ער באַלעבאָס. ווייטער:

ביז עס קרייט נישט דער האָן,
וועכטער, וואַך,
קיין אויג פאַרמאַך.

ווייטער:

מאָרגן קענסטו שטראָפן!
נאָר כל־זמן דו וועסט שלאָפן
בין איך דאָ פעלדמאַרשאַל!
און איך וועל פירן.

צוויי ווערטער יאָגן אויף אים אָן אַ פּחד — „שטויב" און

„טאַנץ", ד"ה פרומזעליקע הכנעה און לעבנסלוסטיקע אַפּיקורסישע בונטאַרישקייט. ער ווייסט נישט וואָסער וואָרט אויסצוקלייבן...

***

ס׳דאַרף נאָכאַמאָל געזאָגט ווערן וועגן די מאַגישע „עקספּערימענטן", וואָס ווערן פון תמיד־אָן געטריבן דורך די פּאַרשיידענע מעפּיסטאָפעלעסעס, גוסליאַרעס און כאָכאָלס. זייער ווירקונגס־כוח באַגרענעצט זיך לכתחילה מיט דעם שוואַרצקינצלערישן קרייז, וואָס דאַרף אין דער פּערספּעקטיוו דערפירן צום ווייסקינצלערישן ציל. אָבער אויך ביי זיי פאַלט דער אויסוואַל צומערסט נישט אויף „שטויב" נאָר אויף — „טאַנץ". דער אַלטער פאַוסט, פאַרוועבט אין שטויב, ווערט אין דער העקסןקיך איבערגעוואַנדלט אין אַ יונג־פריידיקן ממש־טאַנצנדיקן לעבנסזוכער. מיצקעוויטשעס גוסליאַר צויבערט אַרויס די וואָגלענדיקע נשמות פון די „פאַרפרוכנעטע" קברים און רופט זיי צו אַ פריידיקער סעודה. אויך כאָכאָל, וואָס איז געהילט אין שטרוי, קומט פון זיין ווינטערגעצעלט, וועקט די אָפּגעשטאָרבענע וועלט פון די גרונוואַלד־ריטערס, פאַרקויפערישע העטמאַנעס און פאַרעטערישע פאָלקס־מנהיגים. ער לאַדט זיי איין אין די „צעזונגענע כאַטעס" צום רוישיקן חתונה־טאַנץ.

Czy to kapcan, czy to pan, na wesele przyjdzie w tan

(צי איז דאָס אַ קבצן, צי אַ פריץ, וועט ער קומען צום חתונה־טאַנץ).

דעם זעלביקן וועג האָט אויך אויסגעקליבן פרצעס בדחן, וואָס ווערט לסוף פון אַ vis comica מגולגל אין אַ vis tragica זיין „העקסן־קיך" איז דער ברונעם־גרעץ, פון וועמעס אויגן ס׳גיסט זיך אַ „פאַרכישופטער רויטלעכער שיין". און מיטן געצם כוח נעמט ער ביי די שטעטלדיקע יידן אַוועק זייערע אַלטע וועגן.

ווערט אַרום און אַרום אַ פאַרכישופט ראָד
און טרעט ווער גראָד
אין פאַרכישופטן ראָד אַריין,
דער וועט שוין זיין וועג נישט געפינען, —
דער קומט שוין פון זינען
און עס ציט אים אין ברונעם אַריין.

אין געוואַקל צווישן „שטויב" און „טאַנץ" קלייבט דער בדחן לסוף אויס דעם ט אַ נ ץ , ווייל טאַנץ באַטייט לעבנספריידיקע בונטאַרישקייט.

***

פון אַט־דעם הגיון־קרייז שיילט זיך שפּעטער אויס דער צווייטער גלגול — דער  ח ז י ו ן .  דאָס איז אַ גרויסע דער־לייזונגס־וויזיע, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט ביינאַכט אויפן קוי־טיקן מאַרק. מ׳דערווייטערט זיך פון דער רעאַלער וועלט און מ׳גענענט צו דער אירעאַלער וועלט, צום עולם־התוהו. דער־ביי איז שווער צו באַשטימען די נפקא־מינה צווישן דיביידע וועלטן. מ׳לאָזט זיך נישט אָפּטיילן דער  ש י י ן  פון  ז י י ן .  דאָ זעט מען נישט קיין באַשטימטן דור, נאָר אַ קייט פון דורות. דער עולם־התוהו־געווימל פון שמייסער, קרעמער, באַלעבאַטים, ווייבלעך, מיידלעך און אַנדערע. אַלץ פּאַרט משיחן אַנטקעגן; מ׳זוכט דעם תשבי ערגעץ צו פּאַקן. דערצו וויל אויך העלפן דער מקובל מיט זיינע נוטריקן און לפּק״ן. דאָס יידיש וועלטל איז אויפגעטרייסלט געוואָרן. דער דיכטער רופט:

עס גייען טעג, גרויסע טעג...
הנה ימים, ימים באים,
גרויסע העלדן שוין אין וועג.

דער בדחן נישטערט אין יעדן ווינקל. ער וויל דערגיין, צי זענען נישט אַמאָל ערגעץ־ווו פאַרהוילן קערנדלעך פון יידישער אַקטיוויטעט? ער שפּאַנט איבערן בלאָטיקן מאַרק, שלייכט זיך צווישן די פאַרהויקערטע געסלעך. קוקט אַדורך די רייען פון דער „אויפגעקומענער״ מחנה. מ׳זענען נאָר, „מאָדערנע״ אויפ־בלאָזעניש. צווישן אַלטע און אָפּגעשטאַנענע הערט מען אויך ווי מ׳גרעגערן הייזעריקע קולות פון סיימיסטן, ציוניסטן, פאַר־הונגערטע אַרבעטער, בלינדער זעצעריך. דער בדחן זעט די צע־פאָרנקייט. צו־קנאַפּ איז דער כוח פון די נייע קעגן דער אַלטער שליימיקער פאַרשטייפטקייט. צו־בלאַס זענען די פענער קעגן דער לאַנג־דורותדיקער יידישער מאַרטיראָלאָגיע. פרץ דער־מאָנט דעם גאַנג פון די קדושים:

אָפּגעריסן אַלע ריפּן
און געלעכערט ווי די זיפּן,
— — — — — — — — — — — —
מיר צייכענען מיט בלוט דעם וועג.

דער בדחן פרעגט די אַלטע קשיא —  צ ו ל י ב ־ ו ו א ָ ס  ל י י ד ן ?  אויב גאָט האָט באמת אויסדערוויילט אָט־די קדר־שים ווי  ז י י נ ע ,  טאָ פאַרוואָס זאָל ער אַמאָל נישט זאָגן — געַנוג! „צי האָבן אים ווונדער פאַרפעלט?״

אַזוי אויך פאַרמעסט זיך מיצקעוויטשעס קאָנראַד קעגן בורא. ער זעט ווי זיינע ברידער־קדושים צייכענען מיט בלוט די וועגן קיין סיביר און פאָדערט דעריבער ביים באַשעפער אַ נס. צוליב זיין בונטאַרישקייט פאַלט טאַקע קאָנראַד און זיין אָרט פאַרנעמט דער הכנעהדיקער גלח פּיאָטר, וואָס קריכט פאַר גאָט אין שטויב און שעפּטשעט אונטערטעניקע תפילות. אַן ענלעכן אָפּשניט באַקומט אויך דער בונטאַרישער בדחן, וואָס פאַרלאַנגט אויך פון הימל אַ נס — פאַרוואָס זאָגט ער נישט — האַלט!?... עס קומט דער סקאַרבאָווער הכנעה־ענטפער פון דער פאַרגליווערטער פרומקייט. די שול זאָגט דעם בדחן ביטערע שטראָף־רייד. — און אפשר איז גאָר גערעכט דער „וואַנדע־רער", וואָס וויל נישט פרעגן קיין קשיות. ער וואַנדערט איבער דער גאָרער וועלט, ווערט עלטער, אָבער נישט קליגער. דער הימל גיט נישט קיין ענטפער אויף די כלערליי שאלות.

פּונקט צו חצות הייבט זיך אָן דער מתים־קאַרנאַוואַל. זיי קריכן אַרויס פון די קברים, גלייבן, אַז משיח איז שוין געקומען. דער קאַראַהאָד פון די פאַרפרוכנטע עולם־התוהו־שאָטנס יאָגן אָן אַן עיפּושדיקן שימל־ריח. ס׳איז אונדזער אַלט־יידיש וועלטל לויטן סקאַרבאָוון פּוילישן נוסח. צווישן די אויפגעוואַכטע זעענען אויך פאַראַן געשמיסענע פאַנשטשיזנע־יידן, וואָס זענען געווען אַ שפּילכל ביי די קאַפּריזדיקע פּוילישע פּריצים. יעדער לויפט אין זיין ווינקל, דערמאָנט זיך און דערקענט דאָס זייניקע. דער מענער־עולם לויפט אין שול־אַריין, אַריינכאַפּן אַ מצוהלע. דער בדחן שטייט ווייטער אַ צעשויבערטער און קען נישט געפינען דעם שם־המפורש צו באַלעבן די קברים־מחנה. ענדלעך פירן אים די קינדער — בעתן שפּיל — אַרויף אויף דעם געדאַנק פון טאַנצן. — „טאַנצן? האָב דאָס געמיינט?" די יענע וועלטיקע מחנה וויל אָבער געניסן פון דעם נס. דער בדחן רופט:

לעבט, וואָס איר האָט נישט דערלעבט!
פילט, וואָס איר האָט נישט דערפילט!

„טאַנץ" איז אַ צויבער־וואָרט און צויבער־קראַפט. אינם טאַנץ דאַרף עפּעס געבוירן ווערן; די מתים מוזן „אויסטאַנצן" אַ נײַ לעבן.

* * *

ס׳טרעט־איין די דריטע פאַזע — דער נ ס י ו ן. די קאַמפּס־וויזיע ווערט געשטעלט פאַר אַ לעבנס־פּרווו, פאַר אַ נסיון פון דערווירקלעכקייט. דער מתים־קאַרנאַוואַל, געפירט פון בדחן, האָט שליטה נאָר במשך פון דער איין־איינציקער נאַכט, ביז דער האָן וועט אַ קריי־טאָן. מיטן באַווייזן זיך פון ערשטן זונען־שטרייף וועט דער בדחן פאַרלירן זיין ווירקונגס־כוח. עס גייט אַ טאַנץ פון טויטע, וואָס גלייבן, אַז זיי לעבן. דער בדחן איז פון דעם אָנגענעם איבעראַשט.

זיי טאַנצן, ווירקלעך זיי טאַנצן,
זיי פילן!
אויף טויטע געזיכטער שפּילן
שיער נישט לעבעדיקע גלאַנצן.

ס׳הייבט אָבער אָן אַביסל גרויען אויף טאָג; דער מאָרגנ־שטערן רוקט זיך אַרויס... דעם עולם באַפאַלט אַ פּחד; די טויטע ציטערן פאַרן פרימאָרגן־גלאַנץ. דער טאַנץ ווערט שווערער און מידער. דער בדחן מונטערט זיי, אָבער אַליין הייבט ער זיך אויך אָן שרעקן. ער פרעגט — „ווער האָט אין אייך די שרעק פאַרפלאַנצט?" די טויטע הערן אים נישט. דעם בדחנס שליטה לעשט זיך; מיט די לעצטע כוחות פאַרלאַנגט ער פון די טויטע, אַז זיי זאָלן נישט אָפּשטיין, אַריינטאַנצן אין העלן טאָג אַריין. די מתים דערפילן מיטאַמאָל זייער אָנמאַכט.

וועלן מיר דען קענען?
קענען מיר דען וועלן?

דער בדחן עצהט זיי נעמען דאָס לעבן מיט געוואַלט מ׳דאַרף פאַרלייקענען דעם טויט.

פון אַ נאַרישן גלויבן פאַרפירט!
און וואָס מען גלייבט עקזיסטירט!

ס׳דאַכט זיך אָט־אָט און מ׳האָט שוין דעם מלאך המוות אויף אייביק פאַרטריבן, אַז דאָ גיט זיך פּלוצים דער בלעכע־נער האָן אויפן שול־דאַך אַ צעקריי מיט אַ ירגזון, אַ צעפּאַכע מיט די בלעכענע פליגל און מאַכט אָן צווישן עולם אַ ווילדע בהלה. — דער גרילצנדיקער „קוקעריקו" איז דער גרענעץ־שטרייף צווישן אידעאַל און ווירקלעכקייט. דער נאַכט־חלום ווערט ביסלעכווייז צערינען. דער בדחן פאַרלירט אין גאַנצן זיין מאַכט. די גייסטלאָזע מחנה קוילערט זיך צוריק אין די גרי־

בער אַריין. דער שעת־הכושר איז פאַרביי אָן דערפאָלג. דער בדחן איז פאַרבליבן איינזאַם און עלנט. נישטאָ אויף וועמען זיך אָנצושפּאַרן. ער איז אויסער זיך, ווייל איינשטילן דעם עזות־דיקן האָן. ער קאָן אָבער נישט דערגרייכן צום שול־דאַך. ער געפינט אַ שווערן לייטער, אָבער קיינער וויל אים נישט העלפן זיך אויפשטעלן. ער ווענדט זיך ענדלעך צו דער בלינדער אַר־בעטערין, אַז זי זאָל מיט אים גיין אויפן דאַך. זי ענטפערט אָבער אָנטשלאָסן — „קיין קלאָסן־קאַמף, נישט מיין זאַך". ער שלעפּט אַליין דעם לייטער, פאַלט, צעבלוטיקט זיך... ער איז אַנטוישט און זאָגט זיך פון אַלעם אָפּ. ער האָט חרטה:

איבערגעכאַפּט די מאָס!

געפאַלן מיטן קאָפּ אַראָפּ.

דער הגיון האָט גלייכווירדיק איבערגעפירט צום חזיון און צוזאַמען זענען זיי געפּרוווט געוואָרן אין טאַט־נסיון און — — — געבראָכן האַלדז און נאַקן. האָט־זשע פאַר אַן אויסוועג האָט אונדז דעמאָלט פּרץ געוויזן? — נאָך דעם בדחנס מפּלה האָט פּרץ זיין בליק געווענדט צום אַלט־יידישן קוואַל און דאָרטן גע־האָפט צו געפינען ווייטערדיקע אויסדרייערקראַפט.

אין שול אַריין!...

אין שול.

וויספּיאַנסקים סגולה־האָרן, וואָס האָט מיט זיין שאַלן גע־זאָלט וועקן צום קאַמף, איז ביי פּרצן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ סגולה־שפּרוך — „טאַנץ". דער זעלביקער וויספּיאַנסקישער האָן, וואָס האָט מיט זיין קרייען געמאַכט שווערער דעם טאַנץ פון די אומגעלומפּערטע, האָט אויך ביי פּרצן געליימט די פיס פון די „טאַנצנדיקע" עולם־התוהו געשפּענצער. מיצקעוויטשעס בונטאַרישער קאָנראַד איז לסוף פאַרטרעטן געוואָרן פון פרום־הכנעהדיקן גלח פּיאָטר. אָבער אויך דער אַפּיקורסיש־בונטאַ־רישער בדחן האָט זיך לסוף אָפּגעזאָגט פון אַלעם און גערופן דעם עולם צוריק אין שול אַריין...

* * *

פון דעמאָלט אָן זענען שוין אָפּגעלאָפן ימים יידיש בלוט. דער יידישער מאַרק האָט אויפסניי איבערגעלעבט אַ קאַשמאַ־רע נאַכט, וואָס צו איר געדיכטער חשכות איז נישטאָ קיין גלייכן אין דער יידישער געשיכטע. נישט טויטע, נאָר לעבע־

דיקע זענען אין בהלה געלאָפן אין די בונקער־קברים. איצט שאַריעט שוין מכלומרשט אויף טאָג. איבער די אָפּגעראַטע־וועטע רעשטלעך שפּרייט־זיך אַ קאַלטער בלייערנער הימל.

וווהין פירט איצט דער וועג? אפשר אין פּרצישן שול־אַריין? — ווער ווייסט פון וועלכן קוואַל מיר וועלן שעפּן אונדזערע ווייטערדיקע לעבנס־זאַפטן. מיר, י. ל. פּרצעס גייסטיקע אייניקלעך, גלויבן דאָך, אַז ערגעץ ווו דרימלט אין אונדז אַ פּאָטענציעל־וויטאַלער עלעמענט, וואָס וועט אונדז פאַרייניקן מיט אַלע אונטערדריקטע אויף דער וועלט, כדי צוזאַמען אַקטיוו שטרעבן צו אַ נייער וועלט. דאָס נייע ליכט וועט אויך פאַרטרייבן די נאַכט־שאָטנס פון אונדזער אַלטן יידישן מאַרק.

# וועגן שלום אַש פּראָ-קריסטלעכע ווערק

## א. דער מאַן פון קוטנע און דער מאַן פון נצרת

אינמיטן הייסן פּובליציסטישן געטומל אַרום שלום אַש לעצטע הימל-לעכערדיקע „שמד-שטיק" לאָזן זיך פונדעסטוועגן פון מאָל צו מאָל הערן — אמת שוואַכע, שעמעוודיקע, אָבער דאָך אַ נ ט ש ל אָ ס ע נ ע באַוואָרענישן. ס'הייסט, אַז מ'דאַרף האָבן גאָט אין האַרצן און נישט אויסגיסן דעם גאַנצן עמער צאָרן געמישט מיט גיפט אויף אַ גרויסן, אויב נישט דעם סאַמע גרעסטן, יידישן שרייבער צוליב זיינע לעצטע פּראָקריסטלעכע ווערק און דערביי אַריינעמען אין חשבון זיין פּרעכטיקע, דורכ־אויס יידישע, ליטעראַריש־קינסטלערישע פאַרגאַנגענהייט. מען דאַרף, — וואָרענען אונדז די ליטעראַרישע נטורי קרתא (גע־טרייע היטער פון שטאָט) — נעמען דעם ג אַ נ צ ן שלום אַש אַזוי ווי ער איז, און נישט אויסגיסן ס'אומריינע צוזאַמען מיטן ריינעם. און קוים ענטפערט מען דערויף בלויז מיט אַ האַלבן שמייכל, ווערן זיי באַלד דרייסטער און הייבן אָן שטוי־נען: היתכן?... וואָס איז עס בכלל פאַר אַן אומציכטיקע מידה זיך ברוטאַל אַריינצומישן אין דעם לפני ולפנים פון קינסטלערס שאַפן. דער קינסטלער — טענהן זיי — איז אויטאָנאָם, פריי אין זיין אויסוואַל פון טעמע, פריי אין זיין קינסטלערישער באַ־לייכטונג און אויך פריי אין זיינע אידעיִשע טענדענצן. יעדן גע־זעלשאַפטלעכן ווידערשטאַנד דאַרף מען דעריבער באַטראַכטן ווי אַ בפירושן טעראָר, וואָס דערמאָנט די מיטלעלטערלעכע עקלהאַפטיקע חרמים.

איז עס אין פּרינציפּ אוודאי אָנגענעם צו הערן, אַז אין

יידישן לעבן איז דאָך פאַראַן אַ ווינקעלע, אין וועלכן מענטשן לאָזן זיך בכל זאת נישט מיטרייסן פון דעם אַלגעמיינעם, נישט איינמאָל היסטעריזירטן, דעת הקהל, נאָר רוקן אַרויס אייגענע מיינונגען, זעלבסטשטענדיקע בליקן. ס׳איז דאָך באַוווסט, אַז נישט שטענדיק איז די מערהייט גערעכט.

ווען איך טראַכט זיך אָבער איצט אַביסל אַריין אין די תמימותדיקע רייד פון אונדזערע ליבהאַרציקע פרייהייטס־מאַ־נער, קומט מיר אויפן זכרון ס׳שטעכיק פאָלקס־ווערטל — — „ביסטו הונגעריק, לעק־זשע זאַלץ, וועט דיך דאָרשטן". נישט ווייניק, וואָס מיר פילן זיך שווידערלעך־ווייטיקלעך געטראָפן פון שלום אַשס גייסטיק אויסליפערן אונדז אין די הענט פון אונדזערע פאַרטיליקער, זאָלן מיר נאָך דערצו ברצון אַרומוועבן שלום אַשס קאָפּ מיטן אָרעאָל פון קונסט־פרייהייט, גלייך ווי דער גאַנצער ענין וואָלט זיך דאָ רעדוצירט בלויז צו קונסט. מיר הייבט זיך אָן דוכטן, אַז נישט אַלע ביי אונדז באַנעמען אין דער גאַנצער גרויס די טראַגישקייט פון דער לאַגע. איך פאַר־זעגלעך בין גראָד אַ חסיד פון שלום אַשן, ווי פון אַ גרויסן יידישן שרייבער, וואָס פאַרנעמט אַן אויסנעמלעכע פּאָזיציע אין דער יידישער ליטעראַטור. און דעריבער טוט דאָס מיר נאָכמער וויי צו זען ווי איצטער, נאָכן שווידערלעכן חורבן, ווען מיר געפינען זיך אויפן סאַמע געפערלעכסטן קרייצפּונקט פון אונדזער געשיכטע, באַמיט ער זיך אויף אַ בייזווייליקן אָדער גאָר לייכטזיניקן שטייגער אונדז אַריינצושטופּן אין אַ טעמפּ ווינקל פון ענדגילטיקער נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר ר ע ז י ג נ אַ צ י ע , אָדער גאָר — ק אַ פּ י ט ו ל אַ צ י ע .

כ׳וויל נישט פאַרהוילן, אַז מיט עטלעכע יאָר צוריק איז מיר געווען בפירוש דערווידער דער פּובליציסטישער געליאַרם קעגן אַשס „מאַן פון נצרת". אמת, נאָכן צוריקקומען פון די סאָוועט־טישע צפון־טייגעס און שפּעטער נאָכן באַקענען זיך אוממיטל־באַר מיטן פאַרוויסטן יידישן פּוילן, איז פאַר מיר געווען אומ־פאַרשטענדלעך און פּריקרע זיך צו דערוויסן, אַז שלום אַש האָט מיטן געפיל און ממילא מיט דער פען נישט נאָכגעפאָלגט דעם לעצטן גאַנג פון אונדזערע נאָענטע אין קאַלכוויוון אַריין, נאָר זיך גאָר מיט אַלע זיינע רמ״ח איברים „געבאָדן" אין דער עוואַנגעליע. דאָרטן האָבן די עוואַנגעליע־גלייביקע בפועל ממש אויף אַ שווידערלעך־אכזריותדיקן אופן פאַרפייניקט און אויס־

געבלוטיקט ז י י ן פאַלק, האָבן פון „זיינע" קוטנער יידן גע־ריסן פּאַסעס לעבעדיקערהייט און נאָכדעם צוזאַמען מיט זייע־רע ווייבער און קינדער געשליידערט אין די פלאַמען, און דאָ האָט דער ייד פון קוטנע, דער אויטאָר פון „שטעטל", נישט גע־געבן אַפילו קיין פינטל מיטן אויג און זיך גאָר באַמיט אין דער זעלביקער צייט מיט אַלע פּליטערלעך אַרויסצוברענגען פאַר דער וועלט די שיינקייט פון נוצרים לויטן, וואָס האָבן כלומרשט געהאַט אַן אָרט מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק. כ׳האָב עס מיר אָבער באַלד געפּרוווט אויסטייטשן דערמיט, וואָס אַש ווערט מסתמא בלינד געפירט פון זיינע קינסטלערישע אינספּיראַציעס, און ער קען זיך זיי נישט ווידערשטעלן. נאָר קינסטלער פון גאָר הויכער אינטעלעקטועלער קולטור זענען מסוגל. אין זיך איבערצוווינדן „אומגעווינטשענע" אינספּיראַציעס. ס׳איז דאָך ידוע, אַז שלום אַש האָט קיינמאָל נישט געזינדיקט מיט קיין איבעריקער אינטעלעקטועלער קולטור. שטענדיק, ווען ער איז בלינד נאָכגעגאַנגען זיין אינטואיציע, איז ער אַרויס־געקומען גרויס, אָבער ווען ר׳האָט נאָר געפּרוווט פון דער זייט מיטן אייגענעם שכל „צואַרבעטן" אידעישע קאָנצעפּציעס, איז ער ס׳רוב אַדורכגעפאַלן.

איך האָב פונדעסטוועגן אַריינגעקוקט אין זיין „מאַן פון נצרת". איך לאָז דערווייל אין אַ זייט איניקע פּרעכטיקע קאַ־פּיטלעך, וואָס מאַכן אויפן לייענער אַן אומגעהייערן איינדרוק. איז דאָך איצט נישט קיין גערייד וועגן דער קינסטלערישער זייט פון דאָזיקן בוך, נאָר. גיכער וועגן דער אידעישער טענ־דענץ. אוודאי האָבן מיך פון מאָל צו מאָל אויפגעגרילצט סצע־נעס, וואָס זענען בפירוש פרעמד דעם יידישן גייסט און נאָכמער פרעמד דעם יידישן געמיט. אוודאי האָבן מיך שאָקירט די שטעלעס, אין וועלכע שלום אַש קריכט אויף אַלע פיר פאַרן קריסטנטום און גיט־צו קינסטלערישע וואָר־סצענעס, וואָס ווערן דורך גלויביקע קריסטן באַטראַכט פאַר היסטאָריש־פעסטגע־שטעלטע, און אין דער אמתן זענען זיי אַ געמיש־פּראָדוקט פון פּיריש־גריכיש־רוימישן מיטאָס. און מ׳דאַרף וויסן, אַז עס זענען סצענעס, אין נאָמען פון וועלכע מ׳האָט מיט ביטשן געטריבן אונדזערע זיידעס צו די שייטערהויפנס.

ס׳האָט מיך אָבער אַביסל באַרואיקט דעם אויטאָרס טענ־דענץ אויסצוואָרצלען ביי דער קריסטלעכער וועלט די איבער־

ציגונג, אַז יידן האָבן געקרייציקט איר גאָט. אָט די קרייץ־לעגענדע, וואָס האָט שוין אָפּגעקאָסט טייכן יידיש בלוט, איז דאָך עד היום די הויפּט־מניעה פאַר אונדזער צונויפלעבן זיך מיט די קריסטלעכע פעלקער, צווישן וועלכע מיר זענען היס־טאָריש פאַראורטיילט צו לעבן.

אין „מאַן פון נצרת" באַווייזט אַש, אַז נאָר אַ דינער אָפּ־שטאַרבנדיקער שיכט צדוקים־אַריסטאָקראַטן, וואָס האָבן נישט פּרעזענטירט ס׳פאָלק, איז געקומען אין קאָנפליקט מיטן נוצרי. ביי העפטיקע פּראָטעסטן פון פרוש נקדימון האָבן זיי אַדורכ־געפירט אַ חקירה ודרישה און אויף זייער שטייגער פעסטגע־שטעלט ביים נוצרי דעם חטא פון גאָט־לעסטערונג. און ווי אַ רעגירונגס־טרייער עלעמענט האָבן זיי דעם נוצרי איבערגע־געבן אין די הענט פון מלכות, ד. ה. געשטעלט אים פאַרן משפט פון פּראָקוראַטור. נקדימון האָט דערווידערט:

„אישי כהן גדול, אונדזער תורה האָט געזאָגט: „אל תעמוד על דם רעך!" דאָס, וואָס איר גייט דאָ טאָן, איז: איבערגעבן אַ נפש פון ישראל אין די הענט פון די גויים. האָט דער מאַן געשולדיקט קעגן אונדז, האָט ער געשולדיקט קעגן דעם יידישן דת, וועלן מיר זיין די שופטים. פון ווען אָן לאָזט ישראל פרעמ־דע אַריין אין זיין גאָרטן, אַז זיי זאָלן פאַר אים דאָס ווילדקרויט אויסרייסן? ישראל רייניקט זיין גאָרטן אַליין אויס. „ובערת הרע מקרבך", דו זאָלסט עס טאָן, נישט קיין פרעמדער. איך פאָ־דער, בכן, אויף די רבנים און די חכמים, וואָס זענען דאָ פאַר־זאַמלט אין דער ישיבה, נישט איבערצוענטפערן אַ נפש אין ישראל אין די הענט פון אדום, נאָר אָפּצולייגן דעם גאַנצן ענין ביז נאָך יום־טוב. דעמאָלט וועלן מיר פאַררופן אַ משפט־צדק פון די סנהדרין און מיר וועלן אַרויסגעבן אַ פסק־דין, לויט דער תורה הקדושה".

דער ברייטער עולם ירושלימער יידן איז געווען פאַרטאָן מיט גרייטן זיך צום קרבן־פּסח און גאָרנישט געוווסט, אַז ישוע איז איבערגעגעבן געוואָרן צום רוימישן געריכט. פּילאַטוס ווי־דער, דער האַלב־משוגענער, קראַנקהאַפטיק גאוהדיקער פּראָ־קוראַטאָר, האָט דעם גאַנצן ענין ציניש באַטראַכט ווי אַ לוסט־שפּיל איבער אַ הילפלאָזן יידן, איינעם פון די, וואָס בונטעווען זיך קעגן מעכטיקן רוים. פאַר אים איז דער חשבון געווען אַ פּראָסטער — אויב ישוע באַקענט זיך ווי אַ משיח, ד. ה. ווי אַ

יידישער קעניג, איז ער אַ מורד קעגן רוים. אַזעלכן דאַרף מען אומברענגען. ווען פּעטראָניוס בעט פּילאַטוסן, אַז מ'זאָל ליי־בערשט פאַרמשפּטן דעם רויבער בר־אבאן און באַפרייען ישוען, האָט פּילאַטוס געענטפערט:

— „דער העברעיִשער גייסט איז פאַר אונדז מער געפער־לעך ווי די העברעיִשע פויסט. גיי גיב אים איבער אין די הענט פון די זעלנער! קאַטעווען און קרייציקן! קרוינט אים פאַרן יידישן קעניג!"

אַש ווייזט כסדר אָן דעם אָפּגרונט, וואָס האָט אָפּגעשיידט די רוימיש־פּראָקוראַטאָרישע מאַכט פון די פאַרפאָלגטע יידי־שע מאַסן. דאָס וואָס פּילאַטוס האָט באַפוילן פייניקן ישוען און אים אָנהענגען אָן אויפשריפט „דער קיניג פון די יידן", האָבן די ירושלימער יידן באַטראַכט פאַר אַ בלוטיקן חוזק, וואָס מען טרייבט פון יידן בכלל און בפרט פון ישוען, דעם אָרעמען גלו־לער ייד.

„ווי די יידן האָבן דערזען צוריקפירן דעם ישוע אין אַ פּור־פּורענעם מאַנטל, — די ריטשקעלעך בלוט, וואָס האָבן איצט געריננען שוין שטאַרקער אונטער זיין דערנערקראַנץ, האָבן באַ־האָפטן זיין פּנים מיט זיין מאַנטל אין איין קאָליר, — אַזוי איז אַ גרויס געוויין געוואָרן צווישן זיי. זיי האָבן זיך געשאָקלט, ווי אַ שטורעמווינט וואָלט זיי געטרייסלט, און געקלאָגט:

— זע, גאָט, אונדזער שאַנד! דאָס מויל פון רשע איז פול מיט געלעכטער איבער אונדזער בראָך".

גראָד די פּרושים, וואָס ווערן אין נייעם טעסטאַמענט אַזוי פאַרמיאוסט, פאַרשריגן ווי צבועים, באַטריגער א .ד. גל., גראָד זיי זענען ביי אַשן אויף ישועס זייט. זיי מאַכן אַלע באַמיונגען אים צו באַפרייען. דער תנא רבי יוחנן בן זכאי קריצט מיט די ציין: „אָבער דאָס איז דאָך רציחה! ווי קומט דאָס מלכות דערצו? עס איז דאָך אונדזער זאַך! ער איז דאָך חייב פאַרן בית־דין, נישט פאַרן מלכות".

אויב מלכות האָט זיי דערצו אַפילו געגוויט, האָבן זיי נישט געדאַרפט איינגיין דערויף, ווייל אַז ס'קומט צו שפיכת דמים דאַרף אַ ייד זיך לאָזן אומברענגען און נישט טאָן די עבירה. ס'פאָלק האָט זיך מיט עקל אָפּגעווענדעט פון די בני־חנן, דער דעגענערירטער צדוקישער כהנים־משפּחה און זיי פאַרשריגן ווי בלוטדאָרשטיקע מוסרים.

אין נייעם טעסטאַמענט זענען יידן שולדיק אין נוצרים קרייציקן. דאָרטן קומט פּילאַטוס אַרויס ווי אַ ריין שעפּעלע. יידן צווינגען אים, אַז ער זאָל ישוען פאַרורטיילן. ער, ס׳נעבעכל, וואַשט אָפּ זיינע „איידעלע" הענט פון דעם מיאוסן שטיקל אַר־בעט, וואָס איז אים נישט געווען „צום הארצן"... ביי אַשן איז פּילאַטוס אַ הענקער, דער הויפּט־שולדיקער אין ישועס קריי־ציקן און פאַרקערט יידן וואַשן זיך אָפּ די הענט פונם קרייץ־טויט. רבי יוחנן בן זכאי זאָגט: „עס איז גלוי וידוע פאַר דיר, האַר פון דער וועלט, אַז אונדזערע הענט האָבן נישט פאַרגאָסן דאָס בלוט. מיר און אונדזערע קינדער זענען ריין דערפון".

פּילאַטוס האָט דאָס באַטראַכט פאַר אַ ריין־פּאָליטישן ענין און אינסצעניזירט אַ חוזק־מאַרש פון אַ יידישן מלך, וואָס גייט גוססן אויף דער תליה. און אויך דער רבי פון די פּרושים ד. ה. פון דער גרעסטער דעמאָלטדיקער יידישער כתה אין ארץ יש־ראל, וואָס האָט אָנערקענט די תורה שבכתב און די תורה שבעל פּה, און אירע פירער זענען געווען די תנאים פון דער משנה, האָט דערקלערט: „עס איז גלוי וידוע פאַר דעם, וואָס האָט גע־זאָגט און עס איז געוואָרן די וועלט, אַז אונדזערע הענט האָבן נישט פאַרגאָסן דאָס דאָזיקע בלוט. מיר און אונדזערע קינדער זענען ריין דערפון".

די צדוקים, דער שמאָלער באַזיצנדיקער קלאַס, וואָס האָט געלעבט אויפן חשבון פון אויסנוץ, איז געווען אין גוטע באַ־ציונגען מיטן רוימישן מלכות און מעגלעך אַפּראָבירט פּילאַ־טוסעס אורטייל. די פּרושים אָבער, ד. ה. די גרויסע מערהייט פון ארץ ישראלדיקן כלל איז געווען קעגן פּילאַטוסעס אורטייל. די צדוקים, ווי אַ סעקטע וואָס האָבן נאָר געהאַלטן פון תורה שבכתב, זענען אונטערגעגאַנגען, זייערע יורשים זענען אפשר די קראים (קאַראַאימער). מיר, די הייַנטיקע יידן, זענען אין בלוט און אויך אין גייסט — די יורשים פון די פּרושים.

ביי אַלע פריער אויסגערעכנטע באַוואָרענישן דאַרף פעסטגעשטעלט ווערן, אַז אַש פירט אַרויס אין זיין בוך צוויי היסטאָריאָזאָפישע קאָרעקטיוון: 1) ס׳קריסטנטום וואַקסט אָר־גאַניש אַרויס פון יידנטום און 2) יידן האָבן נישט קיין דירעקטע שייכות צו ישועס קרייציקונג. — בנוגע דעם ערשטן פּונקט האָבן יידישע דענקער און קולטור־היסטאָריקער שוין לאַנג אָנערקענט, אַז אָן יידנטום איז נישט דענקבאַר דער אויפקום

פון קריסטנטום. אמת, אַ טייל קריסטלעכע געלערנטע האָבן געפּרוווט מיט בייכיקע ביכער אויפצווייזן, אַז ס׳קריסטנטום שטאַמט גאָר פון גריכנטום און אַז עס האָט אין היסטאָרישן אויפקום איינגאַנצן אויסגעמיטן ס׳יידנטום. אָבער מיר געדענקען, וואָסער שטורם ס׳האָט זיך צוליב דעם אויפגעהויבן אין דער יידיש־גייסטיקער וועלט. מ׳האָט געשריבן, אַז די שונאי ישראל ווילן דערמיט פאַרמינערן אונדזער באַדייטונג פאַר דער וועלט־געשיכטע. בנוגע ווידער דעם צווייטן פּונקט, אַז יידן האָבן נישט קיין דירעקטן שייכות צו ישועס קרייציקונג ווי אַזוי זי ווערט אויספירלעך באַשריבן אין נייעם טעסטאַמענט, איז אַ שאָד צו פאַרלירן צייט אויף דעם. קיינער פון אונדז גלויבט נישט אַז יידן האָבן געקרייציקט ישוען אויב מ׳האָט אים בכלל ווען עס איז געקרייציקט.

וואָלט אייגנטלעך דערמיט דער ענין געוואָרן דערליידיקט און אַש׳ס „מאַן פון נצרת״ וואָלט באַטראַכט געוואָרן ווי אַן עפּיזאָד אין דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור. און דאָס — ווייזט אויס — האָט שלום אַש טאַקע נישט געוואָלט. דער אַפּעטיט איז געקומען מיטן עסן. אַמאָל האָט אַש באַשריבן ווי אַזוי ער האָט ווי אַ חדר־אינגל מיט גרויס האַרצקלאַפּעניש איבערגעלעבט דעם „גרינעם דאַנערשטיק״ אין פּוילישן שטעטל. די מאַמע האָט באַהאַלטן זיינע שטיוועלעך, אַז ער זאָל זיך נישט צוקוקן צו דער קאַטוילישער־רעליגיעזער פּראָצעסיע, ווייל קיין גוטס קומט דערפון יידן קיינמאָל נישט אַרויס. ער אַליין האָט זיך שפּעטער אויך פאַרשטעקט אין אַ ווינקל אויס מורא פאַר אַ גוייִשן קלאַפּ. אין אַש׳ס שילדערן דעם „גרינעם דאַנערשטיק״ האָט זיך געפילט ווי ווילד־פרעמד ס׳איז אים און אונדז אַלע די אַטמאָספער פון דער קריסטלעך־קאַטוילישער וועלט. איצטער, נאָכדעם ווי אַש האָט זיך פּסיכיש איינגעלעבט אין דער עוואַנגעליע, זיך איבערגענומען מיט איר איטלעכער פאַ־ סירונג און געשטאַלט און אויך זיך איינגעוויינט מיט זיין פאַר־ הערלעכונגס־געפיל פאַר ישוען, איז פאַר אים פאַרשוווּנדן די אַמאָליקע פרעמדקייט פון דער קריסטלעכער וועלט. דער נייער טעסטאַמענט האָט אים פאַרשטעלט די יידישע סביבה אַרום, ער האָט אויפגעהערט זען די ווירקלעכע וועלט. אין טרעבלינ־ קע, מאַידאַנעק, יאַנאָוו, אָשווענטשים און דאכאו שפּאַרן גע־ דיכטע רויך־וואָלקנס פון די קרעמאַטאָריע־קוימענס, אָבער אַשן

איז דאָס נישט נוגע. מיליאָנען יידן ווערן פאַרצערט פון די פלאַמען און מיליאָנען יידן ווערן דערשטיקט אין די פאַרשאָטענע גריבער, אָבער אַש זעט דאָס נישט. ער איז פאַרקוקט אין איין איינציקער תליה פון פאַר צוויי טויזנט יאָר צוריק, אַ תליה וועגן וועלכער ס׳ווייסט בלויז דער נייער טעסטאַמענט.

ער ווערט אַריינגעצויגן אין אַ פרעמדער וועלט, מיט וועלכער ער פיבערט שוין כסדר; ער הייבט אָן אַריבערטרעטן די גרענעצן פון אונדזער פאָלקס־מענטאַליטעט. אין די יאָרן פון אונדזער שוידערלעכן פיין, ווען מיר שטייען געשלאָגענע און פאַרשעמטע, פאַרלאָזענע פון גאָט און פון דער וועלט, ברענגט אַש, מיט דער גרעסטער וואַרעמקייט און פאַרערונג אַרויס פאַר דער וועלט ס׳געשטאַלט פון אונדזער גיפטיקסטן שונא און פאַרדאַמער — שאול־פאולוס. פאולוס איז דער, וואָס האָט פאַקטיש אויפגעריסן ס׳יידנטום און געוואָרפן דעם לאָזונג פון דער וועלטס אייביקער שנאה צו אונדז. פאולוס איז דער, וואָס האָט אין זיין באַקאַנטן בריוו צו די טעסאַלאָניער דערקלערט פאַר דער וועלט, אַז: „די יידן האָבן געהרגעט יעזוסן און אויך זייערע נביאים און אונדז האָבן זיי גערודפט און זיי זענען נישט גוט אין די אויגן פון גאָט און זיי זענען דערווידער אַלע מענטשן”.

אַלע פאָרשער פון דער קריסטנטום־געשיכטע זענען מודה, אַז פאַולוס איז געווען אַ דורכגעטריבענער פאָליטיקער. צו יידן האָט ער געזאָגט, אַז מ׳דאַרף אָפּהיטן אַלע מצוות פון דער תורה, צו די היידן האָט ער געזאָגט פונקט ס׳קאַפּויערדיקע.

עמיצער קאָן אפשן ווען אויף אשן מלמד זכות זיין, באשר ער איז ווי אַ קינסטלער פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער בעלעטריסטישער פאַקטור. אין פּראָצעס פון שאַפן, כידוע, פאַרלירט אָפּט דער קינסטלער די לאָגישע קאָנטראָל איבער זיך. איז שוין גענוג טרויעריק, אַז אַ פאָלקסשטאַמיקער יידישער שרייבער זאָל אין מינוטן פון משטיינסגעזאָגטן „רוח הקודש” ווערן בלינד מיטגעריסן מיט ליבע צו איינעם, וואָס האָט אונדז געפּרווט מאַכן אומווערדיק פאַר דער וועלט און אונדז געשאָלטן מיט דער קללה פון גאָטס אייביקן צאָרן אויף אונדז. אָבער אויך שפּעטער, נאָכן פאַרענדיקן זיין „אַפּאָסטאָל”, ווען די דיכטערישע שיכרות האָט זיך שוין געדאַרפט אויסוועפן, און אַש האָט זיך שוין געדאַרפט אומקערן צו דער וואָכעדיקער ניכטערקייט, האָט אַש עפּנטלעך אין דער ענגלישער פּרעסע דערקלערט וועגן

פּאַולוסן: „ער איז געווען זייער נאָענט צו מיר און ס׳האָט מיר באמת באַנג געטאָן ווען כ׳האָב דאָס ווערק פֿאַרענדיקט און כ׳קען שוין נישט זיין מיט אים אין דער נאָענטער חברשאַפֿט״. אַש, הייסט עס, באַקענט זיך עפּנטלעך און אין ניכטערן צו־שטאַנד ווי פּאולעסעס אַ נאָענטער גייסטיקער חבר...

מיט זיין שיכור־בוך „אַפּאָסטאָל״ און זיין שפּעטערדיקער ניכטערער חברשאַפֿט־דערקלערונג צו פּאולוסן האָט זיך אַש עפּנטלעך דערוויטערט פון דער אין פלאַמען געפּרוּווטער כנסת ישראל.

און איצט איידער מיר וועלן צוטרעטן אין צווייטן קאַפּיטל צו באַהאַנדלען אַשס ווייטערדיקן בעלעטריסטישן גאַנג צום קריסטנטום ווי אויך זיינע כאַראַקטעריסטישע אינטערוויוען, ווילן מיר דערווייל זאָגן אַ פּאַר ווערטער אונדזערע נאַאיווע פּאַרטיידיקער פון קונסט־פֿרייהייט.

באַלד אין אָנהויב האָבן מיר שוין דערמאָנט די מיינונגען פון די, וואָס פֿאָדערן אָנצונעמען דעם ג אַ נ צ ן שלום אַשן, דעם אַמאָליקן און היינטיקן. ס׳קומט עפּעס אויס ווי זיי וואָלטן זיך געקלאָגט מיט איובס ווערטער: „את הטוב נקבל ואת הרע לא נקבל״ (זאָלן מיר דאָס גוטע אָננעמען און דאָס שלעכטע זאָלן מיר נישט אָננעמען?). זיי פֿאָדערן למען השלום אַריינ־צונעמען אין איין קופּע אַלע אַשס ווערק צווישן וועלכע די נייע וועלן ווערן בטל בשישים און ס׳וועט זיך באַקומען אַ גלייכגעוויכט.

אוודאי קאָנען אַשס פּאַרטיידיקער אויסמישן נעמען פון משומדים, וואָס זענען געווען טעטיק אין יידיש־גייסטיקן לעבן. כ׳קאָן אויך דערמאָנען יידישע קינסטלער, מאָלער און שניי־צער, וואָס האָבן צוו. אַנד. פּראָדוצירט ווערק געווידמעט נוצרין. מיר קאָנען גריילעך אויך מיט גרויס הנאה געניסן פון יידישע ווערק, געשאַפֿן פון נישט יידן, ווי, למשל, מיקעלאַנדזשעלאָס „משה״ און טאָמאַס מאַנס „יוסף און זיינע ברידער״. אָבער דאָס האָט נישט קיין דירעקטן שייכות צו אַשן. פֿאַר אונדז איז אויך נישט פון גרויס באַטייט צי אַש האָט זיך שוין געשמדט אָדער וועט זיך ערשט שמדן. אונדז טוט נאָר מוראדיק וויי, וואָס אונדזער אַ פֿאָלקסשטאַמיקער גרויסער יידישער שרייבער האָט, אין אַן עת צרה פֿאַר אונדזער פֿאָלק, זיך לייכטזיניק (און אפשר ביי־זווילעך?...) ברייט פֿאַרמאָסטן מיט בעלעטריסטישע

ווערק און סקאַנדאַליעזע עפּנטלעכע דעקלאַראַציעס אונדז אַרויסצופירן פונם יידישן שלעמענט וואָס איז געהייליקט געוואָרן דורך דורות־לאַנגער מאַרטירערשאַפט. צי זעענען אַש און זיינע פּאַרטיידיקער געשלאָגן מיט בלינדקייט אָדער אומפאַרשטענדלעכער להכעיסדיקייט, וואָס זיי באַנעמען נישט, אַז קוים וואָלט אַשס קריסטלעכע טרילאָגיע (פאַרשפּרייט קודם כל אויף ענגליש) געפונען אַ וועג צו אונדזער פאָלק און אויך אַ וועג צו דער קריסטלעכער וועלט, וואָלטן מיר געוואָרן גייסטיק אַנטוואָפנט. די יידישע יוגנט אין אַמעריקע איז לויט דער דערציונג דערווייטערט פון די יידישע קוואַלן, די קריסטן וויידער קוקן דעם יידישן שרייבער אין מויל אַריין און נעמען־אָן זיינע רייד פאַר אונדזערע רייד. מיט איין וואָרט מיר קענען בלייבן שטיין קרח מכאן וקרח מכאן...

אַ פאָלק, און דערצו אַזאַ אַלט פאָלק ווי יידן, טראָגט אומבאַוווסט פאַר זיך אַליין אַן אייגענעם אמת. עס טראָגט אים אין אַלע צייטן און דורך אַלע זיינע קולטור־פאָרמען סיי רעליגיעזע, סיי נאַציאָנאַלע און סיי סאָציאַל־וועלטלעכע. ס׳פּאַולוניש קריסטנטום איז אַ פולשטענדיקע פאַרלייקענונג פון דעם יידיש־היסטאָרישן אמת, וואָס מיר טראָגן אין זיך. מיט קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר צוריק האָט אונדז דער זעלביקער שאול־פּאול פאָרגעלייגט, אַז מיר זאָלן אָננעמען ס׳קריסטנטום; מיר האָבן זיין פאָרשלאַג אָפּגעוואָרפן. די קריסטלעכע ליטעראַטור דערציילט בפירוש, אַז פּאולוס האָט זיך קודם כל געווענדעט מיט זיינע דרשות צו יידן. אָבער יידן האָבן אים פאַרטריבן. ערשט שפּעטער האָט ער זיך געווענדעט צו די היידן. אין דער ליטע איז פאַראַן אַ יידיש פאָלקס־ווערטל, אַז ווען מ׳זאָל אין דער נאַכט פון ניטל (קריסמעס) פאַרשטעקן אַ מעסער אין דער ערד, וועט דערפון טריפן בלוט... הייסט עס טאַקע, אַז זינט ס׳קריסטנטום איז געקומען אויף דער וועלט האָט אָנגעהויבן הפקר פליצן יידיש בלוט. און פונדעסטוועגן האָבן מיר געצאָלט דעם הויכן בלוט־פּרייז און אויף פּאולוסעס אָנגעבאָט נישט איינגעגאַנגען. פּאולוס און זיינע שפּעטערדיקע תלמידים האָבן אונדז דערפאַר אָנגעטאָן געברענטע צרות און איבערגעלאָזט אַ „הייליקע״ צוואה צו זייערע גייסטיקע יורשים, אַז זיי זאָלן אונדז ווייטער קיינמאָל

נישט לאָזן איבערכאַפּן דעם אָטעם. איצט קומט שלום אַש פאַר אונדז און פאַר דער קריסטלעכער וועלט פאָרשטעלן פּאַולוסן ווי דעם באַהויכטן און געליטזעליקטן מאַן, וועמענס גייסט איז מסוגל אויסצולייזן די וועלט פון פּיין.

## ב. דער וועג פון גאַסטינין ביז רוים

ס׳דערציילט זיך אַ מעשהלע פון אַנעקדאָטישן כאַראַקטער:

אַ קאַטוילישער גלח־מיסיאָנער איז אַמאָל געקומען אין אַ געדיכט־יידיש שטעטל אין פּוילן צו באַקערן די „האַרטנע־קיקע יידעלעך״ צום „אמתן״ קריסטלעכן גלויבן. ער האָט גע־לאָזט וויסן, אַז ער וועט עפנטלעך אַרויסטרעטן אין אַ שטאָט־זאַל און לאַדט דעריבער איין אַלע איינוווינער, אָן אונטער־שייד פון גלויבן, קומען אים הערן. דער זאַל איז גיך געוואָרן אָנגעפּילט ס׳רוב דורך יידן; קריסטן זענען געווען בלויז אַ הייפעלע. דער גלח שטייט אויף דער טריבונע, איבער אים הענגט אַ גרויס יעזוס־בילד. ער רעדט מיט התלהבות וועגן גאָטס זון און וועגן דער דערהויבנקייט פון קריסטלעכן גלויבן. אין אַ געשפּאַנטן מאָמענט, ווען ס׳האָט זיך דעם גלח אויסגע־דוכט, אַז ער האָט שוין דעם גאַנצן עולם ביי זיך אין קעשענע, האָט ער פייערלעך אויסגערופן — „מיינע פריינט, ס׳האָט גע־שלאָגן די שעה פון אַנטשיידונג. ווער ס׳איז פּ אַ ר ן קריסט־לעכן גלויבן, זאָל דאָ בלייבן מיט אונדז, און ווער ווידער ס׳איז ק ע ג ן — זאָל פאַרלאָזן דעם זאַל״. הכלל, וואָס איז דאָ לאַנג צו רעדן, דער עולם האָט זיך האַסטיק אַ שאָט געטאָן צו דער טיר, אַז ס׳איז געוואָרן אַ געדרענגעניש ממש דערשטיקט צו ווערן. מ׳האָט פּשוט אויפגעבראָכן די ביישטידלעך. אַ קורצע ווײלע נאָכדעם שלייכט זיך עפּעס אַ זייטיקער ייד אַרויף אויף דער טריבונע, נעמט אַראָפּ פון דער וואַנט ס׳יעזוס־בילד און לייגט עס אונטערן אָרעם. דער גלח ווערט אָנגעצונדן און הויבט אָן צו צאָרנען:

— ייד, וואָס טוסטו?

— ס׳טייטש, וואָס איך טו... — ענטפערט דער ייד קאַלט־בלוטיק — דער גלח זעט דען נישט, אַז אַלע יידן זענען שוין, ברוך השם, אַוועק פון דאַנען. ס׳איז בלויז געבליבן אָן איין־איינ־ציקער ייד, וואָס קען, נעבעך, נישט גיין, האָב איך באַשלאָסן אים פון דאַנען אַרויסצוטראָגן...

דער מוסר השכל פון דעם מעשהלע איז אַ דריי פּאַכיקער:
ע ר ש ט נ ס — יידן באַטראַכטן יעזוסן פאַר אַן אייגענעם,
צ ו ו י י ט נ ס, — דעם יידישן געמיט איז ס'היינטיק קריסטנ־
טום ווילד־פרעמד און ד ר י ט נ ס — ס'היינטיק קריסטנטום
איז אַזוי ווייט אַוועק פון איר שורש, אַז יעזוס אַליין וואָלט עס
נישט דערקענט...

שוין אַמאָל, אין גאַמבין, האָט אַש אויף אַ היימישן אופן געטראַכט, אַז ס'איז מעגלעך אַ פרידלעך צונויפלעבן צווישן ביידע רעליגיעס, ווען יידן זאָלן נישט זיין אַזוי איינגעשפּאַרט. דאָס ברענגט ער צום אויסדרוק נישט נאָר אין די דערציילונגען, וואָס זענען געבויט אויף קריסטלעכע מאָטיוון, נאָר אַפילו אין דער פּאָעמע „שלמה נגיד", וואָס איז דערשינען מיט קנאַפּע פערציק יאָר צוריק. אין אָט דער פּאָעמע שילדערט ער זעליש־געמיטלעך דאָס צונויפלעבן זיך פון צוויי פעלקער מיט צוויי באַזונדערע גלויבנס אין איין לאַנד און דייטעט זייטיק אָן אויף יידישער עקשנות. ס'איז אויפן מאַרק דערגאַנגען צו אַ סיכסוך צווישן יידן און גויים און ס'איז אין אַ גלייכער מאָס געווען די שולד פון ביידע צדדים. ווען מ'גרייט זיך צום פּראָצעס אין גע־ריכט פאָרן יידן קיין גאָסטינין צום צדיק בעטן רחמים און „גויים" פאָרן אין דער זעלביקער שטאָט אויף אַן „אָטפּוסט" (אַ מאַסן־צוזאַמענפאָר צו אַ שטעטלדיקן קלויסטער, ווו גלחים „לאָזן־אָפּ" די זינדיקע זייערע עבירות) אין קירך, אין וועלכן ס'איז פאַראַן אַ הייליק נסים־מאַכנדיק בילד. און ווען די ריכ־טער האָבן נאָכדעם אויפן פּראָצעס אַרויסגעטראָגן אַ גערעכטן אורטייל, זענען דערפון ביידע צדדים געווען צופרידן, זיך גע־פּאַטש אין די הענט און אין שענקל פאַרטרונקען דעם שלום מיט אַ גלעזל בראָנפן. די גויים האָבן געזאָגט: „נאַש אי וואַש בוג פּאָגאָדזשילי שיען" (אונזער און אייער גאָט האָבן גע־מאַכט שלום). אַש באַמערקט דערביי מיט אַ שמייכעלע, אַז יידן זענען איינגעשפּאַרט און גלויבן אין דער העכער־ווערטיקייט פון דער יידישער אמונה. „נאָר יידן — שרייבט אַש — האָבן בשום אופן נישט געוואָלט דערויף באַשטיין און נישט געוואָלט נאָכגעבן, אַז דאָס האָט אויך זייער גאָט געמאַכט, נאָר מחמת שלום־וועגן האָבן זיי געשוויגן..."

בולטער קומט עס אַרויס אין דער דערציילונג „מענטשן און געטער". מענטשן קאָנען צווישן זיך אַדורכגעקומען און

זיך ברידערלעך צונויפלעבן, אָבער די געטער אין די הימלען דערלאָזן נישט קיין שלום צווישן די אַנדערשגלויביקע אויף דער ערד. און אין דער „קאַרנאַוואַל־נאַכט" שמועסט זיך שוין יעזוס צונויף מיטן יידישן משיח, וואָס זיצט אין די טויערן פון רוים און וואַרט...

⁂

אַשם פּראָקריסטלעכע טרילאָגיע איז געבויט אויף דער קאָנצעפּציע אַז ס'קריסטנטום איז אַ נאַטירלעכער המשך פון יידנטום. אַש וויל מאַכן אַ שטריך איבער דעם לאַנג־היסטאָרישן ווידעראַנאַנד, וואָס הערשט צווישן יידנטום און קריסטנטום. ער וויל באַווייזן, אַז מרים, יעזוס און פּאָולוס זענען געשטאַלטן, וואָס פּרעזענטירן די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער יידישער גייסטיקייט און אַז ס'איז געווען אַ געפערלעכער טעות, וואָס יידן האָבן פון זיך אָט די געשטאַלטן אָפּגעשטויסן. און אויסן איז אַש דערמיט נישט בלויז פעסטצושטעלן דעם „באַשיימפערלעכן אמת", נאָר אַזוי אַרום אויך פאַרוואַרפן אַ בריק פון פרידלעכן צונויפלעבן צווישן פאָלק ישראל און די פעלקער פון דער קריסטלעכער וועלט. און טוען טוט ער עס — פאַרשטייט זיך — נישט אויף קיין וויסנשאַפטלעכן אופן, נאָר אויף אַ קינסטלעריש־שילדערישן שטייגער, וואָס דאַרף רעאַליסטיש־בילדעריש איבערצייגן דעם לייענער, אַז אַשם טעזע איז אַ גערעכטע. מעגלעך, אַז אַש האָט נאָך פון די צייטן, ווען ער האָט געשריבן זיינע „מענטשן און געטער", „קאַרנאַוואַל־נאַכט" און „פאַר אונדזער גלויבן" ביסלעכווייז אין זיך איבערווינדן דעם פרעמדקייט־ווידערווילן, וואָס אַ ייד פילט ביים לייענען אין דער עוואַנגעליע די אויסטערלישע פאַסירונגען. אונדז אָבער שאָקירט בפירוש דאָס צונויפפּאָרן די מוטער רחל מיט יעזוסעס מוטער מרים. ס'קרייציקן זיך דאָ געפילן, וואָס שטראָמען פון גאַנץ אַנדערע קוואַלן. די מוטער רחל וואָרצלט אין דעם יידישן געמיט; אין אונדזער פאָרשטעלונג זעען מיר רחל ווי זי שפרייט מאַמיש־געטריי און צערטלעך פאַנאַנדער אירע הענט איבער אודנזערע קעפּ — „רחל באַוויינט אירע קינדער". די „הייליקע מרים", זעען מיר, ווי די אין וועלכערם נאָמען מ'האָט אונדז כסדר אויסגעבלוטיקט.

אָבער שלום אַש האָט זיך פאָרגענומען אַ היסטאָרישע שליחות אָפּצוטויטן אין אונדז די „איבערגלויבערישע" באַוואָרענישן און „אומגערעכטן" ווידערווילן. ער מיינט, אַז קוים וועט אים געלינגען אַרויסצוטרייבן פון אונדז דעם ווידערווילן

צו דער עוואַנגעליע, וועט זיך ממילא פאַר אונדז דערוועקן פאַרשטענדעניש פאַר יעזוסעס באַרג־פריידיקט און ס׳וועט אונדז „ענדלעך" ווערן קלאָר, אַז דער תנ״ך און דער „ברית הדשה" זענען צוויי מאַניפעסטאַציעס פון איין און דעם זעלביקן, טאַקע שנים שהם אחד... דאַרף מען נישט פאַרלירן קיין סך רייד אויפצוקלערן, אַז אַזאַ גראַנדיעזער — מעג אַפילו זיין: בעלעטריסטישער — פאַרמעסט צונויפצושמעלצן צוויי היסטאָריש־אַקעגנגעזעצטע ליניעס, פאָדערט אַ שטאַרקע אינטעלעקטועלע דיסציפלין, מיט וועלכער שלום אַש האָט זיך קיינמאָל נישט באַזונדער אַרויסגעוויזן. און מעגלעך דוקא, אַז בעלעטריסטיש איז דאָס נאָך שווערער צו באַווייזן איידער וויסנשאַפטלעך. כל זמן די אידעע לעבט נאָר אין דער גייסטיקער ספערע איז דאָס אַן ענין פון מיסטעריעזער אינטימיטעט, וואָס מ׳קאָן אפשר אַנען אָבער רעאַליסטיש נישט באַנעמען. אַש וויל אָבער אָט די מיסטעריע רעאַליסטיש באַלעבן און זי איינרייפן אינם געלויף פון דער טאָג־טעגלעכער ווירקלעכקייט. און דאָס איז פאַר אַ קינסטלער אַ גרויסער נסיון, ביי וועלכן ס׳איז שווער נישט געשטרויכלט צו ווערן. מיר האָבן אָבער שוין אין פריערדיקן קאַפיטל באַוואָרנט, אַז מיר וועלן דאָ אינגאַנצן אויסטיילן די קינסטלערישע זייט און זיך דערעיקרשט פאַרנעמען מיט דער אידעאָלאָגישער זייט פון דער פראָקריסטלעכער טרילאָגיע.

דער כראָנאָלאָגישער דערשיינונגס־סדר פון דער טרילאָגיע איז: „דער מאַן פון נצרת", „אַפּאָסטאָל" און „מערי". דער אידעאָלאָגישער סדר דאַרף זיין: „מערי", „דער מאַן פון נצרת" און „אַפּאָסטאָל". די ערשטע צוויי שליסן אָפּ די עפּאָכע פון אורשפרינגלעכן קריסטנטום, דאָס דריטע עפנט אויף די עפּאָכע פון דער קריסטלעכער טעאָלאָגיע, ד. ה. פון דעם קלויסטער־קריסטנטום. אין אַזאַ סדר וואָלטן מיר טאַקע געדאַרפט באַהאַנדלען אַש׳ס באַזונדערע ביכער. מיר טוען עס אָבער נישט, ווייל מיר ווילן נאָכפאָלגן דעם סדר פון די שטאַפלען איבער וועלכע אַשס קריסטלעכקייט האָט געהאַלטן אין איין שטייגן. צווישן איין בוך און אַנדערן האָט זיך אַש וואָס אַמאָל מער אויסגעקריסטלט. דער אַש פון „מערי" וועט באין אופן נישט דערקענען דעם אַש פון „מאַן פון נצרת".

אין אַלע פאַלן איז אָבער אַש איבערצייגט, אַז מיט זיינע פראָקריסטלעכע ווערק ציט ער ווייטער דעם פאָדים פון עכטער

יידישקייט און פאַרהערלעכט דערמיט דעם נאָמען פון יידישן גאָט. זיין ווערק „דער אַפּאָסטאָל", וואָס האַלט 754 זייטן, אין וועלכן ער אידעאַליזירט פּאולוסן, דעם גיפטיקסטן שונא נישט בלויז פון יידנטום נאָר אויך פון יידישן פאָלק, פאַרענדיקט ער מיט אַזאַ פרומזעליקער ווענדונג:

„איך דאַנק און לויב דיר, האַר פון דער וועלט, וואָס דו האָסט מיר געגעבן כוח בייצושטיין אַלע נסיונות און איבער־צוגעוועלטיקן אַלע שטערונגען, וואָס האָבן אויף מיר געלויערט בעת מיין אַרבעט און אויך בעתן קאָמפּלעטירן די צוויי ווערק „דער מאַן פון נצרת" און „דער אַפּאָסטאָל", וועלכע בילדן ביי־נאַנד איין ווערק; אַזוי אַרום האָב איך געקאָנט ממשיך זיין די פאַרדינסטן פון פאָלק ישראל, וועלכן דו האָסט דערוויילט צו טראָגן דאָס ליכט פון גלויבן צווישן די פעלקער אויף דער וועלט פאַר דיין רום און פאַר דיין ליבע צום מענטשן־מין".

אַזוי פלעגן אונדזערע אַלטע בעלי מוסר פאַרענדיקן זייערע פרומלעכע ספרים מיט — „תם ונשלם שבח לאל בורא עולם" (פאַרענדיקט און אָפּגעשלאָסן — געלויבט אויף אייביק זאָל זיין גאָט, דער באַשאַפער פון דער וועלט).

שלום אַש גילט ביי אונדז ווי אַ היינטיקער „אחר" (אַן אַנ־דערער, אַ פאַרענדערטער). אַמאָל האָט כמעט יעדער „אחר" גענומען אָפּשייד פון אונדז, אַוועק פון דער יידישער עדה, נישט געוואָלט האָבן מיט איר קיין שום מגע־ומשא. ער האָט זיך גאָר באַזעצט אין דער נישט־יידישער וועלט. יידן ווידער זענען גע־ווען צופרידן, וואָס דער „אחר" האָט זיך פון זיי דערווייטערט און פאַרסמט מער נישט די לופט פון יידישן געסל מיט קיין אַפּיקורסות. וועגן דעם תנא ר' מאיר דערציילט זיך, אַז ער איז נאָכגעגאַנגען „אחרן" ד. ה. אלישע בן אבויהן און ביי אים גע־לערנט תורה. ווען מ'האָט אים געפרעגט — היתכן? ווי שיקט זיך עס, אַז אַ תנא זאָל גאָר לערנען תורה ביי „אחרן"? האָט ר' מאיר געענטפערט: „רמון מצא, תוכו אכל, קלפתו זרק" (ער האָט געפונען אַ מילגרוים, דעם יאָדער האָט ער אויפגעגעסן, און די שאָל האָט ער אַוועקגעוואָרפן). שלום אַש איז אָבער אַ „מאָדערנער" אחר. ער איז גייסטיק אַוועק צום קריסטנטום, זיך דערווייטערט פון דער יידיש־נאַציאָנאַלער קולטור און איז דאָך פאַרבליבן אין דער יידישער סביבה, ווו ער פאַרשפרייט זאָרגעוודיק פּאולוסעס קירך־קריסטנטום אונטער דער מאַרקע

פון עכטער יידישקייט. אַז „אחר״ אין דער אייגענער יידישער סביבה, וואָס האַלט אין איין טענהן, אַז ער איז דאָס דער „אמתער״ ייד, איז אַ סך געפערלעכער איידער אַ דרויסנדיקער „אחר״, וואָס וויל זיך שוין נישט מיט אונדז מער אָנקערן. די פאַרערער פון אַשם טאַלאַנט, פאַר וועלכע ס׳איז שווער זיך נישט צו באַגייסטערן מיט אַשם שילדערונגס-קראַפט, דאַרפן געדענקען ר׳ מאירס מימרא און באַנעמען זי אין אַ קאַפּויער-דיקן באַטייט, ד. ה. — קלפתו אכל — דעם קינסטלערישן לבוש האָט ער קאָנסומירט, ותוכו זרק — און דעם פאַרסמטן יאָדער האָט ער אַוועקגעשליידערט. הגם ס׳איז אַ שווערע הלכה אָפּ-צוטיילן פאָרם פון אינהאַלט.

אין פריערדיקן קאַפּיטל איז שוין דערמאָנט געוואָרן, אַז אין „מאַן פון נצרת״ בנוגע וועלכן מיר האָבן פון דער יידישער זייט אַ ריי באַוואָרענישן, איז דאָך פאַראַן אַ באַדייטנדיקער פּאָזיטיווער קאָרעקטיוו, וואָס טרעט אָפּ פון דעם נייעם טעסטאַ-מענט-נוסח. דאָס איז נוגע דער ווערסיע פון יעזוסעס קרייצי-קונג. די עוואַנגעליסטן, וואָס זענען געווען יידישע אָפּטריניקע, זענען געגאַנגען אויף פּשרות מיטן געצנדינערישן רוים און גע-לאָזט וויסן דער וועלט, אַז יידן האָבן ממש געצוווּנגען דעם רוימישן פּראָקוראַטאָר, אַז ער זאָל קרייציקן יעזוסן. דער פּראָ-קוראַטאָר האָט עס געטאָן אוים מורא פאַר יידישער מסירה און פאַר דער ברייטער וועלט האָט ער אָפּגעוואַשן די הענט פון אָט דעם מאָרד. אָט די עוואַנגעלישע ווערסיע האָט שוין געקאָסט טייכן יידיש בלוט. אַש לייקנט קאַטעגאָריש אָפּ די עוואַנגע-לישע קרייציקונג-ווערסיע און באַווייזט, אַז דער געצנדינערי-שער פּאָנטיוס פּילאַטוס איז געווען אַ בלוט-דורשטיקער תלין. אַש באַווייזט דאָס קאַפּויערדיקע, אַז גראָד די פּרושים ר׳ נקדי-מון און ר׳ יוחנן בן-זכאי וואַשן אָפּ זייערע הענט פון דעם יעזוס-מאָרד, וואָס איז געווען אַ רוימיש שטיקל אַרבעט.

דער צווייטער קאָרעקטיוו איז נוגע דעם רויבער בר אבאן. אין ירושלים איז געווען אַ מנהג יעדן ערב-פּסח צו באַפרייען איינעם פון די פאַראורטיילטע. דער נייער טעסטאַמענט דער-ציילט, אַז דער „צדיק״ פּילאַטוס האָט געוואָלט באַפרייען יעזוסן און קרייציקן דעם גזלן בר אבאן, אָבער דער פאַרזאַמלטער עולם האָט דורכוים געפאָדערט צו קרייציקן יעזוסן און באַ-פרייען בר אבאן. לוקאַס דערציילט וועגן דעם: „אָבער זיי האָבן

אַלע אין איינעם אויסגעשריגן, אַזוי צו זאָגן: אַוועק מיט דעם דאָזיקן מענטשן און באַפריי בר אבאן". לוקאַס איז דערמיט אויסן געווען אונטערצושטרייכן די יידנס פאַרביסענע שנאה צו יעזוסן. זיי ווילן בעסער באַפרייען אַ פּשוטן גזלן איידער דעם געזאַלבטן משיח...

אַש שילדערט בר אבאן נישט ווי אַ פּשוטן רויבער, נאָר ווי אַ גרויסן פאָלקס־העלד. ער איז געווען אַ דרייסטער און מוטיקער פּאָליטישער אויפשטענדלער קעגן דעם רוימישן יאָך. ער האָט געהאַלטן אין איין רופן: „עס איז נישטאָ קיין אַנדערער האַר ווי גאָט". דערביי האָט ער געפירט אַ פאַרביסענעם קאַמף קעגן די רייכע, אויסנוצערישע און רעגירונגס־טרייע בני־חנן, וואָס זענען געווען פאַרהאַסט ביים פאָלק. ער האָט אויף די וועגן געמאַכט דרייסטע אָנפאַלן אויף די רייכע, זיי באַרויבט און דאָס געלט צעטיילט צווישן די אָרימע און נויט־ליידנדיקע. ער איז גיכער געווען אַ קאָמוניסטישער עקספּראָפּריאַטאָר, וואָס איז געווען שטאַרק באַליבט ביי די אָרימע פאָלקסשיכטן. ערב פּסח איז דער ברייטער עולם געווען שטאַרק פאַרנומען מיטן גרייטן זיך צום קרבן פּסח און גאָרנישט געוווּסט וועגן דער ראָלע פון דעם אומבאַקאַנטן יעזוסן. אַרום דער געביידע פון געריכט האָבן זיך פאַרזאַמלט סירוב בר אבאס אָנהענגער און כ׳איז פאַרשטענדלעך, אַז זיי האָבן געפאָדערט די באַפרייונג פון זייער באַליבטן פאָלקס־העלד.

דער דריטער זייער וויכטיקער און אינטערעסאַנטער קאָ־רעקטיוו איז שייך דער ווערסיע פון יהודה איש קריותעס פאַר־ראַט. „יהודה איש קריות", „יודאַ", „יודאַש", „יודאַש־קוש" זענען אַלץ מיאוסע זידלווערטער, וואָס באַציען זיך אויף יע־זוסעס תלמיד, וואָס האָט פאַר דרייסיק זילבערשטיק דורך אַ קוש־אָנווייז פאַרראַטן זיין רבין צום טויט. גראָד בינדט זיך דער נאָמען פון מסור מיטן אַלגעמיינעם נאָמען פון יידישן פאָלק — „יהודה". אַזוי אַרום באַמיט זיך די עוואַנגעליע צו באַצייכענען יידן ווי אַן אומווערדיק פאָלק פון מוסרים און בוגדים. טייל ווילן אַפילו האָבן, אַז די יודאַש־ווערסיע הויערט אויף אונדז ווי אַ קיך־פלעק.

שלום אַש גיט דער יהודה־פיגור אַ גאַנץ אַנדערע אויס־טייטשונג און באַווייזט זי אונדז אין אַ גאָר באַזונדערן ליכט. די קריסטלעכע ליטעראַטור באַשרייבט יודאַשן ווי אַן עקל־

האַפּטיק־געלן מיט אַ רויטער באָרד, פאַררעטעריש פּלאַטערנ־דיקן פאַרשוין, וואָס איז מיט זיינע אַלע חושים צוגעבונדן צו די ערדישע גיטער. שוין ביים שילדערן יהודהס דרויסנדיקן אויסזען פאַרנעמט זיך אַש בפירוש אָפּצולייקענען דאָס וואָס מ׳וויים ביז איצט וועגן יודאַשן. — „ניין, ער איז נישט געווען קיין געלער און ער האָט נישט געהאַט קיין פלאַמעדיק־רויטע באָרד. ער איז געווען אַ טונקעלער, אַ הויכער, אַן אויסגעדאַר־טער, אַן אויסגעמאָגערטער. זיין שוואַרצע, מיט גרויע האָר באַ־צויגענע, באָרד איז באַשטאַנען אויס טראָלדן".

איז ער טאַקע געווען אַזאַ ערדישער פאַרשוין, אַ געלט־גייציקע בריאה, אַ מענטש אָן הייליקייטן, פאַר וועמען ס׳איז נישט געווען קיין העכערע זאַך ווי געלט? ניין. אַש זאָגט:

„דער יהודה איז געווען אַ מאָדנער מענטש, אַ וויזיאָנער, אַ טרוימער, וואָס האָט געגלויבט אין משיחן מיט אַזאַ רעאַ־ליסטישקייט, אַז ער האָט זיך איינגערעדט, אַז ער באַגעגנט משיחן יעדן טאָג אין גאַס, אין שול אין בית המקדש־הויף — — — יהודה האָט געגלויבט, אַז משיח איז שוין דאָ מיט אונדז, נאָר מיר דערקענען אים נישט".

אוודאי לאָזן זיך דאָ מערקן פוילישע רעמיניסצענצן. אין די פוילישע שטעטלעך האָבן חסידים געגלויבט, אַז גאָט האָט שוין משיחן אַראָפּגעשיקט, נישט מער — מיר דאַרפן זוכה זיין אים צו דערקענען. האָבן זיך טאַקע טייל חסידישע רביים אַ לאָז געטאָן איבער די מערק און ירידים זוכן משיחן...

איז יהודה געווען אַ ניכטערער מענטש, וואָס זוכט אור־מעטום פאַר זיך פּראַקטישן נוצן? — אויף דעם ענטפערט אַש: „די אילוזיעס איבער משיחן האָבן אים אַריינגעטריבן אָפּטמאָל אין אַ צושטאַנד פון עקסטאַז; ער פלעגט אַוועקפאַלן אויף דער רצפה פון בית־המקדש, אַ שוים האָט זיך געזעצט אויף זיינע ליפּן און ער האָט אָנגעהויבן נביאות צו זאָגן ביאת משיח".

אַש באַווייזט יהודהן ווי אַ מענטש פון גרויסן גלויבן, אַ משיח־פאַרשיכורטער שטרעבער צו אויסלייזונג פון זיין פאַר־פייניקט פאָלק.

„...יהודה האָט נישט געקאָנט לעבן קיין איין טאָג, קיין איין שעה, אָן משיחן. און ער האָט שטענדיק געמוזט האָבן וועמען, וואָס ער האָט געקאָנט אויף אים אויסגיסן זיין ענטוז־יאַזם. מיין רבי האָט אויף אים געזאָגט: „יהודה באַדאַרף האָבן

אַ נאָגל, אויף וועלכן אָנצוהענגען זיין גלויבן. דער רבונו של עולם איז אים ווייניק".

ער איז געגאַנגען איבער די גאַסן, געזוכט משיחן און כסדר געברומט פאַר זיך „מתי יבוא? מתי יבוא?" אַז ישוע האָט זיך באַוויזן איז יהודה באַלד געוואָרן אין אים איינגעגלויבט ווי אַ פאַנאַטישער אָנהענגער. ער האָט געגלויבט, אַז ישוע איז משיח און ער וועט ענדלעך צעשמעטערן רוימס מאַכט. אָבער ישועס צוריקגעצויגנקייט, פּאַסיווקייט און נאָכגיביקייט האָט אים אַביסל אַנטוישט. ער האָט געהאָפט, אַז בלויז מיטן הויך פון זיין מויל וועט ישוע צעשמעטערן די מאַכט פון געצנדינערישן רוים. ווען ער האָט אָבער געזען, אַז ישוע טוט עס נישט, האָט ער זיך פאַרגענומען מיט אייגענע מיטלען מקרב זיין דעם קץ. ער וועט שטעלן יעזוסן אין אַן אומאויסגאַנגלעכער לאַגע, אַז ער וועט זיך מוזן אַנטפּלעקן ווי אַ געטלעכער אויסלייזער. ישוע מוז באַ-ווייזן אַ נס — אַראָפּצונידערן די חיילות פון הימל און אומ-ברענגען רוים. יהודה האָט נישט קיין כוח ווייטער צו וואַרטן. „פאַרוואָס וויל ער נישט ברענגען די ישועה? רשותים זענען אים איבערגעגעבן — — — איך וויל אַז גאָטס נאָמען זאָל פאַר-הערלעכט ווערן שוין איצט, היינט! איך בין אַזוי מיד צו וואַרטן". ביינאַכט וויינט ער, קלאָגט זיך הלמאי גאָט האָט אים פאַרשאָלטן מיט אומרואיקייט און יהודה האָט ענדלעך באַשלאָסן ישוען איבערגעבן צו די רוימער און אַזוי אַרום אים צווינגען צו אַנטפּלעקן די משיחישע מאַכט אַקעגן אונדזערע באַדריקער. — „רבי, רבי, זע איך גיין אין דער טיפער כף הקלע אַריין, כדי דו זאָלסט קאָנען שטייגן אויף דער העכסטער הויך צו גאָט". ווען מ'האָט ישוען געפירט צום קרייץ איז אים יהודה נאָכגע-גאַנגען און געמורמלט: „באַלד, באַלד — די הימלען וועלן זיך שפּאַלטן, אַ פייערדיקע שווערד וועט אים אַ מלאך פון הימל אַראָפּדערלאַנגען. מיט איר וועט ער אדומען פאַרטיליקן".

ווען ישוע איז געשטאָרבן אויפן קרייץ, איז דאָס פאַר יהודה געווען אַ נייע טויטלעכע אַנטוישונג. הייסט עס אַז אויך ד ע ר משיח-גלויבן האָט געפּלאַצט ווי אַ זייפנבלאָז. דעמאָלט האָט ער ער זיך אַליין אויפגעהאָנגען אויף אַ בוים. אַ פאַרשקלאָפט לעבן אָן משיחן איז נישט ווערט געלעבט צו ווערן...

האָבן מיר ביי אַשן דריי באַדייטנדיקע קאָרעקטיוון, וואָס טרעטן בפירוש אָפּ פון אָנגענומענעם עוואַנגעליע-נוסח. אין

דעם לעצטן קאַרעקטיוו פילן זיך איינפלוסן פון לעאָניד אַנ־דרייעווס דערציילונג „יודאַ איסקאַריאָט".

איידער מיר טרעטן צו אַנאַליזירן די ווייטערדיקע בענדער ווילן מיר זאָגן, אַז נישט געקוקט אויף די געדאַכטע קאַרעקטיוון, מוז מען בנוגע דעם „מאַן פון נצרת" האָבן אַלגעמיינע באַוואָ־רענישן. אַש גייט אין טייל פאַלן בלינד נאָך דעם נייעם טעס־טאַמענט. ס'איז פריקרע פון אַ יידישער פעדער זיך דערוויסן וועגן עוואַנגעלישע פאַסירונגען, וואָס האָבן נישט קיין שום היסטאָרישע באַגרינדונג. פאַר די אַלע אויסטראַכטענישן וועגן סנהדרין, וועגן דער יידישער פעסטשטעלונג פון גאָט־לעסטע־רונג, יידישן אורטייל, אַז ישוע דאַרף זיין אַ בן־מות א. א. וו. זענען נישטאָ קיין שום אויטענטישע מקורות און אין יאָר 1949 טאָר זיי נישט קיין פאַלקסשטאָמיקער יידישער שרייבער מיט זיין פען אויפסניי באַשטעטיקן. דאָ קאָן מען זיך נישט פאַרענט־פערן מיט קיין קונסט־פרייהייט. דאָס זענען בלוטיקע פראַגן וואָס זענען נוגע אונדזער לעבן ווי אַ פאָלק און מ'טאָר זיך נישט שפּילן מיט קיין פייער...

## ג. יידנטום היידנטום און קריסטנטום

אין „מאַן פון נצרת" האָבן מיר געהאַט צו טאָן מיט אַן אייגנאַרטיק־אַשישער ווערסיע פון אורשפּרינגלעכן עוואַנגעלישן קריסטנטום. דאָס יעזוסישע קריסטנטום האָט אין ערשטן פּע־ריאָד — לויטן אָפּשטאַם און אויסבליקן — געדאַרפט זיין אַן אָרגאַנישער המשך פונם ריינעם יידנטום. ער האָט דאָך געלעבט און געווירקט צווישן יידן, גערעדט דעם דעמאָלטיקן יידיש־ארמית, געקומען אָפט אין בית המקדש און געלאָזט זיך רופן „רבי". אין דער דרשה אויפן באַרג האָט ער פּראָקלאַמירט:

„מיינט נישט, אַז איך בין געקומען מבטל זיין די תורה, אָדער די נביאים. איך בין נישט געקומען מבטל זיין, נייערט מקיים צו זיין. וואָרים פאַרוואָר, איך זאָג אייך, ביז הימל און ערד וועלן פאַרגיין, וועט קיין איין „י" אָדער שטריכל פון דער תורה נישט פאַרגיין, ביז אַלץ וועט מקוים ווערן" (מתיא 5, קאַפּיטל 17).

מעגלעך אַז ביי אַן אַנדערן גאַנג פון די געשעענישן וואָלטן זיך יעזוסעס פּרינציפּן איינגעגלידערט אין יידנטום, אָדער

ס'וואָלט זיך גאָר אויסגעבילדעט אַ סעקטע אינעם יידנטום גופא, ווען... ס'זאָל נישט קומען פּאָולוס. פּעטרוס מיט זיינע חברים זענען געווען די שעפער פון דער קריסטלעכער רעליגיע, פּאָולוס — פון דער קריסטלעכער טעאָלאָגיע. ער איז דאָס געווען דער, וואָס האָט מיט זיין באַזונדער טעאָלאָגיע געשפּאָלטן ס'יידיש פאָלק און געשאַפן די קריסטלעכע קירך, וואָס קען זיך עד היום נישט באַפרייען פון גיפטיקער שנאה צו צום יידנטום אי צום יידישן פאָלק. ער אַליין האָט מיט זיינע פלייִשיקע אויגן קיינ־מאָל יעזוסן נישט געזען, ער האָט אים אָבער יאָ געזען — ווי ער דערציילט — מיט זיינע גייסטיקע אויגן ערשט נאָך יעזוסעס קרייציקונג. יעזוס אַליין האָט זיך פּאָולוסן אַנטפּלעקט אין גייס־טיקער וויזיע. פון דעמאָלט־אָן איז פּאָולוס געוואָרן אי דער טעאָ־רעטישער צופּאַסלערישער געשטאַלטיקער, אי דער סאַמע פּאַ־נאַטישסטער פּראַקטישער פאַרשפּרייטער פון קריסטנטום איבער דער גאָרער וועלט.

ס'איז קיין שום ספק נישט, אַז פּאָולוס — לויט ווי ס'ווערט וועגן אים דערציילט אין דער „אַפּאָסטאָלן־געשיכטע" און אויך לויט זיינע אייגענע בריוו, וואָס ווערן בייגעלייגט צו די עוואַנ־געליעס, — קאָן זיין אַ דאַנקבאַרער אָביעקט פאַר גרינטלעכע פאָרשונגען, מצד אַלפרעד אַדלערס אינדיווידואַל־פּסיכאָלאָגיע־שולע. און אוודאי וואָלט אַ גרויסער קינסטלער פון הויך־אינ־טעלעקטועלער קולטור געקאָנט פון פּאָולוסן אַרויסברענגען אַ פאַרכאַפּנדיקע פיגור פון אוניווערסאַלן פאַרנעם. אַש אָבער, וואָס איז זעלטן־ווען מסוגל אַריבערשפּרייזן די דימענסיעס פון זיין אייגענער בלינדער אינטואיציע, האָט זיך דרייסט פאַרמאָסטן קינסטלעריש צו געבן פּאָולוסן אי אינדיווידועלן שוווּנג, אי קול־טור־היסטאָרישן זינען און דערעיקרשט — דערהויבענע רעלי־גיעז־דערלייזערישע שליחות.

פון וואָסערע מקורות שעפּט אַש זיינע ידיעות וועגן פּאָ־לוסן? — פון דער „אַפּאָסטאָלן־געשיכטע" און פון פּאָולוסעס אייגענע בריוו, וואָס זענען פאַר אַשן אַ שטאַרק באַגלויבטער היסטאָרישער מאַטעריאַל.

פּאָולוס דערציילט וועגן זיך, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין תרשיש, איז אַ ייד, אַ פּרושי, מיט נאָמען שאול, וואָס שטאַמט פון שבט בנימין. שפּעטער איז ער געגאַנגען קיין ירוש־לים צו לערנען דאָרט תורה ביים בעל הלכה ר' גמליאל הזקן.

אין זיין רבינס נאָמען האָט פּאָולוס וואַנזיניק גערודפט די ערשטע קריסטן און אפילו געווען אָנוועזנדיק ביים פאַרשטיינען איסטעפּאַנוסן. אָבער ער איז נישט געבליבן שטיין אויף אַן אָרט און כסדר פאַרפאָלגט יעזוסעס אָנהענגער, ביז ס׳איז ביי אים דערגאַנגען צו אַ טיפן זעלישן איבערברוך. אין דער „אַפּאָס־טאָלן־געשיכטע" לייענען מיר:

„און שאול האָט נאָך ווייטער געאָטעמט מיט כעס און רציחה קעגן די תלמידים פון האַר, און איז געגאַנגען צום כהן גדול און האָט געבעטן ביי אים אַ בריוו קיין דמשק צו די שולן, כדי אויב ער וועט געפינען עטלעכע, וואָס זענען פון דעם וועג, סיי מענער סיי פרויען, זאָל ער זיי קענען ברענגען געבונדן קיין ירושלים. און עס איז געווען ווען ער איז געגאַנגען און האָט זיך דערנענטערט צו דמשק, האָט פּלוצים אַרום אים געשיינט אַ ליכט פון הימל. און ער איז געפאַלן אויף דער ערד און האָט געהערט אַ קול זאָגן צו אים: ישאול, פאַרוואָס טוסטו מיך רודפן?".

— „ווער ביזטו, האַר?"

— „איך בין ישוע, וועמען דו טוסט רודפן. אָבער שטיי אויף און גיי אריין אין דער שטאָט און עס וועט דיר געזאָגט ווערן וואָס דו זאָלסט טאָן".

ווייטער געשעען שוין הוילע נסים. פון גרויס ליכט איז שאול געוואָרן בלינד. אָבער פון הימל דערקלערט מען אים, אַז ער זאָל זיך לאָזן פירן קיין דמשק צו חנינה, וואָס וועט אים, דעם בלינדן שאול, צוריק מאַכן זעענדיק.

צוליב אָט דעם נס איז שוין שאול מיטן פולן האַרצן איי־בערגעקערט געוואָרן צום קריסטנטום. ער האָט געביטן דעם נאָמען פון שאול אויף פּאָול און איז געוואָרן דער סאַמע לייד־נ־שאַפטלעכער פאַרשפּרייטער פון דעם נייעם גלויבן.

עס איז אַ גרויסער ספק צי אַלץ, וואָס פּאָול דערציילט וועגן זיך, איז אמת. מעגלעך, אַז דאָס איז צוגעטראַכט געוואָרן שפּעטער כדי צו מאַכן דעקאָראַטיווער און איבערצייגעוודיקער זיין איבערגאַנג צום קריסטנטום. עס איז אויך שווער צו גלויבן, אַז פּאָול איז געווען אַ תלמיד פונם בעל הלכה ר׳ גמליאלן, וועלכער האָט אים געזאָלט באַפעלן צו רודפן די נייע קריסטן און אויך געלערנט מיט אים תורה. ס׳טייטש פון דער זעלביקער „אַפּאָסטאָלן־געשיכטע" דערוויסן מיר זיך, אַז ר׳ גמליאל הזקן

האָט גאָר בפירוש פאַרבאָטן צו פאַרפאָלגן די נייע קריסטן. ער
האָט געזאָגט אַז מ׳דאַרף אָפּוואַרטן און זען, וואָס פון דער נייער
סעקטע וועט אַרויסקומען. זענען זיי די פאַרשפּרייטער פון גאָטס
וואָרט, וועט גאָט ממילא זיין מיט זיי, און טאָמער נישט —
וועלן זיי פון זיך אַליין צעפאַלן. — „און איצט זאָג איך אייך,
שטייט אָפּ פון אָט די מענטשן און לאָזט זיי געמאַך. וואָרים
אויב די עצה אָדער טואונג איז פון מענטשן, וועט דאָס צונישט
ווערן. אויב עס איז אָבער פון גאָט, וועט איר פון זיי קיין תל
נישט מאַכן". פון פּאָולוסעס זעונגען און דרשות איז גאָרנישט
ניכר, אַז ער זאָל האָבן ווען עס איז געלערנט ביים פרושי, דעם
בעל הלכה ר׳ גמליאל. אַלע פּאָולוסעס פּריידיקטן זענען צוגע־
זיסטע וואַסערדיקע דרוש־פראַזן, וואָס שטאַמען גיכער פון דער
יידיש־העלעניסטישער ספערע איידער פון דער שטרענג־הלכה־
שער סביבה פון די תנאים.

דער אמת איז, אַז שאול שטאַמט פון תרשיש (טאַרסאָס),
דער הויפּטשטאָט פון קיליקיע. איז דאָס געווען אַ דורכאויס
העלעניזירטע היידניש־אָריענטאַלישע שטאָט. מ׳פלעגט דאָרט
יערלעך איינאָרדענען גרויסע עפּנטלעכע פייערונגען לכבוד דעם
הויפּטגאָט סאַנדאָן. פון סטראַבאָס באַשרייבונגען איז צו זען,
אַז אין אָט דער שטאָט האָט די יוגנט זיך געווידמעט דעם אַל־
געמיינעם וויסן און אויך אייפעריק שטודירט פילאָזאָפיע. אין
זינען פון קולטור קאָן די שטאָט טאַרסאָס פאַרגליכן ווערן צו
אַטהען און אלכסנדריא של מצרים. אנטיכוס עפּיפאַנעס האָט
אין זיין צייט טאַרסאָס משנה־שם געווען אויף „אַנטיאָכיאַ" און
אין יאָר 47 האָט מען זי גאָר — לויט יוליוס צעזאַרס באַפעל
— גערופן „„יוליאָפּאָליס". שאולס מוטערשפּראַך איז געווען
גריכיש. ער האָט די תורה געלייענט אין דער גריכישער אי־
בערזעצונג (תרגום השבעים) און זי אויך אין גריכיש ציטירט.
אַביסל העברעיש און דערהויפּט דעם דעמאָלטיקן יידיש־ארמית
האָט ער זיך שפּעטער אויסגעלערנט אין ירושלים. שאול האָט
מסתמא פאַרמאָגט אַלגעמיין וויסן פון אַ דורכשניטלכן תר־
שישער אינטעליגענט, ער איז אָבער געווען אויסגעבונדן אין
דער גריכישער מיטאָלאָגיע. ער איז געווען אַ פּרושי, ווייל אוי־
סער ארץ ישראל זענען נישט געווען קיין צדוקים. פסיכיש איז
ער אָבער געווען אַדורכגעזאַפּט מיט דער היידנישער שטייגער־
קולטור. לויטן כאַראַקטער איז ער געווען פאַרביסן, טעמפּעראַ־

מענטש־ליידנשאַפטלעך, רעליגיעז־פאַנאַטיש. ער איז געווען אַ דורכאויסיקער פּאָליטיקער, וואָס האָט מאָמענטאַל דערשנאַפּט יעדע ניי־געשאַפענע סיטואַציע און אויף אַ געשיקטן אופן זיך צוגעפּאַסט צו איר. ער איז געווען עפּילעפּטיש און היסטעריש. כדי צו דערגרייכן דעם ציל זענען פאַר אים אַלע מיטלען געווען כשר: זאָגן ליגן, אָפּנאַרן, זיך פאַרשטעלן. ער האָט דערין נישט געזען קיין שום בייז. אין זיין זענדונג צו די רוימער שרייבט ער: „קוים איז גאָטס אמת דורך מיין ליגן פאַרהערלעכט גע־וואָרן, פאַרוואָס זאָל איך געמשפּט ווערן ווי אַ זינדיקער". צו די קאָרינטער איז ער אין זיין זענדונג מודה: „איך האָב אייך געפאַנגען מיט מיין רמאות און כיטרעקייט". צווישן יידן האָט ער זיך אויסגעגעבן ווי אַ פרומער ייד, זיך פאַררופן אויף דער תורה. צווישן די געצנדינער האָט ער זיך ווידער אויסגעגעבן ווי זייערס אַן אייגענער. אַזוי־אַרום איז אים געלונגען צו געפי־נען גרויסע מאַסן־אָנהענגער.

פּאָולוס — אַ פּייערדיקע נאַטור — איז מיט זיין קריסט־לעכער שליחות געקומען קודם כל צו יידן. געקומען איז ער צו זיי אַ פאַרשטעלטער ווי אַ פרומער ייד און אונטערן דרויסנ־דיקן לבוש פון דער יידישער תורה האָט ער געוואָלט דורכ־שמוגלען די עוואַנגעלישע ניסים. אָבער ווי טיף ער זאָל נישט האָבן פאַרבאָרגן די קריסטלעכע עיקרים, האָבן זיי יידן תיכף אַרויסגעשפּירט. דעם יידישן גייסט און געמיט איז געווען אינ־גאַנצן פרעמד די אידעע פון אַ בן־אלהים, פון אַ משיח־גאָט, וואָס איז געקרייציקט געוואָרן און נאָכדעם אויפגעשטאַנען תחית המ־תים. זיי האָבן דעריבער נישט אָנגענומען דעם נוצרים לערע און פּאָולוסן ממש פאַרטריבן פון זיך. האָט זיך דעריבער פּאָולוס פאַרנומען אויפן וועג צו די היידן. איז דאָס פאַר אים נישט גע־ווען קיין שווערער וועג: ער איז דאָך צווישן זיי געבוירן און אויסגעוואָקסן. פאָרמעל אפילו איז ער געווען אַ רוימישער בירגער.

ער האָט דעריבער געמוזט מיט זיין קריסטלעכער לערע זיך צופּאַסן צום ניוואָ, געשמאַקן און בליקן פון די היידן. פאַר־שטייט זיך, אַז די הפקרדיקע געצנדינער האָבן נישט געקענט נעמען אויף זיך דעם שווערן עול פון יידישקייט מיט די האַרבע מצוות מעשיות, מיט מילה, שטרענגען אָפּהיטן שבת און כש־רות. כדי צו געווינען די פאַרגרעבטע היידן־מאַסן האָט פּאָולוס זיך אַנטשלאָסן אָפּצושאַפן די יידישע געבאָטן און פאַרבאָטן

און פייערלעך דערקלערט, אַז ד י ת ו ר ה א י ז ב ט ל. גלויבן — מיינט פּאָולוס — מוז זיך נישט אומבאַדינגט בינדן מיט גוטע מעשים, גלויבן דאַרף דעם מענטש ברענגען דערליי־זונג. די וועלט איז פול מיט זינד און די תורה קען גאָרנישט העלפן דעם שוואַכן מענטש, וואָס קען נישט באַשטיין די זינד־נסיונות... אין זיין זענדונג צו די געצנדינערישע רוימער שרייבט פּאָולוס: „ווען נישט די תורה וואָלט איך נישט געוווסט פון קיין זינד; אָן דער תורה וואָלט איך נישט געוווסט פון קיין גלוסטונג". ווייטער זאָגט פּאָולוס: „די תורה ברענגט אויף דער וועלט צאָרן. ווו ס'איז נישטאָ קיין תורה איז נישטאָ קיין זינד".

דערביי האָט ער געזוכט דעם וועג צו די היידן דורך קרענק־לעכער שנאה צו יידן. ער האָט באַוויזן, אַז די היידן — דורכן אָננעמען ס'קריסטנטום — ווערן דערמיט די אמתע יורשים פון אברהם אבינו, און פאַרקערט יידן שטאַמען גאָר אָפּ פון אברהמס דינסטמויד הגר. ער האָט געהאַלטן יידן אין איין באַשמוצן און פאַרשעלטן; ער האָט כסדר געהעצט די פעלקער קעגן דער יידישער איינגעשפאַרטקייט. פאַרמסרט יידן פאַר דער וועלט, אַז זיי האָבן געקרייציקט דעם האַר און אויך אומ־געבראַכט זייערע נביאים. פּאָולוס איז געווען דער גייסטיקער פאָטער פון קריסטלעכער שנאת ישראל און מיט זיין רשות האָבן עם די מינים, די ערשטע יידן־קריסטן, איבערגענומען די „איידעלע" שליחות צו זייען יידן־האַס. יידן האָבן געהאַט גענוג אויסצושטיין פון פּאָולוסעס תלמידים — די מינים. אין דער אַלטער תפילה שמונה־עשרה איז געווען אַ שטעל: „ולמי־נים אל תהי תקוה" (פאַר די מינים איז נישטאָ קיין האָפענונג). שפּעטער איז צוליב צענזור־טעמים דאָס וואָרט „מינים" פאַר־ביטן געוואָרן אויפן וואָרט „ולמלשינים" (פאַרלוימדער). פאַר־לוסעם אידעאַל איז געווען צו בויען ס'קריסטנטום אויף די חורבות פון יידנטום.

דער הייסער טעמפּעראַמענט פון אַ פּראָפּאַגאַטאָר האָט אים אַזוי ווייט פאַרפירט, אַז ער האָט רעזיגנירט פון דעם קריסטלעכן פרייהייט־ און גלייכקייט־פּרינציפּ. כדי פאַר דער קירך צו געווינען די רייכע גוט־באַזיצער און שקלאַפן־אייגנטימער, האָט ער עפנטלעך באַרעכטיקט די שקלאַפן־אינסטיטוציע. אין זיין ווענדונג צו די עפעזער שרייבט פּאָולוס: „קנעכט זייט געהאָרכזאַם צו אייערע לייבלעכע האַרן מיט מורא און ציטער־

ניש, אין איינפאַכקייט פון אייער האַרץ ווי צו משיחן — ווייל איר ווייסט, אַז פאַר דעם גוטס, וואָס איטלעכער טוט, וועט אים דער האַר פאַרגעלטן, סיי ער איז פאַרקנעכט, אָדער פריי". כדי צו געפעלן די רוימער הייסט פּאָולוס זיינע גלויבנסגענאָסן נישט בונטעווען זיך קעגן די באַלעבאַטים און אויך קעגן וועלכער ס'איז רעגירונגס־מאַכט. אין זיין זענדונג צו די רוימער שרייבט פּאָולוס: „זאָל יעדער זעל זיין אונטערטעניק דער אויבערשטער מאַכט. וואַרים ס'איז נישטאָ קיין מאַכט, וואָס איז נישט פון גאָט; וו זי איז פאַראַן איז זי באַשטימט פון גאָט".

אַזוי זעט אוים פּאָולוסער „רעוואָלוציע": שנאה צו יידן, אונטערטעניקייט לגבי דעם שטאַרקן און באַרעכטיקונג פון קנעכטשאַפט, וואָס איז גוטגעהייסן פון הימל.

היינט, מאַי־קאַ־משמע־לן שלום אַש אין יאָר 1950?

אויב אַש קומט צו אונדז אין אַ בלוטיקער צייט מיט קולטור־היסטאָרישע ראָמאַנען, מוז ער דאָך אין זייער היסטאָרישן סיוזשעט איינוועבן עפּעס פון דער היינטצייטיקער פּראָבלעמאַטיק. אויב ער האָט איצט — לויטן מאָדעל פון אַפּאָסטאָל פּאָול — אַרויסגעפירט די פיגור פון אַ הייסן אידעעך און באַוועגונג־פּראָפּאַגאַטאָר, האָט ער דאָך דערמיט מסתמא אין זינען אַן אַנדערן „אַפּאָסטאָל" פון אַ היינטצייטיקער „דערלייזערישער" באַוועגונג. און אויב אַש גלאָריפיצירט דעם אַמאָליקן הייסאָטעמדיקן ריקזיכטלאָזן טעאָרעטיקער־פּראַקטיקער פּאָולוסן, פאַר וועלכן אַלע מיטלען זענען באַרעכטיקט, בינדט עס זיך מסתמא אין זיין פאַרשטעלונג מיט דער פיגור פון אַ היינטצייטיקן ריקזיכטלאָזן טעאָרעטיקער־פּראַקטיקער, וואָס האַלט די וועלט „ביים גאָרגל". געדענקען מיר דאָך אַשס דערקלערונג אין דער „אייניקייט": „אין מאָסקווע איז געשלאָסן געוואָרן שלום צווישן יידיש־קריסטלעכן אידעאַל און דעם באָלשעוויסטישן יושרדיקן סדר־העולם". אַש דאַרף נאָך צוגעבן, אַז דער באָלשעוויסטישער סדר העולם איז פון גאָט. מעגלעך, אַז אַש פאַרמאָגט שוואַרצקינצלערישע מיטלען צונויפצושמעלצן די „יושרדיקע" קריסטלעכע שייטערהויפנס מיט דער „יושרדיקער" באָלשעוויסטישער „טשרעזוויטשייקע". אָבער וואָסערע מהותנים זענען די ביידע „יושרדיקע" אינסטיטוציעס מיט דער דורך פּאָולוסן באַשפּיגענער „אומיושרדיקער" יידישקייט?...

אַש פאַרנעמט זיך אויסצומאָלן פּאָולוסן ווי דעם מאַן פון

טיפן גלויבן און אייזערנעם ווילן, דעם מאַן, וואָס דאַרף און מוז איבער אַלע שטערונגען דערגיין צום פעסטגעצייכנטן ציל. דערביי גיט אַש געטריי איבער אַלע נייטעסטאַמענטישע ניסים, וואָס זענען געשען מיט פאָולוסן. נישט מער ער פאַרשענערט זיי מיט פאַרביקע בעלעטריסטישע שילדערונגען. פאָולוסעס פירגעניזמענער וועג גייט ווייט אַוועק פון דעם קלאַסישן יעזוס־וועג, ממילא מוז פאָול זיך שטענדיק ראַנגלען מיט דער נאָענ־טער סביבה. ער קעמפט פאַרביסן קודם כל קעגן יידן, וועלכע ווילן נישט הערן פון זיין נייער לערע, און ווייטער קעמפט ער קעגן זיינע אייגענע חברים־אַפּאָסטאָלן, וועלכע פאַרטראָגן נישט פאָולוסעס „אפּיקורסישע” אָפּנייגן. אַש נוצט אויס דעם פאַקט, וואָס פאָולוס איז אויסגעוואָקסן אין אַ העלעניסטישער סביבה און זיך אפשר אין תרשיש צוגעהערט צו די דאָרט אָפט גע־פירטע פילאָזאָפישע שמועסן, כדי אים פאָרצושטעלן ווי אַ פי־לאָזאָפיש אָנגעהויכטן מענטשן. ס׳קומט עפּעס אויס ווי פאָולוס וואָלט זיך נישט באַגנוגנט בלויז מיט רעליגיעזער אַנטפּלעקונג, נאָר האָט אויך אַליין קאָנסטרואירט אַ פילאָזאָפישע טעאָריע וועגן גאָט־דערגאַנצונג. די פאָטענץ פון דער גאָטהייט האָט אוודאי אומבאַגרעניצטן וועלט־כוח. אָבער לויט איר אַקטואַלי־זירונג אין דער ווירקלעכקייט איז זי נאָך נישט דערגאַנגען צו שלימות. ערשט מיט יעזוסעם דערשיינען ווי גאָטס־זון האָט די גאָטהייט זיך ענדלעך אַנטפּלעקט אין דער אוניווערסאַלער פולקייט. און כדי די זינדיקע וועלט זאָל ענדלעך באַנעמען דעם אַבסאָלוטן אמת פון דער יעזוסישער גאָט־פולקייט איז ער גרייט אויף אַלץ; אַלע וועגן זענען כשר. ער איז אַן אַקטיווע נאַטור און קיין שום זאַך קען אים נישט אָפּהאַלטן, נישט קיין מאָראַ־לישע מניעה, ווייל מאָראַל איז אַ רעאַלטיווע זאַך. דאָס זעלבי־קע איז אויך מיט טראַדיציע, פיעטעט א. א. וו.

איבער אַלעם אָבער שילדערט אים אַש ווי דעם סאַמע דער־הויבנסטן באַזעלטן מאַן פון אומגעבראָכענעם ווילן; פאַר אים עקזיסטירן נישט קיין שום שוועריקייטן. ער איז געבענטשט אָדער פאַרשאָלטן מיט אַ גרויסער דערלייזונגס־אידעע, וואָס איז געוואָרן דער איינציקער אינהאַלט פון זיין לעבן. ער זוכט נישט קיין כבוד, קיין פערזענלעכע באַקוועמלעכקייטן, קיין משפּחה־וואַרעמקייט; ער איז היימלאָז, ווייל די גאַנצע וועלט איז זיין היים. ער גייט פון שטאָט צו שטאָט, פון לאַנד צו לאַנד, פון

פאָלק צו פאָלק פאַרשפּרייטן די פריילעכע בשורה פון דער נייער גאָט־אַנטפּלעקונג. נישט אומעטום נעמט מען אים אויף פריינטלעך, אָפט זייער פיינטלעך, אָבער ער איז אַלץ מקבל באהבה.

אמת, פאָולוס האָט קאָנפליקטן, גייט אויף פשרות, זאָגט ליגן, נאַרט אָפּ, פאַרלייקנט דאָס, אין וועלכן ער האָט נעכטן געגלויבט, לויבט דאָס, וואָס ער האָט נעכטן פאַרדאַמט. אָבער אַש איז צו אים פאָטערלעך, פאַרמילדערט זיינע שאַרפקייטן און באַטראַכט דאָס פאַר געוויינלעכע סתירות, וואָס זענען אייגנטימלעך יעדער קאָמפּליצירטער פערזענלעכקייט. אמת, פאָולוס רייסט אַרונטער די תורה, דערלויבט אַלץ, וואָס די תורה האָט פאַרבאָטן, אָבער דאָס אַלץ טוט ער כדי צו באַקערן די היידן. אַליין פאַר זיך פריוואַט איז פאָולוס אַן אָפּגעהיטענער, כשרער ייד. ביים שילדערן פאָולוסעס פעלזיקע אומדערשיטערלעכקייט פאַרכליניעט זיך אַש מיט בוימלדיקער פּיעטעט און ביסלעכווייז וואַקסט ער ביי אים אויס אין אַ הייליק געשטאַלט.

אין „אַפּאָסטאָל" פילן מיר אויף טריט און שריט אַשס אומאויפריכטיקייט; די פאָולוס־פיגור קאָן מען באין אופן נישט באַטראַכטן ווי אַ רעזולטאַט פון אַשס אינטואיטיוו־קינסטלערישע אינספּיראַציעס. מירוב, וואָס אַש דערציילט וועגן פאָולוסן אָדער שילדערט זיין הויך אידעאַליסטיש באַנעמען זיך, דאַרף מען באַטראַכטן פאַר בפירושע סטיליזאַציע, וואָס שיקלט צו דער דרויסנדיקער וועלט. אינגאַנצן אומדערוואַרטעט איז פאַר אונדז די לעצטע סצענע פאַר פאָולוסעס הינריכטונג, אין וועלכער אַש הויבט אַרויף פאָולוסן צו דער מדרגה פון אַ באַזעלטן יידישן קדוש.

„ווי אַ רוימישער בירגער איז ער פאַרשוינט געוואָרן פון די לעצטע דערנידערונגען און שמיץ־טאָרטורן; מיהאָט אים אויך נישט געטאָרט טויטן דורך קרייציקונג. פאָולוס האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף די יסורים, וואָס שטייען אים פאָר. זיין טויט איז געווען אַן אומפאַרמיידלעכער טייל פון זיין שליחות און זיין גאַנצן לעבנסקרייז. אין דעם לעצטן מאָמענט איז ער געווען אויסגעפילט מיט זעלישער מנוחה, מיט אַן אויסערגעוויינלעכער מאַיעסטעטישקייט. ער האָט זיין לעצטן בליק געווענדט צו זיינע חברים, וועלכע זענען אויך געווען אַדורכגעדרונגען מיט דער זעלביקער שטילער ווערדיקייט. אַ זעלנער

האָט זיך דערנענטערט אים צו פאַרבינדן די אויגן. ״איז דאָס נויטיק?״ האָט ער געפרעגט אָן ווערטער. ״אַזוי איז דאָס געזעץ״, האָט דער זעלנער געענטפערט. פּאָל האָט זיך אונטערגעגעבן. זיין רעספּעקט פאַרן געזעץ האָט אים אויך דאָס מאָל נישט פאַרלאָזן. איינע פון די פרויען אין צוגעגאַנגען צום זעלנער און דערלאַנגט אַ שלייער. פּאָל האָט איר געדאַנקט מיטן בליק. דער זעלנער האָט אים פאַרבונדן די אויגן. איצט איז אַלץ פאַרטיק. ער האָט אַנידערגעקניט און געלייגט זיין קאָפּ אויפן קלאָץ״.

„דער גנאָד פון אונדזער האַר ישוע־המשיח, זאָל זיין מיט אייך אַלע״, האָט ער זיי געבענטשט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

„שמע ישראל די אלהנו, די אחד״. דאָס זענען געווען דעם אַפּאָסטאָלס ווערטער צו די אומות״.

מיט אָט דער מעלאָדראַמאַטישער רירנדקייט שילדערט אַש פּאָולוסעס „מאַיעסטעטישן״ טויט. דעם היציקן און קרייגערישן פּאָולן, וואָס האָט זיך נאָכאַנאַנד געקאָכט, זיך באַנוצט מיט שקר און רמאות, געטריבן גיפטיקע רכילות, געהעצט קעגן יידן, כסדר ברוטאַל געבראָכן ס׳יידיש געזעץ, זעט אַש אין אַ סטאָאישן צושטאַנד פון „זעלישער מנוחה״, „אויסערגעוויינלעכער מאַיעסטעטישקייט״ און  ש ט ע נ ד י ק ן  „רעספּעקט פאַרן געזעץ״. אַש מיינט אוודאי ס׳גענצנדינעריש רוימישע געזעץ — ס׳געזעץ פון די בלוטיקע אונטערדריקער.

פּאָולוס איז דאָך איינער פון די קריסטלעכע הרוגי מלכות און דעריבער שלייערט אַש אויס דעם פאַרביסענעם שונא ישראל מיטן העכסטן יידישן מאַרטירערשאַפט־רעקוויזיט, מיטן פאַרהייליקטן — א ח ד.  צי האָט ביי אַשן נישט אַ ציטער געטאָן די האַנט, ווען ער האָט מיט אַ פאַרברעכערישן לייכטזין אַראָפּגענומען דעם טלית פון דעם מיט זעכציק יאָר שפּעטערדיקן קדוש, דעם גרויסן פאָלקס־פריינט, תנא ר׳ עקיבא, און אים אָנגעטאָן דעם גיפטיקן צורר היהודים — פּאָולן?

אין דער תלמודישער ליטעראַטור ווערט געשילדערט דער שוידערלעכער טויט פון דעם גרויסן בעל הלכה, גייסטיקן פּירער פון בר־כוכבא־אויפשטאַנד — ר׳ עקיבא, ביי וועלכן די זעלביקע רוימער האָבן מיט אייזערנע שפּיציקע קאַמען געריסן לעבעדיקע שטיקער לייב („והיה סורקין את בשרו במסרקות

של ברזל"). ר׳ עקיבא האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף די אומטענטשלעכע יסורים; ער האָט בשעת מעשה מיט זעלישער רואיקייט און לויטער געמיט מתפלל געווען און לסוף אויסגע־הויכט זיין לעצטן אָטעם מיטן וואָרט — א ח ד („עד שיצתה נשמתו באחד"). ער האָט געפונען זיין מאַרטירער־טויט צוליב דעם, וואָס ער האָט עפנטלעך רעספּעקטירט פּ׳יידיש געזעץ אַקעגן די אונטערדריקערישע רוימישע פאַרבאָטן.

צענדליקער יידישע דורות זענען פאַרפייניקט געוואָרן דורך פּאָולוסעם געטרייע יורשים און האָבן אין גרויסע יסורים אויסגעהויכט זייער לעצטן אָטעם מיטן הילכיקן פּראָטעסט פון א ח ד. דאָס איז געווען די זעלישע פּריווילעגיע פון די אויס־געבלוטיקטע יידן צו קאָנען אין דער לעצטער מינוט פאַרן טויט ביילן אַ גייסטיקע פויסט אַקעגן דעם פינצטער־טייוולאָנישן פּרצוף פון דער אכזריותדיקער וועלט. איצט קומט אַש און שטעלט גאָר פּאָולוסן אַוועק אויפן מאַרטירערישן א ח ד־פּיעדעסטאַל... ווי קומען עס אין מויל פון אַ שלאַנגיקן שונא ישראל דער מיט יידישע ליידן אַדורכגעזאַפּטער שמע ישראל? וואָסער שייכות האָט פּאָול מיטן פאָלק ישראל?

די צייט, וואָס איז אָפּגעלאָפן צווישן דעם דערשיינען פון „מאַן פון נצרת" און דעם „אַפּאָסטאָל", איז בסך הכל פיר יאָר, אָבער דער גייסטיקער מהלך, וואָס טיילט אָפּ די צוויי ביכער איז — אַ גאַנץ מענטשלעך לעבן. מיטן „אַפּאָסטאָל" קערט זיך אַש אום מיטן רוקן צו זיך אַליין און מיט אַ שפּיז צו זיין אייגן שווער־געפּרוווט פאָלק.

איצט איז נאָך געבליבן צו רעדן וועגן דריטן בוך — „מערי".

## ד. צי איז שלום אַש געוואָרן מיט אַמאָל אַ פאַרערער פון יעזוסן?

וועגן זשאַק לואי דאַוויד, דעם פראַנצויזישן באַשאַפער פון אַ נייעם סטיל אין דער קונסט, דעם אויטאָר פון „שבועה פון די האָראַציער", „ברוטוס", „סאָקראַטעסעס טויט" און אַנדערע, גייען אַלע קריטיקער זיך צונויף אויף דעם פּונקט פון פעסט־שטעלן זיין אומבויגזאַמען כאַראַקטער. אין זיינע קונסט־ווערק האָט ער פלייסיק אויסגעמיטן ווייכע שמייכלערישקייט און פאַ־

סיווע נאַכגיביקייט. זיינע פיגורן האָבן ס׳רוב די מוסקולאַטור פון האַרטע קעמפער, וואָס שפּרייזן אַריבער די שוועלן פון אַלע ווידערשפּעניקייטן אַבי צו דערגרייכן דעם געהאָפטן ציל. ווען אים דערציילט זיך טאַקע, אַז פריילין נאַעיע האָט אים אַמאָל אויפגעפאָדערט, אַז ער זאָל אויספּרווון זיין טאַלאַנט אויף שאַפן אַ יעזוס־בילד. דאַוויד איז איינגעגאַנגען אויף דער פריילינס פאָרשלאָג. ווען ס׳בילד איז פאַרטיק געוואָרן האָבן אַלע קונסט־מבינים נישט אויפגעהערט צו שטוינען: זאָל דאָס טאַקע זיין ס׳בילד פון וועלט־ און מענטש־דערלייזער? ווו איז אַהינגעקו־מען יעזוסעס הימלישע רחמנות? ס׳טייטש, דאָס איז דאָך גאָר־נישט דער פאַרחלומטער קריסטוס! ער כאַפּט גיכער דעם אָנ־בליק פונם אומבויגזאַמען קאַטאָ, וועמענס לעבנסציל איז געווען איינמאָל פאַר אַלע מאָל אומברחמנותדיק צו צעשטערן און פאַרוויסטן קאַרטהאַגאָ. און ווען נאַעיע האָט אים נישט געקאָנט מוחל זיין, הלמאי דאַוויד האָט פון זיך אַרויסגעגעבן אַן „אויס־טערלישן" יעזוס, האָט ער איר געענטפערט אַ רעזיגנירטער: „איך האָב שוין לאַנג געוווסט, אַז פון קריסטנטום קען מען נישט אַרויסבאַקומען קיין עכט־קינסטלערישע אינספּיראַציעס".

דאַווידס ענטפער איז נישט קיין צופעליקער: דאָס איז אין פולן הסכם מיט זיין קינסטלערישער נאַטור און זיינע געזעל־שאַפטלעך־פּאָליטישע אויסבליקן. נישט אומזיסט האָט ער זיך געהאַלטן פאַר ראָבעספּיערס אַ געמיט־פריינד. אים, דעם אַק־טיוון קעמפער פאַר אַ נייער וועלט, האָט געמוזט זיין דורכאויס פרעמד די קריסטלעכע פּאַסיווקייט, דאָס אָפּזאָגן זיך פון יעט־ווידן ווידערשטאַנד און ס׳פריידיקן עוואַנגעליש־לאַקרעצדיק רחמנות, וואָס פאַרפליכטעט צו גאָרנישט. ער איז קינסטלעריש געווען צר־רוימיש, צר־מענטשלעך און ממילא איז אים געווען דערווידער דער ווייבערדיקער פּאַטאַליזם. די יעזוס־וועלט האָט אים דעריבער צו גאָרנישט געקאָנט קינסטלעריש אינספּירירן.

גאַנץ אַנדערש איז עס מיט שלום אַשן. אין זיין שאַפן איז אָפט קאָנטיק אַ פּ ע מ י נ י ש ע ר (ווייבלעכער) עלעמענט פון פּאַסיווקייט, נאָכגיביקייט און צאַרטקייט. יאָ, לעבן די פול־בלוטיקע יונגען פון קוילער־געסל, וואָס שוימען זיך אויס אין רויע אימפּולסן און אומגעטלבאַרע טעטיקייטן, פירט אַש אַרויס מאָטיוון פון געאיידלטער פרויענהאַפטיקייט. און נישט איינמאָל ווערט, אונטערן חנ׳עוודיקן רייץ פון אַ „יאַטישער טאָכטער",

דער ריז פון קוילער־גַעסל פאַרוואַנדלט אין אַ פּיצל אומבאַהאָלפן קינד, וואָס לאָזט זיך בלינד פירן. איבער אַלעם אָבער ווערט ביי אשן אינם צאַרט־ווייבלעכן דערהויבן ס׳מוטערלעכע, דאָס מסירת־נפשדיק מאַמעדיקע. צוליב חנהלען זאָגט זיך מאָטקע גנב אָפּ פון זיינע אַלע ווילדקייטן און פאַלט באַגלייך כורעים פאַר דער מאַמע. חנהלע איז ביי אים אויך בבחינת מאַמע — „מיינע צוויי מאַמעס"... און וואָס איז דען אַשם גרויסער ראָמאַן „די מוטער", אויב נישט אַ סינטעטיש־קינסטלערישער סך הכל פון זיינע פילצאָליקע דערציילונגען אויף דעם זעלביקן מאָמע־מאָטיוו. דאָס איז אַ גרויסער הימן לכבוד דער טריישאַפט, זאָרגעוודיקייט, קרבנותפולקייט און מאַרטירערשאַפט פון דער יידישער מאַמע. יאָ, די יידישע מאַמע איז אַ גרויסע פאַרנעמעדין און אירע איינציקע טרייסט זענען אירע אייגענע טרערן. און ס׳זענען ביי אַשן זיכער פאַראַן אומזעעוודיקע זעלישע פעדים, וואָס פירן פון דער „מוטערס" טרערן ביז צו די טרערן פון דער „כישוף־מאַכערין פון קאַסטיליע". דער אַפּאָטעאָז פון מוטערלעכן האָט אַשן דערפירט צו דער „מאַטער־דעאי" — דער מוטער פון גאָט. ס׳עצמדיק קריסטלעכע אַפּעלירט יאָ צו אשן; ס׳קאָן אים יאָ אינספּירירן צו קינסטלערישע אויפטוען. די זעלביקע קריסטלעכע פּאַסיווקייט און נאָכגיביקייט איז צו זען ביים הייליקן שניידערל אין „קידוש השם", וואָס פאַרדאַמט ביי די פּאָגראָמירטע אוקראַאינישע יידן יעדן פּרווו פון וועלכן ס׳איז אַקטיוון ווידערשטאַנד אַקעגן די היידאַמאַקישע רוצחים. און וואָס איז דען דער לעבנס־וועג פונם גאָסטינינער רבין, יחיאל, אין „תהילים־ייד", אויב נישט אַ נאָכאַנאַנדיקער פּראָצעס פון מסירת־נפשדיקער נאָכגיביקייט און זעלישער מחילה. זיין לייטזעליקייט איז אומגעהייער גרויס; ער איז אַלעמען מוחל. כדי צו ראַטעווען אַ מענטש פון אָפּגרונט, איז ער גרייט אַליין צו פאַרמשכנען אַפילו אויך גאָט אַליין.

אין „תהילים־ייד" באַמיט זיך אַש צו שפּינען אַ באַשיימפּערלעכן סינטעז צווישן דער פרום־חסידישער פאָלקס־יידישקייט און דער עוואַנגעלישער קריסטלעכקייט. ער זעט אין דעם נישט קיין שום סתירה. אדרבא, ער גלייבט גאָר, אַז זיי קערן זיך אָן לייבלעכע קרובים. מ׳מוז זיין ערלעך צו אַשן און אָפן מודה זיין, אַז סיי זיין „תהילים־ייד" און סיי זיין לעצטע, בפירוש־פּראָקריסטלעכע, טרילאָגיע זענען אין זייער גרונט־קאָנצעפּציע צו

אַשן נישט געקומען פּלוצים, מיט אַמאָל, און — ווי אַנדערע מיינען — עפּעס ווי אַ קינסטלערישער קאַפּריז אָדער שרייבע־רישער „להכעיס". ס׳איז צו זען, אַז די יידיש־קריסטלעכע קאָנ־צעפּציע פאַרפּאָלגט אים שוין אַן ערך פערציק יאָר. דער רוב יידן הווינען שוין זינט פיל הונדערטער יאָרן קאָמפּאַקט אין די סלאַווישע לענדער, אין נאָענטער שכנהשאַפט מיט קריסטלעך־גלויביקע פעלקער; אין ערד שפּייזט זיי. פאַרוואָס זאָל אַ קינסט־לער אויפגעשטעלטע אמונה־באַריערע זיי פאַנאַנדערטיילן און אַריינברענגען שנאת חינם?... אָט די קאָנצעפּציע פירט אַש בולט אַרויס אין זיין דראַמע „אונדזער גלויבן".

די זעלביקע קאָנצעפּציע האָט אַש מיט קנאַפּע פערציק יאָר צוריק אַרויסגעבראַכט אין זיין דערציילונג „מענטשן און גע־טער". דער אייגענער לעבנס־גורל און דער געמיינזאַמער גורל פון זייערע קינדער, חיים קאַמאַשניק און אַנטעק סטאַליאַר, פירט נאָענט צונויף ביידע שכנות — גאַלדע די פישערין און אַנ־טאָניאַ יאַכטאַוונאַ. ביידע זענען אלמנות, ביידע האָבן אַ ביטער מזל, ביידע האָבן זין אין אַמעריקע, ביידע ווינען בייַנאַנד אין איין צעטרייסלטער כאַלופּע. מ׳איז זיך ליב און נאָענט ביז עס מישן זיך נישט אַריין די געטער.

„אין שלום האָבן געלעבט די גויע מיט דער יידענע — — — נאָר די געטער פון די צוויי שכנים האָבן נישט געקענט לעבן צווישן זיך אין שלום און האָבן אָנגעמאַכט גרויסע מחלוקת; צווישן די שכנות".

איז געקומען וויעלקאַנאָץ און די גוישע שכנה האָט אָפּגע־פּרעגלט אַ חזרל, פון וועלכנס אויגן־לעכער ס׳האָט אַרויסגע־שטאַרט גרינס, האָט דער יידענע אָנגעהויבן נודיען און זי האָט אַ גאַנצן טאָג געהאַלטן אין איין שפּייען — „יאָ, אַ יום־טוב ביי זיי, אַז אַ שוואַרץ יאָר זאָלן זיי מיר האָבן". ווייטער איז געקו־מען אַ יידישער יום־טוב, אַ פּסח, און די יידענע האָט געקאָכט די פיש, האָט די גויע די טיר פאַרהאַקט ביי זיך אין שטוב — „זשי דאָווסקיע פּאַרשיווע שוויענטאָ, זאַסמראָדזשילי שיען", שפּעטער האָט די גויע אַריינגענומען צו זיך אין שטיבל די יידישע שכנה. זיי האָבן געוווינט בייַנאַנד אין איין שטוב. פרייטיק־צו־נאַכט האָט די יידענע געצונדן ליכט אין אַ ווינקל, און אין אַנדער

ווינקל האָט די גויע זיך „געמאָדליעט" צום הייליקן בילד.

„אין דעם קליינעם שטיבל האָבן צוויי געטער געצאַנקט — די קליינע שבת-ליכטלעך ביים טישל און דאָס קליינע לעמפל פאַר דעם „הייליקן בילד" (די גענזן-פיסלעך צום בילד זענען אַשס...) און זיי זענען אין דער שטיל, אין דער שטיל אויס-געגאַנגען..."

דער „מאַן פון נצרת" — ווי מיר האָבן געזען — איז אַשם אַ ברייטער קינסטלערישער פאַרמעסט צו ווייזן דער היינטיקער אכזריותדיקער וועלט, אַז ס׳קריסטנטום איז היסטאָריש אויס-געוואַקסן פון יידישן געמיט און יידישן גייסט. ס׳זענען אָבער שפּעטער דורך דער קירך איינגעפירט געוואָרן „אויסבעסערונ-גען", וואָס האָבן ס׳אורשפּרינגלעכע קריסטנטום אויסגערוימט און אַנטי-יידישט. ווען יעזוס זאָל איצט אַראָפּנידערן אויף דער ערד צו די קריסטלעכע פעלקער, וואָלט ער ס׳היינטיקע קריסטנ-טום נישט דערקענט און זיך צו אים אויך נישט באַקענט. און אוודאי וואָלט ער נישט פאַרשטאַנען הלמאי מיט דער ברכה פון זיין נאָמען ווערן פאַרפייניקט זיינע יידישע בלוט-ברידער, ד. ה. — זיינע סאַמע ערשטע נאָכפאָלגער. ער וואָלט זיך בלתי ספק אָפּגעקערט פון די היינטיקע טרעבלינקע-קריסטן און וואָלט זיין אייגענעם גורל געבונדן מיטן דערנער-גורל פון די באַשפּיגענע, אויסגעבלוטיקטע יידן.

איז אָט די קאָנצעפּציע ביי אַשן אַ מיטאַמאָליקע, סעזאָ-ניקע? — ניין. זי האָט זיך ביי אים געצייטיקט במשך פון פער-ציק יאָר. קאָנטורן פון איר זעט מען שוין אין זיין יוגנטלעכער דערציילונג — „אין אַ קאַרנאַוואַל-נאַכט".

אין אַ יידישער יחוסדיקער שטוב, אין רוימישן געטאָ, זיצן געאיידלטע יידישע טעכטער; ביים שיין פון אויל-לעמפּלעך העפטן זיי זיידענע דיוואַנען. מיט אָט די יידישע דיוואַנען דאַרף מען באַפּוצן דעם טיטוס-בויגן לכבוד דער פּראָצעסיע פון „הייליקן פאָטער" אין ערשטן טאָג פון קאַרנאַוואַל. דאָרט וועט דער עלטסטער רב דערלאַנגען דעם „פאָטער" אַ ספר-תורה. דער „הייליקער פאָטער" וועט באַוויליקן דעמאָלט צו טרעטן אויפן רבס קאָפּ. בעטן דעריבער יידן הייס אין די שולן, אַז בעת דער „פאָטער" וועט טרעטן אויפן רבס קאָפּ, זאָל אים,

דעם רב, חלילה, די ספר־תורה נישט אַרויספאַלן פון דער האַנט..
דער קריסטלעכער אויפזעער פאַדערט שטרענג פון די יידישע
טעכטער, אַז זיי זאָלן נישט נאַרן אין דער „הייליקער אַרבעט".
זיי זיצן פאַרשעמט און נייען... דאָס אַלץ געשעט צום רום פון
יעזוסעס נאָמען...

אין דער זעלביקער קאַרנאַוואַל־נאַכט איז אין דער רוי־
מישער פעטרוס־קירך „דער ייד פון נצרת", אַראָפּ פון קרייץ
און אָנגעהויבן וואַנדלען איבער די רוימישע גאַסן. ער הערט
די יידישע זיפצן אין בית המדרש. ער גייט ווייטער און בײם
אויגוסט־טויער האָט ער דערזען משיחן, דעם יידישן משיח,
זיצן אויף אַ שטיין, מיט אייזערנע קייטן צוגעשמידט צו די
מויערן. ער וואַרט אויף גאָטס וואָרט צו שאַלן אין שופר פון
דערלייזונג.

דער מענטשן־גאָט דערנענטערט זיך צו משיחן:

— „משיח, איך בין צו דיר געקומען. זיי מיר מוחל פאַר
אַלץ, וואָס זיי טוען אין מיין נאָמען".

אַש האָט שוין דעמאָלט געגלויבט, אַז יעזוס איז געקומען
צו יידן און צו זיי געבראַכט דאָס דערלייזונגס־וואָרט. אָבער
יידן האָבן זיך פון אים אָפּגעקערט מיט עקל ווי פון אַ קרעציקן.
האָבן פרעמדע איבערגענומען זיין וואָרט און עס פאַרקריפּלט.
אין זיין נאָמען טוען זיי דאָס קאַפּויערדיקע פון דעם, וואָס ער
האָט געפּריידיקט אויפן באַרג. אין רוים זאָגט יעזוס צום אין
קייטן געשמידטן משיח:

„צי בין איך דען נישט צו אייך געקומען? צי האָב איך
דען אייך נישט ווי אַ הון, וואָס נעמט אירע יונגע הינדעלעך
אונטער אירע פליגל אַרונטער, — נישט געוואָלט אַרונטער־
נעמען? צי האָב איך דען פאַר אייך, פאַר אייך, מיין בלוט
נישט פאַרגאָסן און מיין מאַמעס אויגן? צו וועמען בין איך דען
געגאַנגען? אין אונדזערע בתי מדרשים האָט איר מיך דען נישט
געפונען? אין די שול־הויפן האָב איך מיך דען נישט אויפגע־
האַלטן? און צווישן אונדז און פאַר אונדז מיין וואָרט פאַר־
שפּרייט? און ווי פון אַן אָפּקרעציקן האָט איר זיך פון מיר
אָפּגעשיידט. און איצט זענען פרעמדע געקומען, דאָס ליילעך
האָבן זיי פון מיין לייב געריסן און אויף פענער עס צעשניטן.
די פענער האָבן זיי אין מיין בלוט געטונקט. און מיט זיי ציען
זיי אויס טרערן און צער צווישן מיינע ברידער צו פאַרברייטן

אין מיין נאָמען אויף זייערע ליפּן. מיין וואָרט צו שלום האָבן זיי צו מלחמה פאַרדרייט, מיין וואָרט צו סליחה האָבן זיי צו נקמה פאַרקערט. די בחורים פון מיין פאָלק האָבן זיי צו זייערע וועגענער געשפּאַנט און די כלות — מיינע שוועסטערס — מיט שאַנד און שפּאָט האָבן זיי זייערע אויגן צו דער ערד געדריקט".

אַש דערגענטערט יעזוסן צו משיחן נישט נאָר צו פירן מיט אים אַ „לוויזן" שמועס און זיך באַקלאָגן אויף זיין ביטערער מערכה. ער וויל בפירוש ווייזן, אַז יעזוס פילט זיך פאַרראַטן פון די „קריסטלעכע" פעלקער, וואָס רעדן צביעותדיק אין זיין נאָמען. יעזוס וויל דעריבער זיין גורל פאַרבינדן מיטן גורל פון שווער־געפּרוווטן יידישן פאָלק. ער וויל זיין דערלייזונגס־איידעאַל פאַרבינדן מיטן יידיש־משיחישן טרוים. דאָס הייסט, אַז יעזוס איז אַליין מודה, אַז משיח איז נאָך נישט געקומען. די פעלקער, וואָס האָבן פאָרמעל אָנגענומען ס׳קריסטנטום זענען פּשוט נישט דערוואָקסן דערצו. משיח דאַרף ערשט קומען — אין ריין יידישן נוסח:

„דאָ, ביי דיר, וויל איך זיצן; מיינע הענט לאָזן זיי צו די מויערן קייטן. מיינע אויגן, ווי דיינע, וועל איך אין דער ערד איינגראָבן, און מיט מיינע ברידער אינאיינעם און מיט מיינע שוועסטער אינאיינעם — שאַנד און שפּאָט אַריבערטראָגן, וואָרים דערווידער איז מיר זייער לויב און געזאַנג. וואָרים צו מיין האַלץ טוען זיי זיך בוקן, און מיין וואָרט טוען זיי פאַרגעסן. דאָ מיט דיר וועל איך וואַרטן, ביז עס וועט קומען דער טאָג און דו וועסט מיט דיין שופר בלאָזן צו פאַרזאַמלען די פעלקער אונטער דיין באַרג".

ס׳פּילן זיך דאָ בולטע רעמיניסצענצן פון דאָסטאָיעווסקיס „לעגענדע פון גרויס־אינקוויזיטאָר", הגם ס׳איז דאָרט נישטא קיין רייד וועגן יידן.

וואָסערע קאָנצעפּציע קומט צום אויסדרוק אין „אַפּאָסטאָל"? — דער הייסגלויביקער שאול, איבערגעגעבענער תלמיד פון ר׳ גמליאל הזקן, פאַרנעמט זיך צו פאַרשפּרייטן גאָטס וואָרט צווישן די היידן. יידן — די ריין־גלויביקע אין אחדות הבורא — קענען נישט לעבן בשלום אין אַ סביבה פון געצנדינערישע פעלקער. די היידנישע פעלקער זענען בלינד, זייערע אימפּולסן זענען צו־רוי, זייערע ליידנשאַפטן — צו־ווילד, נאָר די אמונה איז מסוגל זיי צו צוימען. גייט ער צווישן די היידן;

דורך הונגער און דאָרשט, דורך דערנידערונגען און בזיונות און אַפילו דורך פאַלשקייט און שקר טראָגט ער די אידייע פון א ח ד. און ווען ס׳איז נויטיק זאָגט ער זיך אַפילו אָפּ פון זיין אייגן פאָלק, פון זיינע אייגענע ברידער, אַבי פאַר זיי מעג־לעך צו מאַכן אַ גלויביקע סביבה. ער מוז אויך דעם לבוש פון זיין יידישקייט איבערבייטן, אָנגעמען פרעמדע פאָרמען, צו־פּאַסן זיך צום לעבנס־באַנעם פון די היידן, ווייל אַנדערש וועלן זיי אים נישט פאַרשטיין און נישט מיטפילן. אַבער ביי זיך אין האַרצן בלייבט ער אַ טרייער ייד, וואָס אָטעמט מיטן גורל פון זיין פאָלק. ער קומט אום פון געצנדינערישע הענט און אין דער לעצטער מינוט שיידט ער זיך מיט דער וועלט, שעפּטש־דיק דעם פאַרהייליקטן — ש מ ע י ש ר א ל.

פרעגן מיר: איז דאָס ביי אַש אַ נייער „שמע־קולנו", וואָס איז אים פּלוצים געפאַלן אין קאָפּ אַריין? צי האָט ער מיט אָט דער „נייער" קאָנצעפּציע אינגאַנצן פאַרוואָרפן זיינע אַלטע שטעטלדיקע מאָטיוון און מיט אַמאָל אַרויסגע־בראַכט „עפּעס אַזוינס", וואָס לייקנט אינגאַנצן אָפּ זיין ביז איצטיקן וועג? אויף דעם דאַרף מען ענטפערן — ניין. דאָס איז ביי אים אַ נייער גילגול פון אַן אַלטן מאָטיוו. דערויף זאָגט עדות זיין מעשה אונטערן נאָמען דער „אורח", וואָס ער האָט פאַר־עפנטלעכט מיט אַ סך יאָרן צוריק.

אין שטעטל איז פון ערגעץ געקומען אַ פרעמדער ייד, אַן „אורח". ער האָט אין בית המדרש פון די ווינקלען צונויפגע־קליבן שמות און זיי געוואָרפן אין קאַסטן אַריין. ער פלעגט אָפּט זאָגן תהלים. און ווען יידן האָבן אין בית המדרש זיך אָנ־דערציילט וועגן גויישע גזלנים, וואָס באַפאַלן יידן אויף די וועגן, פלעגט דער „אורח" זיפצן אין דער שטיל: „ס׳איז קיין חידוש נישט: זיי האָבן די אמונה פאַרלוירן, די גויים". אַנשטאָט אין דער קירך גייען גאָר די גויים אין די שענקען. און דאָס טויג נישט, וואָרים „י ע ד ע ר ד י נ ט ג אָ ט א ו י ף ז י י ן ש ט י י ג ע ר". ס׳אומגליק דערנענטערט זיך; יידן ציטערן פון פחד. מ׳ריכט זיך אויף אַ גויישן אָנפאַל, וואָס וועט, חלילה, חרוב־מאַכן ס׳שטעטל. דער „אורח" זאָגט היים תהלים און מיט אַ געבראָכן קול בעט ער: „טאַטע, טאַטע, דערבאַרעם זיך איבער די פעלקער פון דער ערד, און נעם דיין פּנים נישט אַוועק פון זיי". ער האָט מורא פאַרן פאַמע ערגסטן,

וואָרים „די וועלט נעכטיקט אָן גאָט״... און ווייטער מורמלט ער ביים קאַפּטן שמות: „פאָטער, פאָטער לאָז רוען דיין כבוד איבער דער גאַנצער וועלט. מאַך וויסן דיין נאָמען צו די פעלי־קער פון דער ערד״.

כדי צו ראַטעווען יידן פון שחיטות שמדט זיך דער „אורח״ און ווערט אַ בישאָף, וואָס פּריידיקט אין דער קירך. מיט אַ צלם אין דער האַנט שטייט דער בישאָף־„ראַבין״ אויף דער אַמבאָנע און האַלט פייערדיקע דרשות. ער רופט די קריסטן צו ליבע און רחמנות צו יעדן מיטמענטשן, ווייל גאָט איז דער פאָטער פון אַלע פעלקער.

„און דאָס שטעטל איז טאַקע פרום געוואָרן. איז געקומען אַ זונטיק האָט מען באַמערקט ווי עס ציען זיך פון די דערפער לאַנגע רייען מיט פויערשע פורן און באַלאַגערן דאָס קאַטוילי־שע געסל. פילן אָן די קירכע און שפּאַרן אַזש אָן אין דרויסן, אין גאַס אַריין. און ווען זיי דערזעען דעם רבין אויפן בעלע־מער, מיטן צלם אין דער האַנט, אַזוי פאַלן זיי ביז צו דער ערד, וויינען און קלאָגן און קושן דעם צלם און מאַדליען זיך״.

אין שטעטל האָבן זיך שטאַרק פאַרבעסערט די באַציונגען צווישן יידן און קריסטן; מ׳האָט געלעבט אין שלום און פאַרי־שטענדעניש. אָבער דער „אורח״־בישאָף איז אין האַרצן גע־בליבן אַ טרייער ייד און גייסטיק געלעבט מיטן גורל פון יידישן פאָלק.

„אין אַ צייט אַרום, איז איינמאָל, אין אַן ערב יום־כיפור צו כל נדרי, אין בית המדרש אַריינגעפאַלן אַ פרעמדער גוי, אָנ־געטאָן ווי אַ גלח. יידן אין טליתים און קיטלען, האָבן זיך דער־שראָקן, האָבן געמיינט, אַז אַן אומגליק וועט געשען. דער גוי איז אָבער צוגעלאָפן צום באַלעמער, אויסגעשפּרייט צום הימל זיינע בלייכע הענט און האָט אויסגעשריען מיט גרויס געוויין „שמע ישראל ד׳ אלוהנו, ה׳ אחד״. און איז אַנידערגעפאַלן טויט אויף די טרעפּלעך פון בעלעמער״.

דער עולם האָט דערקענט, אַז דער גלח איז אייגנטלעך דער אַמאָליקער „אורח״. דער רב האָט געפּסקנט, אַז דער גלח איז אַ ייד און מ׳האָט אים געבראַכט צו קבר ישראל.

דאָס איז זייער אַ נאַאיווע מעשהלע, אָבער ס׳איז אין דעם שוין פאַראַן דער קערן פון אַשׁם שפּעטערדיקן „אַפּאָסטאָל״.

„מערי״, דער לעצטער רינג אין דער פראָקריסטלעכער

טרילאָגיע, ברענגט וועזנטלעך נישט אַריין קיין שום נייעס. אַליץ, וואָס אַש האָט געהאַט צו זאָגן וועגן יעזוסן און זיינע נאָכ־פאָלגער, האָט ער שוין קלאָר אַרויסגעבראַכט אין זיין „מאַן פון נצרת" און „אַפּאָסטאָל". „מערי" איז אייגנטלעך אַ שטייגער־צוריקגאַנג צו יעזוסעס געבורט, צו דער סביבה, אין וועלכער ער איז אויסגעוואַקסן און אַן איבערחזרונג פון דעם שוין גע־זאָגטן. „מערי" איז איבערפולט מיט קרעפטיק געשילדערטע שטייגער־בילדער. ביים בילדערישן איבערגעבן די מיסטעריע פון יעזוסעס „וונדערלעכן" געבורט האַלט זיך אַש ביים טעקסט פון דער עוואַנגעליע, דערעיקרשט ביי לוקאַסן. מאָמענטווייז קומט גאָר אַש צו הילף לוקאַסן; ער פּוצט אויס די עוואַנגעלישע לעגענדעס מיט פאַרביקער אַשישער „אַטמאָסביאַטשינע", וואָס דאַרף איבערצייגן דעם יידישן אָדער קריסטלעכן לייענער וועגן דער וואָרהאַפטיקייט פון די עוואַנגעלישע ניסים. זענען אונדז, אין יאָר 1950, זיכער דערווידער (אויב נישט חלשותדיק), די לאַקריצדיקע רייד וועגן דער צו גאָרנישט פאַרפליכטנדיקער ליבע, רחמנות און מחילה. און ס׳איז אוודאי איבלדיק, ווען אַש נעמט אויף אַ „רעאַליסטישן" אופן — מיט דער הילף פון מלאכים און שרפים — באַגרינדן יעזוסעס איבערנאַטירלעכן געבורט. אויב אַש גלויבט באמת אין דער גייסטיקער שותפות פון יידישקייט און קריסטנטום, קאָן ער דאָס נישט באַווייזן אָן די כלערליי „נסים", דערלאַנגט אין אַן אולטראַ־קאַטוילי־שן סאָוס? אונדז איז נישט ווייניקער דערווידער אַשס לייגן זיך אין דער לענג און דער ברייט ליגנעריש צו באַווייזן ווי אכזריותדיק יידן באַגייען זיך מיט אַן אומגליקלעכן ממזר. ערשט יעזוס מיט זיין מוטער האָבן צום ממזר אַרויסגעוויזן מענטשלעכע געפילן. צי מיינט טאַקע אַש, אַז דערמיט וועט ער עס אונדז, די „אכזרים", דערנענטערן צו די אומות העולם?

נישט איינער פון אונדז איז שטענדיק שאָקירט, ווען אַש פאָרט אין „מערי" צונויף די מוטער רחל מיט דער הייליקער מערי. ס׳יידיש געמיט בונטעוועט זיך סטיכיש אַקעגן דעם. אָבער מ׳דאַרף דאָס נישט באַטראַכטן פאַר אַשס אַ נייעם קאַ־פּריז. שוין אין דער „קאַרנאַוואַל־נאַכט" לייענען מיר וועגן דעם, אַז אין רוים וואַלגערן זיך יידישע קדושים אויף די גאַסן. די מוטער רחל נייט פאַר זיי צודעקן און איר צו הילף קומט מרים, די מוטער פון פאַרפייניקטן יעזוס.

„און די מאַמע רחל מיט איר טאָכטער מרים האָבן זיך אײַנ־מיטן מאַרק געזעצט אין נאַכט אין שוואַרצן געהילט, האָבן פלאַכטעס גענייט, פון צעריסענע ספר־תורות פלאַכטעס גע־נייט, פון צעריסענע טליתים, פון צעריסענע פּרוכתער, וואָס די מאַמע רחל האָט זיי אין שירץ אויפגעקליבן און די טויטע לײַ־בער פון אירע זין פאַרדעקט, פאַרשטעלט פאַר די פויגל אין הימל און ווייט אויסגעצויגן די פלאַכטעס אויך צו פאַרדעקן דעם אייגענעם זון, וואָס איז געלעגן פאַר דעם פאַרשלאָסענעם טויער, פאַרן הייזל".



מיקאָן אָבער נישט נעמען עטלעכע נאַאיווע, לויז־סקי־צירטע מעשהלעך, מיט וועלכע אַש האָט זיך געשפּילט אין דער יוגנט, און זיי פאַרטוישן מיט אַן אויף קיל אויפגעבויטער דורכויס קריסטלעכער טרילאָגיע, וואָס נעמט אַרום אַן ערך צוויי טויזנט זייטן און דערצו געשריבן ביים אויטאָרס לעבנס־פאַרנויג האַרט ביי די זיבעציקער. זאָל דאָס זיין שלום אַשס לעבנס־צוואה צום יידישן פאָלק? האָלט ער, אַז אונדזער היס־טאָרישער וועג — במשך פון צוויי טויזנט יאָר — איז אַ פאַל־שער? מיינט ער, אַז דאָס מאַסנהאַפטיק אומקומען על קידוש השם, כדי אויסצומיידן דעם צלם, איז מצד יידן געווען הוילער אומזין? איז ער טאַקע זיכער, אַז די היינטיקע גיפטיקע יורו־שים פון שלאַנגיקן שאול־פאָול גלויבן אין אַ העכערער עטיק און פירן אַן ערלעכער לעבן, איידער באַנטשע שוויג? באַאומ־רואיקט אים גאַרנישט סיגעוויסן, הלמאי ער האָט ביי אונדז, די שוואַכע, אַוועקגענומען די שענסטע אגדות, מימרות, סענ־טענצן און שפּרוכן, אויסגעווייקט אין יידישע טרערן און בלוט, און מיט זיי אויסגעצירט די שטאַרקע, וועלכע האָבן פאַר אונדז נאָר אַ פויסט? צי מוז ער פאַר די פעלקער פאַרשטעלן די יידי־שע געזעצן דווקא אין זייער אוראַלט וואָרטלעכן באַטייט און נישט נעמען אין אַכט די תנאימס איבער־קאָמענטירונג, לויט וועלכער זיי זענען אין דער יעזוס־צייט שוין געוואָרן ספּיריטואַ־ליזירט און ממילא אַנגעווענדעט אַ סך מענטשלעכער? צי פאַר־שטעלט טאַקע יעזוסעס אויסגעטראַכטע מילדקייט די פאַקטי־שע סבלנות און מילדקייט פון הלל הזקן?

אין „מערי" לאָזט שלום אַש הערן דער וועלט זיין שטע־לונג צום יידנטום. אין ציפּורי האָבן די רוימער בלוטיק אונטער־

דריקט דעם יידישן אויפשטאַנד. אַ גרויס פעלד איז אויסגע־
פילט מיט יידישע תליות. און ווען יעזוס פרעגט פאַרוואָס ווענדן
די רוימער אָן אַזוי פיל אכזריות לגבי די שוואַכע יידן, באַקומט
ער פון אַשן (ד. ה. דורכן מויל פון זיין „העלד") אַן ענטפער,
אַז יידן זענען גאָר אַליין זיך שולדיק הלמאי זיי ווענדן אָן כוח
אַקעגן כוח. מיר דאַרפן זיך נאָר באַדינען מיט גייסט. יעדער
ווידערשטאַנד איז גייסטלאָז. צי וואָלט אַש דאָס זעלביקע
געעצהט די יידישע אויפשטענדלער אין וואַרשעווער געטאָ?
אַשס „מערי" באַטייט פאַר אונדז אַן אידעישע קאַפּיטולאַציע
לגבי דער קריסטלעכער וועלט.

— „קוואָ וואַדיס", שלום אַש? וווהין פאַרפירט אונדז דער
מאַן פון קוטנע?...

# „דער שטויב פון דער וועלט איז געפאַלן אויף מיר“

## (אברהם רייזען א בן-שבעים)

ביי דיכטער־קלאַסיקער, וואָס פילן אין זיך די באַרופענע זיכערקייט פון וועגווייזעריי, לאָזן זיך בדרך כלל מערקן צוויי מעגלעכע ליניעס: די ו ו ע ר ט י ק אַ ל ע און ה אָ ר י ז אָ נ ט אַ ל ע. אין ערשטן פאַל נעמט זיך דער דיכטער פאָר אַרויסצוהייבן די אייגענע עמאָציעס און אידייאישע אויסבליקן ווי אַ מוסטער־דיכטונג פאַר דעם דור, אין וועלכן ער לעבט ד. ה. דעם דור, וואָס איז פאַרשולדיקט אויך עס איבערצוגעבן דעם קינפטיקן דור. אין דעם פרט איז דער דיכטער ס׳רוב איינגעגליבט אין זיך, אין זיין באַזונדערער מיסיע, וואָס איז פון די הימלען אָנפאַרטרויט נאָר אים אַליין, דעם באַהויכטן וועגברעכער. פאַרשטענדלעך, אַז ער האַלט פאַר נייטיק בפרהסיא זיך צערטלען מיט אייגענע פולסאַציעס, הנדלען מיט אינטימע איבערלעבענישן און בליצן מיט זעלבסטשטענדיקע געדאַנקען, פון וועלכע ס׳שלאָגט די זעלבסט־זיכערקייט, אַז ער איז דאָס דער, צו וועלכן אַנדערע זענען מחויב פאַררייסן די קעפ מיט באַוווּנדערונג.

זאָל אָבער זיין עפּנטלעך באַקענען זיך צו די אייגענע „אונטערן־האַרץ“־איבערלעבענישן קיינעם נישט פאַרפירן, אַז אין דעם שטעקט מכלומרשט נ אָ ע נ ט ק י י ט און ע נ י ו ו ת. גראָד פאַרקערט — אין דעם איז דוקא פאַראַן ד י ס ט אַ נ ס און ג א ו ה פון איינעם, וואָס שעפּט פון „זיינע“ אוצרות, און טיילט „ברייטהאַרציק“ מתנות דעם „אָרעמען“ פאָלק.

אין צווייטן פאַל איז די זאַך אַנדערש. דער א. ג. ה אָ ־ ר י ז אָ נ ט אַ ל ע ר דיכטער באַמיט זיך אָפּצוטעמפּן די אייגענע פאַרשאַרפטע זיג־זאַגן און אָפּמעקן דעם גרעניץ־פּאַס, וואָס טיילט אים אָפּ פון זיין דור. ער באַגערט „אויסצוגלייכן" דעם אונטערשייד; ער באַשטרעבט אַלע אייגענע עמאָציעס און פּולסאַציעס צונויפגיסן מיטן לעבנסטריב פון פאָלק. נישט בלויז ער טיילט נישט קיין מתנות, נאָר איז גליקלעך אויפצונעמען ס׳פאָלקהאַפטיקע אין זיך און עס איבערקאָכן אין אייגענעם „איך". לכתחילה שפּיגלט ער זיך אינם ציבור, נאָכדעם קומט פאָר די צוריקשפּיגלונג פון אים אויפן ציבור און אַזוי קרייציקן זיך כסדר די עמאָציעס ביז עס פאַרוועבט זיך דאָס אַנאָנימע פאָלקסטוך, וואָס נאָר גרויסע דיכטער זענען זוכה עס אויסצוטראָגן אויף די אייגענע פּלייצעס.

אוודאי קאָן דאָ שוין נישט זיין קיין רייד וועגן דיסטאַנס און גאוה און מכל שכן קאָן דאָ נישט זיין קיין מדובר וועגן מאַניפּולירן מיטן צויבערשטעקעלע צו באַווייזן דיכטערישע מופתים. דער האָריזאָנטאַלער וועג איז אָן ספק דער סאַמע שווערסטער, ווייל ער האָט נישט אין זיין רשות ס׳עפּעקטפולע, ער איז נישט מסוגל צו מיניען מיט פּילפּאַרביקייט. ער איז אָבער דורכוים לעבנסערלעך. ווען חסידים האָבן געהאַט פאַראיבל אויף דעם „ייד הקדוש", הלמאי דער צדיק באַווייזט ניט קיין מופתים, האָט ער זיי געענטפערט, אַז באַווייזן מופתים איז גאָר נישט קיין שווערע זאַך, אַ ליאַדע רבילע קאָן באַווייזן מופתים דאַקעגן אַ י י ד צ ו ז י י ן א י ז ש ו ו ע ר... יאָ, כדי צו טרינקען פון ריינעם קוואַל, מוז מען אַליין זיין לויטער.

נאָך איינס וואַרפט זיך אין די אויגן, וואָס דער ווערטיקאַלער דיכטער איז ביים פאָלק אַ זעלטענער גאַסט. ער באַווייזט זיך נאָר אין שבתים און ימים־טובים, אין נשמה־יתירה־מאָמענטן, ווען דער פאָלקס־מענטש איז אויפגערויטמט און אויפגעמפעיק, ווען מען קאָן מיט דיכטערישן אויפפלאַם געשטאַלטיקן זיין גייסט. דער האָריזאָנטאַלער דיכטער ווידער איז ביים פאָלקסמענטש אַ בן־בית, ער פאַרברענגט מיט אים צוזאַמען די פּולע זעקס וואָכעדיקע טעג. ער פאַרלאָזט אים נישט אין די שווערע מאָמענטן, מאַכט מיט זיינע אַלע זאָרגן און מאַטערנישן. גלעט און וואַרעמט אים בעת די טאָג־טעגלעכע דאגות.

טאָג־איין טאָג־אויס זאַמלט ער צונויף די פונקען און מאַכט אים מסוגל אויפצונעמען דעם אויסגעחלומטן שבת־טאָג.

און שטאַמען שטאַמט ס׳רוב דער האָריזאָנטאַלער דיכטער פון די פאָלקס־געדיכטעניש, פון אַ ווינקל, ווו דער פאָלקס־שטייגער לעבט זיך אויס מיט פולע זאַפטן. אויף דער מאַפּע פון יידישער מזרח־אייראָפּע פאַרנעמט קוידאַנאָוו אַ ברעקל אָרט, אָבער ס׳זעלביקע ברעקל איז באַגלייך אַ קלאַסישער מוסטער פון טראַדיציאָנעל־אויסגעהאַמערטן יידישן נוסח. אין אָט־דעם קוידאַנאָווער טראָפּן שפּיגלט זיך אָפּ די אַלגעמיינע שטעטלדיקע איינגעשטעלטקייט, פונוואַנען ס׳האָבן געשעפּט די קאָריפייען מענדעלע און שלום־עליכם.

עס איז אוודאי אַ שווערע און אפשר אויך אַן אומנוציקע הלכה פעסטצושטעלן ווו עס איז פאַראַן מער דיכטערישע קוואַליטעט — ביים ווערטיקאַלן אָדער האָריזאָנטאַלן דיכטער. דער ענין לאָזט זיך גיכער באַהאַנדלען אינדיווידועל, הגם ס׳האָט זיך שוין איינגעבירגערט אַ פּאָראורטייל לטובת דעם ערשטן. פונדעסטוועגן איז כדי צו דערמאָנען, אַז אויף דער לויה פון רוסישן פאָלקס־דיכטער ניעקראַסאָוו האָט אים ביים אָפּענעם קבר מספּיד געווען דאָסטאָיעווסקי, וועלכער האָט גערעדט מיט באַגייסטערונג וועגן פאַרשטאָרבענעם און דערביי ריזיקירט מיט אַ זאָג, אַז ניעקראַסאָוו איז מאָמענטנווייז געגאַנגען אין די טריט פון פושקינען. דעמאָלט האָט זיך פלוצלונג צווישן עולם געהערט אַ שטים: „ער איז געגאַנגען העכער, פיל העכער...״ אָט־די שטים איז געקומען פון אַ יונגן סטודענט, וועלכער איז שפּעטער באַרימט געוואָרן ווי אַ גרויסער דענקער — ג ע אָ ר ג י  וו אַ ל ע נ ט י נ אָ וו י ט ש  פּ ל ע כ אַ נ אָ וו.

יאָ, דיכטערישע העכערקייט באַשטייט נישט תמיד אין שטייגענדיקן פ אָ ר ז אַ נ ג , נאָר צומאָל אין אינטימען ג אָ כ ז אַ נ ג . ס׳געהער אוודאי צו דיכטערישע מעלות דאָס זיין מסוגל זיך פאַרוועבן מיט דער פאָלקס־געדיכטעניש, אַריינשפּירן זיך אין זיינע אַזוי צו זאָגן — גייסטיקע געפעסן, אַריינשווייגן און אַריינהערן אין פאָלקס־געמיט, כדי אַרויסצושפּירן די לפני ולפנימדיקע צעטומלטע שירה און זי שפּעטער קלאָר נ אָ כ ז י נ ג ע ן אויף אַ וויל־ריטמישן שטייגער. אָט דער שעפערישער נאָכזאַנג נעמט אין זיך אַריין דוערהאַפטיקע קאָ־

לעקטיווע עלעמענטן און איז ממילא פאַרזיכערט מיט אריכת ימים.

„אויפגעפרישטע" עסטעטן קרימען זיך געוויינלעך און האָבן פאַרן האַרויזאָנטאַלן דיכטער אַ פאַרטיקן עפּיטעט — „אַ מיטן־שטראָם־שווימער". וואָרים אַן „עכטער" דיכטער, וואָס האָט אַן אייגן פּנים, דאַרף נישט זיין קיין מיטשווימער, נאָר איז גאָר מחויב צו זיין אַ פאָרויס־שווימער און ממילא אַ קעגן־שטראָם שווימער. זיי פאַרגעסן דערביי, אַז די עכטקייט פון דיכטער באַשטייט נישט מינער אין זיין אינסטינקטיוון אַרויסשפּירן די אייגנטלעכע דיכטונג פון שטראָם. קוים איז ער פון אָט דעם שטראָם ערלעך באַזעלט, קוים גייט ער אַריין אין זיין בלוט, קוים ווערט דער שטראָם דעם דיכטערס אייגע־נער חלום, דעמאָלט איז ער מסוגל צו דערגרייכן ס׳העכסטע, וואָס עס איז אַ דיכטער בכלל באַשערט. דעמאָלט ווערט זיין שאַפונגס־מענלעכקייט געכפלט דורך אַ קאָלעקטיוון ריטם, וואָס טרייסלט אָפּ ס׳נישט־שטאַנדהאַפטיקע, ס׳דערבייאיקע, צופע־ליקע, מאַכנדיק דערמיט אָרט פאַרן איינשיכטן ס׳דויערהאַפטי־קע, ס׳שטענדיקע.

דער פאָלקס־מענטש געפינט זיך באַלד אין אָט־דעם ליד; ער וווּנדערט זיך נאָר ווי אַזוי איז עס דעם דיכטער געלונגען אַרויסצובאַקומען דאָס, וואָס איז ביים פאָלקס־מענטש יאָרן־לאַנג געליגן פאַרבאָרגן אונטערן באַוווּסטזיין. ער באַטראַכט עס ווי אַ וווּנדערלעכע אַנטפּלעקונג. ער באַהויכט תיכף ס׳געשאַפענע ליד מיט וואַרעמקייט און ליבשאַפט. ביים צום זויפלטן מאָל איבערזינגען ס׳ליד ווערט ער כסדר סענ־טימענטאַלער און קריגט רחמנות אויף זיך אַליין. מיט דער צייט באַקומט ס׳ליד פליגל, ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ תפילה, צו וועלכער מ׳באַציט זיך מיט קדושה.

⁂

ס׳איז מיר נישט אינגאַנצן קלאָר ווו ס׳ליגט דער אייגנט־לעכער כוח פון פלאַסטיקער ביים אָפּערירן מיט קאָלירן. עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז עס איז גריילעך לייכטער ברייט־האַנטיק צו שאַפן זיך מיט „אויסגעשפּראָכענע" פאַרבן ד. ה. די גרונט־קאָלירן פון ספּעקטער: רויט, געל און בלוי איידער מיטן „אומבאַשטימטן" און „באַשיידענעם" גרוי. וואָרום פאַרן פּשוטן מענטש באַטייט גרוי דאָס נישט באַמערקבאַרע, כלאחר־

ידיקע. אויך מיר מ׳שטיינס געזאָגט אַ קאָליר, וואָס איז אי יאָ, אי נישט פאַראַן. ווען אַ פּראָסטער בשר ודם וויל באַצייכענען ס׳קאָלירלאָזע, באַדינט ער זיך מיט גרויקייט. אין תוך אָבער באַשטייט די גרויקייט פון אַ פּינעזן קאָמבינירן מיט די גרונט־פאַרבן און דעם מעדיום ווייס און שוואַרץ. און דאָ איז פאַראַן אַ באָדן צו מאַכן גרויקייט פריי און לופטיק אָדער שווער און טריב; ס׳איז דאָ אַ מעגלעכקייט פון אַ „קאָלירטער" גרויקייט, אַ שלל דיך־דינע ניואַנסן און שאַטירונגען, וואָס רופן אַרויס „זייטיקע" צעפּיצלטע שטימונגען, וועלכע זענען מסוגל זיך אַריינצושניידן טיף אין דער נשמה.

ווייטער איז מסתמא גרינגער צו דיכטן אין דער ספערע פון יומטובדיקער אויפגערוימטקייט, פולזאַפטיקן נוסח און שפּעדיקן שטייגער, איידער אין דער ספערע פון וואָכעדיקער נויט, פאַרחלשטע טעג און גראָשנדיקע דאגות.

א. רייזען האָט אויף אַ גאָר נישט „מזלדיקן" אויפן זיך אויסגעקליבן צוויי אומדאַנקבאַרע געביטן: ג ר ו י און נ ו י ט. זיין ערשטע סעריע לידער טראָגן טאַקע דעם נאָמען — „גרויע נויט", ממילא פאַרוועבן זיי אין זיך תיכף סיי אַ מאָ־לערישן און סיי אַ סאָציאַלן עלעמענט.

ס׳האָט דאָס לעבן אויף דער פידל
פאַר דער נויט געשפּילט קאָנצערט
און די נויט האָט אַפּלאָדירט מיר,
און מיט גרויס געפיל געהערט.

ער זוכט נישט קיין ווידערקלאַנג אין לאַגער פון שפע, ביי די „קאָלירפולע", געניסער, אים געניגט צו זיין אַפּלאָדירט פון „גרויען" מענטש. ער מאַכט זיך אַליין קלאָר, אַז ר׳איז בעיקר אַ דיכטער פ ו ן און פ אַ ר דער נויט. זיין מוזע איז באַשטימט פאַר איר און ס׳פרייט אים, וואָס גראָד זי הערט אים „מיט גרויס געפיל".

בעט זיך טאַקע אויף דער פען די פראַגע: מיט וואָסערע מ אָ ל ע ר י ש ע מ י ט ל ע ן דערלאַנגט אונדז רייזען זיין ג ר ו י ק י י ט ? און ס׳שפּאַרט זיך באַלד אַן ענטפער: רייזענס גרויקייט איז גיכער אַ ג ר אַ פ י ש ע איידער אַ מ אָ־ ל ע ר י ש ע ; ער באַנוצט זיך נישט מיט קיין פענזל, נאָר מיט אַ בליישטיפט. ס׳איז גיכער אַ צייכנונג, אַ מין גראַפישע מאָ־דולאַציע.

לויט זיין כאַראַקטער איז רייזען נישט קיין מענטאָרישער מנהיג הציבור, נאָר אַ באַזעלטער ש ל י ח צ י ב ו ר . ער שטעלט זיך טאַקע פאַר און אַנטשולדיקט זיך צו־גלייך בפרה־סיא מיט אַ באַהויכטן „הנני העני", ווער עס איז, פונוואַנען ער שטאַמט און פאַר וועמען זיינע לעפצן ווילן אַרויסברענגען תפילה.

ווי קום איך צו זינגען? פון וואַנען מיין קינד,
ביי אונדז האָט אין קוימען געברומט נאָר דער ווינט;
די קינדער — זיי פלעגן נאָר זאָגן: האַם־האַם!
און אָפטמאָל די מאַמע — אַ קללה צום גראַם.

ווי קום איך צו שיינקייט? פונוואַנען מיין קינד?
דער וועג צו די פעלדער — דורך גויים און הינט...
די גאַס איז געווען אַזוי אָרים און וויסט
ביי איטלעכער טיר נאָר — אַ בערגעלע מיסט.

אָט דאָס „התנצלות"־בילד איז אַבסאָלוט קלאָר. מיט קאַר־גע מיטלען און חנעוודיקער אינטימקייט ברענגט רייזען אַרויס זיין היימישע סביבה, דעם אָרעמען ווייסרוסישן לאַנדשאַפט, די מיט קליינע קינדער „באַפאַלענע" משפחה, וואָס וואַרגט זיך אין נויט. די פון דלות בייז געוואָרענע מאַמע קאָן זיך מיט אירע קללות גאָר נישט אָפּזאָגן פון די הויך־מאָנענדיקע „פּי־קערס". איז דאָ, ווו אין קוימען ברומט אַ ווינט, פאַראַן אַן אָרט פאַר געלייטערט געזאַנג?

היינט דער דרויסנדיקער אָרום איז ווייט נישט קיין צוי־בערנדיקער און וועקט אוודאי נישט דעם שיינקייטס־חוש. סך הכל איז מען אַרומגערינגלט מיט „גרויע" פעלדער און בייזע הינט. אַלץ איז אָרים און וויסט און „באַשיינט" מיט אַ בערגל מיסט.

אין וואָס באַשטייען רייזענס קאַרגע מיטלען? — אין דעם, וואָס זיין ליניע איז אַ מאַרגינאַלע, נישט קיין פעסטע און אויך אין דעם, וואָס זיין טינט ווערט אָפט פאַרגרויט. און זיין גרוי־קייט איז אַ טריבע, אַ קילע און אַ פאַרקלעמענדיקע.

נאַכט און קאַלט, דאָס קליינע שטיבל
קוקט ווי אַ גרויסער קבר אויס
און דאָס אָרימע געזינדל
קען פון דאָרט נישט אַרויס.

און די שויבן פון די פענצטער
קוקן אַזוי שטאַר און ווילד,
ווי די אויגן פון געשטאָרבענע —
ד׳רויסן שפּילט דער ווינט און שפּילט.

ס׳שפּילט דער ווינט אַ מתים ניגון
הינטער שטיבל אויף דער גאַס,
און די מתים אין דעם שטיבל
האָרכן צו אָן צער, אָן כעס.

רייזען האָט עפּעס גלאָט אַ שוואַכקייט צו דעם קבר־מעטאַ־פאָר; די „מעלה" פון קבר איז, וואָס ער איז געראַוים. אין „גע־זינדל זאַלבעראַכט" זאָגט ער, אַז אין קבר איז געראַוימער איי־דער אין בעט. דאָ באַצייכנט ער ס׳אָרימע שטיבל ווי אַ „גרויסן קבר" דאָס איז אוודאי נאַטירלעך אין זיין טריבקייט־טאָן. הגם ס׳איז נישט פאַרשטענדלעך, הלמאי די אויגן פון אַ טויטן מוזן דווקא קוקן „ווילד"? דערצו אויב זיין פּ אָ ן איז גרוי איז זיין ט אָ ן עלעגיש. נישט אומזיסט זאָגט ער וועגן זיך: „דער שטויב פון דער וועלט איז געפאַלן אויף מיר". און עס איז אוודאי אין עכט רייזענישן טאָן, וואָס די „מתים אין שטיבל" ד. ה. די מישטיינס־געזאָגט לעבעדיקע רעאַגירן נישט אויף זייער נויט־לאַגע, וואָס זיי זענען אַלץ מקבל אויב נישט באהבה איז אַלנפאַלס בשאין נפקא מניה, גלייכגילטיק. דאָס לעבן גייט נישט ד ו ר ך זיי, נאָר ל ע ב זיי.

איבעריקנס, אויך רייזען אַליין איז אַ פּאַסיווע נאַטור; ער צייכנט די סאָציאַלע אונטערשידן, שטרייכט אונטער די נויט, הייבט אַרויס די נעבעכדיקייט און אומבאַהאָלפנדיקייט פון באַעולטן מענטשן, אָבער זעלטן־וועלטן רופט ער אים צו ווי־דערשטאַנד. רייזען האַלט אַ פּנים נישט פון קאַרל מאַרקסנס כלל, אַז די פילאָזאָפיע דאַרף נישט נאָר אויפקלערן ס׳לעבן, נאָר דערהויפּט אָנווייזן די מיטלען ווי עס איבערצואַנדערשן. רייזען אַנטפּלעקט די נשמה־ריינקייט און ערלעכקייט פון פאָלקס־מענטש, זיין שעפערישע פּאָטענץ, ער ווייסט אָבער נישט ווי אַזוי אָט־די פּאָטענץ צו אַקטואַליזירן. ער איז דעריבער נישט קיין מאָנער און וועקער, ער רופט נישט אויף די באַריקאַדן. ער איז גיכער אַ טרייער באַגלייטער, אַ ברודער, וואָס טרייסט.

און ווי נאָר דו טוסט זיך אַ קער,
אין דער אָרימער גאַס, אַז דו גייסט,

דערזעסטו אַ טרער נאָך אַ טרער
און דו זוכסט פאַר דעם עלנט אַ טרייסט.

אוודאי בענקט ער צו אַ נייער וועלט, אוודאי חלומט ער וועגן פרייהייט. פאַראַן ביי אים אַ סעריע לידער באַטיטלט „בענקשאַפט און פרייהייט". ער זוכט אָבער נישט די מיטלען ווי די פרייהייט צו פאַרווירקלעכן. ער האָפט אַז עס וועט בקרוב קומען אַ דערלייזער, ווייל די פאַרשקלאַפונג איז צו שטאַרק. אָט די פאַרנעפּלטע האָפענונג דרוקט ער אויס אין זיין געבעט צו משיחן, ער זאָל שוין ענדלעך קומען. „אָ קום שוין משיח אויפן ווייסינקן פערד צו־צערייסן די קייטן פון קנעכטשאַפט".

ווי געזאָגט — רייזענס טינט ווערט אָפט פאַרגרויט. דאָס איז נוגע סיי זיין גראַפיק סיי זיין סאָציאַלן צוגאַנג, וואָס דריקט זיך אויס אין זיין נישט פעסטקייט און אומאַנטשלאָסנקייט. פון איין זייט רעדט ער וועגן לעבנס־פרייד, פון דער אַנדערער זייט ווידער באַקלאָגט ער דאָס לעבן. ער איז אין ביידע פאַלן נישט גאַנץ. אמת, ער האָט זיך „אַ נייעם גלאַק באַשאַפן", אָבער דער־ביי חנדלט ער זיך מיט זיין אומגלייבן אין זון־אויפגאַנג, ער איז מער נוטה צו גלייבן אין זון־אונטערגאַנג. אַמנאָענטסטן איז אים דער האַרבסט, ווייל גרויקייט, אומעט, האַרצנאָגעניש, אומ־זיכערקייט און ווינטעראַנגסט, דאָס איז רייזענס געמיט־ספערע.

ווען פון הימל ווי אַ כלה,
שמייכלט ליב די זון פאַר אַלע —
פרעג איך טרויעריק פול מיט קומער:
וואָס באַטייט עס — איז דען זומער?

ווען די זון וועט גאַנץ פאַרשווינדן
און עס היילן בייזע ווינטן —
פרעג איך נישט: וואָס זאָל באַטייטן?
כ'ווייס די צייטן, כ'קען די צייטן.

רייזען באַשרענקט זיך אָבער נישט בלויז מיט זיין האַרבסט־טיקער האַרצנאָגעניש נאָך צוליבן טרויער, וואָס דער ליבער זומער איז אַוועק, די זון באַהאַלטן זיך, די נאַטור שלאָפט איין און די געבליטער לעשן זיך. אַזאַ אומעט איז מאָמענטנווייז פאַר אים צו אַבסטראַקט. ער קאָן זיך נישט באַפרייען פון קאָנ־קרעטן אַרום. ער נידערט דעריבער אַראָפּ פון זיין אין נעפּל־געהילטן אָלימפּ פון וועלט־בענקשאַפט און וועלט־טרויער און דערזעט די צעקרומטע קוידאַנאָווער בלאָטע־געסלעך, וואָס

בלאָזן מיט אַן אומהיימלעכן דלות. ער דעריזעט דעם „סאָציאַלן" האַרבסט.

אוּן ווי עס קומט דער אָסיען,
דאָ ווער איך אָן מיין שטאָלץ;
עס פרעגט דער ווינט מיך צאַרנדיק:
צי האָסטו, קבצן, האָלץ?

דער רעגן פּאַטשט אין פענצטער,
און רוישט און בייזערט זיך,
איך מאַך אין גאַס אַ בלאָטע,
צי האָסטו גאַנצע שיך?

נעפּל, רעגן, בלאָטע, ווינטן און קעלט דאָס איז רייזענס „נאַטירלעכער" קלימאַט.

* * *

אויפן געביט פון שטעטלדיק־יידישער אָרעמקייט איז רייזען אוודאי נישט געווען קיין פּיאָנער; זיינע פאָרגייער זענען געווען מענדעלע און שלום־עליכם. אָבער יענע — ווער מיט ביטערער סאַטירע און ווער מיט גוטמוטיקן הומאָר — האָבן דערציילט וועגן יידישלעכן דלות, הקדש־אָרימקייט און געשילדערט דעם בית המדרש־געסל־שטייגער. רייזען איז אָבער געווען פּיאָנער־זינגער פון א. ג. „וועלטלעכן" דלות. ער האָט פון זיין אָרימקייט־וועלט אַראָפּגענומען די יידישלעכע אַקסעסואַרן און באַוויזן די רייך־מענטשלעכע נויט אין ליכט פון די רעאַל־סאָציאַלע אומשטענדן.

אין רייזענס בראשית־פּעריאָד איז די שטעטלדיקע עדה געווען דערהויפּט סאָציאַל דיפערענצירט, אָבער נאָכנישט קאָנטראַסטירט. קלאַסן־אונטערשידן זענען נאָך נישט געווען בולט. ממילא איז ביי אים דער טרעגער פון דלות לכתחילה געווען נישט דער פּראָלעטאַריער נאָר דער קליינבירגער: קרעמער, בעל־מלאכה, מלמד, הענדלער א. ד. גל.

ווען ער זינגט וועגן דער נויט פון הענדלער, וואָס גייט אַרום מיט אַ זאַק איבער די וואַרשעווער הייף און רופט „האַנדל־האַנדל". זעט ער נישט דעם גאַנצן קנויל סאָציאַלע באַדינגונגען וואָס האָבן דערצו גורם געווען. ער איז גיכער איבערגענומען מיטן הענדלערס ביטערער באַלעבאַטישער מערכה, וועלכער מוז נעבעך ווי אַ „שיינער ייד" זיך אָפּזאָגן פון זיין ביז

איצטיקן „שטאָלץ" און „נבזהדיק" שפּאַנען מיט אַ זעקל איבער די הייף.

אויסגעטאָן פון זיך די שאַנד,
מיט אַ זעקל אין דער האַנט
גייט ער פון הויף צו הויף,
הייבט די אויגן אַלץ אַרויף;
און ווי טרויעריק ער זינגט —
איבערן גאַנצן הויף עס קלינגט
האַנדל — האַנדל.

ביסלעכווייז דערנענטערט ער זיך צום גרויסשטאָטישן לעבן, אָבער אויך דאָ פאַרברודערט ער זיך גיך מיטן פּאָלקס־מענטש, וואָס ליידט נויט און איז אַן אָביעקט פון רויבערישן אויסנוץ. ער זעט נישט נאָר „אַ געזינד זאַלבעאַכט", נאָר אויך דעם צעבראָכן־מידן נאַכטוועכטער, וואָס היט פרעמדע אוצ־רות „פרעמדן גליק און רו". איז עס אוודאי אַ כוח פון אַ שטאַמיקן יידישן פאָלקסדיכטער זיך אין יענער צייט צו באַפרייען פון ספּעציפישן יידישקייט־עול, וואָס האָט על פּי רוב פאַרשטעלט די אויגן פאַר דער ברייטער וועלט און רק געטריבן קלאָגן אויף גלות השכינה. רייזען האָט אין יידיש לעבן געזוכט ס׳בילד פון דער אַלגעמיין־מענטשלעכער נויט און זיך איבער־גענומען מיטן גורל פון די ליידנדיקע, פון די דערנידעריקטע און באַליידיקטע.

רייזען איז אַ מיטפילנדיקער און מיטליידנדיקער דיכטער, וואָס איז עמפּינדלעך אויף עוולות און אומגערעכטיקייטן. זעלטן־ווען זינגט ער וועגן דער פרוי און איר פרילינג־אָדער אַפילו זומער־צושטאַנד. זעלטן־ווען קומט ביי אים די פרוי אַרוים יונג, פריש, בליענדיק מיט רייץ. ווען זי שטייגט אַרויף און נעמט איין מיט איר שיינקייט די וועלט, דעמאָלט איז ער מיט איר אַ קנאַפּער „מחותן", ווייל ער קען זיך נישט מיט־פרייען און מיטבאַרוישן מיט יוגנט־גליק, בעת אַרום און אַרום איז טרויעריק און... גרוי. דערפאַר, אַז זי ווערט אָפּגעוועלקט, אַז זי ווערט האַרבסטיק, פול מיט פאַרביטערטקייט און טענות צו דער ברוטאַלער וועלט, וואָס האָט די פרוי אויסגעלוידיקט פון אַלעמען און אַרויסגעשליידערט אויף דער גאַס, דעמאָלט דערנענטערט ער זיך ווי אַ ברודער צו אַן עלענדער פאַרשטוי־סענער שוועסטער, וואָס נייטיקט זיך אין טרייסט.

פייכטע, מאַטע מידע אויגן,
בלייכע באַקן — אויסגעצויגן.
דאַרע איינגעפאַלענע ברוסטן
מיט אַ הייזעריקן הוסטן — —
אויף וואָס טויגסטו איצט דער וועלט?

שוין פאַרוועלקט די שיינע גלידער,
און די ליבע גוטע ברידער
וועלן שוין צו דיר נישט קומען, —
יונגע בלומען, פרישע בלומען
קריגט מען קויפן היינט פאַר געלט.

ווער פון אונדז איז אין דער פריסטער יוגנט נישט געווען געריִרט פון „מאי קאַ משמע לן" און „גמרא־ניגון"? אָט־די לידער האָבן אונדז אָנגעפילט מיט אַ צאַרט־שטומען אומעט. אָבער גראָד די זעלביקע לידער זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר רייזענס מער דרויסנדיקן צוגאַנג צו אַ יידישלעכן מאָטיוו. ס'לעבן פון אַ קלויזניק געהערט דיכטעריש צו די סאַמע קאָמפּליצירטסטע מאָטיוון. איבערדיכטן זיין אינווייניקסטע וועלט פון גלויבן און צווייפל, עראָטיק און אַסקעטישקייט, שטן־ראַנגלעניש און גאָט־בענקשאַפט באַלאַנגט צו די באַדייטנדיקסטע פאַזיציעס פון די גרעסטע יידישע דיכטער, וואָס ווייזן אַרויס שווונג־פאַרמעסט און הויכע אינטעלעקטועלע קולטור. ווען מען פרווט אַקעגנשטעלן דעם זעלביקן מאָטיוו ביי פרצן זעט זיך בולט רייזענס זייטיקער באַנעם. ס'איז גענוג זיך צו דערמאָנען „מקובלים". דעם אָרעם־בחור פון דער לאַשצעווער ישיבה און דער אונטערשיד ווערט קלאָר; פרץ איז אין בית המדרש אַן אינווייניקסטער און דערפאַר איז ער דיכטעריש אַדורכגעדרונגען מיט דעם קאָנוולסיוון אומרו פון קלויזניק, וועלכער איז פאַרווירט פון ניגונים, וואָס שוועבן צווישן הימל און ערד. ער אַנטפּלעקט פאַר אונדז אַן אַנדערע וועלט, אַ וועלט פון כל עצמותי תאמרנה...

אברהם רייזענס „גמרא־ניגון" איז אַ דרויסנדיקער, ער שוועבט אין פּאַליש. כעני בפתח דערציילט ער וועגן דעם, אַז דער קלויזניק קלאָגט ביי דער גמרא. רייזען פרווט טרעפן, וואָס שפּאַרט איינגעטלעך דעם „בלאַסן קלויזניק" אַז ער זאָל זיך אַזש פאַרגיין אין אַ געוויין:

צי דו בענקסט אַ היים נאָך דיינע
טאַטע, מאַמע, שוועסטער, ברידער,
וואָס אָן זיי ביזטו געבליבן,
ווי אַ שיפל אָן אַ רודער

— — — — — — — — — — —

אָדער אפשר גלאַט דו שעמסט זיך
עסן ברויט אויף פרעמדע טישן
און מיט בלוט, מיט הייסע טרערן
שלינגסט אַראָפּ דו יעדער ביסן?

אוודאי זענען ביים קלויזניק פאַראַן געפילן פון נויט, בענקשאַפט, פאַרשעמטקייט און עלנט און דער דיכטער פילט אים וואַרעם מיט. אָבער דער קלאַסישער קלויזניק איז דאָך באַקאַנט גראָד צוליב זיין אינוויינינקסטע צעריסענער וועלט, וואָס האַלט זיך אין איין ראַנגלען מיט די לעבנס־סתירות. וועגן דעם איז אַ רייד אין ביאַליקס „מתמיד" און פרצעס „מאָניש", און „פּאָליש אויף דער קייט". רייזען מיידט אוים דעם קלויזניקס אינוויינינקסטן געראַנגל און ווערט רירנדיק־פאַרכאַפּט רק פון יאָמערדיקן ניגון און ענדלעך דערעדט ער זיך:

און דו האָסט זיך איצט דערמאָנט אַלץ
און דו קענסט עס נישט פאַרטראָגן.
און ביי רבאן, ביי רב פפּאן
ווילסטו איצט דיין וויי אויסקלאָגן.

דער דיכטער נעמט זיך איבער מיטן קלויזניקס אומעט, אָבער ער לאָזט זיך נישט אַריינשלעפּן אין אָפּגרונט. ער געפינט באַלד אַן אָפּטימיסטישן אויסוועג און מונטערט אויף דעם פאַרחלומטן בחור.

הייבזשע העכער אויף דעם ניגון
שטאַרקער, העכער דריי די טרעלן;
וועסט דיין בענקשאַפט פאַרגעסן
און דער הונגער וועט נישט קוועלן.

עס הייסט, אַז מ׳דאַרף פאַרזינגען די נויט און אויפן האַרצן וועט זיין לייכטער. אויך אין „מאי קא משמע לן", אין וועלכן ס׳רעדט זיך וועגן דער האַרטער באַנק, צעריסענער קאַפּאָטע און געלעכערטע שטיוול, וועקט דער דיכטער מיטגעפיל געווירצט מיט נאַיווער זייגער־פילאָזאָפיע.

צי דאַרף מען נאָך צוגעבן, אַז די בית המדרש־ספרים זעט

ער ווידער אין אַ האַרבסט־קלימאַט: רעגן, בלאָטע, צעריסענע שטיוול אד. גל. און דער „העלד" אַליין קלאָגט זיך אויף „פוילן, וועלקן אין דער יוגנט, פאַר דער צייט פאַרעלטערט ווערן".

— ⁂ —

אין אַ שמועס וועגן מוזיק האָט לעניג זיך אַמאָל אויסגע־דריקט, אַז ווען ער הערט שפּילן בעטהאָווענען, ווערט ער דער־פון אַזוי באַרוישט און שפּעטער אַזוי „נאַריש" צענומען, אַז ער איז דעמאָלט מסוגל יעדן קאָפּ צו גלעטן און צערטלען מיט ליבשאַפט. אין דער אמתן — האָט לעניג געזאָגט — לעבן מיר אין אַ צייט, וואָס נישט נאָר מ׳טאָר נישט גלעטן קיין קעפּ, נאָר מ׳דאַרף זיי פּשוט שמעטערן...

אַ רעוואָלוציאָנער — הייסט עס — דאַרף געפירט ווערן פון גרויסן הומאַניטאַרן אידעאַל, ער טאָר זיך אָבער נישט לאָזן צעשמעלצן פון איבערגעטריבענער ליבשאַפט־שוואַכקייטן אין דער צייט, ווען מ׳דאַרף רופן צו אַ האַרטנעקיגן קאַמף און דערביי אָפטמאָל אַפילו האַסן.

אברהם רייזען גילט ווי אַ רעוואָלוציאָנערער דיכטער, וועל־כער זעט בולט די סאָציאַלע ווידערשפּרוכן; ער זעט דעם אָפּ־גרונט, וואָס טיילט פונאַנדער געזעלשאַפטלעכע שיכטן. ער שטעלט זיך אויף דער זייט פון די ליידנדיקע, אויסגענוצטע און באַרויבטע. ער בלוטיקט איבער זייערע ליידן, פילט מיט זייע־רע נויטן און חלומט וועגן טאָג, ווען די עלנדע וועלן אויסגע־לייזט ווערן פון זייער פּיין. אָבער ווייטער גייט עס נישט ביי אים, ער איז נישט קיין בונטאַר, ער וועקט נישט קיין געפילן פון שנאה צום קעגנער און רופט נישט צו אַקטיוון ווידער־שטאַנד. ער האָט רחמנות און ליבשאַפט צו די שוואַכע און הילפלאָזע, ער ווייזט אָבער נישט אַרויס קיין פיינטשאַפט צו די באַדריקער. ווייל פרעמד איז אים יעדער מין האַס, ער איז כמעט אויסשליסלעך באַהערשט פון גוטהאַרציקער ליבע צום מענטש.

כ׳טראָג אַ האַרץ פול ליבע,<br>
כ׳בין ליבע רייך;<br>
גוטע מענטשן, שלעכטע,<br>
אַלע זענען גלייך.

ער זעט דעם אָרימאַן אַ פאַרשטויסענעם און פאַרשעמטן, ער האָט אָבער פאַר אים נישט קיין רעאַלן אויסוועג. ס׳איינ־

ציקע, וואָס ער איז אים בכוח צו געבן איז וואַרעמע און גוטי־מוטיקע טרייסט־אילוזיע וועגן אַ משיח, וואָס וועט קומען צו רייטן אויף אַ ווייסינקן פערדל...

איז דען אַ וואונדער וואָס רייזען איז אַזוי ברייט צעזונגען ביים פאָלק? מיט קאָמפּאָזיציעס אין ווידערשטאַנד־אויפפאָדערונגען קאָן מען נאָר אַפּעלירן צו דער נישטצאָלרייכער אַקטיווער טייל פון דער געזעלשאַפט, אָבער נישט צו די ברייטע פאָלקשיכטן.

דער פּשוטער פאָלקסמענטש, דער אביונישער בעל מלאכה, אויסגעמאָגערטער קרעמער, אָרימע מאַרקזיצעריך, אויסגעדאַרטע אלמנה, אָפּגעגאַרטע שווינדזיכטיקע נייטאָרין און אויסגעהאָרעוועט דינסט־מיידל, זיי אַלע זענען אַזוי פאַרפינצטערט פון זייער ביטערער מערכה, אַז אין זייער דערשלאָגנקייט זענען זיי גאָרנישט מסוגל זיך פונאַנדערקלייבן אין דער ווירטשאַפטלעכער אַנאַטאָמיע און קאָמפּליצירטן מעכאַניזם, וואָס געפינט זיך אונטערן ציפערבלאַט פון די סאָציאַלע פאַרהעלטענישן.

קוים קומט אַ געבענטשטער דיכטער, אַליין פון קינדווייז אָן געטובלט אין די פאָלקס־נויטן, און געפינט ס׳וואָרהאַפטיק־קלאַנגפול וואָרט וועגן זייערע צרות, ווערן זיי אויפגעציטערט. זיי דערשפּירן אין אים אַן ערלעכן פריינט, וואָס האָט זיך מיט ליבהאַרציקייט און יראת הכבוד פאַרקליבן אונטער זייערע נשמות און אַרויסגעבראַכט אויף דער וועלט־ליכט זייער דורך אַלעמען באַשפיגן פינטעלע מענטש. דאָס איז פאַר זיי אַזאַ דערשיטערניש, אַז זיי הויבן־אָן מערער זיך איבערנעמען מיט זייער אומגליקלעכן גורל און הייבן ביסלעכווייז אָן באַקומען רחמנות אויף זיך אַליין און באַוואַשן זיך מיט אייגענע טרערן. אברהם רייזען, דער גרויסער פאָלקס־דיכטער און נאָבעלער פאָלקס־פריינט האָט מיט זיין כישוף־וואָרט געעפנט דאָס האַרץ פון דעם פאַרשטויסענעם און פאַרשעמטן, אים געהאָלפן זיך אויסוויינען און אויסזינגען. אברהם רייזען איז במשך פון צוויי דורות געווען ברייט צעזונגען צווישן ברייטן עולם; זיינע לידער זענען געטובלט געוואָרן אין ימים טרערן פון אָרימע מאַמעס, אָפּגענאַרטע כלות און פאַרפּראַצעוועטע אַרבעטער, וואָס אויב לעבן הייסט ליידן, דעמאָלט לעבן זיי שוין לאַנג, אויב לעבן ווידער הייסט געניסן, זענען זיי נאָכנישט געבוירן געוואָרן. וואָס ביטערער די צרות זענען געוואָרן, אַלץ מער פאַר־

הייליקט איז געוואָרן רייזענס־ליד, ביז עס איז מגולגל געוואָרן אין אַ תהילים־געזאַנג פון „תפילה לעני".

און געקומען איז רייזען צום פאָלקסמענטש מיט אַ קלאָר פילעוודיק וואָרט, מיט אַ קורצאָטעמדיק ליד אָן שלשלתדיקע מעטאַפאָרן מיט אַן ענג געשלאָסענעם ריטם פון אַן על פּי רוב פינף אָדער אַכט־טראַפיקע שורה. נישט איבערגעצערטלט מיט דער „לנוי" פאָרם, שטענדיק אין זינען געהאַט דעם „לתשמיש"־אינהאַלט און ס׳איז דערביי נישט צו פאַרלייקענען, אַז רייזענס ליריש ליד איז נישט פריי פון אַ רעטאָרישן עלעמענט. מאָ־מענטנווייז איז צו זען ווי די פראַזע פאַרטרעט ס׳בילד.

מיט טרערנדיק רחמנות האָט ס׳רייזענישע ליד לייכט אַראָפּ־געשווימט דעם זיפץ פון די לעפצן און זיך ממש געבעטן צו זינגען.

אין דעם פּרט, ווי אויך אין דער פּערזן־טעכניק, איז ביי רייזענען פאַראַן אַ נאַטירלעכע איינשטעלונג, וואָס האָט זיך במשך פון פערציק יאָר קנאַפּ־וואָס געביטן. ס׳ליד פון יאָר 1945 איז אַ לייבלעכע שוועסטער פון 1905־ליד. אי די אי יענע זענען היימישע ווינט־און רעגן־מאָטיוון. וועגן דער אויסגאַנגלאָזער לאַגע פון די געטאָ־מאַרטירער זאָגט רייזען אין יאָר 1945:

איך פיל זייער בעטן,<br>
איך הער זייער פרעגן<br>
ווען ס׳קלאַפּן די טראָפּן<br>
אויף פענצטער און רעגן.<br>
ביי רעגן, ביי שניי —<br>
איך גיי מיט מיט זיי.

ווען מיר פּרוּוון פון אָט דער בלוט־געקלעמטער ספערע געדאַנקלעך זיך איבערטראָגן אין דער אַמאָליקער קוידאַנאָ־ווער סביבה פון דאגות פרנסה הערן מיר רייזענען זינגען:

פון דער דירה טרייבט מען,<br>
דרויסן איז אַ רעגן;<br>
גוואַלט, ווו טוט מען הין זיך,<br>
הייב איך אָן צו פרעגן.

איז דער אונטערשיד אין די ציטירטע לידער באמת גרויס? אוודאי זענען די פאַקטן גוואַלטיק אַנדערשטיקע, אָבער צי קוקט נישט רייזען אויפן היינט דורך דער זעלביקער פּריזמע ווי אויפן אייערנעכטן?

בײַ אונדזער גאַנצן גיהנום־שיקזאַל, װען פֿון אַלע מאָראַ־לישע װערטן איז געװאָרן אַ באַרג אַש און אַרום אונדז איז אַ מדבר, פֿאַרלירט פֿונדעסטװעגן רײזען נישט זײַן אַלט־אַלטן בטחון און האַרציקע באַדערפֿעניש — צו טרײסטן. די איבער־לעבענישן זענען שװידערלעכע, דער אױספֿרײס אַ דערשיטערנ־דיקער, אָבער מיר זענען אַן אַלט פֿאָלק, װאָס האָט במשך פֿון טויזנטער יאָרן אַדורכגעמאַכט אַ היסטאָרישן בראַנד־װעג פֿון אַלע משונהדיקסטע עינוים און קײן שום זאַך קאָן אונדז שױן נישט אָפּשרעקן.

מיר האָבן פֿאַר גאָרנישט קײן מורא —
מיר זענען צו אַלץ שױן געװױנט;
צו װאַנדער, צו צװאַנג און צו גזירה —
װי ס׳װאָלט שױן דאָס האַרץ זײַן פֿאַרשטײנט

די װעלט האָט אונדז טאַקע אָפּגענאַרט, נעכטיקע פֿרײַנט זענען געװאָרן אונדזערע בלוט־פֿײַנט. די גאַנצע װעלט האָט פֿאַרלױרן דעם צלם אלהים און זיך גלײַכגילטיק צוגעקוקט װי מ׳קױלעט אױס אַ פֿאָלק, אָבער דער ײדישער פֿאָלקס־דיכטער פֿאַרלירט נישט דעם גלױבן אין דער ײדישער מענטשלעכקײט און אױך נישט דעם גלױבן אין דער ליכטיקײט פֿון קינפֿטיקן מענטש.

נאָר מײנט נישט, אַז איר װעט אױך רױבן
פֿון רחמים בײַ אונדז דאָס געפֿיל;
עס שטאַרקט זיך נאָך מער אונדזער גלױבן
אין מענטש, אין זײַן ליכטיקן ציל...

ס׳איז נישט אינגאַנצן קלאָר װער ס׳װיל בײַ אונדז צו־רױבן ס׳געפֿיל פֿון רחמים און פֿאַר װעמען דאַרפֿן מיר אײַנהיטן אין זיך ס׳רחמים־געפֿיל. פֿאַר זיך? אָדער פֿאַר אונדזערע תּלי־נים? צי װיל רײזען אױף אַן עװאַנגעלישן אופֿן זײ פֿאַרגעבן די שװידערלעכע זינד? אױפֿן זכרון קומען די שורות פֿון רײזענס אַן אַלט ליד:

זינג מיר נישט פֿון טוגנד,
רעד מיר נישט פֿון זינד;
יעדער מענטש בלױז שפּילט זיך
שפּילט זיך װי אַ קינד.

אָדער די שױן אױבן ציטירטע פּאָר שורות פֿון זעלביקן ליד:

כ׳טראָג אַ האַרץ פֿיל ליבע,

כ׳בין מיט ליבע רייד;
גוטע מענטשן שלעכטע,
אַלע זענען גלייך.

צי איז דאָס ליד „מיר" נישט אַ מאָל אַ רעמיניסצענץ פון די אָקאָרשט ציטירטע פריסטע פען־שטיפּעריען? — מיר זענען שוין איבערגעזעטיקט פון אונדזערע פיל דורותדיקע רה״מים־שפּילעריען. עס בענקט זיך נאָך אַ ביסל „שפוך המתך"...

אברהם רייזען איז דורכוים פאָלקס־דיכטער. בעצם אונטערשיידט זיך אַ פּאָלקס־דיכטער פון אַ נאַציאָנאַלן דיכטער דערמיט, וואָס דער ערשטער גייט אַרויס פון קאָנקרעטן מאַסן־לעבן, פון זייער טאָג־טעגלעכן שטייגער, פון בלוטיקע דאגות, התפּעלותן און אַנטוישונגען, דערגרייכונגען און ירידות. אַלץ איז אַרומגעוועבט על פּי רוב מיט אַ רעאַלן קוק און צומאָל אויך ראָמאַנטישן באַנעם פון די נאָענטע געשעענישן. ער פאַרפיקסירט די קעגנוואַרט אָן וועלכע ס׳איז געשיכטלעכע שייכותן. ס׳קאָן דעריבער נישט זיין קיין רייד וועגן ברייטע האָריזאָנטן און אַ פּשיטא שוין וועגן אריינבערענגען אַבסטראַקטע אידייען. דער צווייטער ווידער, דער נאַציאָנאַלער דיכטער, האָט נישט קיין ספּעציעלן אינטערעס פאַר באַזונדערע ציפערן ער אָפּעריִרט דערהויפּט מיט אונטערגעצויגענע סך הכלן. ער שטעלט זיך נישט אָפּ אויף באַזונדערע שיכטן, באַזונדערע שטייגער־ווינקלען; ער באַנעמט ס׳פאָלק ווי אַ גאַנצן אָרגאַניזם, ווי אַ טרעגער פון אַ היסטאָריש־אויסגעקריסטאַליזירטער נאַציאָנאַלער אידייע. אים אינטערעסירט קודם כל דער היסטאָרישער שיקזאַל פון דער נאַציע, איר עצמדיקער קולטור־אינהאַלט, איר באַזונדערער גאַנג איבער דער וועלט. אַלע אינווייניקסטע צעשטיקלטע פּולסאַציעס ווערן צונויפגעגאָסן און אונטערגעפירט דעם נאַציאָנאַלן שם הכולל. פאַר אַ נאַציאָנאַלן דיכטער פּאַסט זיך לאַנגער אָטעם, שטייגנדיקע ווייזיע און ברייטע האָריזאָנטן. ס׳רוב דערשיינט דער נאַציאָנאַלער דיכטער בעת אַ היסטאָרישן הויכפּונקט פון זיין פאָלק, ווען די עצמעקזיסטענץ פון פאָלק מאַכט דורך גרונט־איבערברוכן צום גוטן אָדער צום שלעכטן. אין דער הויכפּונקט־ספערע זענען געבוירן געוואָרן ר׳ יהודה הלוים „ציון הלא תשאלי" און ביאַליקס „בעיר ההריגה". דער קריזיס, וואָס דער פּוילישער קיבוץ האָט אי־

בערגעלעבט אין יאָר 1905 האָט געבוירן י. ל. פּרצעס נאַציאָנאַ־
לע וויזיע „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק". אונדזער פאַרמלחמה־
דיקער נאַציאָנאַל־וועלטלעכער גלגול, וואָס האָט פאַרטונקלט
דעם זינען פון אונדזער עקזיסטענץ האָט געבוירן ה. לייוויקס
וויזיע פון „גולם" און „גאולה־קאָמעדיע". אונדזער היינטיקע
קאַטאַסטראָפע האָט אַרויסגעפירט צוויי יונגע דיכטער, וואָס
שטייגן וואָס אַמאָל העכער אין נאַציאָנאַלן שווונג און פּאַטאָס:
ח י י ם ג ר אַ ד ע א ו ן א ב ר ה ם ס ו צ ק ע ו ו ע ר.

די לעצטע קאַטאַסטראָפע האָט אויך אברהם רייזענען
אַרויסגעפירט פון זיין ביז איצטיקער פאַלקסדיכטערישער ספעי־
ריע און אים פאַרפירט אויף די ברייטע פלאַכן פון דער נאַציאָ־
נאַלער וויזיע. ס׳איז כדאי צו דערמאָנען זיינע לידער „איך
הער", „פליכטלינג אין פּאָרטוגאַל", „וואַנדרער", „נאָכן שטורעם",
„יידישן ליידן", „אין אַ טאָג אַזאַ", „מיר", „ערשטע", א. א. וו.
ס׳לוינט זיך אָבער אָפּשטעלן אויף דער היינטצייטיקער באַ־
לאַדע „דער טאַנץ."

דער מאַרטירערישער וועג פון די אייראָפּעישע יידן האָט
זיי אָפט געשטעלט פאַר שווערע נסיונות. זיי האָבן מסתמא
נישט איינמאָל מיט טויט־אַנגסט זיך געוואָקלט צווישן געפיל
פון שטאָלצן אומקום און קנאַפּע האָפענונגען אויף אַ שאַנד־
לעבן. פאַרמעסט זיך רייזען באַלאַדע־אַרטיק צו זינגען וועגן אַ
גרויסן גרייז, וואָס ווערט דורך דייטשע רשעים אין אַ וואַגאָן
געפירט צום קאַלכאויוון. ער ווערט אויפגעפאָדערט צו טאַנצן
פאַר די רשעים. איז לייכט צו פאַרשטיין, אַז דער גרייז סימבאָ־
ליזירט ס׳יידישע פאָלק און אַז דער מאָטיוו איז אַ רעמיניסצענץ
פון אַלט־בבלישן פאַרלאַנג צו זינגען אין געפענגעניש גאָטס־
וואָרט. אונדזערע אבות האָבן זיך דערפון אָפּגעזאָגט, און די
האַרפעס אויפגעהאָנגען אויף די ווערבעס, וואַרים איך נשיר את
שיר ה׳ על אדמת נכר? לכתחילה גייט טאַקע רייזען אין פוס־
טריט פון אַלטן נוסח:

ס׳האָט פון אָנהייב זיך דערשראָקן
אונדזער גרויער גרייז;
און אין האַרצן שטיל געבעטן:
גאָט דיין נס באַווייז.

זאָל דער צונג צעשמעטערט ווערן,

שיק אויף אים דיין בראַנד.
איידער טאַנצן פאַר רשעים,
איידער אַזאַ שאַנד...

ווייל ווי זאָל ער זיך דערוועגן
זינגען נאָך דערבײַ,
ווען אין הארצן ברענט דער צאָרן
ווי צעגליטער בלײַ...

עס דערגייט אָבער ביים גרייז צו אַ פסיכישן איבערברוך:

פלוצלינג האָט אים פאַר די אויגן
העל געטאָן אַ גלאַנץ —
און געלאָזט האָט זיך דער זקן
האַסטיק אין דעם טאַנץ...

זיינע מידע אויגן האָט ער
האַלבערהייט פאַרמאַכט.
אַז ער טאַנצט עם פאַרן בורא
האָט ער פרום געטראַכט.

איז אינטערעסאַנט צו וויסן, וואָס האָט דער פרומער זקן האַרט פאַר יציאת נשמתו אייגנטלעך געוואָלט אויסדרוקן מיט זיין „טאַנץ פאַר גאָט". פראָטעסט? פאַראַכטונג צום שונא? לויב פאַר די הימלען? אפשר טענות — „למה די תעמוד ברחוק? אָדער גאָר אַ רוף צו נקמה — „אל נקמות הופיע"?

ניין. דער גוטהאַרציקער אברהם רייזען וויל חס וחלילה נישט צעשטערן דעם שלום בית אויף דער וועלט. ס׳איז אַ טאַנץ פון דאַנקבאַרקייט פאַרן בורא, וואָס ער האָט באַשאַפן די וועלט אַ ז ו י און נישט אַ נ ד ע ר ש.

אַז ער טאַנצט עם פאַרן בורא
מיט אַזאַ געפיל,
ווייל ער האָט די וועלט באַשאַפן:
מענטשן און חיות פיל...

און די מענטשן — דאָן אין פעלקער
האָט ער איינגעטיילט;
און פון זיי — דאָס פאָלק ישראל
האָט ער אויסגעוויילט...

דער אַזוי און נישט אַנדערש דאַרף ביי אונדז וועקן אַ געפיל פון העכערקייט, וואָס מיר פאַראַכטן דעם טויט, ווייל מיר שטייען העכער פון אונדזערע פייניקער. ס׳האָט זיך די בעסטיע אַ וואָרף געטאָן אויפן מענטשן און דער הילפלאָזער מענטש שיקט זיינע טאַנק־בליקן צו די הימלען פול מיט דאַנק־באַרקייט, וואָס נישט אויף אים איז אויסגעפאַלן דער גורל צו זיין אַ מענטש־חיה. ער איז אויסדערוויילט צו זיין אַ האָמאָ־סאַפּיענס און ממילא אַן עם חכם ונבון... און פאַר דעם איז כדאי פאַר ליב צו נעמען אַפילו דעם טויט.

אָט די נאַיוו־האַרציקע באַלאַדע־פילאָזאָפיע איז אַזוי צו־געפּאַסט צו אונדזער אַמאָליקן אברהם רייזענען, וועלכער גע־פינט אומעטום זיין טרייסט־אויסוועג. רייזענס אומפאַרבעסער־לעכער גלויבן אינעם מענטש גייט אַזוי ווייט, אַז ער זעט באַ־שיימפּערלעך ווי דעם זקנס, וואָס אַמאָל העכער שטייגנדיקער, טאַנק צענעמט אינגאַנצן די דייטשע רוצחים. עס ווערט איינ־געשטילט זייער ווילדער חוזק און שפּאָט, וואָרים זיי פילן בחוש, אַז דאָס איז נישט גלאַט עפּעס אַ טאַנק, נאָר אַ „טאַנק פאַר גאָט״... דערצו ווערט רייזענס איצטיקע תפילה לקדוש געזונ־גען מיט די זעלביקע שטים־מיטלען, וואָס זיין אַמאָליקע תפילה לעני.

אוודאי זענען געווען צייטן, ווען רייזען האָט אויף אַ „ראַ־דיקאַלן״ שטייגער זיך אָפּגעטרייסלט פון די „קלעריקאַלע״ גאָט־זוכענישן, דערציילט דער וועלט, אַז אין זיין צימער זענען נישטאָ קיין מזוזות, אַז „כ׳בין מיין קינד נישט רעליגיעז״, אַז ר׳האָט קיין שום שייכות נישט מיטן הימל. און אויב שוין יאָ, וויל ער, אַז דער הימל זאָל אַראָפּנידערן צו דער ערד, כדי פון אים צו קענען פאַרביטערט רייסן די שטערן, אַקוראַט ווי מען רייסט עפּל פון בוים. מיט איין וואָרט: „כ׳האָב אין גאָט שוין לאַנג פאַרגעסן״.

פונדעסטוועגן דאַרף רייזענס איצטיקער „טאַנק פאַר גאָט״ נישט זיין פאַרן אויפמערקזאַמען לייענער קיין סורפּריז. ווייל רייזענס פולער גלויבן אין מענטשן זיין שטרעבן דיכטעריש אַרויסצובאַקומען פונם פאַלקסמענטש דאָס סאַמע לויטערע און ערלעכע, זיין זעען אומעטום די עמאַנאַציע פון גוטסקייט, זיין האַרציק מיטפילן און מיטווייטיקן מיט די ליידנדיקע און זיין

גלויבן אין וועלט־דערלייזונג איז בעצם ר ע ל י ג י ע. זאָגט ער דאָך וועגן אָפּשטאַם פון גאָטס און שלעכטס:

די ליידן פון טייוול,
דער נחת — פון גאָט.

ער נעמט נישט זיין גלויבן פון קיין רעליגיעזע ספרים אָדער פון פילאָזאָפישע טראַקטאַטן, נאָר פון זיין אייגענעם פיל־בארן לירישן „איך". באַגלייך מיטן לייַדנדיקן איוב קאָן ער זאָגן „ומבשרי אחזה אלוה". דערצו האָט ער זיך רעליגיעז גע־לייטערט אין זיינע „ביבלישע מאָטיוון", ד. ה. ביים איבער־דיכטן אויף יידיש „קהלת", ישעיה" און דערהויפּט „יחזקאל".

און איצט — נאָך אונדזער גרויסן חורבן — זינגט רייזען אַ נייע „תפילה":

ס'הערשט צייטס ירושה
אין אונדזער לעבן;
איך בענק נאָך קדושה
אין וויטן שטרעבן.

ער וויל, הייסט עס, נישט זיין אָפּגעריסן פון נעכטן, זיין אָנגעוויזן נאָר אויפן היינטיקן טאָג; ער מאַכט זיך קלאָר, אַז ס'זענען איצט צייטן פון ירושה און אַז אים קלעקט שוין נישט דער וואָכעדיקער טאָג, נאָר ער בענקט נאָך הייליקייט.

ער חלומט וועגן דעם, אַז:

אין שיין פון לעבן
אַ זינגען הערן.
מיט זון און שטראַלן
דאָס ליד פאַרוועבן —
צו קענען געבן
דאָס גרויסע שיינע,
אין טעג אין קליינע
פון אונזדער לעבן.

איז אונדז אוודאי ליב איצט צו ווינטשן דעם גרויסן יובי־לאַר, אַז ער זאָל אין זיין ווייטערדיק שאַפן אונדז ווידער געבן „דאָס גרויסע שיינע", ווייל דאָס וועט זיין אונדזער אַלעמענס פאַרמעגן.

איצט, ווען אברהם רייזען פייערט די קיילעכדיקע „זיבציק יאָר", מאַכט ער מסתמא ביי זיך אַ חשבון הנפש. עס איז באַ־קאַנט, אַז ביי רייזענען איז פּאָעזיע זיין לעבנס אינהאַלט, און

נישט נאָר זיין פּאָעזיע, נאָר די גאַנצע יידישע ליטעראַטור, וועלכער ער דינט געטריי שוין אַ האַלבן יאָרהונדערט, איז זיין אייגענער לעבנס־תוכן. מיר דערמאָנען זיך ווי מיט יאָרן צוריק האָט רייזען געשעפּטשעט אַן „אַלטע תפילה" פיל מיט אַנגסט פאַר דעם מעגלעכן גייסטיקן האַרבסט, וואָס קאָן חלילה איינ־טרעטן אין זיין שאַפן. דער דיכטער איז בכלל אַן איינזאַמער, אָן די לידער איז ער אָבער אינגאַנצן עלנט אויף דער וועלט. איז אברהם רייזען טאַקע מתפּלל, אַז דער רוח הקודש זאָל זיך נישט אָפּטאָן פון אים און אַז זיין יידיש ליד זאָל אים נישט פאַרלאָזן.

און אַז ס׳וועט קומען דער בייזער וועטער
שפּעטער, שפּעטער —
דער ווינט וועט בלאָזן
אויף וועלקע גראָזן,
אויף וועלקע בלעטער.
און אַלע וועלן מיך פאַרלאָזן —
פאַרלאָז מיך נישט,
מיין יידיש ליד.

מיר גלויבן, אַז זיין „יידיש ליד" וועט דעם יידישן פאָלקס־דיכטער קיינמאָל נישט פאַרלאָזן.

# ה. לייוויק — דער דיכטער אין חלום און אויף דער וואָר

(צו זיין 60־טן געבוירנטאָג)

הלמאי זאָל איך לייקענען, — ס׳איז פאַר מיר אַ גרויסע זכיה, וואָס איך האָב פון צייט צו צייט די מעגלעכקייט פערזענלעך צו פירן מיט ה. לייוויקן ביים קאַפע־טישל שמועסן מעניני דיומא, וועגן אַקטועלע טעמעס וואָס רויבן ביי אונדזער יעדן איינעם אַוועק ס׳ביסל זעלישע מנוחה. און ס׳איז מיר דערביי באַזונדער טשעקאַווע, וואָס נאָך די ערשטע אימפּולסיווע אויסלאָדונגען באַווייזט ה. לייוויק געוויינלעך באַלד איבערצופירן דעם אַקטועלן שמועס אויף ברייטערע שליאַכן. דער בליציק „איבערגעשטעלטער" שמועס הייבט זיך אָן קייטלען מיט גאָר אַנדערע רינגען און דערפירט כמעט שטענדיק אומפאַרמיידלעך צו אַן אינטים־פילאָזאָפישן מיינונג־אויסטויש וועגן ליטעראַטור, דערהויפּט וועגן פּאָעזיע. זאָל מיר אסור זיין, אויב איך ווייס גענוי צי דאָס איז ביי אים אַ געשיקטער מאַניר זיך אויסצוהיטן פון זלידנע פּאָלעמישע פליגן, אָדער ס׳איז ביי אים אַן איינגעבוירענע נטיה אינם אַקטועלן אויסצוגעפינען ס׳וועזנטלעכע, אינם מאָמענטאַלן אַרויסצושפּירן ס׳מאָנומענטאַלע. וואָרים — לאָמיר זיך נישט נאַרן — דאָס, וואָס געשעט אַרום אונדז אין איצטיקן מאָמענט טאָר באַין אופן נישט באַטראַכט ווערן בלויז ווי פאַראיינצלטע פאַקטן, ווייל די פאַראיינצלטע פאַקטן דרינגען תמיד אַרויס פון אַ באַשטימטער אומשטענדן־גרופּירונג. און די אומשטענדן־גרופּירונג ווידער דרינגט אַרויס פון אַן אַלגעמיינער

אַטמאָספערע, וואָס קען גרייִלעך זיך שוין גרענעצן מיט דעם געביט פון גרויסן **אומבאַקאַנטן**. אין דער לעצטער שורה קום איך פונדעסטוועגן צו דער מעגלעכער השערה, אַז דאָס שטאַמט ביי ה. לייוויקן מסתמא פון אַ באַשטימטן דיכ־טערישן און דענקערישן **צענטריזם**.

ס׳זענען פאַראַן דיכטער, וואָס אין זייער שאַפן צעצווייגן זיי זיך אין פאַרשידענע מאָטיוון — אין אידעען־ריכטונגען, וואָס צומאָל לויפן זיי **פּאַראַלעל**, צומאָל קרייציקן זיי זיך **קעגנזעצלעך** און צומאָל קנוילן זיי זיך אין **ווי־דערשפּרעכיקייט**. דאָס איז נאַטירלעך אַ רעזולטאַט פון אַ געשפּאָלטן געמיט, וואָס אָט ברוגזט עס זיך מיט טויט־ערנסטקייט, אָט טראָגט עס זיך מיט לייכטער שפּילעוודיקייט, אָט פאַרלירט עס זיך אין אומהיימלעכער אויסגאַנגלאָזקייט און אָט קלאַמערט עס זיך ווידער אין דער רוישיקער לעבנסלוס־טיקייט. דיכטער מיט אַזעלכע דעצענטראַליזירטע געמיט־צו־שטאַנדן קאָנען נישט תמיד פּרעטענדירן אויף טיפקייט, זיי האָבן אָבער שטענדיק די אַמביציע צו זיין צאַפּלדיק. אין דעם פּרט קומט מיר אויפן זכרון אונדזער דיכטער־נע־ונדניק פון דער פּאָר־רענעסאַנס־עפּאָכע **עמנואל רומי**. ער איז אויסגעוואַקסן אין אַ פאַרפרומטער יידישער סביבה, באַקומען אַ גרינטלעכע תלמודישער דערציונג, געשריבן שירים אין דער הייליקער שפּראַך, און פונדעסטוועגן איז זיין טעמאַטיק געווען אַ קונדסיש־לעבנסדורשטיקע. אַ גרויסער פאַרערער און אָנ־הענגער פונם רמב״מס פילאָזאָפישער שיטה און דערביי אַן אויטאָר פון עראָטיש־אויסגעלאַסענע לידער, וואָס האָבן אויפ־געבראַכט די דעמאָלדיקע אָפּגעהיטענע יידיש־געזעלשאַפטלעכע מיינונג, דעם א. ג. דעת הקהל. אַמאָל שרייבט ער בייסיקע, שטעכיקע און גאָט־לעסטערישע לידער און אַמאָל ווידער באַ־זינגט ער מיט גרויס התפּעלות די דרייצן רמב״מישע עיקרים, וועלכע ער באַטראַכט ווי דרייצן גרונטשטיינער פון יידיש־רעליגיעזן בנין. אַמאָל זענען זיינע לידער אַדורכגעזאַפּט מיט ממעמקים־בענקשאַפט צו גאָט־דערקענטעניש און אַמאָל איז ער גאָר פול מיט שפּאָט פאַר דער חלשותדיקער פרומקייט פון די רעכטגלייביקע. מיט איין וואָרט — ער ווערט כסדר געשליי־דערט פון קעגנזעצלעכע געמיט־צושטאַנדן און ממילא געטריבן צו פאַרשידענע אידעישע אויסבליקן. און ס׳געהער אוודאי

נישט צו די לייכטע זאַכן אויסצוגעפינען דעם צענטראַל־פּונקט פון וועלכן דאָס אַלץ קוואַלט אַרויס.

גאַנץ אַנדערש איז עס מיט ה. לייוויקן. זיין דיכטערישע פּערזענלעכקייט באַשטייט נישט פון קיין ווידערשפּרעכיקע עלעמענטן, ווייל זיין אידעישע איינשטעלונג איז לכתחילה באַזירט אויף צענטריזם. וואָס ער זאָל נישט שרייבן — אַ דראַמע, פּאָעמע און עסיי, — וועגן וואָס און ווי אַזוי ער זאָל נישט רעדן — אַן עפנטלעכע רעדע, לעקציע אָדער אַ זייטיק אונטערהאַלטונג־געשפּרעך — קרייזט עס אַלץ אַרום אַ צענטראַלן פּונקט, וואָס איז דער הויפּט־אינטערעס פון זיין לעבן און שאַפן. ס׳זענען ביי אים נישט פאַראַן קיין צופעליקע מאָטיוון, קיין אגב־אורחאדיקע טעמאַטיק. אַלץ, וואָס גייט אַרויס פון זיין פען און אויך מינדלעכן אַרויסטריט איז אַ פאַרכאַפּנדיק געזעמל דיכטערישע וואַריאַנטן פון אַן אייך־און־איינציקן גרונט־מאָטיוו, וואָס לאָזט אים נישט רוען. ס׳דאַרף דעריבער קיינעם נישט חידושן, הלמאי זייטיקע שמועסן מיט לייוויקן ווערן דורך אים דיסקרעט אַרויסגעפירט פון דעם פליסיקן צופעליקייט־מצב און איבערגעפירט אין די פאַראַלגעמיינערונגס־רעגיאָנען. אין אַלע ווידעראַנאַנדן זוכט ער שטענדיק דעם צד השוה שבהם, דעם מיטלפּונקט, וואָס שמעלצט זיי צונויף.

בפרט, אַז אַלע לייוויקס פאַראינטערעסירונגען ציען זיך צו איין פּונקט — צו זעלבסטאַנטפּלעקונג. אַדרעטום זוכט ער זיין צווייטן „איך", וואָס זאָל ווערן אַ מיטזורעער. ער דערבליקט דעריבער אין יעדן זיין אייגן פּנים, שאַרט פון יעדנס ליפּן אַראָפּ זיין אייגענעם צעקרומטן שמייכל, באַקליידט יעדן איינעם מיט זיין אייגענעם טרויער און וויל פון יעדן אַרויסשפּירן אַ ליכטיקן מיטאָנזאָגער פון קינפטיקן גליק. אין אַ ליד פון זיין גאָר פריען פעריאָד זאָגט ער:

אויף אַלע געזיכטן — מיין אויסזען,<br>
אויף אַלעמענס אויגן — מיין בליק,<br>
מיין טרויער אין אַלעמענס הערצער,<br>
מיין טרויער — אַן אָנזאָג אויף גליק.

אויף אַלעמענס ליפּן — מיין שמייכל,<br>
אין אַלעמענס ווערטער — מיין פרייד;

עס האָט נאָך דער ווינט נישט צעבלאָזן
מיין אָטעם, דעם ג׳רוך פון מיין קלייד.

למען האמת דאַרף איך זאָגן, אַז מיר קומט אויס זעלטן צו זען ה. לייוויקן אַפילו אַ לייכט צעשמייכלטן. ס׳רוב זענען זיינע דינע ליפּן צונויפגעפּרעסט אין אַן אַנטשלאָסענער ערנסט־קייט.

אויסער דעם וואָס לייוויק באַווייזט יעדן איינעם מיט־שמועסער אוממיטלבאַר אָנצושטעקן מיט אַ באַזונדערער ערנסטקייט און אומבאַמערקטערהייט אַריבערפירן אין אַן אַנ־דער אַטמאָספער, דריקט ער שוין אין זיינע יינגל־יאָרן אויס באַוווסטזיניק דעם בפירושן באַגער מיטצופירן מיט זיך די סבי־בה, אָנצופילן זיינע פריינט מיט זיין אומעט און זיי „איבער־געבן" ס׳אייגענע גייסטיקע פּרצוף־פּנים.

— — — — — — — — — — — —

זייט טרויעריק, מענטשן — פאַרלירט נישט
מיין אָנבליק פון אייער געזיכט.

אָט־דער אַלגעמיינער לייוויקשער אומעט נעמט זיך אויסשליסלעך פון דעם באַוווסטזיין וועגן מענטשנס פאַרקנעכ־טישקייט. לייוויק זעט כסדר דעם מענטשן אַ געפּענטעטן און וויל אים זען אַ באַפרייטן. דאָס אַבסאָלוטע דערשיינט פאַר אים אין געשטאַלט פון אַ פרייען אויסגעלייזטן מענטש, ווי אַ „האָ־מאָ ליבער" (פרייער מענטש). דער גרונטשטריך פון זיינע אַלע דיכטערישע זעונגען איז די ה י י ל י ק י י ט פון פרייען מ ע נ ט ש ן. עס טאָר נישט געמינערט ווערן קיין האָר פונם מענטשנס ווערדע. בכלל פאַרפאָלגט אים כסדר דער גרויליקער קייטן־געקלאַנג, וואָס באַטייט די טיפע חרפּה פון דער גאַנצער מענטשהייט. זיין אידעאַל איז — ד י אַ ב ס אָ ל ו ט ע א ו י ס־ל ו י ז ו נ ג פ ו ן מ ע נ ט ש.

מיט דעם הייבט זיך אָן דער „בראשית" פון זיין דיכטעריש שאַפן און מיט דעם שפּאַנט ער היינט ווי אַ דיכטער־וויזיאָ־נער, אַ בן־שישים. אָט־די ליניע ציט זיך פון זיין כמעט ערשט ליד א. נ. „יינגלווייז", וואָס ער האָט געשריבן מיט פיר און דרייסיק יאָר צוריק ביז זיין נייעסטע דראַמאַטישע פּאָעמע „מהר"ם פון ראָטענבערג", אין וועלכער ער פלעכט אַ היסטאָ־ריאָזאָפישע בריק צווישן מאַינץ און דאַכאַו. אים האָט שוין

ווי אַ קליין יינגל געאַרט דער זאָרגלאָזער שפּיל און „פּאַרשייט"
געלעכטער פון זיינע יונגינקע חברים. ער איז שוין דעמאָלט
אַריינגעטראָטן אין זיך גופא און אַרומגעטראָגן זיך מיט זיין
שווייגנדיקן ערנסט. ער האָט ביי זיין לעבנס־באַגין שוין באַ־
נומען דאָס אַריינשווייגן פון ליידנדיקן מענטשן אין זיך אַליין
און געגלייבט, אַז גראָד דורך די ליידן וועט דער מענטש ווערן
געלייטערט און פון אָט־דער יסורים־געלייטערטקייט וועט
אַרויסשפּראָצן די וועלט־גאולה. אין יאָר 1914 שרייבט לייוויק:

נאָך יינגלווייז, ווען אַלע קינדער האַלטן זיך אין שפּילן,
האָב איך מיך פאַר אַ גרויסן שוין געהאַלטן,
געלעבט מיט זיך אַליין, מיט מענטשן פון דערווייטן,
אַזוי ווי עפּעס וואָס פון אַלעמען באַהאַלטן.

איך האָב שוין דאַן געזען, ווי מענטשן ליידן, שווייגן —
האָב איך דעם שווייגן זייערן אין זיך פאַרנומען,
און עפּעס פאַרגעשטעלט זיך ווייט אין ווייטער עלטער,
עפּעס גרויסעס, וווּנדערלעכעס וועט פון ליידן קומען.

און איך דער ערשטער וועל דערזען דאָס וווּנדערלעכעס,
גרויסעס
און מער פון מענטשן שוין נישט קענען עס פאַרבאָרגן;
פון טיר צו טיר, פון שויב צו שויב וועל איך לאָזן קלאַפּן
און אָנזאָגן דעם ליכטיקן פרימאָרגן.

דער אָנגעקינדיקטער ליכטיקער פרימאָרגן וועט קומען
ערשט דעמאָלט, ווען די קייטן וועלן צעקרישלט ווערן. שוין
דער פּרווו פון לייוויקס ערשטער דראַמאַטישער פּאָעמע, וואָס
איז געשריבן געוואָרן אין דער מינסקער טורמע, טראָגט דעם
סימפּטאָמאַטישן נאָמען „די קייטן פון משיח". דאָרט רעדט זיך
וועגן „מענטש מיט זיין אמתן צער". מ׳טאָר נישט פאַרגעסן,
אַז די פּאָעמע איז געשריבן געוואָרן אין טורמע דורך אַ פאַר־
שפּאַרטן יונגן רעוואָלוציאָנער. אינם ענגן תפיסה־קעמערל איז
אים געוואָרן קלאָר, אַז זיין אינווייניקסטער באַרוף איז צו
זיין ניט בלויז דיכטער, נאָר באַגלייך: ד י כ ט ע ר און ו ו ע ג ־
ו ו י י ז ע ר , וואָס דאַרף מיט זיין פלאַמיק וואָרט שיצן די
הייליקייט פונם מענטשנס אומאָפּהענגיק לעבן. ער איז אין דעם
פּרט אין דער געזעלשאַפט פון די איידלסטע גייסטער אין איי־

ראָפּע: ראָמען ראָלאַן, טהאָמאַס מאַן, מאַקסים גאָרקי און סטעפאַן זשעראָמסקי. גאָרקי האָט געוואָרפן דעם לאָזונג: „מענטש, דאָס קלינגט שטאָלץ", סטעפאַן זשעראָמסקי האָט געפּרעדיקט: „דער מענטש איז אַ הייליקטום, וואָס קיינער טאָר נישט פאַרשווענכן".

דעם אַבסאָלוטן ווערט פון מענטשנס לעבן שטעלט לייוויק אויף אַזאַ הויך, וואָס דאַרף צעשמעטערן אַלע אויסגעקליגלטע אַבסטראַקטע פּרינציפּן, ווייל יעדע אַבסטראַקטע דאָגמע, וואָס איז נישט פאַרבונדן מיטן רעאַלן לעבן, איז אין זיך אַליין — אכזריותדיק. נישטאָ אַזאַ מזבח, אויף וועלכן ס׳זאָל עמעצן זיין דערלויבט מקריב צו זיין דעם אומשולדיקן מענטש. יעדע עקדה, פון וועלכן צד זי זאָל נישט קומען, איז פאַר דער וועלט אַ גרויסע שאַנד. אויפן שער־בלאַט פון ה. לייוויקס דראַמע „עקדה" לייענט זיך אַזאַ ווידמונג:

„געווידמעט דעם אָנדענק פון די אַלע, וואָס זענען ווען נישט איז געבראַכט געוואָרן אומשולדיקערהייט פאַר אַ קרבן אויף וואָס פאַר אַ מזבח עס זאָל נישט זיין, — צי דער מזבח איז אַ קופּע שטיינער, צי אַ נאָרע פון אַ תפיסה, צי אַ בעט פון אַ שפּיטאָל, צי גאָר אַ שוועל פון אַ שטוב".

געדענקט זיך נאָך פ׳מעשהלע אין חומש, מיט וועלכער מ׳האָט אונדז פאַרוויגט אין די ייִנגל־יאָרן. — אברהם ווערט „אויפגעפאָדערט" פון הימל אַוועקצופירן זיין ציטערדיקן בן־יחיד אויפן באַרג מוריה און דאָרט אים ברענגען פאַר אַ קרבן צו גאָט. אברהם איז אַ טרייער דינער פון באַשאַפער און פאָלגט בלינדערהייט דעם הימלישן באַפעל. יצחק גייט מיט זיין פאָטער, צעבלוטיקט זיך די פיס בעתן קלעטערן איבער די שטיינער־בערג, נישט וויסנדיק דעם אייגנטלעכן צוועק פון דעם אויסטערלישן „אויספלוג". ליסוף שטייט ער אויג אויף אויג מיטן טויט; פון גרויס שרעק ווערט ביים ייִנגל די האָר גרוי. ער בעט זיך ביים טאַטן רחמים ער זאָל אים נישט אומברענגען, דער פאָטער בלייבט אָבער האַרט־אומברחמנותדיק ביי זיין פעסטן באַשלוס. דער זון פרעגט — מיט וואָס האָט ער זיך אייגנטלעך פאַרזינדיקט, אַז ער מוז דורכויס אָפּגעגעבן ווערן פאַר אַ קרבן? דער טאַטע ענטפערט, אַז יצחק איז ווי אַ טרער ריין פון זינד, אָבער אַזוי איז דער ווילן פון באַשאַפער. דער טאַטע ברענגט מיט כוח דעם זון אויפן מזבח; יצחק וואַרפט

זיך אין קאָנוווּלסיווער טויט־שרעק, אָבער ער איז אוממעכטיק לגבי מעסער און פייער. פּלוצים ווערט דער שווערער גזר־דין פון הימל „אָפּגערופן". מ׳האָט נאָר דעם אַלטן אברהם געוואָלט אויספּרוּוון אין זיין בלינדער געטפּאָרכטיקייט.

איצטער ווערט דער סדר איבערגעקערט, יצחק וויל זיך נוקם זיין אין טאַטן און פירט אים צו דער עקדה. אברהם האָט נישט קיין געפיל פאַרן נאָענטן לעבעדיקן, ווייל ער איז פאַרשקלאַפּט צום ווייטן און אַבסטראַקטן. דער יונגער דור וויל פאַרברענען די רעשטלעך פון דער אַלטער גוססדיקער וועלט. איצט בעט דער טאַטע רחמים ביים זון, אָבער אָן דערפאָלג. האָט דאָך פריער אברהם נישט געהאַט קיין ברעקל רחמנות אויף יצחקן און געהאַנדלט אויסשליסלעך לויטן „דרויסנדיקן" באַפעל... דער גורל איז זיך נוקם. אַ געבונדענער ליגט איצט אברהם אויפן מזבח און צאַפּלט זיך קאָנוווּלסיוו אין טויט־אַנגסט. אין דער לעצטער מינוט איז יצחקן אַרויסגעפאַלן די האַק פון האַנט. ער וויל נישט הרגענען דעם פאָטער, ער וויל אים נאָר „איינגעוויינען" אין טויט־שרעק, ער זאָל באַגרייפן יענעמס אומגליק. „גיי אַרונטער איצט פון מזבח און לעב און טראָג איבער גאָר די וועלט אונדזערע ביידנס אַנגסטן"... פון דעם דרינגט קלאָר אַרויס די סוווערענע אומבאַרירלעכקייט פון מענטש, וועלכער שטייט איבער אַלע אַבסטראַקטע געבאָטן, וואָס גליטשן זיך איבערן לייב ווי קאַלטע שלאַנגען...

לייוויק באַנוגנט זיך נישט בלויז מיט פיקסירן זיין צענטראַל־הומאַניסטישע אידעע אויף אַן אַלגעמיינער גרויסצוגיקער סימבאָלישער פלאַך. ער טוישט אויך אויס דעם באַנקנאָט אויף קלענערע „וואָכעדיקע" מטבעות; אין אַ ריי דראַמעס באַמיט ער זיך צעברעקלען זי אין באַזונדערע לעבנס־שפּריצן, בכדי זי צו פאַרגלייכן מיט דער טאָג־טעגלעכער ווירקלעכקייט. אין דער פּראָזאַאישער צעשטיקלונג טרעט אפשר בולטער אַרויס די גרויסקייט פון אָט־דער אידעע, וואָס פאַרפאָלגט לייוויקן אומאויפהערלעך. ס׳קומען אין באַטראַכט דריי דראַמעס: „באַנקראָט", „שמאַטעס" און „שאָפּ", וואָס זענען בעצם דריי וואַריאַנטן פון דעם זעלביקן מאָטיוו וועגן מענטשנס אינעווייניקסטן כוח, זיך אַקעגנצושטעלן דעם פאַרשקלאַפנדיקן צוואַנג. ה. לייוויק שרייט דיכטעריש אויס דעם ווי פון דער צייט האַרט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה. וואָס איז שוין שייך צו רעדן

אין דער צייט פון מאַידאַנעק און טרעבלינקע...
ער איז קיינמאָל נישט מיד געוואָרן צו רופן און וואָרענען נישט בויגן זיך פאַר דער בייטש, וואָס פייפט איבער אונדזערע קעפּ. ער ברענגט כּסדר אַרויס יראת הכּבוד פאַר דיכטערישן באַרוף וואָס ווערט אין דער פאַר־מלחמהדיקער הינטישער צייט און אין די נאָך־מלחמהדיקע רוצחישע יאָרן אומאויפהערלעך פּראָפאַנירט:

איך גלויב אין הייליקן אין מיין באַרוף.
אַרומגיין איבער דער וועלט אַן אָרעמאַן
מיט רויטער באָרד און הויכן דאַרן גוף
און אַלץ באַשפּירן מיט מיין חלפדיקן שפּאַן

צוויי עלעמענטן טיילן זיך באַזונדער אויס אין לייוויקס דיכטערישער וועלט: ל י י ד ן און ג ל ו י ב ן, וואָס דאַרפן דערפירן צום סינטעז פון ג א ו ל ה. ווען ער פאַרלאָזט פּ־יחידיש געצעלט, איז עס נישט כּדי צו זוכן געניוס, נאָר כּדי זיך מיט מענטשן צו פאַרברידערן אין ליידן, כּדי אין טיפן צער פלעכטן ברודערשאַפט פון גורל און חברשאַפט פון אמונה.

נישט דער שפּאַס פון לץ וועט אונדז צעשיידן
און נישט די קרומקייטן פון פאַלשן נאַר
מיר וועלן גיין, פאַרברידערטע אין ליידן,
דער וועג פון חברשאַפט דורך נייעם צער.

אוודאי איז דער וועג אַ שווערער, אוודאי וועט אויסקומען בלוטיקן די באָרוועסע פיס אויף דאָרנדיקע סטעזשקעס, אוודאי וועט מען נישט איינמאָל באַגאָסן ווערן מיט אַ רויטער פאַרשע־מונג צוליב דעם, וואָס די שנאה־העצער וועלן זיך כּסדר באַמיען דעם מענטשן צו דערנידעריקן, מבזה זיין. בפרט, אַז דעם הע־צערס הענט זענען נישט קיין ליידיקע, זיי זענען פול מיט שטיי־נער. אָבער דאָס איז נישט קיין צופאַל; אַזוי איז דער וועג פון וואָלפישן מענטש, אַזוי וועט ער שטענדיק האַנדלען, ביז מ׳וועט פון אים נישט אַרויסטרייבן די חיה.

נישט צום ערשטן מאָל, און נישט צום לעצטן,
צו זיין דערנידעריקט, צו זיין פאַרשעמט;
דער העצער, הינטער אַקסל פון געהעצטן,
לויפט נאָך, ווי אַלעמאָל, מיט שטיינער פולע הענט.

אוודאי איז דער מענטש אַן עלנדער, אוודאי איז די היינ־טיקע געזעלשאַפט אַ מיאוסע, אַ גאַטלאָזע. אוודאי הערט דער

עלנט נישט אויף צו שטייגן, און דאָס איז — פאַרשטייט זיך — נישט עלול צו שפּרייטן אַרום זיך פרייד. אָבער אָט־דער גורל איז נישט קיין אייביקער, דער וועלט איז באַשערט צו ווערן אַ בעסערע. דער דיכטער גיט זיך אָפּ רעכנשאַפט, אַז ער איז געקומען אויף דער וועלט נישט כדי געדיכטער צו מאַכן די שאָטנס און צעקראַצן די אייטערדיקע וווּנדן פון צווייפל. ער איז געקומען באַפעסטיקן די אמונה אין דער קומענדיקער ליכטיקייט.

איז דאָס דער גורל שוין אַזאַ פון אייביק?
אַ ניין, אַ ניין, ס'איז בעסערס מיר באַשערט;
צו לעבן קינדיש, צו לעבן גלייביק —
אויף דעם בין איך געקומען אויף דער ערד

ה. לייוויק דערקלערט זיך דאָ ווי אַ דיכטער, וואָס איז אויפן צו געבן נישט בלויז גראַמען־געפלעכט, פערזן־מוזיק און ליכט־שאָטן־שפּילערייען. ער איז געקומען צו דעם פון יאוש צעפרעסנעם דור און פון עלנט צעווייטיקטן יחיד איינפלאַנצן גלויבן אין מענטש. דעם דיכטערס עובדא דאַרף נישט באַשטיין בלויז פון ריטמישע צערטלערייען און מעטאַפאָרן־אַנטפּלעקונגען. ער מוז באַנעמען זיין ראָל ווי באַהויכטע שליחות; ער דאַרף סינטעטיזירן בילד, וואָרט און דערליידונגס־אויסבליק. אָט די שליחות האָט ער בילדעריש פאַרפיקסירט אין זיינע לעצטע לידער־זאַמלונגען און דערהויפּט אין זיינע סינטעטישע דראַמאַטישע פּאָעמעס.

מיר ווילן באַלד ביים אָנהויב ריזיקירן מיט דער געוואַגטער הנחה, אַז ה. לייוויקס דראַמאַטישע פּאָעמעס בילדן ס'עצמדיקע און אויסדרוקפולסטע פון זיין סאָציאַל־דיכטערישער וויזיע. זיכער פאַרמאָגט זיין לידער־אוצר און אַלגעמיינע פּאָעמעס די זעלביקע פּאָעטישע עלעמענטן וואָס די דראַמעס. אָבער ווען מ'זאָל ביים אָפּשאַצן לייוויקן נעמען אין חשבון נאָר זיינע לידער און אַרויסלאָזן פון זיי דאָס, וואָס איז געשריבן אין דראַמאַטישער פאָרם, וואָלט פון דעם אַרויסגעקומען אַ געזעלשאַפטלעך אַנדערער לייוויק, נישט דער, וואָס מיר קענען. דאָס מיינט, חלילה, נישט אונטערצושעצן דעם ווערט פון זיינע עכט לירישע לידער, פון וועלכע נישט קיין קליינע צאָל פאַרמאָגט פאָרמעל־קינסטלערישע דערגרייכונגען, צומאָל גאָר מוזיקאַלי־

שע דינקייט און מעלאַדישן חן, וואָס בלויז זייער אָטעם איז שוין מסוגל דעם סאַמע פאַרלוירנסטן לייענער סוגעסטיוו אָנ־צושטעקן מיט אַ ממעקים־געפּליסטער. דאָ האַנדלט זיך אָבער וועגן דעם, וואָס אין מינוטן פון זעלישער שיכרות קאָן אַ דיכ־טער פאַרלירן סיגעדולד צו זיך אַליין, צו די אייגענע צערט־לעכקייטן, שטומע קלאַנגיקייטן און שאָטן־שפּיל. דער רוסישער דיכטער יעסענין איז אין אַ שעה פון ווידערווילן־באַרוישונג צו זיך גופא, פלוצלונג ברוגז געוואָרן מיט דער אייגענער „מוזע״ און „מוטיק״ געזאָגט זיך אַליין: „מיר איז אומעטיק מיט דיר, סערגעי יעסענין״... לייוויק דער ליריקער איז נישט איינמאָל אַראָפּ־ אָדער אַרויף־געגאַנגען צו אָט דעם שטאַפּל פון זעלבסט־דערעסנקייט, ווען ס׳איז אים געוואָרן דערווידער זיין אייגע־נער שאָטן, די אייגענע שטימע און אייגענע גרימאַסן. ער האָט מער נישט געקאָנט פאַרטראָגן די אייגענע לירישע תנועות, בענקשאַפט־הנדלערייען און ס׳האָט אים פאַרפעלט אָטעם ווײַ־טער סאָלאָ אַרייַנצוזינגען אין פוסטן חלל זיינע אינעווייניקסטע, צומאָל אויסגעוואַרעמטע און צומאָל אויך אויסגעקילטע לי־ריזמען. בשעת חלום זאָגט ער זיך אַליין, אַז ער ווייסט, אַז דאָס איז בלויז חלום און וויל זיך אַליין אַרויסשלאָגן פון שלאָף. אין מאָמענטן פון „איך״־איבערזעטיקייט וויל ער זיך קאָנטראָ־לירן דורך דער וואָר, דורכן לעבן. ער וויל פון זיך אַרוים, כדי מיט די אויגן פון אַנדערע אין זיך טיפער אַריינקוקן. ער וויל זיינע ווערטער הערן פון יענעמס מויל, ער וויל זיין בענקשאַפט אַרויסלייענען פון יענעמס אויגן, ער וויל זיין קרומען שמייכל אַראָפּשאַרן פון יענעמס ליפּן, ער וויל זיינע געדאַנקען פאַר־נעמען פון יענעמס קול, פון געראַנגל־שמועסן, וואָס עס פירן אַנדערע מענטשן צווישן זיך אין סיטואַציעס וואָס דער רויער גאַנג פון לעבן האָט פאַר זיי צונויפגעפּלאָכטן. ער וויל זיינע אי־דייען אַראָפּשווימען פון לופט־רוים אַקוראַט ווי מ׳שאַרט מיטן בליק אַראָפּ שטערן פון הימל, כדי זיי צו באַקליידן מיט ווירק־לעכקייט. ער פילט אַ נויטיקייט זיך צו שפּיגלען אין די „אַראָפּ־געגאַרטע״ שטערן. ער וויל זיינע צעטאַנצטע אימאַזשן שוין מער נישט זען בלויז ווי זינגענדיקע אָדער וויינענדיקע ערגעץ־ווו אין וועלט־רוים נאָר אויך ווי ווירקנדיקע און האַנדלענ־דיקע אין צוזאַמענשטויס מיט לעבנס־קאָנפליקטן. אַזוי אַרום איז ביי ה. לייוויקן געבוירן געוואָרן די דראַמאַטישע פאָרם,

האָם דאַרף געבן לעבנס־פּרווו פאַר זיין וויזיע. וואָרים ווי פאַר־ביק פּיזאָל נישט זיין דער חזיון (טרוים־בילד) מוז ער געפּרווט און געלייטערט ווערן דורכן האַרטן נסיון פון טאַט.

יאָ, דער דיכטער פון זיין זייט פּרווט אויס זיין וויזיע דורך דראַמאַטישער געשטאַלטונג, דער לייענער ווידער איז פון זיין זייט באַרופן די דראַמאַטיזירטע וויזיע צו קאָנפראָנטירן (פאַר־גלייכן) מיט דער ווירקלעכקייט און אויסגעפינען אויף ווי ווייט זי קלערט אויף און גיט אַן ענטפער אויף די אים מאַטערנדיקע אַקטועלע פּראָבלעמען.

און דאָ בעטן זיך אויף דער פּען עטלעכע פראַגעס: פונ־וואַנען שטאַמט ה. לייוויקס וויזיע? צי האָט זי אין אונדזער ליטעראַטור געהאַט וועלכע ס׳איז טראַדיציעס, אָדער זי קומט פון זיך אַליין? צי איז זי „געבוירן פון אַ שטיין", אָדער האָט אַ גייסטיקן טאַטע? צי איז זי בלויז אָנהויב אָדער אויך המשך? — זענען דאָס משמעות פראַגעס, אויף וועלכע ס׳איז נישט לייכט צו געבן אַ פעסטן ענטפער, אָבער האַלב־לויזע השערות לאָזן זיך דאָ פונדעסטוועגן מאַכן.

אונדז ווייזט זיך אויס, אַז לייוויקס וויזיע איז דאָך נישט „געבוירן פון אַ שטיין". אמת, לייוויק קומט מיט אַ נייער פאָרם, אייגענעם אויסבליק און גאָר באַזונדערע לעבנס־שפּי־רונגען, אָבער ביי דעם אַלעם ווייזט ער אַרויס אַ דורכאויס יידיש וועלט־געפיל באַקליידט מיט יידישלעכע אַקסעסואַרן, וואָס מיר באַגעגענען שוין ביי י. ל. פּרצן. און ס׳איז אָנצו־נעמען, אַז אין אַ געוויסן זינען איז ה. לייוויק דער גייסטיקער יורש פון י. ל. פּרץ און דער מה"רל פון „גולם" איז אַ „שטיקל" קרוב פון ר׳ שלמה פון דער „גאָלדענער קייט", הגם דער היס־טאָרישער סדר פון די ביידע פיגורן איז אַ פאַרקערטער.

לאָמיר זיך נאָענטער אַרומקוקן אין ענין. אין וועלכע דראַ־מאַטישע פּאָעמעס זוכט פּרץ טאַט־אויסדרוק פאַר זיין וויזיע? פאַרשטייט זיך אין „די גאָלדענע קייט", „אין פּאַליש אויף דער קייט", „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" און „וואָס אין פידעלע שטעקט". אין וועלכע דראַמאַטישע פּאָעמעס וויל לייוויק אויס־פּרווון די לעבנסקראַפט פון זיין חזיון? — אין „גולם", „גאולה־קאָמעדיע", „די קייטן פון משיח" און „אַבעלאַר און העלואיז". באַלד ביים ערשטן בליק וואַרפט זיך אין די אויגן אַריין דער גרויסער אונטערשיד פון צייט־מהלך. דער פּויליש־זאַמאָשטשער

י. ל. פּרץ זוכט לעבנס־פּרווו פאַר זײַנע װיזיעס אין דער נאָענ־טער סביבה, אין רבּיישע הייף, אויפן היימישן שול־הויף, אין אַרבעטער־געסל און אין שטעטלדיקן מאַרק. דער װייסרוסיש־איהומענער ה. לייוויק טראַנספּערירט זיין וויזיע אַזש קיין פּראָג אין זעכצנטן יאָרהונדערט, ווייטער קיין פראַנקרייך אין אָנ־הויב מיטלאַלטער, שפּעטער אין דער מדבר און לסוף אין דעם אומבאַשטימטן ערגעץ, אין דער „ווייטער ווייט אַריין"... קומט דאָס אויס אַביסל חידושלעך. פּרץ האָט געלעבט אין אַ צייט ווען די נייע פאָרמען פון יידישן לעבן האָבן זיך ערשט אָנגע־הויבן אויספּיקן, מ׳האָט נאָך געלעבט אָפּגעזונדערט פון דער וועלט, די געשטעלטע פּראָבלעמען האָט נאָך נישט געהאַט קיין קאָנקרעטן יסוד, און פונדעסטוועגן האָט ער געזוכט באַשייד פאַר זיין וויזיע אין דעם נאָענטן אַרום. לייוויק געהערט צום יונגערן דור, וועלכער האָט זיך שוין פאַרבונדן מיט דער דרויסנדיקער וועלט, אַ דור וואָס האָט זיך געשטעלט קאָנקרעטע צילן און געמאַכט רעוואָלוציעס. לייוויק איז דאָך אַליין איי־נער פון דער מחנה רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן שוין מיט דער אייגענער נאָז געשמעקט קאַמפּס־פּולווער. ס׳יידישע לעבן איז שוין אויפגעוועקט געוואָרן דורך נייע פאָרמען פון נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַוועגונגען, און פונדעסטוועגן אַנטלויפט ער גאָר מיט זיין וויזיע אין די היסטאָרישע און אַפילו אין פּרע־היסטאָרישע „מרחקים".

דעם ערשטן נסיון פון זיין וויזיע פּרווט פּרץ אַדורכפירן אין דער „גאָלדענער קייט". כאָטש די סביבה איז אַ קאָנקרע־טע, אַ טיף איינגעוואָרצלטע אין יידיש־פּוילישן לעבנסשטיי־גער, רעדט זיך דאָרט וועגן הוילע אַבסטראַקציעס אָן אַ וועלכן כ׳איז ממשותדיקן באָדן. פּרץ האָט זיך געפונען אונטער די איינפלוסן פון איבסען, ווישפּיאַנסקי און מעטערלינק. די וועלט וויגט זיך צווישן טויט און לעבן, זינקט אין מרה־שחורה, די שכינה ברומט און וויינט, איז ער דערגאַנגען צו דעם פּונקט, אַז די וועלט וויל שוין מער נישט בלייבן אין קלעם און גאַרט אויסגעלייזט צו ווערן פון פּיין און שרעק. אָבער וועגן וואָסע־רער „וועלט" איז דאָ אַ רייד? וועגן דער יידישער אָדער דער „גאַנצער" וועלט? ווי אַזוי און מיט וואָסערע מיטלען קאָן מען זי אויסלייזן? און ווי אַזוי וועט ענדגילטיק די פּיין און שרעק פאַרשווינדן? אויף דעם ענטפערט ר׳ שלמה נישט, ער ווייסט

נאָר, אַז צו פירן דעם דאָזיקן קאַמף איז נישט יעדער איינער מסוגל און באַרופן. צו דעם פאָדערט זיך שוין גאַנצקייט פונם דור, וואָס זאָל זיין „גאַנץ" אין טומאה אָדער „גאַנץ" אין קדו־שה. כולו חייב אָדער כולו זכאי, זיגן קאָנען נאָר די עקסטרע־מען, קיין מיטלוועגן זענען נישטאָ. צי קאָן אונדזער היינטיקער דור, וואָס גייט אָפּ אין בלוט, „דיסקאָנטירן" אָט־די וויזיע? צי קאָנען זיי אויף אַ וועלכן ס׳איז אופן לייזן אונדזערע היינטיקע לעבנס־פּראָבלעמען?

אין אַלגעמיין גייט ה. לייוויקס „גולם" אין די פוס־טריט פון פרצעס „גאָלדענער קייט". מ׳דאַרף דאָך די פאָלקס־לעגענ־דע וועגן מהר"לס גולם און פּראַגער לאָקאַלן קאָלאָריט נישט נעמען ביי לייוויקן ווי אַן אויסשליסלעכן ציל פאַר זיך. ביי לייוויקן איז דאָס בלויז אַ כמו היסטאָרישע קאַנווע, אויף וועלכער ער שפינט אויס אַ וויזיאָנערישן פאַרמעסט צו געבן אַ גרויסן פּסעוודאָ־היסטאָרישן משל מיט אַ נאָך גרעסערן סאָציאַל־פילאָזאָפישן נמשל.

לויט דער סביבה, געשטאַלטן און שטייגער־רעקוויזיט זע־נען מיר ביינאַנד מיט לייוויקן אין פּראַג אין צענטער פון רײַך יידישע פּראָבלעמען. ס׳שטייט אַ פאָלק צווישן־בלוטדאָרשטיקע וועלף, וואָס זענען פאַרקליידט פאַר כומרים (פּריסטערס). זיי טשאַטעווען כסדר אויף אונדזער לעבן. פרעגט דער דיכטער דורך זיינס אַ געשטאַלט (דער פּרנס ר׳ באַסעווי): האַלמאַי האָבן די קריסטלעכע פעלקער אונדז פיינט? פאַרוואָס זענען זיי תמיד גרייט זיך וואַרפן אויף אונדז מיט די פויסטן? ענטפערט לייוויק דורך זיין צענטראַל־פיגור (דער מהר"ל) אַז די וועלט איז צעטיילט אויף צוויי פראָנטן: אַ יידישן און נישט־יידישן. אָבער די נישט־יידישע וועלט גענישט שטענדיק פון אונדזערע גייסטיקע אוצרות; דאָרט ווו מיר האָבן זיך נאָר צוגערירט מיט אַ פינגער וועט זיך שוין קיינער נישט קענען באַפרייען פון אונדזער השפּעה. ווי איז אונדזער באַציונג צו דער וועלט? — מיר האָבן נישט צו איר קיין קלאָרע באַציונג, אַמאָל שטייען מיר צו איר מיטן פּנים און אַמאָל ווידער מיטן נאַקן. מיר לעבן נישט אין איר און מיט איר; מיר לעבן *אין זיך* און באַטראַכטן זי בלויז ווי אַ פּרוזדור (פאָדערצימער), ווי אַ דורכ־גאַנג *צו אונדז אַליין*. ס׳אומגליק איז נאָר, וואָס אָט־דער דורכגאַנג איז אָנגעשטעלט מיט שפּיזן און העק. די

וועלט דאַרף דורכן אויסגעלייזט ווערן פון קלעם און נאָר מיר זענען באַרופן זי אויסצולייזן, אָבער מיר ווילן זי נישט אויס־לייזן לויט ז י י ע ר ווילן. אויסלייזן די וועלט לויט זייער ווילן, הייסט פשוט אויסלייזן די וועלט פ ו ן א ו נ ד ז.

דערווייל ווייסט די געשיכטע פון דריי דערלייזונגס־וועגן: 1) אַ פיזישער כוח, 2) גייסטיקע דערהויבנקייט און 3) לגמרי־דיקע פּאַסיווקייט. דורכן ערשטן וועג פירט דער גולם, וועלכן דער מהר״ל האָט באַשאַפן מיטן כוח פון שם המפורש (גאָטס נאָמען דורך פיר אותיות — יהוה), דורכן צווייטן וועג פירט דער יידישער משיח, וואָס וואָגלט איבער דער וועלט ווי אַ אין שמאַטעס־געהילטער אָרימאַן מיט צעווונדיקטע פיס, און דורכן דריטן וועג פירט נוצרי, וואָס שוועבט איבער דער וועלט מיטן צלם ווי מיט אַ האָרב אויף די פּלייצעס. דער „גולם״ שפּאַנט איבער דער וועלט מיט דער האַק, דער יידישער משיח איז געשמידט אין קייטן, און נוצרי — מיטן קרייץ.

דער שכל איז מחייב, אַז דער מהר״ל דאַרף וועלן אויס־לייזן די וועלט דורכן יידישן משיח. שטעלט זיך אַרויס, אַז דער־ווייל וויל ער דאָס נישט. פאַרוואָס? און דאָ קומט דער אינ־טעלעקטועלער ספּאַזם פון אַן אויסדערוויילטן שוינגייסט. — ווייל די צייט איז נאָך נישט געקומען דערצו. דער שעת הכו־שר (פּאַסיקער מאָמענט) וועט קומען ערשט דעמאָלט, ווען דער דור וועט אינגאַנצן אָפּגיין מיט קידוש השם־בלוט, ווען ער וועט האָבן אויסגעטרונקען דעם פולן כוס פון בייז. דעמאָלט וועט ער זיין כולו חייב צוליב דער וועלט־רשעות, אָדער גאָר כולו זכאי צוליב דער אייגענער קדושה. איצטער איז עס דערצו נאָך נישט דערגאַנגען. דער מהר״ל פאַרטרייבט משיחן און זאָגט, אַז דער יידישער משיח איז צו הייליק פאַר דער היינטיקער בלוטיקער צייט, סימוז פריער ווערן גאָר־גאָרג פינצטער, היינט האָט ער נישט וואָס צו טאָן ביי אונדז.

וואָס קען ער טאָן פאַר אונדז? וואָס זאָל ער טאָן?
צי האָט די וועלט שוין אויסגעלאָזט אויף אונדז
איר גאַנצע רשעות, אַלע שטראָפן?
צי איז שוין יעדערער פון אונדז פון לאַנד ביז לאַנד
געלעגן מיט האַלדז אַנטקעגן חלף?
צי האָט ער שוין דערהערט דעם לעצטן קרעכץ?
דערזען דעם לעצטן הייב פון שווערד?

פון וואַנען האָט ער עס געקענט דערזען, דערהערן, —
אַז אָט איז דאָך מיין האַלדז נאָך ניט דערקוילעט,
אַז אָט איז דאָך מיין גוף נאָך נישט פאַרברענט!

פאַרשטייט זיך, אַז אָט־דעם מהר״לס ווידער־קול האָט לייוויק אפשר געקאָנט דערהערן אין פּראַג אין יאָר 1918, אָבער באַין אופן האָט אין דער טרעבלינקע־תּקופה נישט געקאָנט דערגיין צו אַ וועלכן ס׳איז פּראַגער יידס אויער דעם מהר״לס ווידערקול. דעמאָלט האָט שוין דאָרט לאַנג־לאַנג אָפּגעהילכט דער לעצטער „אמן״ נאָכן לעצטן „קדיש״, וואָס איז אָפּגע־זאָגט געוואָרן דורך אַ יתום קטן, וועלכער איז שוין אַליין אויס־געלאָשן געוואָרן.

דערווייל איז איצט די צייט פון גולם, וואָס ענטפערט מיט האַק אויף האַק, מיט בלוט פאַר בלוט. אָבער דער גלומדיק־געפּענטעטער כוח בונטעוועט זיך קעגן זיין באַשאַפער און ווערט דורכן מהר״ל באַפרייט פון לעבן. מיר פרעגן דעריבער די שאלה פון תנא: איזו היא דרך טובה שידבק בה האדם?״ (וועלכער איז דער גוטער וועג, מיט וועלכן דער מענטש זאָל זיך באַהעפטן?) אָט ליגן אין הימל: די האַק, קייטן און דער קרייץ — אַלע אויסגעשפּילטע. דער גולם איז נישט פאַרבונדן מיט דער וויטער צוקונפט, ער איז נאָר פאַר דער חיי שעה; ער איז נישט קיין דערלייזער, נאָר אַ רעטער, אַ דערווייליקער באַ־שיצער. פון בעטלער־משיח טראָגט זיך פוילקייט, און פון גע־קרייציקטן — טויט. אַרום זיי אַלע טאַנצן די הייל־כוחות און זינגען מיט טריומף:

ליגט דער קרייץ — נאָר נישט צום טראָגן,
ליגט די קייט — נאָר נישט צום קלינגען
ליגט די האַק — נאָר נישט צום שלאָגן.
זינגען מיר דאָס ליד פון גאָרנישט.

און אַזוי פאַרטאַנצן זיי ווייטער דעם בראָך פון די דורכגע־פאַלענע באַשיצער און דערלייזערס. ס׳ענדיקט זיך מיט גאָר־נישט; דער בעטלער־משיח — אומגערופן, דער מאַן מיטן קרייץ — אומבאַרופן. דערמאָנט דאָס אונדז דעם טאַנץ פון די מתים אין פּרצס מיסטעריע „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק״. דאָרט גייט דער טאַנץ אונטער דעם אַקאָמפּאַנימענט פון אויסגעשפּילטן בדחן:

אין קאַנסעקווענץ —
נישט דאָס, און נישט יענץ...

שטעלן מיר אויפסניי דעם תנאס פראַגע: וועלכער איז דער ריכטיקער וועג, מיט וועלכן היינטיקער דור דאַרף זיך באַהעפטן? איז דער ענטפער, אַז ס׳קאָן דאָ גאָרנישט זיין קיין רייד וועגן באַהעפטן מיט די רעטער און דערלייזער — „די וועלט באַזונדער, מיר — באַזונדער"... הייסט עס, אַז לייוויק שטעלט בלויז ס׳פּראָבלעם, אָבער פאַרענטפערט נישט.

לאָמיר ווייטער ציען דעם פאַדים פּרץ־לייוויק. פּרץ ווערט אין זיינע שפּעטערדיקע דראַמאַטישע פּאָעמעס וואָס אַמאָל נעענטער צו די מאַטעריעלע און גייסטיקע נויטן פון זיין דור. אין „פאַליש אויף דער קייט" דערשיינט דער פאַרחלומטער „זינדיקער" נישט נאָר ווי אַ קעמפער מיט ווינטמילן, נאָר אויך ווי אַן אויפרייסער פון אַן אָפּגעלעבטער וועלט פון אויסנוץ און אונטערדריקונג, כדי אָפּצורוימען דעם וועג פאַר אַ וועלט פון קאָנקרעטער גייקייט. ס׳רעדט זיך שוין וועגן קאַמף קעגן די, וואָס פאַרשעמען דעם דלות פון די געקריוודעטע, קעגן די רבנים, וואָס שטיצן די מעכטיקע, קעגן די, וואָס לאָזן דעם אָרימען נישט עסן ברויט צו דער זאַט א. אז. וו. דער אין דער שכינה פאַרבענקטער קלויזניק פאַראייניקט זיך מיט די פון דער עדה פאַרשטויסענע, כדי בייזאַמען „מיט געשריי פון העכסטן בונט" צעקרישלען די „פאַרהייליקטע" מנהגים פון לעגאַליזירטן טאָג־טעגלעכן אומרעכט. ווען פּרץ האָט צום ערשטן מאָל זיך געטראָפן אין וואַרשעווער זאַקסישן גאָרטן מיטן פלאַמיקן רעוואָלוציאָנער בייניש מיכאַלעוויטש, האָט ער אים באַלד געפרעגט צי ער האָט אין דער יוגנט געלערנט די נביאים... אין פּרצעס אויגן האָט די רעוואָלוציע געדאַרפט זיין דער לעבנספּתרון פון די נביאימס גרויסן דערלייזונגס־חלום. אָבער צו יענער צייט האָט דאָך בייניש מיכאַלעוויטש אויך געקאָנט הייסן — ה. לייוויק...

אויך אין זיין „טרוים פון אַ פיבער־נאַכט" ד. ה. אין דער מיסטעריע „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק", שלאָגט פּרץ אָן אין גרונט־טענער פון אונדזער פאָלקס־קיום, האָבנדיק דערביי ר ע אַ ל י ס ט י ש ע   א ו י ס ב ל י ק ן. אונדזער אויסטערלישער גאַנג איבער דער וועלט איז סימבאָליזירט אין דעם אַלטן וואַנדערער, וועלכער איז פול „מיט שטויב פון וועגן און

לענדער". די דראַמע איז אַ קייט פון סימבאָלישע סצענעס, איבער וועלכע מ׳דאַרף שטאַרק קנייטשן דעם שטערן. פונ־דעסטוועגן לאָזן זיי זיך אויסטייטשן אין אַ וואָכעדיקער שפּראַך; ס׳איז אַ געררייד וועגן זאַכן, וואָס זענען שייך אונ־זער טעגלעך לעבן. ס׳האַנדלט זיך וועגן רעוואָלט קעגן דער אַלטער פינצטערער וועלט. מיר זעען אויפן שטעטלדיקן מאַרק אין דעם שיקזאַלהאַפטן יאָר 1905 אַ מאַרש פון קאָנקרעטע געזעלשאַפטלעכע כוחות. פּרק גיט דעם פאַרמעסט און דעם דורכפאַל. פּרק איז אינגאַנצן מיט די באַגייסטערטע פאַרמעס־טער און איז טיף אומגליקלעך צוליב זייער דורכפאַל.

אין די יאָרן 1932־1930, ווען אַרום אונדז האָט אין מיטל־אייראָפּע געפלאַקערט אַ וואַלד פון גיפטיקער שנאה און דער טייוול האָט שוין גענומען גרייטן אונדזער אומקום, האָט זיך ה. לייוויק געפונען אין אַ געצוווּנגענער אָפּגעזונדערטקייט. דאָרט, אין אַ סביבה פון דורכן גורל געקריוודעטע מענטשן, האָט ער גענומען שפּינען דעם המשך פון זיין „גולם"־וויזיע, כדי צו געבן דיכטערישן באַשייד אונדזערע צעטומלטע חד־שים און יאָרן. ס׳איז געקומען אויף דער וועלט זיין „גאולה־קאָ־מעדיע". אָבער אַנשטאָט דערנענטערן זיך צו אונדז, איז ער גאָר אַוועק לויטן אָרט אומגלויבלעך ווייט אויף צוריקוועגס און אומגלויבלעך פאָרויס לויט דער צייט. „די האַנדלונג איז אַוּ בערגעוואָרפן אין דער ווייטער ווייט אַריין" און „קומט פאָר אין משיחס צייט". און ווידער הערט מען דעם אָפּקלאַנג פון פּרצעס ר׳ שלמה. ווי אַ מאָטאָ רוקט לייוויק אַרויס די תלמור־דישע מומרא: „אין בן דוד בא אלא בדור שכולו זכאי או שכולו חייב" (דער משיח בן דוד וועט נישט קומען סיידן אין אַ דור וואָס איז אינגאַנצן געלייטערט פון זינד אָדער אין אַ דור וואָס איז אינגאַנצן דורכגעדרונגען מיט זינדיקן שולד פון בייז). איז עס פּשוט אוממעגלעך אויף איין זייטל איבערצוגעבן די גרונט־עטאַפּן פון דאָזיקן גאולה־מאַרש. אָבער אויף אַ פּאָר שטריכן איז כדאי אָנצווייזן בקיצור.

דאָ קומט שוין נישט אין באַטראַכט בלויז דער „נאַאי־ווער" משיח־טרוים פון אַן אָפּגעשלאָסענער געטאָ־ערה, ווע־מענס טראַגישער פיבער איז אין „גולם" דערפירט געוואָרן ביז אויסגאַנגלאָזיקייט. עס איז געקומען אַ צייט פאַר אוניווערסאַ־לער אויספּאַסונג. עס קאָן זיך שוין נישט האַנדלען בלויז וועגן

ייִדישער גאולה, נאָר וועגן וועלט־דערלייזונג. די וועלט קאָן אָבער נישט אויסגעלייזט ווערן אין אַ צייט פון שטילשטאַנד און גלייכגילטיקייט; דאָס קאָן געשען אין אַ דור פון עטיש־זעיִישער געליטערטקייט.

אין דעם אַריינפיר צו דער „גאולה־קאָמעדיע" זאָגט לייוויק, אַז פון די פאַראַנענע משיח־נעמען האָט ער פאַר זיין משיח אויסגעקליבן חנינה. „חנינה באַדייט: רו, שיינקייט, חן, רחמים, שטילקייט". הייסט עס, אַז די צעווילדעוועטע וועלט דאַרף געהאָלפן ווערן דורך די פיר פּאַסיווע אייגנשאַפטן. נישט קאַמף, נישט שטורעם, נישט ווידערשטאַנד, ניט באַוואָפנטקייט, נאָר דורך שטילקייט און מיטלייד.

לויט דער ייִדישער טראַדיציע זענען פאַראַן צוויי משיח־עטאַפּן — משיח בן יוסף און משיח בן דוד. עס מוז פריער אומקומען דער ערשטער, כדי ס'זאָל קאָנען קומען דער צווייטער, דער ע נ ד ג י ל ט י ק ע ר. בן־יוסף גייט דורך דער וועלט מיט בייז, מיט בלוט, בן־דוד דאַרף גיין מיט ליבע, רחמנות און אַבסאָלוטער גערעכטיקייט. חנינהס גרענעצלאָזע מענטשן־ליבשאַפט מאַכט אים פאַר וועלט־געוויסן; ער, דער בן־דוד מאָנט גערעכטיקייטס־חשבון. אָבער זיין ליבשאַפט שטעלט זיך נישט אָפּ ביים מענטשן, נאָר שפּרייט זיך פאַנאַנדער איבער יעדן באַשעפעניש. אים ווייטיקט ס'האַרץ אַפילו ווען עס קומט אום אַ וואָרים. ער טראָגט אחריות פאַר וועלט־שיקזאַל.

זעען מיר ווי די וועלט קאָרטשעט זיך פון ווייטיק, די מענטשלעכע ווערדע ווערט געטראָטן מיט די פיס, מיליאָנען מענטשן האָבן נישט דעם ביסן טרוקענעם ברויט צו דער זאַט, מיליאָנען מענטשן ווערן פאַרפייניקט אין די תפיסות און לאַגערן. און אויך אונדז ייִדן איז געקומען דער גרעסטער בראָך, מ'האָט אונדז אָן אַ פאַרוואָס מיליאָנענווייז אויסגעשטיקט אין די גאַז־קאַמערן. און דאָ שאַרט זיך ווי אַ שאָטן אַרום די חורבות פון די פאַרברענטע געטאָס אַ בלייך־פאַרצערטער טרוימער, וואָס לאָזט פאַלן הויך־איידעלע רייד וועגן מילדקייט, ליבשאַפט און רחמנות; וועקט די וועלט צו אַ בלוטלאָזן אויפשטאַנד קעגן זיך אַליין. ער גלויבט, אַז אַפילו די גרעסטע רעוואָלוציע איז נאָך נישט ראוי צו ווערן אַ מזבח פאַר מענטשלעכע קרבנות. ער גלויבט, אַז ערגעץ־ווו איז דאָ עמיץ, וואָס מאַכט דעם חשבון פון אַלע וועלט־געשעענישן. הייסט עס — יש דין

זיש דיין! (ס׳איז פֿאַראַן געזעץ און ס׳איז פֿאַראַן אַ ריכטער). אוודאי וואָלטן מיר אַט־דעם וועלט־ריכטער צוגעשטעלט אַ גרויליקן חשבון פֿון מיידאַנעק, טרעבלינקע און אוישוויץ; זאָל מען באַצאָלן, אָבער משיח צאָלט פֿאַר אַלעם אָפּ מיט גוטס און איז אויף קיינעם נישט בייז. זיין כסדרדיק פֿאַרגעבן און בענטשן איז אַביסל דערווידערנדיק. אַ צוגעזיסטע צדקות און גוטסקייט, וואָס שטויסט אָפּ מיט איר צעקראָכנקייט. דער בן־יוסף דערקלערט טאַקע מיט רעכט:

— אָבער דיין גוטסקייט, דיין צדקות האָס איך.
— אַלע האָסן, — ווייל פֿון צדקות עקלט.

חנינה נעמט זיך דערמיט נישט איבער: „כ׳וועל וואַרטן ביז דער עקל וועט אַריבערגיין". ביי לייוויקן איז פֿאַראַן אַ גראָדווייזיקע פֿאַנאַנדערטיילונג: דער בן יוסף־פּעריאָד איז אַ כולו־חייבדיקער, דער בן־דוד־פּעריאָד — אַ כולו־זכאידיקער. מיר פֿרעגן: צי איז דער בן יוסף־פּעריאָד באמת אַ דורכאויס רשעותדיקער? — באשר מען וויל זעטיקן דעם הונגער, שטילן די געשטיקטע ליידנשאַפֿטן, לויז ווערן פֿון דער אַסקעטישער פֿאַרגליווערטקייט און פֿאַרבינדן די גאולה מיטן טאַנץ אויך פֿאַר די מאַטעריעלע באַדערפֿעניש.

און צוריקגעשמועסט: צי איז טאַקע דער בן־דוד פּעריאָד אַן אויסדרוק פֿון אַבסאָלוטער ליבשאַפֿט און פֿולער גערעכטיקייט? צי איז גערעכטיקייט עפּעס אַן אויסגעהוילטע פֿאָרשטעלונג, וואָס איז פֿריי פֿון צייט, אָרט אוןווירטשאַפֿטלעכע לעבנס־באַדינגונגען? צי איז דער היינטיקער נאָך־מאַידאַנעקמענטש מסוגל צו גלויבן אין די רעאַלע מעגלעכקייטן פֿון אַ משיח, וואָס וועט זאָרגעוודיק נעמען חשבון פֿאַר יעדן אומגעבראַכטן נאָגל. צי איז באמת צו גלויבן, אַז רשעות קאָן מען אויסראָטן מיט מילדער נאָכגיביקייט? ווען אָט־די לייוויקשע משיח־קאָנצעפּציע זאָל זיין בלויז אַ פּאָסטולאַט אָדער אַפֿילו אַ טרוים, דאַרף ער פֿונדעסטוועגן אויך אַרויסוואַקסן פֿון אַ וועלכן ס׳איז רעאַלן פֿאַרנעם.

דאָס אַריינלייענען זיך אין די צוויי מייסטערווערק, אין „גולם" און נאָכמער אין דער „גאולה־קאָמעדיע" גיט אַ סך גייסטיקן תענוג. ביידע דראַמאַטישע פּאָעמעס זענען באַהויכט מיט דיכטעריש־וויזיאָנערישן אָטעם און גיבן דעם לייענער אויף איבערבייט סיי זעלישע מנוחה און סיי זעלישן אומרו.

ווייל דערליי־זערישע־אומרואיק איז זייער קינסטלערישער אוי־טאָר. אָבער מיר, דער איצטיקער פאַרהאַרטעוועטער דור, קאָ־נען נישט בלויז שוועבן מיט דער צעשפּילטער פאַנטאַזיע פון אַבסטראַקטער משיח־טרוימעריי. מיר אַליין זוכן ערגעץ ווו אַן אָנהאַלט צו זאַמלען די כוחות אונטער אַ רעאַלער קאַמפּס־פאָן. נאָך דעם באַרוישנדיקן געזנג, וואָס מיר באַקומען פון לייוויקס משיח־דראַמעס, שפּאַרן זיך אויף דער צונג די ווערטער פון דעם בעל התהלים:

„...האָסט אונדז אָנגעטרונקען מיט ווייַן פון באַרוישונג, גיב דיינע פאָרכטער אַ פאָן זיך איינצוזאַמלען פאַרן אמת"...

און דער אמת קאָן נישט זיין בלויז אַן אַבסטראַקטער, ער מוז אויך זיין אַ לעבנס־אמת.

# ז. סעגאַלאָוויטש — דער דיכטער פון הייליקער נישט־הייליקייט

יעדן טאָג, אין די שפּעטערע מאָרגן־שעהן, האָט מען אויף איסט־בראָדוויי, אויפן קורצן אָפּשניט אַרום די יידישע רעדאַקציעס, געקאָנט זען אַרומשפּאַנען ז. סעגאַלאָוויטשן. מיט זיין שלאַנקער פיגור, ביינערדיק פּנים, עטוואָס בולטע, צעשראָקענע אויגן און אומרואיקן גאַנג האָט ער אויף זיך געצויגן פרעגנדיקע בליקן פון די יידישע דורכגייער. ווען ער איז געוואָרן מיד פלעגט ער זיך צוזעצן אויף דער שטיינערנער שוועל פון דעם „פאָרווערטס"־בנין. פון זיין פּנים האָט געשלאָגן אַן אומעטיקער עלנט און פאַרקלעמענדיק פאַרוואָגלטקייט. ער פלעגט מיט אַ פאַרלוירענעם בליק און טיפן זיפץ זיך אַרומקוקן איבער די פרעמדע גאַסן ווי ער וואָלט געזאָגט: איך האָב אויף שטענדיק פאַרלוירן מיין וואַרעמע היים אין דער יידישלעכער וואַרשע, פון איצט־אָן וועט אפשר איר, יידישע גאַסן אין ניו־יאָרק, ווערן מיין צווייטע היים. אָבער אין האַרצן האָט ער נישט געגלויבט אין דעם, וואָרים אַ היים, ווי אַ מאַמע, איז נאָר פאַראַן א י י נ ע.

פאַרבייגייענדיקע יידן פלעגן וואַרפן שטוינענדיקע בליקן אויף אים; עפּעס אַן „אומהיימלעכער" עדות פון אַ פאַרשניטענער וועלט. ער איז געקומען אין קאָכיקן יידישן ניו־יאָרק מאָנען געדעכעניש פאַר די, וואָס זענען אומגעקומען אָן אַ קדיש. דער היימלאָזער דיכטער, אויטאָר פון דורכן פאָלק צעזונגענער באַלאַדע „רייזל דעם שוחטס", וואָס איז אויפגעקומען אין די פּוילישע שטעטלעך, איז אין די לעצטע טעג פון זיין לעבן געוואָרן דער „משולח" פון דער גרויסער פאָלקס־דראַמע. שוין

מיט זיין אָנוועזנקייט אַליין האָט ער געוועקט אַרום זיך אומרו.

דער יידישער פאָלקס־דיכטער, אין וועלכנס לידער פאַר־ליבטע יידישע מיידלעך האָבן אַריינגעזונגען זייער בענקשאַפט, האָט קיינמאָל נישט געהאַט די אַמביציע צו קלעטערן צו הויך. ער האָט מיט זיין איינפאַכן פערז געוואָלט געבן אַביסל יום־טובדיקייט דעם יידישן אַרבעטס־מענטש, דעם האַנדלסאָנגע־שטעלטן און נייטאָרין. ער איז מיט זיי געווען צוזאַמען אין זייער גליק און אומגליק; מיט זיי מיטגעוויינט און מיטגעזונגען אין לשון־יידיש. ער האָט אין דער סאַמע גרויקייט געזוכט דער־הויבנקייט, אין דער סאַמע וואָכעדיקייט געזוכט קדושה.

מיין יידיש איז פון יידישקייט, פון פאָלק פון פּראַצע־לייט
פון וועבערס, וועלכע וועבן אונדז טליתים אוים פון זייד
פון בשמים־קלייט, פון שניט־געוועלב און וואַלד־
מסחר־פּאַרטאָן
אַ הייליקע נישט־הייליקייט, וואָס קריכט נישט
אויבן־אָן.

האָט דער גורל אומגליקלעך באַשערט, אַז זיין באַזונגענע וואָכעדיקייט איז דערהויבן געוואָרן צו דער העכסטער הייליקייט. זיינע מענטשן פון פּראַצע זענען מאַסנהאַפטיק געפירט געוואָרן צום קאַלך־אויוון מיטן כאָראַלן פאַר־גסיסה־געזאַנג פון „אני מאמין".

דער אויטאָר האָט איבערגעלעבט זיינע העלדן. איז נאָך פאַראַן אַ מער טראַגיש לעבן? שאַרט ער זיך, דער איבערגע־בליבענער, איבער דער וועלט ווי אַ שאָטן. אַ מאַמע, וואָס האָט איבערגעלעבט אירע אַלע קינדער. דער איינציקער זינען פון זיין עלנט לעבן איז באַשטאַנען אין אויסוויינען פאַר די צו־קונפטיקע דורות אונדזער גרויסן בראָך. דער ווייטיק האָט אָבער קודם כל אים אַליין איינגעבראָכן און ר'איז אַוועק פון דער וועלט...

זיינע לעצטע יאָרן זענען געווען אויסגעפילט מיט דער דערדריקנדיקער וויזיע פון דער אומגעקומענער יידישער וועלט; ער האָט זיך טאָג און נאַכט געוואָרפן מיט דיכטערישן ספאַזם. דער שטילער דיכטער פון צאַרטער ליבע איז מגולגל געוואָרן איז אַ מקונן, אין אַ יאָמערדיקן באַקלאָגער פון אונדזער גיהנום־אומקום. אויסערלעך איז זיין טויט געקומען פּלוצים, אומ־דערוואַרט. אין דער אמתן איז ער אין זיינע טאָג־טעגלעכע

טויט־שפּירונגען גייסטיק געווען באַהאַפטן מיט דער טרעב־לינקע־וועלט. און אין שעהן פון פּיינלעכן טרעבלינקע־געניום האָט ער עפּעס ווי אומבאַמערקט אויסגעהויכט זיין נשמה. איז עס געווען אַ מיתת נשיקה דורך אַ פאַרבינדן זיך מיט דער קדושים־וועלט, וואָס האָט נישט אויפגעהערט אין אים צו לעבן.

אין דער צעטומלטער שעה נאָך סעגאַלאָוויטשעס טויט, איז אוודאי שווער צו געבן אַן אָביעקטיוו אומגעפּעלשט בילד פון זיין שאַפן. זאָל מיר דעריבער דער לייענער פאַרויס מוחל זיין די מעגלעכע אומפּינקטלעכקייטן.

—— *** ——

ז. סעגאַלאָוויטשעס שאַפן איז לכתחילה נישט פאַרבונדן מיט קיין שום שול אָדער ריכטונג, וואָס זענען געווען אין דער יידישער ליטעראַטור איידער ער איז געוואָרן איר מיטבויער. זיין טעמאַטיק קומט נישט פון איינגעוואָרצלטן טראַדיציאָנעל־יידיש לעבן אָדער שטעטלדיקן שטייגער. יידיש־נאַציאָנאַלע מאָטיוון האָבן נישט געצויגן זיין אויפמערק און ער האָט נישט געהאַט קיין באַזונדערן אידעישן אינטערעס פאַר די א״ג יידיש־עטישע ווערטן. אוודאי מערקן זיך ביי אים לויזע איינפלוסן פון פּרצס ערשטע לידער, פון מאָריס ראָזנפעלדן, אברהם רייזענען, יהואשן און שפּעטער האָט ער זיך אַפילו צוגעאייגנט דעם שטילן טאָן פון דוד איינהאָרנען. יענע האָבן אָבער גע־האָט אַן אידעישן אונטערגרונט און יידישע איינגעוואָרצלט־קייט. סעגאַלאָוויטש דאַקעגן האָט זיין שורש עפּעס ווי גע־פלאַנצט אין דער לופטן. געקומען דער ליטווישער „גר״ קיין פוילן, גיך פאַרגעסן זיין גירסא דינקותא (יוגנט־דערציונג) ד״ה דעם גרעסטן און רייכסטן גאָב וואָס אַ מענטש פאַרמאָגט בכלל און בליק־שנעל זיך „צונויפגערעדט״ מיט דער פּוילישער לאַנד־שאַפט. אָט די כהרף־עינדיקע מעטאַמאָרפאָזע האָט אים אַזוי שטאַרק פאַרכאַפּט, אַז ער רופט אויס מיט באַגייסטערונג:

כ׳האָב ליב דאָס פרעמדע לאַנד,
דאָס לאַנד פון בונטע פאַרבן...
דאָ בין איך נישט געבוירן,
דאָ וועל איך אפשר שטאַרבן.

זיין בכבודיקער ערשטער אַריינפאָר דורך דעם אַלט־אַלטן פּוילישן קאַזשימיעזש איז טאַקע זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר

סעגאַלאָוויטשעס „דאָ בין איך נישט געבוירן" אין דער יידי־שער ליטעראַטור.

סעגאַלאָוויטש צאָלט נישט לכתחילה דעם יידישן עבר קיין צינזן, ווייל ריחאָט ביי אים גאָרנישט גענומען. דער ערש־טער וועזנטלעכער איינפלוס אויף זיין טעמאַטיק, טעכניק פון שרייבן און זיין גרונט־ריטם קומט גאָר פון דעם אַלגעמיין־אייראָפּעישן מוסטער און דערהויפּט פון דער רוסישער ליטע־ראַטור.

די קוואַנטיטאַטיווע שפע פון ז. סעגאַלאָוויטשעס פינף און פערציק יעריקן שאַפן לאָזט זיך איינטיילן אין פיר גרופּעס: ג ע ז אַ נ ג (פּאָעמעס און לידער), ד ע ר צ י י ל ן (נאָ־וועלן), ש י ל ד ע ר ן (ראָמאַנען) און ק ל אָ ג ן (חורבן־עלעגיעס).

ווען סעגאַלאָוויטש איז „פּאַרכליניעט" געוואָרן דורך דעם „לאַנד פון בונטע פּאַרבן", האָט ער זיינע אויפּברויזן און קלע־מענישן אויסגעזונגען אין אומעטיקע און בענקשאַפטפולע לי־דער. זיין טאָן איז אַ געשטיקטער, זיין געזאַנג אַ נאָגנדיקער אָבער דערביי שטענדיק עגאָצענטריש. אין מיטלפּונקט פון זיי־נע לידער שטייט ער אַליין און אַלץ, וואָס אין זיי געשעט און אַלץ וועגן וועלכן ס׳איז אין זיי אַ רייד, קרייזט אַרום זיין איי־גענער פּערזאָן. אַ געדיכט סוביעקטיווער שטריך גייט דורך זיינע פּאָעמעס, דערהויפּט די, וואָס זענען אויפגעקומען אין שטילע מינוטן פון געשטייגערטער איינזאַמקייט. דאָ קומט אָפט בולט אַרויס דער — צו יענער צייט — באַקאַנטער בענק־שאַפט־מאָטיוו אין דער סענטימענטאַלער רוסישער פּאָעזיע. די לירישע עלעגישקייט איז איינגעפּאַסט אין אַ לייכט־פליסיקן פּערז.

נאָך איידער טאָג וועט נעמען
פייניקן מיט זאָרג,
וויל איך אַ רגע טרוימען
און זיין אַ שעה מיט גאָט.

און הגם ער ווייזט שוין דעמאָלט אַרויס נייגונגען צו דער שפּעטערדיקער „אייביק־איינזאַמקייט" דורך וועלן אַנטלויפן פון „טומל און געדראַנג", זוכט ער דאָך נישט גאָט אין די זיי־טיקע טונקעלע התבודדות־ווינקלען, ווו ריזאָל קענען אומגע־שטערט זיך אַריינטראַכטן, נאָר שפּאַנט אין די באַגינען־שעהן

אונטערן פרייען הימל, כדי פון די ברייטע רוימען אין זיך איינ־
אָטעמען גאָטס אָנוועזנהייט.

איך וויים נאָך נישט אויף ריכטיק
דעם וועג, וואָס פירט צו גאָט:
אוודאי דורך די גרעזלעך,
וואָס באָדן זיך אין טוי.

דאָס אַלץ קומט פאָר באַגינען בעת די וועלט וועקט זיך אָקאָרשט צום לעבן. אין אָט־דער באַגינען־קילקייט איז ער זיך מתוודה פאַר דער ברייטער נאַטור־לאַנדשאַפט, שעפּטשענדיק דערביי אַ געבעט, אַז די אויפגייענדיקע זון זאָל פאַר עמעצן נישט אַנטפּלעקן זיין לעבנס־סוד.

און איצט ווען טיר און פענצטער
מאַכט אויף זיך אומעטום,
פאַרשלים איך און פאַרזיגל
מיין שטילן סוד אין זיך.

אמת, ס׳אויפשיינענדיק זון־ליכט צויבערט און לאָקט, אָבער טיף פילט ער, אַז אים וועט עפּעס נישט באַשערט זיין צו־פיל צו געניסן פון דער ליכט וואַרעמקייט. גיכער וועט אים אויסקומען זיך אָפּט הילן אין שאָטנס.

נאָר אויך מיר איז אַפילו
דער שאָטן בלויז באַשערט,
וועל איך אין שאָטן וועבן
פאַר זיך אַליין מיין ליד

סעגאַלאָוויטש רעדט אומעטום וועגן איינזאַמקייט, נישט מחמת ער איז, חלילה, אַ שונא פון מענטשן. גראָד פאַרקערט, ער קען שוין גאָרנישט אויסקומען אָן מענטשן; פון צו־פיל ליבע און גלויבן איז שפּעטער געקומען די ביטערע אַנטוישונג. די כּסדר אונטערגעשטראָכענע איינזאַמקייט איז ביי אים מער אַ „זאָל" איידער אַ „זיין", גיכער אַ פאַרלאַנג איידער ווירקלעכ־קייט. דאָס איז עפּעס אַ פּסיכאָלאָגישער „באַרוף" אין וועלכן ער האָפט זיך אויסצולעבן ריינער און זעליש לויטערער. אין דער ווירקלעכקייט אָבער לעבט ער מיט אַלע זיינע רמ"ח איב־רים אין דער פאַרהאַסטער און אַזוי פיל באַשפיגענער ג ע־מ י י נ ז אַ מ ק י י ט. די מעשה איז וואָס אַ צייט־לאַנג האָט ער ביי זיך אין דער מחשבה געמאָלט די פאַרביקסטע בילדער וועגן לעבן און מענטשן, אָבער ביי דעם ערשטן צענויפ־

טרעף מיט זיי זענען די בילדער איינגעאַנצן אויסגערונען. „איך בלומען זיי געטראָגן און צוריק באַקומען שטיינער". אָט די אַנטוישונג נאָגט אים שטענדיק ווי אַ וואָרעם; וואָס מער ער גלייבט אין מענטשנס ערלעכקייט, אַלץ מער טוען אים ווי די עולות. עפּעס ווי אַן אָפּגעענטפערטער, וועלכער האָט כּמעט ליכט צוריקבאַקומען שאָטן, זיצט ער אויף די חורבות פון זיין אַלטן גלויבן און קלאָגט אויף דעם צעריסענעם חלום.

אויף די פליגלען פון זכרונות
קומען בילדער און געשטאַלטן...
ווען האָב איך נישט באַגעגנט
מיט אַ ברכה אויף די ליפּן!
ווען האָב איך נישט געגלייבט?

ביי סעגאַלאָוויטשן שנירלען זיך די פערזן פליסיק אָן אַ וועלכן ס'איז אָפּהאַלט; זיי קייטלען זיך געשווינד אין סטראָפן. קיין שפור פון וואָרט־קאַרגשאַפט, אַן אומגעהייערע פרייגיביקייט בנוגע דער שפע פון סטראָפן און קאַפּיטלעך. ער מאַכט זיך אַליין קלאָר, אַז ער גליטשט זיך איבער דערשיינונגען און פאַרטיפט זיי נישט. ער איז אויסן צו געבן דאָס לייכטע און שוועבנדיקע, וואָס קען דעם מענטשן פאַרשאַפן הנאה.

איך זוך אין לעבן נישט קיין וווּנדער,
איך בעט דעם הימל נישט קיין נס.
מיין תפילה גייט צו גאָט באַזונדער
און דאַנק אים פאַר אַ צווייגל בעז

זיין ליד זוכט נישט קיין לאַבירינטן, ס'איז גענוג „אַ צווייגל בעז" כּדי ער זאָל קענען מתפּלל זיין.

פון זיין ערשטן פעריאָד איז „אין קאַזימיערזש" די בעסטע פּאָעמע און דורך איר האָט ער זיך שוין איינגעקויפט בירגערשאַפט אין דער יידישער ליטעראַטור. דאָס איז אַ פּאָעמע, וואָס האָט געצויגן אויפמערקזאַמקייט צוליב איר דעמאָלטדיקער נייקייט. אַ געמיש פון נאַטור־שילדערישקייט מיט סוביעקטיוו־לירישער באַהאַרצטקייט. אין פאָדערגרונט — ס'אַלטע קעניג־שטעטל קאַזשימיערזש, וואָס איז איינגעהילט אין יידיש־פּוילישע לעגענדעס; אַ שטעטל, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט אַ קייט בערג, טיף־באַגרינטע טאָלן, אַלטן שלאָס, ריזיקע דעמבעס און רוישיקע ווייסל־כוואַליעס. אין אונטערגרונט שטייט דער דיכטער, דער וואָס פאַרמאָגט אויף דער ערד גאָר־

נישט, ווייל זיין גאַנץ רייכטום שוועבט ערגעץ צווישן די הימל־רוימען.

סעגאַלאָוויטש קלאָגט זיך אויף דער דעמאָלטדיקער אָרעמ־קייט פון יידישן לשון, וואָס אין זיין ווערטער־שאַץ פעלט אויס דאָס טיפע קול פון דער נאַטור, ער מוז דעריבער שטיקן אין זיך דעם אינעווייניקסטן ניגון פון שטומען געזאַנג.

וווי רופט מען די פייגעלעך? ווי הייסן די בלומען?
עס האָט אונדזער שפּראַך קיין נעמען פאַר זיי:
באַשערט זיך צו פרייען אַזוי ווי אַ שטומער,
אַזוי ווי אַ שטומער פאַרבאָרגן דעם ווויי...

די שפּראַך־באַשיידנקייט איז דאָ אַביסל איבערגעטריבן, ווייל גראָד אין דעם פאַל פילט זיך נישט קיין באַזונדערע אָרעמ־קייט. הלוואי וואָלט די בילדלעכקייט געקאָנט גיין פּאַראַלעל מיט דער שפּראַך־פּליטיקייט. אין זיינע לידער פּאַרזעט סעגאַ־לאָוויטש דעם ברייטן אַרום, זיי זענען אַדורכגעזאַפּט מיט איינ־געליבטקייט אין זיך גופא; אַ כּפרדיקע צערטלעריי מיט זיך זעלבסט.

* * *

די נאָוועלע איז לגבי דעם ליד — אַן איבערגאַנג צו רייפ־קייט. עס פאַרשווינדט די נישט־דערזאָגטקייט פון אויסגע־פּוצטן ליד, וואָס איז מער פאַרטאָן אין דעם אייגענעם וואויל־קלאַנג. אין דער נאָוועלע איז דער רעאַליסטישער לעבנס־אויס־בליק אַ פיל־ברייטערער; די אומגעבונדענע פּראָזע האָט אַ פריי־ערן פלוס און איז גיכער מסוגל אַריינצודרינגען אין די סודות פון טאָג־טעגלעכן לעבן. דאָס הייסט אָבער נאָך נישט, אַז די נאָ־וועלע איז אינגאַנצן הפקרדיק אָן אַ וועלכער ס׳איז ריטמישער קאָנטראָל. אדרבא זי פאַרמאָגט אייגענע בוי־געזעצן; צוליב איר מיניאַטורקייט דאַרף זי אינהאַלטלעך זיין סינטעטיש געפּאַסט אין אַ קאָנצענטרירטער פאָרם. אמת, די בילדערישקייט איז ס׳רוב אַ שטריך־מעסיקע אָן אַ ספּעציעל ברייטערן פאַרנעם, אָבער די הויפּט־קאָנטורן מוזן דורכאויס אויסדרוקן אַ באַ־שטימטע גאַנצקייט. די נאָוועליסטיק שטאַמט פון אַבסערוואַ־ציע; וואָס שאַרפער ס׳איז די באַאָבאַכטערישקייט, אַלץ וואָר־האַפטיק־קינסטלערישער איז דער אַרט דערציילן און אַלץ נאָענטער איז דער וועג צום ענדציל פון דער נאָוועלע — צו דער פיזיאָנאָמיע (מעג זי זיין אין פּראָפיל). די נאָוועלע איז

עפּיש, דערציילעריש און דערפאַר נישט תמיד פאַרבונדן מיט דער שטורמישקייט פון דעם פּערזון־אויפברויז. דער לירישער עלעמענט — אויב ער איז בכלל פאַראַן — פלעכט נאָר דורך דעם שטאָף; דער גרונט־טאָן פאַרבלייבט אָבער ווייטער עפּיש. דאָס פאַרלאַנגט שוין פון שרייבער אויסדויער און רייפקייט.

אין סעגאַלאָוויטשעס נאָוועלן פאַרנעמט דאָס הויפּט־אָרט דער „דרייעק״; „איך, זי און ער״. ס׳רוב זיינע נאָוועלן באַוויזן, אַז דער אויטאָר מאַכט אַ מין רעקאַפּיטולאַציע־פּראָצעס פון זיינע פריערדיקע געדיכטן. דאָס מערקט זיך קודם כל לויט דער אַלגעמיינער שטימונג אין וועלכער די נאָוועלן פירן אַריין דעם לייענער. ס׳איז באַשיינפּערלעך צו פילן דעם הויך פון זיינע פּאָעמעס, מיט וועלכן זיין נאָוועלע־גילגול אָטעמט. דער זעלביקער גרונט־טאָן, וואָס ציטערט אין זיין סענטימענטאַלער פאַרבענקטקייט. פונקט ווי אין די לידער אַזוי אויך אין זיינע נאָוועלן וואָרצלט נישט סעגאַלאָוויטש אין מיטלפּונקט פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, נאָר באַוועגט זיך שטענדיק אַרום דעם ראַנד. ער איז אומעטום עגאָצענטריש, דערעיקרשט איז דאָס „איך״־פּינטעלע. דער גרונט־מאָטיוו איז ליבע, וואָס האָט אין איר פאַרגאַלאָפּירטקייט דיסטאַנסירט דעם „איך״, ווייל ס׳האָט זיך אונטערגערוקט אַן „ער״, געשטעלט אין אַ פאַרלעגנהייט די „זי״, ווייל ס׳איז אָנגעקומען אַ צווייטע „זי״. דאָס איז פילווייניק דער פאַרכישופטער קרייז, פון וועלכן סעגאַלאָוויטש קאָן זיך באין אופן נישט אַרויסדרייען. וואַריאַנטן פון איין און דעם זעלביקן מאָטיוו זענען זיינע נאָוועלן „געוועזענע״ „שפּילצייג״ „שויפענצטער״ „אַ קליינינקייט״ „די אייביקע צוויי״ „מיר זענען קוויט״ „קליידער״ „מימאָזע״ א. ד. גל. אוודאי געהער אָט דער מאָטיוו צו די אייביקע און דערביי סאַמע טיפסטע. אויף די דאָזיקע פּראָבלעמען האָבן זיך אין פאַרשיידענע ציטן פאַרמאָסטן גאָר גרויסע מייסטער. ס׳איז גענוג צו דערמאָנען ס ט. פּ ש י ב י ש ע ו ס ק י, וועלכנס הויפּט־ווערק זענען לויט זייער סיפור המעשה — ס׳רוב וואַריאַנטן פון איין און דעם זעלביקן מאָטיוו. ס׳שטייט דער מענטש, וואָס האָט זיך פאַרווירט אין דעם גרויסן רעטעניש פון דער געבענטשטער אָדער פאַרשאָלטענער מאַן־און ווייב־באַציונג. סעגאַלאָוויטש האָט עס איבערגעגעבן לייכט אָן אַ ספּעציעלער פאַרטיפונג.

שפּעטער אין זיין נאָוועלן־זאַמלונג „רויך פון אַ לולקע״ איז שוין דער טאָן מער אַ דערציילערישער, דער פאַרנעם — אַן עפּי־

שער און די מאָטיוון פֿאַרשיידנאַרטיקע. סעגאַלאָוויטש האָט זיך שוין אַרומגעקוקט איבער דער וועלט, דערזען מענטשן אין זייער גרויער וואָכעדיקייט מיט זייערע טאָג־טעגלעכע דאגות. ער שרייבט וועגן לעבן פֿון אַ קוזמירער סאַדאָווניק, וואָס טראָגט אויף זיך דעם ביטערן עול פֿון דלות־לעבן. דעם נאָגנדיקן האַרצווייטיק פֿון אַ ישובניצע, אַן עקרה, וואָס בענקט נאָך אַ וואַרעם מענטשלעך וואָרט און גרוילט מיט איר אומעטיקן „הערט מענטשן". די איבערלעבונגען פֿון אַן אַלטן בחור אַ „טשוּדאַק" שמעון קאָנקעל, וואָס פֿירט אַן אויסטערליש און דערביי סודותדיק לעבן. די משוגעתן פֿון אַ פֿאַרשמייעטן משהלע נאַטוראַלני, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט אַ כאָריסטקע און זיין לעבן איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ היסטעריש געשריי פֿון זיין „אויפגעריכט" ווייבל, וואָס רייסט שטענדיק די טאַפּעטן. די איבערלעבונגען פֿון אַ סענטימענטאַלן ייד, וואָס איז מיטגעפֿאָרן מיט ברייטפּלייציקע קאַצאַפּעס ערגעץ אין די רוסישע וועלדער אַרום וואָלאָגדע און פּלוצים דערזען בלוט פֿון אַ דערהרגעטן בער. די דערשלאָגנקייט פֿון דער פֿאַרזעסענער טאַמאַרע, וואָס האָט פֿון נקמה וועגן אַרייַנגעוואָרפֿן אין וואַסער אַ פּרעכטיקן פּאָרטסיגאַר, וואָס איז געווען אויסגעזעצט מיט ברילִיאַנטן א. א. וו. א. א. וו.

ס'שפּירט זיך דאָ אַן עטוואָס גערוימערער און לופֿטיקערער שטח און מ'האָט שוין פֿאַר זיך אַ רייכערע פֿיגורן־גאַלעריע. אמת, די בילדערישקייט איז נישט קיין שטאַרקע, די קאָנסטרוקציע איז שוין אָבער נישט אַזוי סכעמאַטיש. אָבער אויך דאָ זענען די נאָוועלן נישט פֿריי פֿון „פֿילאָזאָפֿישע" אַקצענטירונגען, וואָס באַגלייטן די באַשריבענע געשעענישן.

—— ⁂ ——

אין דער יידישער ליטעראַטור איז געקומען אַ צייט, ווען די קינסטלערישע פּראָזע האָט אָנגעהויבן שטייגן און ס'איז אויפגעקומען די באַדערפֿעניש צו שאַפֿן דעם גרויסן מאָדערנעם ראָמאַן און גרעסערע דערציילונג. עס קומען אויף ראָמאַנען און גרעסערע דערציילונגען פֿון שלום אַש, דוד בערגעלסאָן, יוסף אָפּאַטאָשו און שפּעטער י. י. זינגער, פּ. בימקאָ, עוזר וואַרשאַווסקי און שמעון האָראָנטשיק.

סעגאַלאָוויטש לאָזט זיך נישט אַרויסשטויסן פֿון דער צייט. ער פֿאַרמעסט זיך אויף אַ גרויסן אויטאָ־ביאָגראַפֿישן ראָמאַן,

אַ טרילאָגיע א. נ. „אייביק איינזאַם" (1 ב. — „זעליקס יאָרן" 2 ב. — „דאָס אַנאַרכיסטישע מיידל" 3 ב. — „אונדזער פרוי").
צום ראָמאַן איז סעגאַלאָוויטש געקומען אָן באַזונדערע חבלי לידה; די גילגולים האָבן זיך ביי אים אויסגעוויקלט אָן קענטיקע יסורים. זיין נאָוועלע איז געווען רעקאַפּיטולאַציע פון ליד, און דער ראָמאַן — אַן אויסגעצויגענע רעקאַפּיטולאַציע פון דער נאָוועלע. סעגאַלאָוויטשעס נאָוועלע איז געבויט אויף עפּיזאָדן, אויף זייטיקע געשעענישן אָדער צופעליקע באַגעגענישן. זיין ראָמאַן איז בעצם אַ זאַמלונג פון לויז צונויפגעבונדענע נאָוועלן אָן אַן איינהייטלעכן שילדערישן ריטם. חוץ דעם זענען די ראָמאַנען נישט איינגעוואָרצלט אין אַ באַשטימטער סביבה.
אין פלוג קלינגט עס מעגלעך פּאַראַדאָקסאַל, וואָס אַן אויטאָביאָגראַפישן ראָמאַן ווערט דאָ פאָרגעוואָרפן אומאיינגעזעסנקייט. היתכן, צי קען אַ ראָמאַן פון אויטאָביאָגראַפישן כאַראַקטער נישט זיין איינגעוואָרצלט? מ'האָט דאָך צו טאָן מיט פאַקטן, וואָס ציען זיך פון די פריסטע קינדער־יאָרן ביז דער פולער צייטיקייט. די מעשה איז אָבער, וואָס פון אָנהייב ווערט אַלץ דערציילט אין אַ שטייגער־סביבה, אָבער וואָס ווייטער ווערט די „אַקציע" אָפּגעריסן פון באָדן און קומט פאָר אין „קיינעמס לאַנד".

פיל מער קאָלאָריט פאַרמאָגן זיינע ראָמאַנען די „ווילדע צילקע" אוון „ברידער נעמזאָר". דאָ האָבן מיר שוין צו טאָן מיט אַ קאָנקרעטער סביבה. ער פירט אַרויס סירוב מענטשן פון דער בירגערלעכער וועלט, וואָס יאָגן זיך זאָרגלאָז נאָך פלירט און געניוס. מיטן לעבן פון דער אַרבעטער סביבה, מיט זייערע זאָרגן,ליידן און האָפענונגען אָטעמט זיין רעאַליסטישער ראָמאַן, „דעם וועבערס טאָכטער", וואָס איז באַגלייך דורכגעוועבט מיט צאַרטן ראָמאַנטיזם. אין אָט דעם ראָמאַן שילדערט ער דאָס אויפקומען פון אָרגאַניזירטן יידישן פּראָלעטאַריאַט. דער הויפּט־העלד איז דער אין וואַרשע גוט באַקאַנטער אַרבעטער־טוער קלמן קאַמאַשנמאַכער. פונקט ווי אין דער „ווילדער צילקע" פאַלט דאָ אויך אַ פּראָלעטאַריש מיידל, עטל, אַ קרבן פון אַ פאַבריקאַנטיש זונדל. מיט זיינע סקיצן, נאָוועלן און ראָמאַנען האָט סעגאַלאָוויטש גיך געטראָפן צום לייענערס געמיט. ער האָט געשריבן איינפאַך, האַרציק, אינטים, אין אַן אויפריכטיקלירישן טאָן. ס'איז דעריבער נישט קיין וווּנדער, וואָס ער איז

געווען — נאָך אַש — דער אַמשטאַרקסטן געלייענטער יידי־
שער שרייבער אין פּוילן.

* * *

גאָר אַנדערש איז ס'לעצטע קאַפּיטל פון סעגאַלאָוויטשעס
שאַפן, פּונקט ווי אַנדערש ס'איז געוואָרן ס'יידיש לעבן נאָכן
חורבן. די שווידערלעכע קאַטאַסטראָפע האָט פון סעגאַלאָ־
וויטשן פאַרטריבן אַלע ביז־איצטיקע ראָמאַנטישע צערטלע־
רייען. ער איז עפּעס ווי פלוצים רייף געוואָרן דיכטעריש אויפ־
צונעמען אונדזער פאָלקס־בראָך. אָבער אין דער זעלביקער צייט
איז ער אין זיין פּערסיטיווקייט צוריקגעגאַנגען צו דער מדרגה
פון אַן אומבאַהאָלפן קינד, וואָס האָט פון גרויס ווייטיק זיך
אָפן צעוויינט, ממש צעכליפּעט .ער פאַרענטפערט זיך:

מען זאָל מוחל זיין דערפאַר
וואָס איך באַקלאָג זיך אויפן קול...

ער באַטראַכט זיך ווי אַ בוים, וואָס איז אויסגעוואָרצלט
געוואָרן פון באָדן און וועט אַן די נוויטיקע לעבנס־זאַפטן מוזן
ווערן איינגעדאַרט. און סימבאָליש איז זיין ווידמונג ס'בוך
„נישטאָ" — „דעם נאָמען משה איטשע זלמניאַק אַ באַלעגאָלע
פון קאַזשמיערזש", דעם גרויען פאָלקס־מענטש פון טיף־פּוי־
לישן שטעטל גיט ער איבער זיין געוויין איבערן חורבן פון די
פּוילישע יידן, פאַר וועלכע ער, דער „ליטוואַק" האָט געהאַט
אַזאַ וואַרעם געפיל. ער וויל זיך שוין מער נישט „שפּילן" מיט
ראָמאַנטישע צאַרטקייטן, פאַר אים שטייט תמיד ס'בילד פון
אומקום.

די טויטע וועלט איז ביי מיין פענצטער,
די מתים זיצן אויף די שוועלן.
פון היינט אַן זאָלן שדים דיכטן.

ער זעט נישט בלויז פאַר זיך ס'אַלגעמיינע פּוילישע יידנ־
טום אין דעם היסטאָרישן פאַרנעם, — די פּוסקים, גאונים,
מקובלים, פּרנסים, שתדלנים, שרייבער, דיכטער און קינסט־
לער. דאָס וואָלט פאַר אים געווען צו אַלגעמיין. ווי אַן אומי־
מיטלבאַרער דיכטער זעט ער פאַר זיך קאָנקרעטע פּוילישע יידן
פון אַ גאַנץ יאָר, מיט וועלכן ער איז טאָג־איין טאָג־אויס געקו־
מען אין פּערזענלעכער באַרירונג. און אין ליכט פון דער נאָענט־
ווייטער פאַרגאַנגענקייט זעט ער זייער טריבע וואָכעדיקייט
אין ליכט פון הויכער קדושה, אַ „הייליקע נישט הייליקייט".

איך היט די ערטער אין געדענקען,
ווי גוטע שורות פון אַ ספר . . .
די פּראָסטע טרעגערישע שענקען
און אַלע בייגעלעך־פּאַרקויפער.
איך הער פיל קלאַנגען נאָך פון וואַרשע,
דעם ייד פון לעשנאָ, דאָ, דאַנעבן...
פאַר יעדן פונט פאַרקויפטע קאַרשן,
פלעגט ער אַ פּוד מיט ברכות געבן.

איצט זענען די פּוילישע יידן שוין נישטאָ, ס׳לעבן איז פּוסט, געבליבן אין יידישן פּוילן נאָר אַ וויסטער בית עלמין, אונדזער וועלט איז פאַרשניטן געוואָרן. צעוויינט ער זיך הויך אויפן קול און שרייט בלוטיק אויס אונדזער אומהיילבאַרן ווייטיק. טוט ער דאָס אויפריכטיק, אומגעקינצלט מיט פּשוטע ווערטער, לייכטן פערז, פאָלקסטימלעכן ריטם אָן באַזונדערער פאַרטיפונג. אָבער פון יעדער שורה שפּאַרט אַרויס דער עלנט פון אַן אומגעטרייסטן דיכטער, פאַר וועמען אַ לעבן אָן דעם פאָלק איז באמת נישט הערט געלעבט צו ווערן...

# א. ליעסין — דער קעמפער, פובליציסט און דיכטער

## (צו זיין 10-טן יאָרצייט)

א. ליעסין איז געקומען צום יידיש־שעפערישן וואָרט דורך אינעווייניקסטער נויטיקייט און באַגלייך אומבויגזאַמען ווילן עפּעס צו זאָגן, עפּעס צו פרייליכן, עפּעס מתקן צו זיין. דאָס וואָרט — אין זיין פילאָזאָפישער גלאָריע — איז פאַר ליעסינען נישט בלויז אַן אָביעקט פון דיכטערישן שפּיל, ריטמישער חנעוודיקייט און דינע צערטלעכקייטן, נאָר איז קודם כל באַרופן אויפצורייסן די באַשפינוועבטע וועלט. די וועלט איז שלעכט, אַרום און אַרום טראָגן זיך עוולות, מענטשן זענען אומגליקלעך און די סאַמע אומגליקלעכסטע זענען מיר יידן, וואָס שפּאַנען איבער דער וועלט ווי דורך אַ בראַנד. איז נויטיק צו ברענגען נישט נאָר אַ וואָרט פון טרייסט, נאָר בעיקר שלייַדערן אין דער וועלט אַריין אַ פלאַמיק וואָרט, וואָס זאָל באַגייסטערן און אָנצינדן צום קאַמף מיטן בייז. א. ליעסין פילט זיך באַרופן צו וואַרפן אין דער מחנה אַ גרויס קאַמף־וואָרט. זיינע איינגעבוירענע דיכטערישע פולסאַציעס שמעלצט ער צונויף מיט זיינע פובליציסטישע רעפלעקסן, כדי פון זיי אויסצושמידן אַ געמיינזאַמען וואָפן. פאַר אים איז נישטאָ קיין מחיצה צווישן וואָרט־געדאַנק און וואָרט־בילד, ביידע דאַרפן אויף זייער שטייגער דינען איין און דער זעלביקער דערהויבענער זאַך.

די קולטור־ספערע, אין וועלכער ס׳האָט זיך אויסגעבילדעט ליעסינס גייסטיקע פאַרמאַציע, איז נישט קיין איינהייטלעכע. ער האָט געשעפּט פון צוויי שטראָמען און האָט ס׳גאַנצע לעבן זיך באַמיט זיי צונויפגיסן אין אַ גרויסן איינס. קודם כל

איז ער פון קינדווייז אָן געוואַקסן אין דער יידישלעך־אָרטאָ־
דאָקסישער ספערע. אַרייַנגעזאַפּט אין זיך די אַלט־יידישע גייס־
טיקע ווערטן, וואָס שאַרפן דעם שכל און שטעלן דערהויבענע
עטישע אויפגאַבן, וואָרים פאַר דער אַלט־יידישער קולטור באַ־
טייט לעבן — ש ל י ח ו ת . דערצו איז ער פון אָפּשטאַם אַ
יחסן, זיך געצייטיקט אין אַ הויך־לומדישער פאַמיליע־סביבה,
וואָס איז מחייב צו באַזונדערער אָפּגעהיטנקייט אין די טאָג־
טעגלעכע האַנדלונגען.

אָבער ווי נאָר ער איז אַרויס פון דער וואָלאָזשינער ישיבה,
האָט ער אַפילו נישט געהאַט קיין צייט זיך אַרומצוקוקן און איז
באַלד פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער גרויסער רוסלענדישער רע־
וואָלוציאָנערער כוואַליע. איז דאָס נאָך געווען אין דער פאַר־
בונדישער תקופה, ווען די סאָציאַל דעמאָקראַטיע האָט נישט
געהאַט קיין שום פאַרשטענדעניש פאַר די יידישע באַזונדער־
קייטן, פאַר יידישע גייסטיקע באַדערפעניש. מ׳האָט געהאַט
אין אויג דאָס אַלגעמיינע גרויסע רוסלאַנד, וואָס מוז רעוואָל־
טירן קעגן די צאַרישע קייטן. די דעמאָלטיקע סאָציאַליסטישע
באַוועגונג האָט איינגאַנצן איינגעשלונגען די יידישע יוגנט
נישט איבערלאָזנדיק קיין אָרט פאַר די יידיש־גייסטיקע רעשט־
לעך. דאָס איז לגבי א. ליעסינס יידישער דערציונג און יידיש־
לעך געמיט געווען ממש אַ קעגנשטראָם. דער סאָציאַליזם איז
גיך געוואָרן ליעסינס לעבנס־אידעאַל. אָבער ליעסין איז געווען
אַ סאָציאַליסט מיט פאַנטאַזיע, דערצו מיט אַ דיכטערישן „אונ־
טערשלאַק” און ער האָט זיך נישט געלאָזט אַסימילירן פון פאַ־
פירענע פראָגראַמען און האָט געקעמפּט קעגן רוסיפיקאַציע.
ס׳איז דעריבער נישט קיין וואונדער, וואָס ער איז שפּעטער גע־
וואָרן איינער פון די באַדייטנדיקסטע מיטאויפבויער פון
„בונד”, וואָס האָט סינטעטיזירט יידישקייט מיט סאָציאַליזם. און
שוין שפּעטער אין „בונד” האָט ער אויך געקעמפּט אויסצו־
ברייטערן יידישע קולטור־אַרבעט נישט נאָר ווי אַ קאַמפּס־מיטל
פאַר סאָציאַליזם, נאָר אויך ווי אַ יידישער זעלבסטצוועק. און
נאָך שפּעטער, ד. ה. נאָך דער א. ג. באַלפור־דעקלאַראַציע, האָט
ער אַרויסגעוויזן סימפּאַטיעס פאַר דעם אויפבוי פון ארץ־
ישראל.

א. ליעסין האָט זיך נישט נאָר נישט געוואָלט אָפּזאָגן פון
יידישער קולטור, וואָס איז קלאָמפערשט אַ מניעה פאַרן „ריי־

נעם" סאָציאַליזם, נאָר ער האָט נאָך פריער פונם היסטאָריאָגראַף שמעון דובנאָוו פּראָפּאַגאַנדירט די אידעע פון קולטיווירן דעם א. ג. גלות־נאַציאָנאַליזם, וועלכער קאָן געדייען נאָר אין פאַרבינדונג מיטן סאָציאַליזם. אָט־דעם קאַמף האָט ליעסין געפירט נישט נאָר אין מינסק נאָר אויך שפּעטער אין אַמעריקע, ווו די יידיש־סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז דעמאָלט געווען בפירוש אַסימילאַטאָריש און אַנטי־יידיש. ער האָט דעם קאַמף געפירט אויף צוויי פראָנטן: קעגן די אַסימילאַטאָרישע סאָציאַליסטן און קעגן די גלות־פאַרלייקנדיקע ציוניסטן. דאָס איז געווען אַ שווערער קאַמף, וועלכן ליעסין האָט געפירט מיט טעמפּעראַמענט, ערלעכקייט און שרייבערישער בראַוווּר. נישט איינמאָל איז אים בשעתן קאַמף אויסגעקומען זיך פונאַנדערצוגיין מיט זיינע סאַמע נאָענטסטע פריינט און אויך צו פאַרלירן זיין מאַטעריעלע לעבנס־פּאָזיציע, אָבער ער האָט אַלץ מקבל באהבה געווען. קיינעם איז נישט געלונגען איינצוברעכן ליעסינס שטאָלץ און מענטשישע ווערדע. ער האָט גיך זיך דערוואָרבן אָנערקענונג און ליבע ביים ברייטן לייענער־עולם.

א. ליעסין איז דערעיקרשט אַ דיכטער, ס׳ליד איז זיין אינטימסטע אויסדרוק־פאָרם. אָבער, ווי געזאָגט, איז זיין ליד נישט פון דעם מין „קונסט לשם קונסט", נאָר דיכטערישע פאָרם פאַר סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן אינהאַלט. און ס׳האָט דעריבער געקאָנט געשען אַ מאָל אַז ער האָט קנאַפּע צען יאָר כמעט נישט געשריבן קיין לידער נאָר ראשו ורובו געווען אַריינגעטאָן אין דער קעמפערישער פּאָלעמיק, וואָס ער האָט געפירט מיט נאָבעלער קנאות. זיינע ערשטע לידער זענען געווען סאָציאַלע ליריק לויט אַ פּראָפּאַגאַנדע־טענדענץ. דערביי איז ער געווען טיף יידיש; חוץ גרויסן אינטערעס פאַר היינטצייטיקער יידישקייט, פאַר יידישער מאַסן־קולטור, האָט ער געהאַט אַ סך פּיעטעט פאַר דער יידיש־היסטאָרישער פאַרגאַנגענהייט. ער האָט זיך געפילט צונויפגעבונדן אויף לעבן און טויט מיט דער יידישער שיקזאַלהאַפטיקייט. נישט איינמאָל פערלט זיך אין זיינע אויגן אַ טרער ווען ער קומט צו צום קאַפּיטל — יידיש מאַרטירערטום. ער פילט זיך פאַרשעמט, וואָס ער לעבט אין אַ דור, ווען מען קען פריי טראָגן דעם עול פון יידישקייט להיפוך צו דער צייט, ווען מ׳האָט פאַר יידישקייט געמוזט גיין אויפן שייטערהויפן:

און זאָלן זיי קומען, די הענקער, די ווערגער, די קוילער,
וואָס האָבן די אַלע היסטאָרישע וועגן
מיט בלוטן פאַרטרונקען — איך שטרעק מיט שמחה
דעם האַלז זיי אַנטקעגן.

ווען ער באַהאַנדלט קאָנקרעטיקע געשעענישן ווייזט ליעסין אַרויס אַ שוואַכקייט צו יידיש־היסטאָרישע פּאַראַלעלן. כּאַרקסן פאַרגלייכט ער צו עמוסן, ווילהעלם דעם צווייטן — צו סנחרבן פון אשור, באַלפורן — צו כורש מלך פּרס א. אז. וו. די קאַפּיטלעך פון קידוש השם באַטראַכט ער נישט בלויז ווי אַ נאַציאָנאַל, נאָר דערהויפּט ווי אַ סאָציאַל מאַרטירערטום. זאָל קומען דער סאָציאַליזם וועט דאָס ספּעציפיש־יידיש מאַרטירערטום פאַרשווינדן פון דער אויבערפלאַך. ער האָט געגלויבט באַמונה שלמה, אַז סאָציאַליזם וועט אויסלייזן דעם ליידנדיקן מענטש.

אין אָנהויב פון די צוואַנציקער יאָרן, ווען די יידישע אַרבעטער וועלט איז — אונטערן דרוק פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע — געוואָרן ממש פאַרגאָסן מיט עקסטרעמער רעוואָלוציאָנערישקייט און אָפּגעשטופּט אין הינטערגרונט די זיך „פלאַנטערנדיקע" נאַציאָנאַלע פראַגן, איז דער אויסגעפּרוווטער ליעסין נישט אַראָפּ פון זיין פאַרויסגעצייכנטן י י ד י ש ן וועג צום סאָציאַליזם. ליעסין איז געווען, אַזוי צו זאָגן, אַ ב אַ ל אַ נ ס י ר ט ע ר סאָציאַליסט, וואָס ווערט נישט מיטגעריסן פון קאָניונקטורעלע איינשטעלונגען, נאָר גייט מיט פעסטע טריט צום ציל, אין וועלכן ער גלויבט מיט פולער אמונה. און ס׳איז אוודאי נישט קיין דיכטערישער קאַפּריז, וואָס גראָד אין יענע רויט־רויטע אינטערנאַציאָנאַליסטישע טעג איז ער אַרויסגעטראָטן מיט זיין אַפּאָטעאָז פאַר יידיש, דער שפּראַך פון אינטימען לעבן און קאָלעקטיוון שאַפן פון די יידישע אַרבעטער־ און פאָלקס־מאַסן.

פון וואָרמס, פון מיינץ און פון שפּייער,
דורך פּראָג און לובלין, ביז אָדעס,
האָט אַלץ זיך געצויגן איין פייער,
האָט אַלץ זיך געצויגן איין נס.
האָט שטענדיק דער בלוט־פיינט געהויערט,
געלויערט פול־אויגיק דער טויט —
אָט דאָרט האָב איך, וויסט און פאַרטרויערט
די עלטערן דיינע באַגלייט.

אין ליעסינס אויגן איז יידיש די שפּראַך פון די שאַפנדיקע יידישע מאַסן; זי האָט אפשר נישט אין זיך דעם בראשית־אורשפּרונג פון דער שפת תורה און מעגלעך, אַז ס׳יהערט זיך נישט אין איר דער נביאישער שאַל פון גאָטס וואָרט, אָבער זי האָט איינגעזאַפּט אין זיך דרייסיק דורות יידיש־נאַציאָנאַל לעבן כמעט אויף דער גאָרער וועלט. זי האָט אונדז באַגלייט אין די סאַמע אינטימסטע מינוטן פון אונדזער שטייגער־לעבן און איז געהייליקט געוואָרן דורך אונדזער פאָלקס־פּיין.

איך בין מיט זיי הונדערטער יאָרן
געגאַנגען דורך יעדער געפאַר,
און איינגעזאַפּט האָב איך דעם צאָרן
און איינגעזאַפּט האָב איך דעם צער.
און אויסגעשמידט האָב איך דורך דורות
דעם וואונדער פון ווילן און וויי,
צו לעבן פאַר הייליקע תורות
און שטאַרבן מיט פעסטקייט פאַר זיי.
און אויב נאָר די קדושה די ריינע
שיינט אָפּ פון ענויים און פּיין,
טאָ בין איך דיר, קינד מיין, דו איינע
טאָ בין איך די הייליקסטע דיין.

מיט אַט־די פּאָעטיש־געאיידלטע ווערטער דערקלערט זיך לשון־יידיש אין קדושה דער צעפּייניקטער כנסת ישראל...

ווי זעט אָבער אויס א. ליעסינס אינטימע וועלט? מיט וואָסערע שטימונגען איז אויסגעפּילט זיין טיף־אייגן „פּינטעלע“? ווי זעט אויס זיין דיכטערישער לפני ולפנים, זיין אינעווייניקסטע וועלט, ווען ער איז אָפּגעטיילט פון מאַסן־געררויש און איז באַהאָפטן מיט זיך אַליין? — אויף אַט־די פראַגן איז שווערלעך צו ענטפערן שוין צוליב דעם אומשטאַנד, וואָס עס איז כמעט אוממעגלעך אָפּצושפּאַלטן דעם געזעענעם פון דעם נישט־געזעענעם ליעסין. בדרך כלל איז ביי ליעסינען נישט קאָנטיק קיין שום „ויתרוצצו“ צווישן „זיין“ און „זאָל“, צווישן פּאָעטישער „עקזיסטענץ“ און אידעאָלאָגישן „באַרוף“. ביי אים איז אין דעם פּרט צו מערקן אַ בפירושן פּאַראַלעליזם.

פונדעסטוועגן דאַרף מען האָבן אַ גייסטיק אויג אַריינצודרינגען אין אַ זייטיק שפּעלטעלע פון זיין פּנימיות, אין זיין גייסטיקן אינגעווייד, כדי אין שטילער שטילקייט אויפצוכאַפּן

זיין ריין־יהידישן ממעמקים־געפּליסטער. ס'קלייבן זיך ביי אים אויף אויסגעשפּילטע מאָמענטן, ווען ער זעט די וועלט מער אונטער זיך איידער פאַר זיך. אין אָט די מאָמענטן שאַרט ער פון זיך אַוועק ס'לעבן, צו וועלכן ער איז דאָך לויט זיין טבע צוגעבונדן מיט אַלע רמ״ח אברים. אוודאי דאַרף מען ס'צעקרימטע פּנים פון דער געזעלשאַפט בייטן, אָבער פאַרוואָס זענען פאַראַן מינוטן ווען עס שלאָגט פון דער וועלט אַזאַ פּוסט־קייט? פאַר וואָס ווייעט פון לעבן אַ נשמה־פאַרלוירנקייט? ווי לאַנג וועט געדויערן דער גאַטלאָזער מאַסקאַראַד? און וואָס נאָכ־דעם?

איז דער מאַסקאַראַד צו ענד,
און די טיר איז אָפן — ברייט
און עס בלייבן פּוסטע ווענט,
און דאָס ליכט איז אויסגעדרייט
און דער לעצטער שאָטן שווינדט
מיט די מאַסקעס, מיטן שיין,
און עס יאָגט אַ סומנער ווינט
אין צעעפנטקייט אַריין.

דער אויסגעלאָשענער מאַסקאַראַד איז אַן אָפּהילך פון אַן אויסגעשפּילט לעבן און דאָס גיט דעם דיכטער אַ שטויס זיך צו פאַרטראַכטן איבער דער אייגענער עלנטקייט, אייגענער פאַר־לוירנקייט. ס'איז שווער אין דער וועלט־צעשוימטקייט צו גע־פינען אַ פעסטן אָנשפּאַר־פּונקט. אַז צו יעדער רוישיקער שמחה קומט ער אַ פאַרשפּעטיקטער און עס שפּרייט זיך אַרום אים אַ פינצטערקייט. אין זיין וויסטער פאַריתומטקייט און נאָגנדיקער בענקשאַפט הויבט ער אויף דעם בליק צו „זיין" הימל און בעט אַביסעלע ליכט.

ווי דער חושך איז געדיכט,
און עס איז מיט אַלץ שוין אוים —
נישט פאַרבאַרג פון מיר דיין ליכט,
נישט פאַרלאָז מיך, נישט פאַרשטויס!
הויב אויף אויף מיין בליק צו דיר,
פון דער שוואַרצער פּוסטקייט מיין,
מיט זיין ווילן, וואָס אין מיר —
לאָז דערפילן מיר דיין שיין!

עס זענען פאַראַן טעג, ווען עס כאַפּט אים אַרום אַן או־מעט־קלעם און ס'הויבן זיך אָן גייסטיקע בלאָנדזשענישן; ס'זעט

זיך נישט קיין שיין און אויסוועג, עפּעס ווי אַלע טויערן וואָלטן זיך פאַרקלאַפּט. דעמאָלט דערזעט ער פּילעבן ווי אַ זאַקגעסל און פון די יאוש־טיפענישן רופט ער צו דעם, וואָס ענטפערט אים נישט.

איך האָב פון די טיפעניש ווייסט
גערופן צו דיר:
אַוווּ נאָר, אַוווּ נאָר דו ביסט,
באַווייז זיך פאַר מיר.
איך זאָל, ווי אַמאָל, אין מיין קינדהייט דיך זען,
ווי אָפּגיין וואָלט אַלץ, וואָס אין מיר איז פאַרשטיינט;
ווי פרום און ווי היים וואָלט מיין תפילה געווען —
ווי וואָלט איך געוויינט!

דאָס איז אַ יידיש־ממעמקימדיקע גאָטזוכעניש, וואָס קניפּט זיך ביי ליעסינען מיט דער טיפּישער רוסיש־אינטעליגענטישער (און ליעסין איז דאָך דערפון נישט געווען פריי) „באָגאָאיס־קאַטעלסטוואָ". אינמיטן געקאָך פון פּאָליטישן קאַמף פאַר־קלייבט מען זיך אין אַ ווינקל: מ׳זוכט גאָט, און מ׳געפינט אים נישט, מ׳רופט צו אים, און ער ענטפערט נישט...

איך האָב פון דער טיפעניש ווייסט
גערופן צו דיר:
געזוכט דיך, געבעטן אומזיסט
צו ענטפערן מיר.
און איצט ביים סוף וועג, ווען איך גיי פון דער וועלט,
פון טרוים פון אַ וועלט, שוין אויף אייביק אַוועק,
צי בלייבסטו נאָך אַלץ אַזוי ליכטיק פאַרשטעלט —
אַ פרעמדקייט, אַ שרעק?

א. ליעסין, דער טיפּישער יידיש־רוסישער אינטעליגענט, וואָס האָט אָבער די גרמא דינקותא־יידישקייט, די פריי־וויגנט־לעכע דערציונג תמיד שטאָלץ געטראָגן ווי אַ קרוין אויפן קאָפּ, איז נישט געבליבן לאַנג פאַרשטיקט אין דער נעץ פון אַבּס־טראַקטער גאָט־זוכעריי. און ער איז אוודאי נישט פאַרפירט גע־וואָרן אויף די אומוועגן על פּי נופח רוסישן ניהיליזם. ער איז פאַרבליבן אַ גלויביקע און באַגלייך קעמפערישע נאַטור.

זיינע לידער זענען צונויפגעזאַמלט געוואָרן אין דריי בענ־דער. טעמאַטיש נעמען זיי אַרום פאַרשידענע געביטן: רעוואָ־לוציע, קאַמף, טרוים, בענקשאַפט, גאָט־זוכעניש, היסטאָרישע

און קאָנסערוואַטיווע יידישקייט, פילאָזאָפיע, מאַרטיראָלאָגיע, היימישע זכרונות, א. א. וו. אומעטום קומט צום אויסדרוק דער צאַרטער דיכטער, וואָס איז פול מיט ווייטיק. און ווייל ס׳וואָרט, אַפילו ס׳געפיילטע וואָרט גייט ביי אים אין דינסט פון דער אידעע, באַקומט זיך נישט איינמאָל דער איינדרוק, אַז זיינע לידער ליידן אויף אַ געוויסן רעטאָרישן איבערפלוס.

אין זיינע לעצטע לעבנסיאָרן, ווען דער מערב האָט זיך שוין אָנגעהויבן אַרום אים שאָטענען, האָט ליעסין איבערגע־לעבט אומעטיקע חשבון־הנפש־שטימונגען. ערגעץ טיף האָט אים גענאָגט אַ וואָרעם פון צווייפל אין זיין דיכטער־ און פריי־דיקער־שליחות. ס׳האָבן אים געמאַטערט „רעטאָריש״ פראַ־געס, וואָס זענען עלול געווען אַוועקצושאַרן פון אונטער אים דעם גייסטיקן יסוד פון זיין דיכטערישן קיום. צוליב וואָס איז איי־גנטלעך נויטיק געווען אָנצולידערן אַ גאַנץ לעבן? ווען ‏זע־נען „צונויף געקומען״ די פאַרבלוטיקטע שטיקער האַרץ, וואָס ער האָט אַריינגעפלאָכטן אין זיינע לידער? אמת, ער האָט זיי־נע לידער געשיקט אין דער גערדיכטעניש פון יידישן מאַסן־לעבן, אָבער ווער האָט זיי אויפגענומען און ווער האָט זיי באַנומען? וועלכע לעבנסרעטענישן האָבן זיי באַשיידט און ביי ווען האָבן זיי באַקומען אַ תיקון?

און אין אָוונט פון מיין לעבן
פלוצלונג קומען זיי צו שוועבן,
אויפן סיום פון מיין שטרעבן
אָן אַ תיקון, אָן אַ קיום.

דער דיכטער דערקענט זיינע לידער, די סאַמע אינטימסטע פריינט זיינע. ער האָט מיט זיי צוזאַמען אויסגעבענקט זוניקע טעג און צוזאַמען מיט זיי אויסגעווײנט לאַנגע ווינטער־נעכט. ער האָט מיט זיי געשטילט דעם אייגענעם ווייטיק און מיט זיי געוועקט דעם אַרום צו אַ נייער ליכטיקייט. איצטער שוועבן זיי אים פאַרביי ווי שטומע עדות פון אַ פאַרשפילטן פראָצעס. זיי האָבן אים שוין גאָרנישט וואָס צו זאָגן. זיי באַגריסן אים מיט האַרצשטומעניש, וואָס דאַרף אונטערציען דעם סך־הכל פון אויסגעטרוימטע און אויסגעשווימטע יאָרן.

שווימען זיי פאַרביי און שווימען,
טוען מיט פאַרשטומטע שטימען
אָפּגעטרוימטע טרוימען רימען
פראַווע איך מיט זיי דעם סיום.

פרוווט ער אין זיך מאָביליזירן אַלע גייסטיקע כוחות, כדי מיט גלויבן צו פייערן זיין וואָרט־סיום. בויט ער אין דער מחשבה זיך אויס אַ געפליגלטע בימה, פון וועלכער ער איז גרייט צו פריי־דיקן ס׳גרויסע וואָרט פון פרייד, אַבי ס׳זאָלן זיך אַרום דער בימה זאַמלען מענטשן, וואָס זענען מסוגל אויפצוכאַפּן דעם קלאַנג פון זיין וואָרט. זאָל אָבער גאָט אויסהיטן, אַז ער זאָל זיך ווען עס איז אין דעם אַנטוישן. דעמאָלט וועט זיין פלאַמיק וואָרט, חלילה, ווערן אויסגעלאַכט ווי אַ משוגעת.

שטעל איך זיך אַוועק אַ פריידיקער,
אויף אַ בימה אויף אַ ליידיקער
ציקל מיט אַ שטים אַ פריידיקער
אתה הראת לדעת
— — — — — — — — — — — —
ענטפערט אָפּ אַן עכאָ: משוגעת.

יאָ, ס׳איז אַ ווידערקלאַנג פון אייגענער דיכטערישער פאַר־לוירנקייט.

און ס׳איז נישט קיין צופאַל, וואָס אין זיין לעצט ליד דורך וועלכן ער האָט זיך געשיידט מיט דער וועלט, רעדט ער וועגן פרייוויליקער פאַרשקלאַפונג. דאָס ליד איז געווידמעט דעם אָנ־דענק פון פאַרשטאָרבענעם ברוך וולאַדעק, דעם מענטש פון טאַט. מיט גרויס פּאַטאָס זינגט ליעסין וועגן דער פרייוויליד־קער „פאַרשקלאַפונג", וואָס וולאַדעק האָט אויף זיך גענומען לגבי זיין פאָלק. אין אַלטן רוים פלעגט מען די שקלאַפן ווי אַ שטראָף צושמידן צו די וויעסלעס פון די שיפן און זיי צווינגען רודערן ביז די לעצטע כוחות וועלן אויסגיין.

ער האָט די שקלאַפהייט פרייוויליק זיך אויסגעקליבן,
זיך צוגעשמידט צום הארטן דינסט נאָך יונגערהייט,
און ריטערלעך און מיט אַ שמייכל מיט אַ ליבן
אַ לעבן האָט ער אַפּגעטראָגן שווער די קייט,
און אַלץ גערודערט נאָכאַנאַנד
צו ערגעץ אַ פאַרשפּראָכן לאַנד.

אָט דאָס וולאַדעק־ליד — ליעסינס לעצטער אַקאָרד — איז באַגלייך ליעסינס אייגענער דיכטערישער ווידוי. ס׳ליד איז דעם דיכטערס נאַטירלעכע באַשערטקייט פון וועלכן מ׳קאָן זיך באַיין אופן נישט אויסבאַהאַלטן. אברהם ליעסין האָט זיין גאַנץ לעבן געאָטעמט מיט דער שטראַליקער וויזיע פון „פאַרשפּראָכן לאַנד",

וואָס מוז זיך אַנטפּלעקן פאַר דעם געראודפטן מענטשן, דער ווי־זיע פון סאָציאַליזם, וועלט־דערלייזונג. נישט איינמאָל האָט ער איבערגעלעבט טעג פון אַנטוישונג און טעג פון יאוש, אָבער ביי דער גאַנצער סקעפּטישקייט און וואַקלדיקייט האָט ער באין אופן קיינמאָל נישט געקאָנט אַראָפּגיין פון דעם פאַרגעטומענעם וועג, ווייל קיין אַנדערער וועג איז פאַר אים לגמרי נישט געווען. אַלע זיינע גאולה־אידעען און אַלע זיינע דיכטערישע אימפּולסן האָבן אים על פּי הכרח, לויט אַ צוואַנג, געטריבן אויפן וועג פון קאַמף פאַר באַפרייאונג. ער האָט זיך פּסיכיש נישט געקאָנט אַנטקעגנ־שטעלן דעם אינעווייניקסטן קאַמף־רוף. ער האָט דעריבער פרייוויליק גענומען אויף זיך די „פאַרשקלאַפונג", אַליין צוגעבונדן די אייגענע הענט צו די וויעסלעס, כדי אויסצודויערן ביז די לעצטע כוחות וועלן אויסגיין ביים שניידן די כוואַליעס פאַר דער שיף, וואָס דאַרף פירן צו אויסלייזונג פון עלנט און פּיין. פון זיינע סאַמע פּריסטע יאָרן זעט ער פאַר זיך דאָס צוקונפט־בילד:

דער מענטשלעכער זון וועט אַרויסגיין באַפרייט
פון צעביטערטן מאַנגל און פינצטערן שטרייט,
און דערפילן אין וויסטער, פאַרפייניקטער ברוסט
גאַנצע אוצרות מיט לעבן און ליבע און לוסט.
און דערוואַרעמט, דערמונטערט, אַנטציקט און
באַהאַרצט
וועט ער צופאַלן היים צו דער מוטער — דער ערד,
וועלכע וועט אים שוין ווידער נישט אויסווייזן בייז,
וועלכע וועט שוין נישט ווערן פאַרשמוצט און
פאַרשוואַרצט,
מיט די שטראָמען און בלוטן און טרערן און שוויים,
און אויף וועלכער עס וועט שוין נישט קלינגען דער
שווערד.

איז אוודאי צו באַוווּנדערן, וואָס עס געפינען זיך אין טומל־דיק־רוישיקן ניו־יאָרק, ווו עס קומט פאַר אַ שאַרפער קאַמף צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל, האָט דער טיף־יידישער און בולט־סאָציאַלער דיכטער א. ליעסין באַוויזן זיך צו פאַרקלייבן אין גע־צעלט, כדי איבערצוטראַכטן מיט אָפענע אויגן די דערהויבענע ישעיה־וויזיע פון באחרית הימים...

# יהושע פּערלע

## (אומגעקומען על קידוש־השם מיט אַלע פּוילישע יידן)

צי קענט איר אפשר די טיף פּוילישע פּראָווינץ? איז אייך נישט אַמאָל אויסגעקומען אַריינצושמעקן אין אַן אַמאָליקער פּוילישער „גובערניע״־שטאָט, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַן איינגעזעסן און באַגלייך אויפגעוועקט יידיש לעבן. אויב איר זייט דאָרט געווען, האָט איר מסתמא באַמערקט יידישע אוניפאָרמירטע „סטודענטלעך״ גיין אין דער שטאָט־גימנאַזיע און אַ כאַפּטע אָפּגעריסענע חדר־יינגלעך איז זיי נאָכגעלאָפן און געוואָרפן שטיינער. דאָס פאַרביסענע שטיינערוואַרפן איז נישט געקומען בלויז פון הפקר־שקאָצעריי, נאָר ס׳רוב פון קנאה. ס׳אָרעם אָפּגעשליסן יינגל האָט נישט געקאָנט פאַרגינען דעם באַהייביקן שכנס בחורל צו גיין אַן אויסגעסטראָצלטער „אין אַ מונדיר מיט מעשענע קנעפּ״. יאָ, די גימנאַזיע וועט פאַר דעם שכנס זונדל עפענען די ברייטע וועלט, און ס׳אָרימע יינגל וועט נעבעך שוין אויף שטענדיק פאַרבלייבן אין בלאָטיקן געסל. נישט איין יינגל האָט זיך נישט באַגנוגנט רק מיט הפקרדיקער קנאה, נאָר זיך געפּרוּווט פאַרקלערן איבערן אייגענעם גורל און מיט געוויין מאָנען ביי דער מאַמע גערעכטיקייט.

צווישן אָט־דער כאַפּטע שטיינער־וואַרפער האָט איר געקאָנט זען דעם קליינעם שיעלע מיט זיינע לעבעדיקע טונקעלבלויע אויגן און פיין־געשניטן מיילעכל. ער איז אַריינגעלאָפן צו דער מאַמע מיט אַ געוויין: „יאַך וויל ווערן אַ סטודענטל״. די מאַמע, וועלכערס ערשטער מאַן איז געווען אַ פעלדשער און איז איצט ביים צווייטן מאַן אַראָפּ פון מעמד, האָט געפּרוּווט איינגעמען איר ווייַנענדיקן זינדל מיט גוטע רייד און שפּעטער איבערגעשמועסט דערוועגן מיטן טאַטן. דער טאַטע, אַ וואָכעדי־

קער דאָרפס־ייִד, אַן אָרימאַן אין זיבן פּאָלעס, וועלכער פירט אַ משׂטיינס־געזאָגטן גראָשנדיקן מסחר מיט היי, האָט זיך אויס־טערליש צעלאַכט פון דער מאַמעס „ווילדע" פּאַרלאַנגען. פונ־דעסטוועגן איז באַשלאָסן געוואָרן צו מאַכן פון ייִנגל „אַ לייט"; מ׳וועט אים אַרויסנעמען פון חדר און אַריינגעבן אין אַ שניט־קראָם פאַר אַ געהילף „סוביעקט". נישקשה, מ׳האָט שוין גע־זען ווי אָרימע משרתים ווערן שפּעטער גרויסע סוחרים. עלעהיי: נתן ניימאַן, יענקל איפּער, יוסף ווײַנריב און חיים פוקס. זיי זע־נען דאָך לכתחילה געווען „מענטשן ביי יענעם". אַזוי אַרום איז שיעלע מיט מזל געוואָרן אַ שיק־ייִנגל ביי יוסל גרין אין דער גרויסער שניט־קראָם אויף דער לובלינער גאַס. אין חמימהדיקע טעג פלעגט ער אָפּטראָגן גרויסע פּעק שטיפּלייוונט צום סקאַר־שעווער אָמניבוס. ווידער אין דער „פרייער" צייט האָט ער גע־כאַפּט וויגן ס׳קינד פון דער באַלעבאָסטע, וועלכע האָט אים, שיעלען, גערופן אויף דייטשמעריש „דער יונגע".

אָבער דער „יונגע" האָט עפּעס נישט געפונען קיין מנוחה אין זיין אַרבעט. תמיד אַרומגעגאַנגען פאַרחלומט. אַמאָל פלעגט ער צווישן איין קונה און דעם אַנדערן זיך אַ לאָז טאָן מיט חברה יאָגן טויבן איבערן רייטשולמאַרק. צילן אין זיי שטיינדלעך פון אַ גומענעם ציפּער אָדער גלאָט לויפן נאָך אַ וואָגן שמעקעדיק היי, וואָס אַ פויער האָט געפירט איבער דער שטאָט. דער באַלע־באָס האָט אָפט בייז אונטערגעברומט, אַז שיעלע איז צומאָל אַ ליימענער גולם און צומאָל אַ לאָבוזל. אָבער אין קיין פאַל נישט קיין שניט־סוחר...

ביסלעכווייז האָט די מאַמע, אַן אָפּגעקומענע באַלעבאָסטע, וואָס האָט זיך געגווידערט מעשׂה גבירטע, איינגעזען, אַז ס׳איז נישט קיין תכלית ווייטער צו לאָזן ס׳ייִנגל אין „געשעפט". זי האָט מיט גרויס קאָפּדאַרעניש צונויפגעסטריגעוועט אַ גראָשן מיט אַ גראָשן און געלאָזט אים לערנען ביי אַ פּריוואַטן לערער מיטן חלום, אַז פון איר גערעטן שיעלע וועט אַמאָל אַרויסוואַקסן אַ לייט. ס׳איז איר נישט אָנגעקומען אַזוי גרינג, אָבער שיעלע האָט זיך געלערנט פלייסיק. במשך פון צוויי יאָר האָט ער דורכ־געמאַכט אַ פירקלאַסיקן גימנאַזיע־קורס. די מאַמע האָט דעמאָלט געהאַלטן, אַז איר זון איז שוין גענוג געבילדעט און דאַרף ווערן אַ פּאָרדינער, אַ „קאָנטאָרטשיק", וואָס האָט זיך דעמאָלט גע־רעכנט פאַר אַ געהויבענער באַשעפטיקונג.

שיעלע איז איצט שוין אַן אויסגעקלערטער זעכצניעריקער בחור; ער הייבט זיך אָן אַריינלייענען אין רוסישע און פּויליש־שע ביכער, וואָס ווערן ביי אים כסדרדיקן אומרו. ער האָט צום ערשטן מאָל געפּרוווט אויפשרייבן אַ ליד אויף רוסיש א. נ. „געשטאָרבן הערצל" און עס פאַרגעלייענט פאַר די שטאָטישע גימנאַזיסטן. ער האָט געהערט, אַז אין וואַרשע געפינען זיך פּריץ און אַש. ס'האָט אים געצויגן די גרויסע שטאָט. ענדלעך איז ער אויף אַ פאַרצייטישן פערד־אָמניבוס דורך גריצע געקו־מען קיין וואַרשע, וווּ ער איז געוואָרן אַ געהילפס־בוכהאַלטער. ער האָט פלייסיק געאַרבעט אין קאַנטאָר, אָבער מיט דער מחשבה איז ער געווען אין זיין לופטיקער היימשטאָט, פון וועל־כער ער האָט מיטגעבראַכט פאָלקסשטאָמיקייט, תמימות, האַר־ציקע ערלעכקייט, ליבע צום פּראָסטן פאָלקסמענטש און צו זייַן לשון — יידיש.

ווי אַ בוכהאַלטער איז ער געווען אָנגעטאָן אין אַ געפּרעסטן אַנצוג, שטייפן קאָלנער און אויך געטראָגן אַ בלישטשענדיקע פענסנע אויף דער נאָז. אָבער זיין גאַנץ האַלטן זיך, הויך־רעדן און אָפן געלעכטער איז גאָרנישט געווען מעשה בוכהאַלטער.

אין דער גרויסער שטאָט איז ער אייגנטלעך געקומען צו ווערן אַ פאַרדינער, אָבער קיין שום זאַך איז אים דאָרט נישט איינגעגאַנגען. די בוכהאַלטעריע איז אים נישט געווען ניחא: ס'האָט אים „עפּעס" געצויגן. תמיד געהאַט אין אויג די הינ־טערשטאָטישע פעלדער, פונוואַנען דער טאַטע האָט געפירט היי. ער האָט זיך ממש געשאַרט ביי די ווענט. שפּעטער פלעגט ער אין דער פרייער צייט לייענען ביכער, גיין אין פּוילישן טעאַטער אָדער אויף די באַרימטע פּריץ־פאַרלעזונגען, פון וועל־כע ער איז געווען באַגייסטערט. אָבער באַזונדער פאַרליבט איז ער געווען אין שלום אַשן. אין שלום אַשס צאַרט־פּוילישער ראָמאַנטישקייט האָט ער אַנטפּלעקט די אייגענע ירושה, וואָס ער האָט באַקומען פון זיין דאָרפסשטאָטן. ער האָט געפּרוווט פאַרקערן אין דער סביבה פון יונגע שרייבער. זיין בחור־שטיבל אויף דער אָרלע־גאַס איז געוואָרן אַ בית ועד פאַר שרייבער־אָנהייבער און גלאַט באַהעמע־לייט. ס'האָט דאָרט לײדנשאַפט־לעך דיספּוטירט וועגן פּשיבישעווסקים דעמאָניזם און פּרצעס „גאָלדענער קייט".

אין וואַרשע זענען דעמאָלט געווען דריי ליטעראַרישע

„סאַלאָנען": אויף דער צעגלאַנע ביי י. ל. פּ ר ץ, אויף דער שליסקע ביי ה ל ל צ י י ט ל י נ ע ן און אויף שווינטאָקשיסקע ביי נ ח פּ ר י ל ו צ ק י ן. אין פּרצעס שטוב האָט ער דעמאָלט נישט געהאַט קיין דריסת הרגל. וואָס דאָרט קומט פאַר האָט אים צומאָל דערציילט זיין חבר אפרים קאַגאַנאָווסקי, וועלכער איז געווען פּרצעס ליבלינג. הלל צייטלינס שטוב איז פאַר אים געווען צו לומדיש; דאָרט האָט מען גערעדט וועגן הויכע מאַטעריעס און מ'האָט געדאַרפט האָבן אַ ידיעה אין די דראָבנע אותיות. איז ער טאַקע געוואָרן אַ שטיקל בן־בית ביי נח פּרילוצקין, ווו ס'האָבן זיך געזאַמלט די דעמאָלטיקע יונגע, וועלכע האָבן געהאַט אינטערעס נישט נאָר פאַר שיינער ליטעראַטור נאָר אויך פאַר טעאַטער און פאָלקלאָר.

פּערלע האָט ביי זיינע חברים אויסגענומען קודם כל מיט זיין האַרציקער אָפנקייט, טיפּיש פאָלקס־געמיט, וואָס איז ביי אים שטענדיק „עפּעס" נאָכגעגאַנגען.

מיט זיין ערשט סענטימענטאַל־ראָמאַנטיש בילדל „שבת" האָט ער געפּרווט מזל אין רעדאַקציע „היינט". ער האָט עס פאָרגעלייענט דעם רעדאַקטאָר ש. י. יאַצקאַן. נאָכן אויסהערן האָט יאַצקאַן געזאָגט פּערלען: „אייער „שבת" איז אוודאי אַ כּודאָזשעסטווענע זאַך, נישט מער פאַר מיין „היינט" איז עס צו ליטעראַריש". ענדלעך איז „שבת" אָפּגעדרוקט געוואָרן אין נח פּרילוצקיס זאַמלבוך „דער נייער גייסט".

דאָס איז געווען דער אָנהייב; שפּעטער האָט ער זיך ממש פאַרבלינעט מיט דער ספּעציפיש־פּוילישער סענטימענטאַלקייט. ע'ר האָט נישט דערציילט נאָר פּשוט געזונגען. זיין „לאַנד פון דער ווייסל" — אַ פּאָעמע אין פּראָזע — איז פול מיט האַרציקער צוגעבונדנקייט צום פּוילישן שטייגער און פּוילישער לאַנדשאַפט. אַלץ וויקלט זיך אַרום מאָטיוו, וואָס אַ פּריצישע טאָכטער פאַרפירט אַ יידיש מיידל צום שמד. מיט מער פּלאַסטישקייט ברענגט ער עס אַרויס אין זיינע סקיצן און נאָוועלן־זאַמלונג „אונטער דער זון".

פּערלען דעם בוכהאַלטער קומט אויס זיך צונויפצוטרעפן מיט דער יידישער האַלב־אַסימילירטער בורזשואַזיע. ער קוקט זיך צו, אָדער קוקט אונטער זייערע שוואַכקייטן. ער אָבסערווירט זייער לעבנסשטייגער, וועלכער איז פול מיט גייסטיקער פּוסטקייט, „ווילדערצויגענער" קולטורלאָזיקייט און סנאָבישער

פאַריסנקייט. ער פאַרגלייכט עס מיט זיין אָרימער אָבער ערלעבער היים און דערזעט פּלוצים די וויסטע ליידיקייט, וואָס טראָגט זיך פון דער „בעסערער" געזעלשאַפט. זיין פּראָסט פאָלקס־געפיל בונטעוועט זיך אַקעגן אָט־דער פאַרליגנערישטער „אינטעליגענץ", וואָס בלאָזט זיך מיט אינהאַלטלאָזיקייט. פון דער דאָזיקער וועלט שטאַמען זיינע ראָמאַנען „מירל", „אָן אָרנטלעכע פרוי" און די נאָוועלע „זינד" אין וועלכע עס דאָמינירט דער עראָטישער עלעמענט.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ס׳גאַנצע יידישע לעבן אין פּוילן איז איבערגעאַנדערשט געוואָרן, האָבן זיך אין דער יידישער ליטעראַטור אין פּוילן אויסגעשיילט נייע שולן. צו יענע צייט האָט פּערלע געהערט צו דעם קרייז פּראָזאַיקער, וואָס שטייען אויפן שייד־וועג צווישן דער אַלטער און נייער תקופה. ער איז דאָך דערצויגן געוואָרן אין גייסט פון די פאַר־מלחמהדיקע ליטעראַטור־טראַדיציעס, דערהויפּט אונטער דער השפּעה פון פּרץ, שלום עליכם און אַש. פון פּרצן און אַשן האָט ער איבערגענומען די באַזונדערע ליבשאַפט צו פּוילישע יידן. ביי שלום עליכמען האָט ער זיך געלערנט אָנווענדן דעם רעאַליסטישן מעטאָד ווי אויך דעם פּלאַסטישן באַנעם פון דער ווירקלעכקייט. לכתחילה האָט זיך פּערלע זאָרגלאָז געצערטלט מיט דעם באַלעבאַטישן לעבנסשטייגער, אָבער דערביי אויך געהאַט אַן אויג פאַר דער רויער ווירקלעכקייט פון שוסטער־געסל. די דאָזיקע וואָכעדיקייט איז אָבער געווען באַדעקט מיט אַ דינעם שיכט פון צאַרטער ראָמאַנטישקייט. אויף זיין ווייטערדיקן וועג באַפרייט זיך פּערלע פון די צוגעזיסטע לירישקייטן און ווערט מער נאַטוראַליסטיש, לעבנס־האַרטער. ער באַמיט זיך אַריינצודרינגען אין תוך פון דער גרויער טאָג־טעגלעכקייט און ווייזט דערביי אַרויס מער שרייבערישע רייפקייט. דאָס איז נוגע נישט נאָר דער טעמאַטיק, נאָר אויך — קינסטלערישע מיטלען: דער שילדערונגס־אופן, עקספּרעסיע, אוממיטלבאַרקייט פון צייכענען, בילדערישקייט, מעטאַפאָר א. ד. גל. עס שפּירט זיך שוין קינסטלערישער אויסדויער. זיינע דערציילונגען זענען נאָך אָבער אַלץ קורצאָטעמדיקע. צום דאָזיקן זשאַנר געהערט זיין בוך נאָוועלן „ניין אַזייגער אין דער פרי". דער פאָן — דאָס לעבן פון ביוראַליסטן, וואָס איילן אין דער פרי צו דער אַרבעט. זיצן מענטשן אָפּ צענדליקער יאָרן ביים שרייב־טיש און גריבי־

לען זיך אין טויטע ציפערן. פערלע האָט דערפילט דעם שוידער פון די, וואָס גענעצן אָפּ אַ לעבן מיט נישטיקע שוואַכקייטן און גראָשנדיקע אַמביציעס.

אַ באַזונדער אויפמערקזאַמקייט שענקט פערלע ווייטער דעם האַלב־אַסימילירטן טייל פון יידישן מיטלשטאַנד. די מענטשן „זיטאָוואַזשיסטווא" (פון דער געזעלשאַפט), וואָס רעגלען זייער לעבן לויט פאַרליגנטערישט־איינגעשטעלטע קאָנווענצן. פערלע אידענטיפיצירט זיך אָבער נישט מיט זיינע העלדן, עס טיילט זיך אוים אַ דיסטאַנס, אַ דאַנק וועלכן ער איז מסוגל אויסצומאָלן די סנאָביסטישע איינגעגלויבטקייט אין דער „העכערער" קולטור פון דער „גוטער דערציונג". ער שטרייכט כסדר אונטער זייערע לעכערלעכע געוווינהייטן, טעמפקייט און גייסטלאָזיקייט.

זיין בוך — „יידן פון אַ גאַנץ יאָר" — באַטייט אַ פולשטענדיקער שרייבערישער איבערברוך. עס איז פערלעס ערשטער לאַנגאָטעמדיקער פרווו צו סינטעטיזירן דעם ראָמאַנטישן ליריזם מיט אולטראַ־נאַטוראַליזם.

דער אַלטער אָפּשפּעטער פון דער בוכהאַלטערישער געצאַצקעוועטקייט ווייזט דאָ אַרויס ווידערווילן צום באַקאַנטן מין קאַליגראַפיע־סטיל. ער מיידט פלייסיק אוים די שפּראַך און סטיל־געציקלטקייט, שרייבנדיק פּראָסט און נאַטירלעך — ווי עס רעדט אַ מענטש צו אַ מענטש. ער שרייבט טאַקע לויט אַ באַזונדערן נוסח, פונדעסטוועגן איז זיין סטיל דער לעבנסטיל פון דער עדה פּראָסטע און גרויע יידן, צווישן וועלכע דער אויטאָר איז אויסגעוואַקסן.

דאָס איז אַ סביבה מיט וועלכע דער אויטאָר איז אָרגאַניש צונויפגעוואַקסן. ער האָט אָבער באַוויזן אין זיך גובר צו זיין דעם פיגמייענאַרטיקן לעבנס־פאַרנעם פון דער דאָזיקער סביבה. דער גייסטיקער דיסטאַנס, וואָס פרעסט זיך אַריין צווישן אים און דער געשילדערטער וועלט, דערלויבט אים צו זאָגן דעם גאָלן אמת און פריי, הומאָראַרטיק־שפּילעוודיק צו צייכענען זיינע פיגורן.

„יידן פון אַ גאַנץ יאָר" זענען געשריבן אויטאָביאָגראַפיש. דאָס איז אַ געשיכטע פון אַ יינגל, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין אַ גרעסערער פּראָווינץ־שטאָט. מיר באַקענען זיך מיט די אַנטוויקלונגס־עטאַפּן פון דאָזיקן יינגל און זיין אויסטערלישן אַרט

רעאַגירן אויף דערשיינונגען. אָבער דער עיקר פון דער דער־ציילונג איז דער געזעלשאַפטלעכער פאָן און ספּעציעל — דער אייגנאַרטיקער יידישער לעבנס־שטייגער פון גרויען מענטש. ער וויקלט פאַנאַנדער אַ ברייטן לייוונט פון דער יידישער אָרעמקייט. אַ טריבער לעבנס־ריטם פונם פאַרמיטלערשיכט, וואָס וואַרט אַלץ אויף אַ „מופת", אַז דער „שיקזאַל" זאָל ענד־לעך אַ קער טון די מערכה צום גוטן. אַ משונהדיק געזעמל פון געשטאַלטן און פאַרשווינען, וואָס וואַרגן זיך מיט כסדרדיקע זאָרגן, לעבן זיך אויס אין גלויבן און אבערגלויבן און פוצן אויס זייער אָרעמקייט יום־טובדיק. דאָס בוך איז דורכגעוועבט מיט סאָציאַלע עלעמענטן. עס איז דער גרויסער דלות־פּאַטאָס, וואָס פאַרדרענגט אַ שלל פון נישט אויסגעלעבטע מעגלעכקייטן. נישט אויסגעשווימטע באַגערן און בענקשאַפטן. עס איז אַ שטילע אָדע צום פּראָסטן און גרויען מענטש, צום ייד פון אַ גאַנץ יאָר, וואָס הייליקט זיין לעבן אין פיינפולן קאַמף פאַר אַ טרוקן שטיקל ברויט.

„יידן פון אַ גאַנץ יאָר" — און אַ לעבנס־עפּאָפּעע פון אַן אָקאָרשט פאַרגאַנגענעם דור, וואָס מיט זיינע גייסטיקע רע־שטלעך נערן מיר זיך נאָך היינט. מיט די אויגן פון אַ באַאָבאַכ־טעריש און עמפּינדלעך יינגל קוקט דער אויטאָר אויף דער יידישער ווירקלעכקייט, וואָס וועקט זיך פון אַ לאַנגע פאַר־שלאָפנקייט. עס פאַרשווינדט שוין די באַקאַנטע שטעטלדיקע אָפּגעצוימטקייט.

פּערלע באַקומט אַרויס דעם חן פון וואָכעדיקן לעבנס־שטיי־גער. דאָס איז אפשר קאָמפּאָזיציאָנעל אין דער יידישער לי־טעראַטור דאָס ערשטע בוך, וואָס פאַרמעסט זיך קינסטלעריש צו שילדערן דאָס לעבן פון דעם פּראָסטן חי־וקים־שיכט.

אוודאי איז דיסטאַנס אַליין נאָכנישט אַלץ. ביים שילדערן די נויט פון גרויע מענטשן, איז נאָך וויניק אַרויסצובאַקומען דעם פאַרבאָרגענעם חן פון דער אָרעמקייט, עס איז אויך נוי־טיק צו צייכענען די סאָציאַלע פּערספּעקטיוון. אָבער דאָ קו־מען מיר שוין צו דער הויפּט־אייגנשאַפט פון פּערלעס שרייבע־רישן געמיט; ער איז צו מנוחהדיק. ער איז צו אידיליש אויפ־געטראָגן מיט אַלע און אַלעמען, סיי מיטן גוטן, סיי מיטן שלעכטן. ער איז רואיק און זיינע העלדן זענען רואיק; ער וועקט נישט און מאָנט נישט. אוודאי זעט ער די סאָציאַלע קאָנטראַסטן,

אוודאי זעט ער דעם געראַנגל פאַר מער לופט און ברויט, אוודאי זעט ער די עוולות און באַליידיקונגען, וואָס זיינע שוועסטער — דינסטמיידלעך — האָבן אויסצושטיין ביי די רייכע באַלעבאַטים, ער באַווייזט עס אָבער נישט אידעאיש צונויפצובינדן.

קינסטלעריש גענומען זענען אָבער „יידן פון אַ גאַנץ יאָר" פערלעס דאָס סאַמע אויסגעשטאַנענע רייף און געלייטערטע בוך.

——— ⁂ ———

די אויטאָביאָגראַפישע ליניע ציט זיך ווייטער אין זיין צווייבענדיקן ראָמאַן „די גילדענע פאַווע". ער גיט אויף אַן עפּאָפּייאישן שטייגער אַ קווערשניט פון פערציק יאָר יידיש לעבן אין פוילן. דערביי שילדערט ער דעם אויפקום פון דער אַרבעטער־באַוועגונג און דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע אין יאָר 1905. דער ראָמאַן איז לויטן סיוזשעט דערפירט ביז צום אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אמת, דאָ איז פערלעס מינער אַפּגעהיט מיט אַ וואָרט, בילד, זאַץ־בוי און אַלגעמיינער קאָנסטרוקציע. דער חיתוך הכתב איז אַ געלייפיקער, צו ביסלעך אַנגעשמעקט מיט פּרעסע־געשפּאַנטקייט. ער ווייזט אָבער אַרויס טיפע לעבנס־קענטעניש און ענגע אויסגעבונדנקייט מיטן יידישן לעבנסשטייגער אין פוילן. זיין שרייבערישע סטיכיע איז *יידיש פאָלקסטום* נישט אין דער שבתדיקער געהויבנקייט נאָר אין דער וואָכעדיק־גרויער טאָג־טעגלעכקייט פון שוסטער־געסל. אויך דאָ איז ער געבליבן טריי זיין באַזונדערע שוואַכקייט צו שילדערן ס'ריין־מענטשלעכע דווקא ביים פּראָסטן און פּשוטן מענטש. ווען ער האָט ערגעץ באַגעגנט פּשוטע יידן מיט פאַרזאָרגטע פּנימער, אויסגעקרימטע רוקנס און אויסגעריבענע מלבושים, פלעגט ער מיט שטאָלץ זאָגן „יאָ, דאָס זענען *מיינע* יידן"... זיי ווערן דורך פערלען באַהאַנדלט מיט וואַרעמקייט און ליבע. ער וויל דערמיט פאַרגיטיקן זייער ביטערע אָרעמקייט. פון אונטער זיין פען קומען זיי אַרויס געלייטערטע אין נויט, איידל־יידן, וואָס פאַרנעמען אַ סך שלעכטס אין לעבן און שפּאַנען פונדעסטוועגן קיינמאָל נישט אַריבער די שוועל פון ערלעכער מענטשלעכקייט.

„הינטערגאַסן" איז ס'לעצטע ברייט־פאַרמאָסטענע בוך פון פערלעס אויטאָביאָגראַפישער טרילאָגיע. ער לעבט קינסטלעריש אויף די גילדענע פריץ־תקופה מיט איר באַזונדערן יידיש־וואַרשעווער אַראָמאַט. ס'איז די צייט פון יידיש־וועלטלעכן

קולטור־רענעסאַנס; אַלץ רייסט זיך צום לעבן. אַ ראַשער איבערגאַנג פון גרויען הינטערגעסל צום זאַקסישן גאָרטן, ווו י. ל. פרץ, אַן איינגעהילטער אין אַ ברייטער פעלערינע, פלעגט שפּאַצירן איבער דער „ליטעראַרישער אַלייע". הונדערטער דורכגייער ציען דעם הוט פאַרן דאָזיקן וואונדערבאַרן מאַן.

אָט שטייט פרץ אויף דער עסטראַדע אין דער פילהאַרמאָניע פאַר אַ טויזנט־קעפּיקן עולם, וועלכער נעמט אויף יעדעס וואָרט פרצעס מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. „פרץ האָט געזאָגט", „פרץ האַלט", „פרץ מיינט", דאָס זענען כּישוף־ווערטער, וואָס ברענגען אַריין העלע יום־טובדיקייט אין דער טריבער שטוב פון יידישן אַרבעטער און פאָלקסמענטש. אויך דער יונגער פּערלע געפינט זיך צווישן דעם עולם באַגייסטערטע פרץ־פאַרערער.

אויף אָט־דעם פאָן פלעכט זיך אַ ליבע צווישן אַ יונג צאַרט פּאָרל. ער אַ זון פון אַ דאָרפסגייער, זי — אַ טאָכטער פון אַ וואַרשעווער קברן; ביידע פון אַן אָרעמער שטוב, פון די א. ג. הינטערגאַסן. זיי רייסן זיך אָבער צו אַ שענער לעבן. דער „שדכן" איז דאָ פרצעס בליצוואָרט „מיין נישט די וועלט איז אַ קרעטשמע"; יאָ, ס'דאָזיקע וואָרט סיגנאַליזירט אַ נייע וועלט. פרץ צינדט אָן דעם צעפּאָכעטן עולם און צינדט אויך אָן די צעפּאָכעטע הערצער פון פאַרליבטן פּאָרל, וואָס גייט פאַרכישופט צו אַ געאַנטער אילוזאָרישער וועלט.

מיט אַ געמאָסטן וואָרט, וואָס איז טיף איינגעוואָרצלט אין יידיש־פּוילישן שטייגער, באַווייזט פּערלע פּלאַסטיש איבערצוגעבן די משונהדיקע גלגולים, וואָס ס'פּאָרל לעבט איבער ביז עס דערשלאָגט זיך צו אַ ברעג. ער דרינגט אַריין אין אַלע פאַרבאָרגענע ווינקעלער פון דער יידישער אָרעמקייט, וואָס גייט אויס פון בענקעניש נאָך אַ ביסל יום־טובדיקייט.

⁂

אין דער וואַרשעווער שרייבער־משפּחה האָט מען פּערלען געזען זייער גינציק; ער איז געווען אַ גוטער חבר, מיט אַ באַזונדערן חן, אַן אויפגעלייגטער, תמיד גרייט אונטערצושטעלן אַ פּלייצע פאַר אַ צווייטן. ער האָט אָנגעשטעקט מיט זיין האַרציקייט, אויפריכטיקייט און אָפן געלעכטער. געהאַט אַ באַזונדערן חוש פאַר גערעכטיקייט און נישט פאַרטראָגן קיין עולה. ער האָט פאַרבראַכט מיט גאַר יונגע שרייבער און זיי בסדר

אונטערגעוואַרעמט. שוין ביים אַריינקומען אין לאָקאַל פון וואַר־שעווער ליטעראַטן פאַריין פלעגט ער מיט אַ ברייטן שמייכל זיך ווענדן צו די יונגע שרייבער אַ ביסל וולגאַר: „נו, פענטאַ־קעס, וואָס האַלט עך עפּעס אין איין זיצן אין דער בודע, קומט לאָמיר גיין שפּאַצירן".

געווען אַ צייט ווען ער האָט געוואָלט בעסער מאַכן זיין מאַטעריעלע מערכה און געשריבן אין וואַרשעווער „מאָמענט" שפּאַנענדיקע ראָמאַנען, וועלכע ר׳האָט אונטערגעשריבן מיט דריי שטערנדלעך. אַ סך פּען־קלוב־שרייבער האָבן געטאָן ס׳זעל־ביקע און ס׳איז געווען שאַ־שטיל. פּערלען איז עס אָבער נישט אָפּגעגאַנגען גלאַטיק. מ׳איז אים באַפאַלן פון אַלע זייטן. „דריי שטערנדלעך" איז ממש געוואָרן אַ זידל־וואָרט. אין ווילנע בעת דעם ליטעראַרישן טאָג אויפן ייוואָ־צוזאַמענפאַר האָט מען אים געמאַכט אַ וויסטע אַוואַנטורע און באַין אופן אים נישט גע־לאָזט פאָרלייענען זיינס אַ נאָוועלע. אוודאי האָט עס אים גע־אַרט, אָבער ר׳איז געבליבן ביי ס׳זייניקע. „אַלע שרייבן, מעג איך אויך; איך וויל נישט זיין מער צדיק פון אַנדערע". אָבער מיט אַ צייט שפּעטער איז ביי אים פאָרגעקומען אַן ענדערונג. געווירקט האָט אויף אים י. אָפּאַטאָשוס אינטערוויו, אין וועלכן ער דריקט זיך אויס, אַז ס׳זענען ביי אונדז פאַראַן באַגאַבטע שרייבער־גנידעס, וואָס פלאָדזשען שונד. פּערלע האָט זיך דער־מיט שטאַרק איבערגענומען און ביסלעכווייז זיך אַרויסגעצויגן פון שרייבן סענסאַציאָנעלע ראָמאַנען. בכלל איז ער געווען אַ נוח לבריות, געהאַט עפּעס אַ מאָדנעם דרך ארץ פאַר אַ תל־מיד חכם און אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערע שוואַכקייט צו טראַ־דיציאָנעלער יידישקייט. ער האָט נישט איינמאָל איבערדער־ציילט, אַז ווען נאָמבערג איז געשטאָרבן האָט מען ביים ארון געהאַלטן אַן ערד־וואַך מיט אָפּגעדעקטע קעפּ. ער אָבער מיט י. מ. נייכאַן זענען די איינציקע געשטאַנען מיט די היט אויף די קעפּ. „איר פאַרשטייט, דאָס איז אַ יידישער אופן פון כבוד המת און איך לאָך זיך אויס פון זייער „פאָסטעמפּ".

צו דער קריטיק האָט ער בדרך כלל געהאַט מזל. אין די לעצטע צייטן האָט ער זיך אפילו דערוואַרט אויף אַ ביסל כבוד. ער איז איינמאָל פּרעמירט געוואָרן פון ניו־יאָרקער „טאָג" פאַר זיין „אָרנטלעכע פרוי", שפּעטער אין יאָר 1937 אויסגעצייכנט געוואָרן דורכן זשורי ביים פּוילישן „בונד" פאַר זיין „יידן פון

אַ גאַנץ יאָר", לסוף באַקומען די פּרץ־פּרעמיע ביים יידישן פּען־קלוב אין פּוילן פאַרן זעלביקן בוך. בלויז דער פאַרביטער־טער י. מ. ווייסנבערג האָט אים פון מאָל צו מאָל געגעבן אַ שטאָך אָנרופנדיק אים עפנטלעך „שרייבערישער זייגערמאַ־כער". דאָס זאָל הייסן, אַז די רעדעלעך דרייען זיך, די ווייזערס רוקן זיך, און דאָס גלעקל קלינגט, אָבער קיין נשמה אין נישטאָ. פּערלע האָט אים שאַרף אָפּגעענטפערט. פונדעסטוועגן ווען ווייסנבערג איז געשטאָרבן איז פּערלע אַרויסגעטראָטן מיט אַ האַרציקן אַרטיקל, אין וועלכן ער האָט געשריבן „איך בייג פאַר דיר מיין קאָפּ, איטשע מאיר". באַזונדער האָט זיך אויף אים אָנגעזעצט י. ראַפּאָפּאָרט, וועלכער האָט וועגן פּערלען גע־שריבן פּאַמפלעטן און אויך געהאַלטן אַ ריי אַראָפּרייסערישע פאָרלעזונגען.

מיר איז עטלעכע מאָל אויסגעקומען צוזאַמען מיט פּער־לען צו פאַרברענגען דעם זומער־אורלויב. האַרט פאַרן אויס־ברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה זענען מיר געווען אינ־איינעם אין קריניצע. מיט אונדז זענען דעמאָלט אויך געווען יצחק קאַצענעלסאָן, ב. יאושזאָן, און דער נאָוועליסט פּישמאַן. מיר פלעגן אָפט מאַכן ווייטע אויספלוגן. פּערלע איז שטענדיק געווען אַ צעזונגענער, איינמאָל האָבן מיר כאָראַל פאָרגעזונגען קאַצענעלסאָנען זיין עלעגיע „די זון פאַרגייט אין פלאַמען". קאַצענעלסאָן איז דערפון געווען שטאַרק געשמייכלט און גע־זאָגט צו פּערלען — „נישט אַנדערש נאָר איך דאַרף איצט אויף אויסווייניק רעציטירן אייערס אַ ראָמאַן".

פּערלע האָט ליב געהאַט צו גיין שבת־צונאַכטס צו די רביישע טישן אין קריניצע און זיך צוהערן צו די חסידישע תורות בעת שלוש סעודות. איינמאָל איז ער געגאַנגען צום באָבאָווער רבי. ער האָט שפּעטער דערציילט מיט גרויס הת־פּעלות ווי אַזוי דער גבאי שיט מיט „אַקטועלע" גראַמען ד"ה ער זאָגט אַ „ליד" געשטיצט אויף דער סדרה פון דער וואָך.

איינמאָל האָב איך אים ווידער געטראָפן אַ צעזונגענעם. — פּערלע, וואָס איז מיט דיר די חזנישע גדולה? — „אוי, גלויב מיר, איך זינג און זינג און אינעווייניק אין מיר וויינט עפּעס כסדר". — וואָס איז געשען? — „גאָרנישט, כ׳שפּיר, אַז ס׳רוקן זיך אויף אונדז אָן ביטערע טעג..." דאָס איז געווען אַכט טעג פאַרן מלחמה־אויסברוך צווישן דייטשלאַנד און פּוילן.

פּאָליטיש איז פּערלע געווען זייער נאַאיוו, זיך קנאַפּ אָריענטירט אין נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע פּראָבלעמען. ער האָט אָבער אַרויסגעוויזן אַ שטענדיקן ווידערווילן צום ציוניזם. אַמאָל איז ער געווען אַ סימפּאַטיקער פון „בונד", אין לעצטן יאָר פאַר דער מלחמה איז ער געווען אַ פאָרמעלער פּאַרטיי־מיטגליד פון „בונד".

מיר זענען צוזאַמען אָפּגעפאָרן קיין וואַרשע, באַזונדער אַנטלאָפן פון וואַרשע און אין יאַנואַר 1940 זיך ווידער געטראָפן אין סאָוועטישן לעמבערג.

ער האָט זיך צוביסלעך איינגעלעבט אין סאָוועטישן לעמבערג, אַרויסגעטראָטן מיט פאָרלעזונגען אין די פאַבריקן, אפילו געשריבן, אָבער קיין מנוחה האָט ער דאָרט עפּעס נישט געפונען. אין יוני 1940 האָב איך פון אים באַקומען אַ בריוו קיין ביאַליסטאָק מיט אַ פאָרשלאַג, אַז מיר זאָלן ביידע זיך אַוועקלאָזן קיין ווילנע. אָבער באַלד נאָכדעם בין איך פאַרשיקט געוואָרן און פאַרלוירן מיט אים יעדן קאָנטאַקט. שפּעטער האָב איך געלייענט, אַז ער האָט זיך באַטייליקט אין אַ שרייבער־אויספלוג קיין קיעוו. אויף מיינע בריוו צו אים פון ווייטן צפון האָב איך נישט באַקומען קיין ענטפער.

נאָכדעם ווי די נאַצי־האָרדעס האָבן פאַרנומען לעמבערג איז פּערלע אַריבער קיין וואַרשע. דאָרט האָט ער מיטגעמאַכט אַלע געטאָ־צרות. ער האָט זיך נאָך געוויצלט, אָבער מ'האָט שוין געזען, אַז די אויפגעלייגטקייט איז אַ געמאַכטע; ער איז כסדר אַראָפּ פון דער מראה. ס'איז אפילו געווען אַ צייט ווען עס האָט פאַר אים אַ שימער געטאָן אַ שטראַל פון האָפענונג, ער איז געווען צווישן די גליקלעכע, פאַר וועלכע ס'זענען באַשטימט געוואָרן סערטיפיקאַטן. שפּעטער האָט זיך דערפון אויסגעלאָזט אַ בוידעם.

אין געטאָ האָט ער אָנטייל גענומען אין די א. ג. ליטעראַרישע שמועסן אין אַרכיוו־לאָקאַל פון דער קהילה צוזאַמען מיט ד"ר יצחק שיפּער, ד"ר מנחם שטיין, הרב מנחם זעמבאַ, יהודה לייב אָרלעאַן, יצחק קאַצענעלסאָן, טשודנער א. אנד. אַט־די אויסטערליש צונויפגעזאַמלטע מסיבה פון רבנים, וויסנשאַפטלער, דערציער און שרייבער האָט שעהנוייז דיספּוטירט אַקוראַט ווי אין ר' עקיבאס צייטן אין בני ברק. אַלץ איז אַרומגענומען מיט פלאַמען און דאָ הקרנט מען זיך וועגן דעם צי איז

שוין אַמאָל געווען איז דער יידישער געשיכטע אַזאַ פּעריאָד? און וואָס וועט דערפון אַרויסקומען? דער שמועס האָט ווייטער געפיבערט, ער שבאו גראַכאָווער חלוצים און אָנגעקלאַפּט אין טיר: רבותינו, הגיע זמן של מרידה... און נאָכדעם איז געקומען דער „שפוך חמתך".

ענדלעך איז פּערלען מיט זיין זון געלונגען אַריינצופאַלן אין דער רשימה פון די, וואָס האָבן באַקומען אויסלענדישע פּעסער. זיי זאָל מען בעסער באַהאַנדלען און דערהויפּט מען וועט זיי דערלויבן צו פאַרלאָזן פּוילן. ער איז אַריבער אין „האָטעל פּאָלסקי", כדי צו וואַרטן אויפן טראַנספּאָרט. שפּעטער זענען די פּעסער געפּסלט געוואָרן און פּערלע איז אויף „דערוויל" איבערגעפירט געוואָרן קיין בערגען־בעלזן. דאָרט האָט ער געהערט צו די פּריווילעגירטע, וואָס דאַרפן „איינגיכן" אַרויסגעלאָזט ווערן פון נאַצישן גיהנם. אָבער אויך אין לאַגער האָבן זיך געגרינדעט „ליטעראַרישע קרייזלעך", מ'האָט געהאַלטן רעפעראַטן און געלערנט יידישע געשיכטע. איינער אַ לעקטאָר האָט זיך באַזונדער אויסגעצייכנט מיט זיינע מוסטערהאַפטיקע תנ"ך־לעקציעס. פּערלע האָט געהערט צו די פלייסיקע באַזוכער פון די תנ"ך־לעקציעס. און ער האָט אויף זיין שטייגער הויך אויסגעדריקט זיין אַנטציקונג, דערעיקרשט האָט ער געלויבט די שפּראַך פון לעקטאָר. „אָ־וואַ", וואָסער טייערן יידיש דער ייד האָט!". דערביי איז גראָד געשטאַנען דערשלאָגן אַ באַקאַנטער שטאָק־פרומער מחנך און זיך אָפּגערופן: „וועגן וואָס רעדט ער דאָ, וועגן דער תורה־לעקציע? זאָטש וויסן, אַז „קודשא בריך הוא, אוריתא וישראל חד הוא". אויב מען פאַרברענט ס'ביסל יידן איז שוין נישט נייטיק קיין תורה"... דאָס האָט אויף אַלעמען געווירקט ווי אַ דונער. עפּעס פלוצים אַ קאָצקער „לית דין ולית דיין"... פּערלע איז געוואָרן דערשיטערט צו הערן אַזעלכע רייד פון איינעם, וואָס איז ביז איצט געווען באַקאַנט ווי אַ פרומגלייביקער. ער האָט אָבער פאַרשטאַנען דעם שוידער פון דער לאַגע. ער האָט לאַנג געקוקט אויף דעם אָרטאָדאָקסישן מחנך און ס'האָבן זיך אים גענומען קייקלען טרערן פון די אויגן. ס'איז נישטאָ קיין פאָלק... איז שוין ממילא די תורה נישט נייטיק, ווייל ישראל און די תורה זענען הינו הך...

די „גליקלעכע" שעה האָט געשלאָגן און פּערלע איז אום

שמחת תורה תש"ג צוזאַמען מיט אַנדערע „אויסלענדער" דע־פּאָרטירט געוואָרן אין אַן אומבאַשטימט אָרט. אַלע האָבן אים מקנא געווען, ער וועט זיך דאָך אַרויסבאַקומען אַ לעבעדיקער. ביים געזעגענען זיך האָט ער פאַרזיכערט: „איך וועל דערציילן דער וועלט וואָסערע רשעים און היצלעס די פּאָליאַקן זענען".

פון דעמאָלט אָן איז פאַרשווּנדן פערלעס לעצטער שפור. ער האָט נישט באַוויזן דערציילן דער וועלט וועגן דער רשעות וואָס איז אַקעגן אונדז אָנגעטאָן געוואָרן. ער האָט עס אויך איבעריקנס פאַרשפּאָרט צו טאָן, ווייל די ווערעמדיקע וועלט וויל אונדז סיי ווי סיי נישט אויסהערן. ער איז צוזאַמען מיט „זיי־נע" יידן געגאַנגען אין קאַלכאויוון אַריין...

זאָל מיר דערלויבט זיין בפרהסיא לאָזן פאַלן אַ טרער אויפן קבר פון מיין ליבהאַרציקן חבר און בן־עיר יהושע בן אליעזר פערלע ז"ל, אַ טרער אויף זיין אַש־קבר, וואָס שוועבט ערגעץ אין חלל האויר... וואָרים פונקט ווי וועגן אַלע קדושים קאָן מען אויך וועגן פערלען זאָגן די חומש־ווערטער: „ולא ידע איש את קברתו"...

# לאַמעד שאַפּיראָ

אין עלטער פון זיבעציק יאָר, אין ווייטן לאָס־אַנדזשעלעס, איז כמעט אַ פאַרגעסענער אויסגעגאַנגען דער באַגאַבטער צאַר־טער דערציילער לאַמעד שאַפּיראָ. ווי ווייטיקלעך אַט־די ידיעה זאָל נישט זיין, האָט זי גיכער אַרויסגערופן אַן אָפּהילך פון די אַמאָליקע ציימן, איידער זי זאָל זיין אַ געשעעניש אין היינ־טיקן ליטעראַטור־לעבן. וואָרים לאַמעד שאַפּיראָ איז געווען אַ שרייבער מער מיט אָפּקלאַנג איידער מיט קלאַנג, מער מיט פאַרגאַנגענקייט ־ רעמיניסצענצן איידער מיט נייע מאָטיוון־אויסבליקן. אויב עס שטעקט עפּעס אַ טייל אמת אין דער גע־פליגלטער הנחה, אַז טאַלאַנט איז גיכער קללה איידער ברכה, איז עס אין דער יידישער ליטעראַטור קודם כל נוגע דעם איינזאַמען און אָפּהענטיקן לאַמעד שאַפּיראָ. עס האָט עפּעס ביי אים נישט געקלעקט קיין פרייע לוסט צו דער פעו, גיכער איז עס געווען אַ „בלינדע״ באַשערטקייט צו שאַפן. דער שרייבער „אין אים״ האָט געטריבן צו דער פעדער, אָבער ער אַליין האָט דעם „טריב״ כסדר אָפּגעשטויסן פון זיך. ער האָט זיך צומאָל אויסבאַהאַלטן פון די פעדהתחייבותן, אַנטלאָפן פון פריינט און פון דער שרייבער־אַטמאָספערע. געווען אפילו ציימן, ווען מיהאָט געקענט מיינען, אַז ער האָט זיך שוין אויף שטענדיק געגט מיט דער ליטעראַטור און זיך פשוט געשעמט מיט די פאַרעפנטלעכטע זאַכן.

ווייל לאַמעד שאַפּיראָ איז עפּעס אַן אויסטערלישער פּסי־כישער פענאָמען. אַ טאַלאַנטירטער שרייבער, וואָס האָט נישט גערן געטראָגן אויף זיך דעם שרייבער־„לאַסט״. ער האָט עפּעס געהאַט טענות צו די הימלען, הלמאי זיי האָבן אים אָנגעהאָנ־גען אַ שרייבערישן „לונג־און־לעבער״ אויף דער נאָז, וואָס איז

דערווידער זיין טבע. אַ מאָדערנער יונה בן אמתי, וואָס אַנט־לויפט פון זיין באַרוף...

געקומען איז ער אין דער יידישער ליטעראַטור אין אַ צייט, ווען דער צאַריזם האָט געוואַלט אין יידיש בלוט דערטרינקען די רעוואָלוציע. זיין טעמאַטיק איז אויסגעוואַקסן פון די אַנטי־יידישע פּאָגראָמען אין רוסלאַנד. זיין שאַפונגס־וואָרט איז נישט אויסגעגאַנגען אין פרייד געזאַנג און שטאָלץ, נאָר זיך געקאָר־טשעט אין בלוט, ווייטיק און געפּאַלנקייט. פאַרשטענדלעך, אַז ער איז געווען פול מיט ציינקריצעניש קעגן אַלע געטער און אָפּגעטער. זיינע פיין־געבויטע דערציילונגען זענען אַדורכגע־זאַפּט מיט געפּרעסטן אומעט און גאַליקער בייסיקייט, און אויך זיין אימפּרעסיאָניסטישער שרייבנס־אַרט איז אַ געשטיקטער אַקוראַט ווי ס׳וואָרט וואָלט אַרויסגעקומען פון אַ געוואָרגענעם האַלז. עפּעס צאָרנט אין אים, עפּעס מאָנט אין אים; ער שטעלט דער וועלט אַרויס אַ שווערן חשבון. מיטן בורא עולם איז ער נישט קיין נאָענטער שמעלקע, זיין וועלט געפעלט אים נישט. און אויב דער בורא איז פאַראַן, האָט ער צו אים איין פאַרלאַנג: שפוך חמתך! — גיס אויס דיין צאָרן!

דיין גאַנצן צאָרן אויף די לענדער,
וואָס פרעמד איז דיין נאָמען פאַר זיי!
ער האָט מיין לייב געפרעסן, געפרעסן —
ער האָט מיין הויז פאַרוויסט מיר, — פאַרווירט!

דיין בייז זאָל זיי יאָגן!
זאָל יאָגן — דערגרייכן,
דערגרייכן — פאַרניכטן
פון אונטער די הימלען!...

וואָרים וואָסער טעם האָט ס׳פּייערלעכע פראַווען אַ סדר מיט חרסות און ארבע כוסות אין אַ נאָך־פּאָגראָם־שטימונג. וואָסער ווערט האָט אַ לויבן מיט אַ געקינצלטער יום־טובדי־קייט, ווען מ׳ווערט כסדר פאַרפאָלגט פון אַ פּאָגראָם־געשפּענק.

„אומגעלומפּערט האָבן אויסגעזען דער טאַטע און די מאַמע אין זייערע יום־טובדיקע מלבושים און מיט פּנימער פון אבלים. אומגעלומפּערט האָט אויסגעזען דער גאַנצער „סדר" מיט אַ

געמיט פון דער „סעודת המפסקה" ערב תשעה־באב פאַרנאַכט. און ווען מאירל האָט מיט אַ פאַרבלאָזער שטים, ווי אַ געצוווּנגענער, געצויגן דעם מה נשתנה, האָט עס אים פאַרקוועטשט ביים האַרצן: אַרום אים איז געווען מאָדנע שטיל, ווי אין שול בעת אַ יתומל זאָגט זיין ערשטן קדיש".

מיזאָגט די טויטע ווערטער פון דער הגדה אָן טעם און אָן קלאַנג. דער שווידער פון דעם נאָר וואָס איבערגעלעבטן איז שטאַרקער און נאָענטער איידער ס׳אַמאָליק ביטער לעבן אין גלות מצרים. די איינציקע הגדה־ווערטער, וואָס נעמען אויף זיך קלאַנג, זענען: „שפוך חמתך על הגוים, אשר לא ידעוך".

אַרום און אַרום האָט לאַמער שאַפּיראָ פאַר יאָרן־לאַנג געלעבט אין אַ פּאָגראָם־ און נאָך־פּאָגראָם־שטימונג; עפּעס אַ קאָשמאַרע אַטמאָספער, וואָס האָט ביי אים אויף אַ לאַנגע צייט אַוועקגערויבט די זעלישע מנוחה. דער געפּייך פון די כוליגאַנעם פאַרפאָלגט אים אויף טריט און שריט. ס׳דוכט זיך אים אַלץ אַז ביי אָט־דער גוישער רציחה האָבן יידן נישט אַרויסגעוויזן קיין גענוג מוט צו שטאַרבן מיט אַ מענטשיש־ווירדיקן טויט. און אפשר האָט ער אַ טעות, און טאָמער איז געווען אַנדערש? אָט־דעם פּראָבלעם הויבט ער אויף אין זיין דערציילונג „דער קוש".

בעת אַ פּאָגראָם האָט דער באַפאַלענער ר׳ שכנא זיך געבעטן ביי איינעם פון די כוליגאַנעם: „וואַסילענקאָ, קענסטו דאָך מיר... דיין טאַטע האָט געאַרבעט ביי מיין הויז, זאָג, האָב איך אים נישט באַצאָלט??... ער האָט ביי מיר גוט פאַרדינט... וואַסילענקאָ... וואַסילענקאַ, געוואַלט? געוואַלט..." די חברה האָט אים אָבער מערדערלעך „באַאַרבעט"... שפּעטער האָט וואַסילענקאָ אָנגעהויבן ס׳געוויסן און אויסגערופן צו די ברידערלעך: „נו רעב׳אַטאַ, גענוג, לאָזט די פּגירה לעבן. איר זעט דאָך — שוין סיי ווי קוים וואָס ער זשיפּעט..." די כוליגאַנעם זענען אַוועק און שפּעטער איז וואַסילענקאָ צוריקגעקומען, געפּאָדערט פון ר׳ שכנאן, אַז פאַר דער טובה וואָס ער האָט אים געלאָזט לעבן, זאָל דער אַלטער אַ קוש־טאָן דעם כוליגאַן אין די האַנט. „ר׳ שכנא האָט אויפגעהויבן זיינע בלוטפאַרגאָסענע אויגן און געגעבן אויף אים אַ צעמישטן קוק. ער האָט נישט פאַרשטאַנען". פאַר אָט דער זשידאָווסקער חוצפּה האָט דער שייגעץ זיך געהייסן קושן דעם שמוציקן פּוס. ער

האָט מיט קלעפּ באַפּוילן דעם אַלטן מיטן צעשלאָגענעם פּנים און בכבודיקער טונקעלער באָרד: „קוש!"...

„איין מאָמענט זענען אַלע אין צימער געווען שטום און אומבאַוועגלעך. דערנאָך האָט ר' שכנא צוגעבויגן זיין קאָפּ און וואַסילענקאָ האָט אַרויסגעלאָזט אַ שאַרפן, שרעקלעכן קוויטש. אַלע פינגער פונם פוס און אַ היבשער טייל פונם טראָט זענען פאַרשוווּנדן אין ר' שכנאס מויל און צוויי ציילן האָבן זיך טיף איינגעגראָבן אין דעם שמוציקן שווייסיקן פלייש".

אָט־דער קורץ־שלום ברענגט דעם לייענער און נאָכמער דעם אויטאָר אַליין אַן אַנטשפּאַנונג, ער אָטעמט אָפּ טיפער, הייסט עס אַז ס'איז נאָך נישט אַלץ פאַרפאַלן, אַז צוזאַמען מיטן לעבן האָט מען נאָך נישט אינגאַנצן פאַרלוירן דעם כבוד.

עס עגבערט אים דער געדאַנק פון יידישן עלנט אויף דער וועלט; אויף אונדזערע אַלע טאַטן קוקן מענטשן דורך אַ קרום־מען שפּיגל. פונוואַנען נעמט זיך די שנאה צו אונדז? וואָס פאַר אַ שלעכטס האָבן מיר געטאָן דער וועלט? ווייסט טאָקע די וועלט וועגן אונדז דעם נאַקעטן אמת? אפשר שטאַמט גאָר די פיינטשאַפט צו אונדז פון אַ הוילער פאַרבלענדעניש? אפשר שטעכן מיר די אויגן מיט דער ווייסער חלה, וואָס מיר עסן איינ־מאָל אין דער וואָך און קיינער זעט נישט אונדזער אָרעם ביסן ברויט, מיט וועלכן מיר ווערגן זיך אַ גאַנצע וואָך אין אונדזער בידנעם שטעטלדיק לעבן.

ס'קריסטלעך יינגל וואַסיאַ ווייסט קלאָר אַזוי פיל וועגן יידן: „אין שטעטל זענען געווען „יידן", — אַזעלכע מענטשן, וואָס טראָגן מאָדנע מלבושים, זיצן אין קראָמען, עסן ווייסע חלה און האָבן פאַרקויפט קריסטוסן".

וואַסיאַ איז אויף דער מלחמה; אויפן פראָנט איז נישט גוט, מ'הרגעט אונזערע. לעם יאַן זאַטיקאַ און סטאַשעק פּיעפּריזש פאַלט אויך חיים אָסטראָווסקי; דער זעלנער נחום ראַטשיק ווייזט אַרויס העלדישקייט. אָבער אַרום און אַרום מורמלען אַלע, אַז אין אונדזער מפּלה זענען דערעיקרשט שולדיק די זשידעס. וואַ־סיאַ הויבט מיט די פּלייצעס און פאַרשטייט נישט. „ווידער די יידן! קריסטוסן האָבן זיי פאַרקויפט, און ווייסע חלה עסן זיי, און דערצו זענען זיי נאָך שולדיק אין אַלעם?" צומאָרגנס האָט זיך די אַרמיי געבונטעוועט קעגן דעם נוצלאָזן פאַרגיסן מענטש־לעך בלוט. ווער איז שולדיק אין בונט? — ווידער די זשידעס...

א. אז. ו.

אָבער אַ חוץ דעם „שפוך חמתך" פאָדערט זיך, אַזוי צו זאָגן, רעהאַביליטאַציע פון די הימלען, וואָרים בעצם קאָן מען שוין מער נישט שיקן קיין תפילות אין די טויבע הימלען אַריין. עס דערגייען צו זיי נישט אונדזערע הילף־רופן און פאַרצווייפגעשרייען. יידן גייען אָבער מיטן אַלטן טריט, וואָס מער קלעפּ, אַלץ מער געבויגנקייט, וואָס מער צרות, אַלץ מער יראת שמים. אין זיין „יידישע מלוכה" וויל שאַפּיראָ באַווייזן ווי עס קרייציקט זיך די ליניע פון הכנעהדיקער פרומקייט מיט דער ליניע פון דער פּראָמעטייאישער בונטאַרישקייט. ס׳יידיש שטעטל קריוואָדוב לעבט איבער אַ שוידערלעכן פּאָגראָם. אָבער נאָכדעם ווי דער בלוטיקער שטורעם שטילט זיך איין, זאַמלען זיך יידן צונויף אין דער שול פאַסטן און זענען מתפלל צו גאָט. קוים איבערגעכאַפּט דעם אָפּגעשטעלטן אָטעם, נעמט מען שוין אַ געענדזענע פּעדער צו פאַרצייכענען אין פּנקס אַלץ, וואָס איז אין שטעטל געשען. איז דאָס שטיקל פּנקס־כראָניק אין נוסח און גייסט פון די אַלטע סליחות, וואָס מ׳האָט געזאָגט בעת די קרייצצוגן און בעת גזרת ת"ח ות"ט:

„ראה ה׳ מה היה לנו וויא שאָף צו דער שחיטה זאַגען מיר געפירט און זייא האָבין ראַבירט אונדזער האָב און גוטץ און זייא האָבין פאַרשוועכט דיין נאָמען צווישן די פעלקער".

און אין אַלט־נוסחדיקן פרומקייט־טרויער טרעט פּלוצים אַריין אַן איינברוך. מנחם דעם רבס רייסט זיך אַריין אין שול און מאַכט צו נישט די „אידיליע" פון מקבל באהבה זיין אַלע יסורים.

„איר זאָגט שוין ווידער? זאָגט, זאָגט, — איר זענט אַלע מאָל געווען אַ פאָלק פון זאָגערס און זאָגערינס". ער וואַרפט אַ בליק אויף דעם געעפנטן פּנקס און שרייט ציניש: „שמעיה, פאַרגעס נישט צו פאַרשרייבן די „קדושים". חנא טרעגער איז דאָך אומגעקומען על קדוש השם, און בערל גנב אויך, און גיטל די סאָלדאַטקע האָט געהאַט אויף זיך אַכט גויים — אַלץ על קידוש השם". ס׳טרעפן זיך בליקן פון צוויי דורות, דעם אַלטן רבס און דעם צעפלאָנטערטן זונס. דער רב איז דערשיטערט פון דעם, וואָס ער הערט און רופט אויס: „אַזוי גאָר! און ווער האָט באַשאַפן די וועלט, און דעם ים, און די זיבן הימלען — דו אפשר, האַ?!...".

מנחם ענטפערט מיט צערייצטן חזק־ציניזם לויטן טאַטנס ריטם:

„און ווער האָט באַשאַפן די באָד און די בעדערין — איך אפשר, האַ? און ווער האָט באַשאַפן צימעס מיט פּאַסאָליעס און ציגענע בערד, און דער באָבע טריינעס וואַטאָווע מאַיטקעס — איך אפשר, האַ? רבונו של עולם, האַר פון דער וועלט, דו גרויסער באַשעפער פון טראַינעס מאַיטקעס — נעם אונטער דיינע פליגלען די נשמות פון די דאָזיקע קדושים, וואָס זענען פאַרפייניקט געוואָרן צום כבוד און לויב פון דיין הייליקן נאָמען — יהוה".

איז אין מנחם דעם רבס בייסיקע לעסטערונגס־רייד בלי־ספק פאַראַן אַן אָפּקלאַנג פון דער דעמאָלטדיקער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, וואָס האָט זיך מער נישט געלאָזט איינשלעפערן מיט נאָכגיביקע און פּאַר ליבנעמענדיקע רייד וועגן תשובה און תפילה; נאָר געזוכט רעאַלע וועגן פון סאָציאַל־פּאָליטישן קאַמף. און די אידעאָלאָגיע פון רעאַלן קאַמף האָט דעמאָלט געפאָדערט זיך לגמרי אָפּצושאָקלען פון דער אַלטער פרומגלויביקער גייסטיקייט, וואָס האָט דורות־לאַנג געליימט דעם ווילן און געמאַכט אומפעאיק צום קאַמף. נישט מער ביי דעם פּלוצומדיקן איבערגעקערטן מנחם איז עס אַרויסגעקומען אַביסל אַבסטראַקט און מטושטש.

שטענדיק אָבער, ווען מ׳טראַכט איבער ל. שאַפּיראָס שאַפן, מוז מען אומבאַדינגט זיך אומקערן צו זיין קאָשמאַרער דערציילונג פון פאַר קנאַפע פערציק יאָר צוריק א. נ. „דער צלם", וואָס איז בשעתה אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַרישער פרעסע געווען אַ סענסאַציע מיט אַ באַשטימטן ביי־טעם. עס איז אַרום איר אויסגעוואָקסן אַ ליידנשאַפטלעכע פּאָלעמיק, אין וועלכער ס׳האָבן זיך באַטייליקט דר. ח. זשיטלאָווסקי, ש. אַנ־סקי און אַנד. דער אָפּקלאַנג פון דער פּאָלעמיק איז געווען אַ גרויסע, ווייל די באַהאַנדלטע פּראָבלעמען האָבן אָנגערירט די סאַמע ווייטיקלעכסטע ערטער פון יידישן לעבן און נאָכמער פון יידישן גורל. משמעות אַז דער אויטאָר אַליין האָט זיך געוואַקלט, ווייל ווען ער האָט איבערגעשיקט דעם כתב־יד אין דער רעדאַקציע פון „נייעם לעבן", האָט ער אין דעם באַגלייט־בריוו זיך אויסגעדריקט: „דעם אמת געזאָגט צווייפל איך, אויב איר וועט זי

דרוקן". דער רעדאַקטאָר פון „נייעם לעבן" זאָגט וועגן דעם אין אַ רעדאַקציאָנעלער נאָטיץ:

„...איבערגעלייענט דעם „צלם" נאָך אַמאָל און אַ דריטן מאָל, האָב איך מיך געפרעגט: „וואָלט איך געוואָלט, דער „צלם" זאָל געווען געבליבן נישט געשריבן? לכל הפחות, נישט געדרוקט? און איך האָב מיר געענטפערט, ניין! ער האָט געמוזט געשריבן זיין און ער מוז פאַרעפנטלעכט ווערן" — — — „וויבאַלד איך זע אָבער איין, אַז „דער צלם" מוז געדרוקט ווערן, האָב איך שוין דעמאָלט קיין רעכט נישט אָפּצוזאָגן זיך פון דער פאַרעפנטלעכונג".

פאַר אונדז האָט „דער צלם" אַ באַזונדערן אינטערעס צוליב דעם, וואָס זיין מאָטיוו איז אַ היינטצייטיקער, וואָס די פראַגעס עגבערן אויך איצט אונדזער געדאַנק, וואָס אין אים קומט צום אויסדרוק יידישע שיקזאַלהאַפטיקייט. ביי אַנדערע באַדינגונגען שפּיגלט ער אָפּ אונדזער היינטיקן שמועס מיט זיך אַליין וועגן דער וועלטס באַציאונג צו אונדז און וועגן אונדזער באַציאונג צו דער וועלט. און נאָכמער פאַרפאָלגט אונדז דער סימבאָלישער נאָמען פון דער דערציילונג — „דער צלם", אין וועלכנס נאָמען מ׳האָט אונדז אַמאָל געפירט צו די שייטערהויפנס און היינט אין די גאַזקאַמערן.

עס געפינען זיך צווישן אונדז היינט שרייבער, וועלכע באַמיען זיך צו וועקן ביי יידן ליבע צום צלם; נאָכמער, מ׳וויל אונדז איינשמועסן, אַז אין תוך זענען מיר נישט ווייט פון דער צלם־אידעאָלאָגיע, וואָס איז איבערגעפילט מיט שיינקייט, מענטשנליבע און פאַרגעבונג. איז שוין אַוודאי צייט — טענהן די צלם־אַפּאָלאָגעטן — זיך אַרויסצוהייבן פון דער ספּעציפיש־יידישער איינגעשלאָסנקייט און דערזען דעם גרויסן הומאַניטאַרן כוח, וואָס שטעקט אין צלם. איז דאָס פאַר אונדז נישט קיין נייער „אַפּיל"; בכל דור ודור שטייען ביי אונדז אויף כלערליי „אויפוועקער" און „באַגייסטערער" און מיר בלייבן אַלץ אומבאַרירט פון די „זיסע" רייד... ס׳איז דעריבער נישט נויטיק צו באַנייען אונדזערע אַלטע קעגן־טענות. ס׳וועט פיל בעסער זיין ענטפערן מיטן בילד פון ל. שאַפּיראָס „דער צלם".

דער העלד פון דער דערציילונג זעט אויס אַזוי: „אַ ריזיקע פיגור, ברייטביינערדיק, אָבער נישט פעט, גיכער מאָגער; שוואַרץ, פאַרברענט פון דער זון, מיט שאַרפע באַקנביינער און

שוואַרצע אויגן. די האָר פון קאָפּ כמעט אינגאַנצן גרוי, אָבער מאָדנע יונג: געדיכט און רייך צעוואַקסן, אַ ביסל געקרייזלט. אַ שמייכל פון אַ קינד אויף די ליפּן און קליינינקע קנייטשלעך פון אַ זקן אַרום די אויגן".

ווער איז ער? — אַ הויכאידעאַליסטישער רוסישער רעוואָלוציאָנער, וואָס קעמפט פאַר אַ נייער וועלט. אין זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט איז אים אויסגעקומען צו אַרבעטן צוזאַמען מיט דער איידעלער אָפּפערווויליקער רעוואָלוציאָנערין מינאַ, וועלכע ער האָט פאַרגעטערט. און אָט ביי דעם רעוואָלוציאָנער איז צו זען „אויפן ברייטן שטערן אַ שאַרפגעצייכנטער ברוינער צלם. דאָס איז געווען אַ שוואַרץ־פאַרצויגענע וווּנד — צוויי שניט מיט אַ מעסער איינער איבערן צווייטן".

פונוואַנען קומט צו אים דער צלם אויפן שטערן?...

אין שטאָט איז געווען אַ פּאָגראָם אויף יידן. כוליגאַנעס רייסן זיך אַריין צו אים אין שטוב; ער איז געווען צוזאַמען מיט דער מוטער. ער האָט זיך אַ ריס געטאָן צו די כוליגאַנעס און איינעם אַראָפּגעלאָזט אַ שטאַרקן פויסט אויפן קאָפּ. חברה האָבן אים באַלד געבונדן און געלייגט אים לעבן דער מוטערס בעט און אים געצוווּנגען צוקוקן זיך ווי מ׳שענדעט זיין מוטער. אים האָט מען רוצחיש צעשלאָגן און לסוף מיט אַ מעסער אויפן שטערן אויסגעשניטן אַ צלם... אַן אייביקער סימבאָל פון ליבע און רחמנות... מיטן אויסשניידן דעם צלם אויפן שטערן זענען די כוליגאַנעס אויסן געווען זיין טובה, אַז די „זשידאָווסקע" נשמה זאָל נישט געפּייניקט ווערן אין גיהנם.

„נאַכט, די לאָמפּ איז אויסגעגאַנגען, אָדער זיי האָבן זי אויסגעלאָשן פאַרן אָנהייב. איך שטיי צוגעבונדן צום בעט, און אויף מיין שטערן, פיל איך, ברענט אַ וווּנד, ברענט שאַרף און מאַכט פאַרגעסן אָן די אַנדערע ווונדן. פון שטאָט גרייכן אַהער פאַרשידענע קולות; די שטאָט שרייט אין מיטן דער נאַכט, שרייט פאַרדומפּן, מיט פּלוצימדיקע שאַרפע אויסברוכן פון צייט צו צייט ווי אַ ווייטע שרפה. נישט ווייט פון מיר, אויפן בעט, צאַפּלט זיך עפּעס אין דער פינצטער.

—מאַמע! שטיל". —

ווען ער איז על פּי נס געבליבן לעבן, האָט זיך שפּעטער זיין אַנטוישונג און פאַרביטערונג אויסגעדריקט אין דערשטיקן זיין פאַרערטע פריינדין מינאַ, אָט די ליכטיקע פיגור, וועלכע האָט אים באַגייסטערט אין קאַמף פאַר אַ נייער וועלט.

איז דאָס אוודאי אַ היסטערישער אַקט פון פאַרצווייפלונג. אַנשטאָט צו קעמפן מיטן בייז, אַנשטאָט צו ראַנגלען זיך מיטן שטן, דערשטיקט ער גאָר דאָס געטלעכע אין זיך. אויב דער צלם דאַרף דינען ווי אַ סימבאָל פון ליבע און אין דעראמתן איז ער גאָר אַ לייכטשטערן פאַר רוצחים, מוז מען — מיינט דער העלד — דעם שטערן אויסלעשן, ווייל ער איז אַן אָפּנאַרערישער מיראַזש.

זענען דאָך ס׳רוב לידער פון אונדזער היינטיקע געטאָ־און לאַגער־דיכטער בלויז וואַריאַנטן פון דעם זעלביקן „צלם״־מאָטיוו. ביילן זיי דאָך די פויסטן אַקעגן דעם הימל, קריצן זיי דאָך מיט די ציין אויף דער טאַמעוואַטער זון, וואָס באַשיינט די בלוט־זויגן פון די רוצחים. און ווי די דיכטערין רייזל זשיכלינסקי דריקט זיך אויס:

> און די הימלען זענען געווען נאַקעט און ליידיק,
> און גאָט האָט באַהאַלטן זיין פּנים.

אָבער דער צלם איז פאַר יידן אויף תמיד פאַרבליבן אַ שרעק־בילד. און אפשר איז גערעכט ש. אַנ־סקי, וואָס אין זיין קריסטוס־פּאָלעמיק מיט דר. ח. זשיטלאָווסקי, דערמאָנט ער די יידישע לעגענדע, וואָס זאָגט, אַז ווען אַ ייד פאַרשטעקט אין דער ניטעל־נאַכט (קריסטמעס) אַ מעסער אין דער ערד, ווערט דערמאָלט פון פאַרשטעקטן מעסער רינען בלוט... מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס, אַז צוזאַמען מיט קריסטוסעס קומען אויף דער וועלט הויבט זיך אָן די מעסער־פליצונג פון יידיש בלוט... יאָ, מ׳מוז צוגעבן, אַז ס׳פלייצט טייכנוויז.

לאַמער שאַפּיראָ איז נישט געווען בלויז ליטעראַריש פאַרצווייפלט, נאָר אויך געוואָרן פערזענלעך אָ פּ ה ע נ ט י ק, אַן גלויבן אין וועלכן ס׳איז פּאָזיטיוון אויסבליק. נישט געגלויבט מער אין דעם ווירקונגס־כח פון וואָרט. אַלץ איז צניש פאַרלינגערישט און ממילא איז ס׳וואָרט פאַר אים געוואָרן אויסגעהוילט פון יעדן רייץ. ער איז פּשוט אַנטלאָפן פון זיין באַרוף. ער האָט זיך פאַרקליבן ווייט פון דער רווישיקער שטאָט, זיך באַזעצט אויפן שפּיץ פון אַ בערגל און דאָרט אין זיין אָרעם שטיבל פאַרלייגט אַ היימישע „לאַבאָראַטאָריע״. ער האָט זיך געשטעלט אַן אויפגאַבע מיט אייגענע היימישע מיטלען צו לייזן

אַ כעמיש פּראָבלעם פון אַרויסבאַקומען בילדער אין זייערע נאַטירלעכע קאָלירן. דאָס אַנטלויפן פון שעפערישן וואָרט צום געביט פון כעמישע עקספּערימענטן און ס׳אַדורכפירן די „וויסנשאַפטלעכע" אַוואַנטורע מיט די אייגענע נאַקעטע פינגער איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר לאַמעד שאַפּיראָס פּסיכישן באַשטאַנד, דער גרויס־גרויסער אַרום פון מעגלעכקייטן און די פינטל־קליינינקע מיטלען צו רעאַליזירן די מעגלעכקייט, דאָס איז דאָך געווען דאָס סאַמע וועזנטלעכע פון שאַפּיראָס גייסטיקע איינשטעלונג צום לעבן.

מיט אַן ערך פופצן יאָר צוריק, נאָכדעם ווי זיינע עקספּערימענטן זענען אַדורכגעפאַלן און ער איז שוין געוואָרן געזעטיקט מיט דער איינזאַמקייט, האָט ער אָנגעהויבן צוריקגעפינען סאָציאַלע איינשטעלונג, אינטערעס פאַר סאָציאַלע פּראָבלעמען, ער האָט אָנגעהויבן גראַוויטירן צו לינקס. ווי ווייט ער האָט פּסיכיש דערין געשטעקט, איז שווער צו זאָגן. אָבער דורך דעם איז בלי ספק אין זיין לעבן אַריינגעטראָטן אַ זונען־שטריך. וועגן זיין אומקערן זיך צום לעבן קאָן אויך עדות זאָגן זיין פערטל־יאָר־בוך „סטודיאָ". אָבער דאָס איז געווען עפּעס אַ געקינצלטע לעבעדיקייט אָן לעבנסלוסט. דאָס איז אויך געווען צו זען פון זיין דערציילונגען־זאַמלונג „ניו־יאָרקיש". אין די דערציילונגען הערט שאַפּיראָ נישט אויף זיך אַליין צו שמייסן צוליב זיין יוגנטלעכן „צלם", וועלכן ער האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן באַטראַכט ווי זיינס אַ „ממזר"...

מיט לאַמעד שאַפּיראָס טויט איז זיין פּאָזיציע אין דער יידישער ליטעראַטור פאָרמעל אָפּגעשלאָסן געוואָרן, אָבער פאַקטיש איז זי שוין אָפּגעשלאָסן געוואָרן מיט יאָרן צוריק. זיין פּאָזיציע איז קוואַליטאַטיוו אַן אָנזעעוודיקע און שעפעריש — אייגנאַרטיק. זיין אימפּרעסיאָניסטישער מעטאָד איז געווען אַ פאָרויפלויפיקער, נאָך פאַר דוד בערגעלסאָן. ליטעראַטור־פאָרשער וועלן נאָך נישט איינמאָל זיך מוזן אומקערן צו דער ליטעראַרישער דערשיינונג וואָס הייסט — לאַמעד שאַפּיראָ.

# אפרים קאַגאַנאָווסקי — דער מייסטער פון דער יידישער נאָוועלע.

באַלד נאָכן חורבן האָבן זיך אין פוילן אָנגעהויבן זאַמלען יידישע שרייבער, וואָס זענען געקומען פון די בונקערס און דייטשישע לאַגערן, אָבער די גרעסטע צאָל שרייבער האָט זיך אומגעקערט פון סאָוועט־רוסלאַנד, וווהין זיי זענען אין סעפטעמבער 1939 אַנטלאָפן צו שיצן זיך פאַר די דייטשע האָרדעס. אין 1946 האָט די יידישע שרייבער־משפחה אין לאָדזש דערגרייכט די צאָל — 70 און ס׳האָט זיך געקאָנט אויסדוכטן, אַז אין פוילן וועט זיך אויסבילדן אַ באַדייטנדיקער יידישער קולטור־פונקט. דער גאַנג פון די פּאָליטישע געשעענישן איז אָבער געווען אַזעלכער, אַז די ווייט גרעסטע צאָל שרייבער אין. פוילן איז זיך, ווער לעגאַל און ווער אומלעגאַל, צעפאָרן איבער דער גאָרער וועלט. איצטער, הערן מיר, האָט פוילן אויך פאַרלאָזט דער באַדייטנדיקסטער פון די ניצול־געוואָרענע יידיש־פוילישע שרייבער — **אפרים קאַגאַנאָווסקי.** איז דאָס אין יידיש־ליטעראַריש וועלטל אוודאי אַ געשעעניש, וואָרים אפרים קאַגאַנאָווסקי איז סיי פערזענלעך און סיי מיט זיין קינסטלעריש שאַפן געווען ענג פאַרבונדן מיט פוילן און דערהויפּט מיטן יידישן וואַרשע נאָך פון די גילדענע פרץ־טעג. משמעות, אַז וואָגיקע סיבות האָבן דערפירט דערצו, אַז ער זאָל זיך מוזן שיידן מיט זיין געליבט פוילן און זיך באַזעצן אין רוישיקן פרעמדלעכן פאַריז.

א. קאַגאַנאָווסקי שטאַמט ליטעראַריש פון י. ל. פרצעס שטוב וווּ ער האָט זיך געלערנט נעמען ערנסט דעם שרייבערישן באַרוף. קאַגאַנאָווסקי איז געקומען צו פרצן ווי אַ יונגעטשקער

בחור פון זיבעצן יאָר. ער האָט דעמאָלט געהאַט מער מאָלע־רישע איידער שרייבערישע אַמביציעס. מיט דער צייט האָט ער זיך „איבערגעוואָרפן" אויף ליטעראַטור. אין דער פּרק־סביבה האָט ער זיך גרינטלעך אונטערשיידט פון אַנדערע שרייבער און שרייבער־קאַנדידאַטן. ער איז נישט געקומען פון שטעטל, נישט פון דער ישיבה, נישט פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און נישט אפילו פון דער אויסגעגליטשטער אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך בשעתה „געקוויקט" מיט פּשיבישעווסקים דעמאָניזם. ער איז גיכער געקומען פון אַן אומבאַקאַנטער סביבה, „פרייע" קינסטלער, וואָס האָט דעמאָלט ערשט געהאַלטן אין אויספּיקן זיך. ווען ער האָט אָנגעקלאַפּט אין פּרצעס טיר, איז ער געווען יונג, פריש מיט שאַפערישע אַמביציעס, וואָס האָבן געזוכט אַ קינסטלערישן תיקון אין דער פּלאַסטישער קונסט. געווען איז ער איינגאַנצן אַן יידישע טראַדיציעס און אַן אַ יידישן הילוך; אַ פרייער פויגל, וואָס קומט צופליען פון „ערגעץ". במילא איז ער אויך געווען פריי פונם אייגנאַרטיקן נאַציאָנאַלן קאָמפּלעקס, פון וועלכן ס׳זענען דעמאָלט געווען באַהערשט ס׳רוב אָנהייבנדי־קע שרייבער.

אַריינגעפאַלן איז ער לכתחילה אין אַ פּאַר אים פרעמדע אַטמאָספער פון היפּער־אינטעלעקטואַליזירטע געוועזענע בית־המדרשניקעס, יונגע בעלי מלאכות, וואָס האָבן געוואָרפן דעם וואַרשטאַט, ווי אויך „אָנגעלייענטע" אינטעליגענטן, וואָס האָבן „געגענזלט" צו דער פּען. ער האָט באַלד דערשפּירט ווי אַלע זענען פאַרקוקט אין דער פּרץ־געשטאַלט ווי חסידים אין אַ רבין. ער האָט געפּרווט באַנעמען פאַרשידענע „רייד" און „גע־דאַנקען" און לסוף פון יעדן איינעם עפּעס איינגעזאַפּט אין זיך. אין דער פּרץ־שטוב זענען דעמאָלט דערעיקרשט געווען איינ־געבירגערט שלום אַש, י. מ. ווייסנבערג און ה. ד. נאָמבערג.

פון אַשן האָט קאַגאַנאָווסקי אָפּגעשוימט דעם פּויליש־ראָ־מאַנטישן שימער, אָבער ער האָט אים דערביי אויסגעטאָן פון די יידישלעכע אַקסעסואַרן. ביי ווייסנבערגן האָט ער איבערגע־נומען דאָס פאָלקסטימלעך־פּלאַסטישע, וואָס איז שפּעטער אין אַ געשליפענעם גילגול געוואָרן איינער פון די גרונט־עלעמענטן פון קאַגאַנאָווסקיס שאַפן. דעם שטאַרקסטן איינפלוס אויף דער פאָרמירונג פון קאַגאַנאָווסקיס שעפערישקייט האָט מסתמא געהאַט נאָמבערג. קאַגאַנאָווסקי איז גיך אָנגעשטעקט געוואָרן

מיט נאָמבערגס קילן צוגאַנג צו אַ „דראַסטישער" טעמע און דערהויבט האָט ביי אים אויסגענומען נאָמבערגס באַהערשטער סקעפטישער אויסבליק. פונקט ווי נאָמבערג איז אויך קאַגאַנאָווסקי עגאָצענטריש און אַ שטענדיקער סובלאָקאַטאָר (באַרדער). ביידע האָבן פיינט איינזאַמקייט; זיי האָבן מורא צו בלייבן מיט זיך אַליין. דערפאַר איז ביי ביידע אַנטוויקלט דער חוש פאַר געזעליקייט. ביידע (קאַגאַנאָווסקין צו לאַנגע יאָר!) שעצן הויך מענטשן, וואָס זענען מסוגל צו זיצן געמיטלעך ביים טיש, פריי צו שמועסן און זיך אונטערהאַלטן.

צו נאָמבערגן איז אַמאָל געקומען אין קאַפע זיינס אַן אַליטער פריינט, וועלכער האָט אים געטראָפן אַ בראשו ורבו (אינגאַנצן) אַריינגעטאָענעם אין ביליאַרד־שפּיל. נאָמבערג האָט זיך דערשפּירט אַביסל זשענירט און באַלד דערקלערט זיין פריינט: „איר פאַרשטייט, ביליאַרד איז אַ גרויסע זאַך; אַ קיילעכל לויפט אַהער, אַ קיילעכל לויפט אַהין און דערווייל פאַרלויפט ס׳גאַנצע לעבן"... אויך קאַגאַנאָווסקי באַמיט זיך כסדר מיט עפּעס צו פאַרשפּילן די פּוסטקייט פון לעבן.

נישט געקוקט אויף דער בולטער געמיט־נאָענטקייט, וואָס איז פאַראַן צווישן קאַגאַנאָווסקין און נאָמבערגן, לאָזט זיך פונדעסטוועגן מערקן אַ גרונט־נפקא־מינה צווישן זייערע אַזוי צו זאָגן וועלט־געפילן. נאָמבערג איז אין תוך *אַנאַליטיקער*; מענטשלעכע ליידנשאַפטן באַנעמט ער גיכער מיטן שכל. דעם גאַנג פון געשעענישן און האַנדלונגען פלעגט ער דערהויפּט *אַלגעבראַאיש*. דאָס קאָמפּאָזיציאָנעלע דרינגט ביי אים טאַקע אַרויס פון דעם אַנאַליז. אַקוראַט ווי יענער מגיד, וואָס פריער צעברעכט ער דעם פּסוק אויף פּיץ־פּיצלעך און נאָכדעם שטעלט ער פון זיי קונציק צונויף די פריערדיקע גאַנצקייט. קאַגאַנאָווסקי איז ווידער אין זיין עמפּינדן אינטואיטיוו. פאַר זיין אויג ציט זיך באַלד אַ ריי ליניעס און קרייזן, פאַר וועלכע ער מוז האָבן שטח. האַנדלונגען און טראַכטונגען קייטלט ער געאָמעטריש. נישט בלויז ער *פאַרשטייט* זאַכן, נאָר ער *זעט* זיי ממש.

קאַגאַנאָווסקי איז בעצם אַ סקעפּטיקער, נעמט אַלץ אויף באַהערשט מיט אַן אומעטיקן שמייכל, ער געהערט צו די, וואָס האָבן איינמאָל פאַר אַלע מאָל דערזען די ליידיקייט פון דער וועלט. ס׳איז דעריבער נישט קיין וואונדער, וואָס ער ווייזט

אַרויס אַן אינטימען אינטערעס צו מענטשן, וואָס פילן זיך אין לעבן פאַרלוירן. סירוב פון זיינע „העלדן" גייט עס מיט דער פוטער אַראָפּ; פאַר זיי איז כאַראַקטעריסטיש דער שטריך פון שטענדיקן דורכפאַל. דאָ איז נישט קיין רייד וועגן אַ וועלכער ס׳איז שלימזלדיקייט, וואָס זאָל זיין אַ פועל יוצא פון סאָציאַלע פאַרהעלטענישן. גיכער איז עס אַ שפּיל פון בלינדע כוחות, וואָס האַלטן דעם מענטשן אין טראַגישן קלעם.

דאָס איז בלויז די יידישע זייט פון דער קאַגאַנאָווסקי־מטבע. עס איז אויך פאַראַן אַ צווייטע זייט — אַ נ י ש ט־ י י ד י ש ע. קאַגאַנאָווסקי האָט אין דער יידישער ליטעראַטור אַריינגעבראַכט דעם סלאַווישן עלעמענט. דערגאַנגען איז ער צו אים אין דער געלייטערטער טשעכאָווישער פאָרם. שוין פריִער איז געווען פול מיט התפּעלות פאַר טשעכאָווס טאַלאַנט; ער האָט געהאַלטן, אַז מ׳דאַרף גאַנץ טשעכאָוו איבערזעצן אויף יידיש. קאַגאַנאָווסקי האָט אָבער ס׳טשעכאָווישע „איבערגעקאָכט" אין זיך און צוגעפּאַסט עס צום יידישן קלימאַט.

ער בויט אַ נאָוועלע טשעכאָוויש אויפן יסוד פון טראַגישער שטיפעריי און שפּילעוודיקן געפּעכט, וואָס דערפירט לסוף צו אַן אומבאַהאָלפן פאַרגליווערט שמייכעלע. ער אָפּערירט דערביי געשיקט מיט ליכט און שאָטן.

קאַגאַנאָווסקי ווארפט אויפן מענטש אַ זייטיקן בליק, כאַפּט אים אויף פּראָפּילאַרטיק. זעלטן־ווען טרעטן ביי אים אַרויס געדיכטע פלעקן; סרוב צייכנט ער אַ פּאָר דינע ליניעס פון מענטשלעכע שוואַכקייטן דורך וועלכע דער רויער פּרימיטיוו באַקומט אַ צאַרטן גלאַנץ. דאָס זענען צאַרטקייטן, וואָס גייען אויף אין ראָזיקער פאַרחלומטקייט און לעשן זיך אין בלינדע בין השמשותן פון אַנטוישונג און בענקשאַפט. ער דערציילט אָפט וועגן לאַנגע שפּאַצירן, לבנה־נעכט אין גאָרטן, נישטדערגאַנגענע ליבעס, אָפּגענאַרטע געפילן, האַרצקלאַפּנדיקע וואַרטענישן, ד. ה. „אַלע גוטע זאַכן, וואָס גייען אַוועק און קומען שוין מער נישט צוריק". יאָ, דער פאַרנאַכטיקער אויגנבליק בישופט מיט זיין „בלינדער" פאַרביקייט „און קומט שוין מער נישט צוריק".

דיסקרעט, מיט קינסטלערישער מאָס ווייזט ער ווי אַזוי ס׳לעבן שפּינט אַ רעטענישפול געוועב פון קעגנזעצלעכע געפילן. אַ שפּיל פון ליבע־בענקשאַפט, ליבע־הונגער און ליבע־

זעטיקייט. אין צענדליקער וואַריאַנטן דערשיינט פאַר אונדז דער אייביק מיסטעריעזער געראַנגל צווישן „ער" און „זי". אויפן זכרון קומט די תלמודישע סענטענץ וועגן דעם, אַז אויב אַ פּאָרל האָט זיך ליב, קלעקט פאַר זיי אָרט אפילו אויף דער שאַרף פון אַ שווערד. קוים האָבן זיי זיך אָבער פיינט, איז פאַר זיי דער גרעסטער שטח אויך צו ענג. אין דעם ווערט געוויינטלעך אויסגעדריקט ס׳געזעץ פון אַ ט ר אַ ק צ י ע (צוציאונגס־כוח) און ר ע פּ ו ל ס י ע (אָפּשטויס־קראַפט), וואָס איז דער גרונט־מאָטיוו פון קאַגאַנאָווסקיס „פיגור"־נאָוועלן.

קלאַסיש אין דעם פּרט איז די נאָוועלע „אַ קרובה". אַ ברוגז - טאַנץ צווישן אַ ווידער אויפגעוואַכט געפיל ביי אַן „ער" און אַ מכלומרשט אָפּגעוועלקט געפיל ביי אַ „זי". ער ווערט כסדר געררייצט פון אירע פאַרשידענע טריקן, וואָס וועקן ביי אים אילוזאָרישע האָפענונגען. עס לאָזט זיך אָבער שטענדיק אויס אַ בוידעם... אַט־דאָס אויסטערליש „געפלעכט" ווערט ראַפינירט אויסגעטאַנצט דורך דער „זי", וועלכע דערדריקט ממש דעם „ער", וואָס האַנדלט אוממיטלבאַר, געטריבן דורך אויפגעוועקטע ליידנשאַפטן. גייט ער טאַקע אַוועק ליידיק און פאַרקלעמט...

אַ ביז גאָר פּסיכאָלאָגיש געוועב איז די נאָוועלע „מאַן און ווייב". אין אָנבליק פון טויט בליצט אויף אַ נאָענטקייט־געפיל צווישן פרעמדן סובלאָקאַטאָר (באָרדער) און דער טאָכטער פון שטאַרבנדיקן באַלעבאָס. ער האָט זי כמעט נישט געקענט, עס איז אים ביז איצט נישט אויסגעקומען צו רעדן מיט איר. ערשט ס׳געוויין און די יללות אַרום דעם טויטן שפעט ביינאַכט האָבן געצוווּנגען דעם סובלאָקאַטאָר אַריינגיין צו די אבלים. אין אָט דער אַטמאָספער פון כליפעריי דערנענטערט ער זיך פלוצים צום אומבאַקאַנטן מיידל, וואָס שטייט צו אים אויסגעדרייט מיטן רוקן.

„דאָס מיידל איז האַלב־ליגנדיק געזעסן אויף אַ שטול. זי איז געווען נישט אינגאַנצן אָנגעטאָן און עס האָבן זיך אַרויסגעוויזן אירע נאַקעטע פיס. זי האָט אויסגעזען ווי אַ גרויס דערוואַקסן פאַרלאָזן קינד. איר קאָפּ איז געווען איינגעגראָבן אין די אַקסלען, וואָס האָבן זיך געטרייסלט אין געוויין..."

די משפּחה־לייט באַמיען זיך אים נעענטער צונויפפירן מיט איר. אין אָנבליק פון ליגנדיקן מת ווענדעט זיך די אלמנה צום

סובלאָקאַטאָר: „גייען זי אַריין צו איר... צו בלומטשע... זי האָט דאָך שוין נישט קיין כוח..."

דער טויט־שאָטן ווירקט אויס אַ דרוק, אַז דער סובלאָקאַטאָר זאָל ווערן בלומטשעס מאַן. פּלוצים דערפילט ער אונטערן קאָפּ „אַ קאַלט, פרעמד בעל־הביתיש קישן..."

אַ פאַרביק פסיכאָלאָגיש שפּיל איז די גרעסערע נאָוועלע „אַ לעבעדיקער גרוס". אַריינדרינגענדיק זענען די סקיצן „גיטל", „זיין שיין ווייב" און „רוזשקע".

*

קאַגאַנאָווסקי פילט זיך אויך נישט פרעמד אין דער סביבה פון יידישן מיטלשטאַנד, וואָס לעבט זיך אויס אין שמענדריקישן סנאָביזם דורך הנדלען זיך מיט הויכשטאַפּלערישער „קולטור". מיט צאַרטער גוטמוטיקייט לאַכט ער אויס די גייסטיקע ליידיקייט פון די פסעוודאָ־אינטעליגענטן, וואָס האָבן פּלוצים אין זייער קאָפּ־קרייז דערזען אַ „שיקסע". זייער פריינט עדוואַרד איז געקומען אין קאָפּע מיט אַ „שיקסע", ד. ה. אַ קליינגעוויקסיקע פרוי מיט אַ קורץ, ראָז, פויליש ראַסן־געזיכט, מיט אַ פאַרריסן נעזל, בלאָע אויגן און בלאָנדע האָר.

דער סענסאַציע־טומל אַרום דער „שיקסע" אין אַ יידישע סביבה איז גאָרנישט אויסצודערציילן, אַלע זענען אַנטציקט מיט דער „שיקסעס" מעלות. „מען פילט נישט אין איר קיין שפּור פון אַנטיסעמיטיזם"... ביז דער זייפנבלאָז האָט געפּלאַצט; אַ „קאָלעזשאַנקע" האָט אַנדעקט, אַז די „שיקסע" איז בסך־הכל אַ טאָכטער פון אַ פרומען וואַרשעווער ייד. און הגם קאַגאַנאָווסקי פירט אויס אַ מוסר השכל, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן אַן אילוזיע פון גלייכהייט צווישן נישט־יידן און יידן, ליגט אָבער דער כוח פון דער נאָוועלע נישט אין דעם צערונען פון דער אילוזיע, נאָר אין דעם אַרט שילדערן די גייסטיקלאָזיקייט פון דעם „בעסערן" קרייז קאָפּ־מענטשן.

מיט מער היימישקייט דרינגט ער אַריין אין דער סביבה פון יידישן קליינבירגער, וואָס איז פאַרגלויבט אין דער הייליקייט פון די געזעלשאַפטלעכע קאָנווענאַנסן. מיט אַ באַזונדערער טרעפלעכקייט כאַפּט ער שטייגעריש־פּסיכאָלאָגיש אויף די גראָטעסקע זייטן פון דער קליינבירגערלעכער פרוי, וואָס לעבט זיך אויס אין איר קליינטשיק וועלטל.

עס זענען ביי קאַגאַנאָווסקין אויך פאַראַן נאָוועלן, וואָס זע־

נען געבויט אויף אַנעקדאָטן, אָדער צופעליקע פּאַסירונגען, ווי אַ שטייגער: „אין מושב זקנים" און „מען פאָרט נישט". ער ברייט זיי אויס שטייגעריש און איבערדערציילט זיי מיט דיכטער חנעוודיקייט.

*

אַ באַזונדערער זשאַנר אין קאַגאַנאָווסקיס שאַפן זענען די סטאַווקי־מאָטיוון, געשעפּט פון אַ וואַרשעווער הינטערגאַס, וואָס איז געווען באַוווינט דורך דער בונטאַרישער אָרעמקייט. אין דער דאָזיקער סביבה קורירט זיך קאַגאַנאָווסקי צוביסלעך אויס פון זיין נאָגנדיקער בענקשאַפט; ער דערנענטערט זיך צום פאָלקס־מענטש, וואָס האַרצט אים מיט דער אוממיטלבאַרקייט און פשטות. עטלעכע צענדליק סקיצן פון דעם מין זענען צעזייט איבער פאַרשידענע צייטונגען און זשורנאַלן און האָבן זיך עד־היום נישט דערוואַרט אויף קיין בוך־פאָרם. זייער אַלגעמיין בילד שטעלן מיר בחפזון אויף לויטן זכרון.

אין היפּוך צו זיינע „פיגורן"־פערסאָנאַזשן טרעטן דאָ אויף רויע פאַרשוינען, אָן די באַזונדערע בענקשאַפט־מיחושן; מענטשן, וואָס רעאַגירן לעבהאַפטיק אויף אַלע דערשיינונגען. סטאַווקי איז עפּעס אַן „אויטאָנאָם־געגנט", וואָס לעבט זיך אויס לויט אייגענע געזעצן און מנהגים. סטאַווקי־מענטשן לאַכן אויס די שטרויענע פאַרשוינען פון „יענע" גאַסן; עס קומט עפּעס אויס דזי „יענע" וואָלטן געגאַנגען אויף שטאָלצן און פילן נישט דעם „אמתן טעם" פון לעבן. פּראָסטע, פולבלוטיקע מענטשן, וואָס נעמען נישט ערנסט זייער אָרעמקייט, פרייען זיך מיטן לעבן, לאַכן הילכיק, באַציען זיך איינס צום אַנדערן היימישלעך. אַ צווישן זיך אויסגעקאָכטע חברה, וואָס לאָזט זיך נישט איבער־קליגלען... אַ „ליאַמע" אין אַ סטאַווקי־טשיינע האָט דעם זיי־בעטן חן; אַ חברותא, וואָס חוזקט אָפּ פון דער „גאַנצער" וועלט און קודם כל פון זיך אַליין. קאַגאַנאָווסקי שפּירט אָט דעם עולם שטייגעריש נאָך טריט ביי טריט. ר׳פירט פּלאַסטיש אַרויס זייע־רע איבערלעבונגען, קאָנפליקטן, דראַמעס, פריידן, ליבעס, האַ־פענונגען, זאָרגן, חלומות, המצאות, שפּיצלעך א. ד. גל.

כאַראַקטעריסטיש איז דאָ קאַגאַנאָווסקיס אייגנטימלעכער הומאָר מיט וועלכן ער צייכנט אָט די פיגורן און סיטואַציעס. זיין הומאָר איז פאַר אים ס׳זעלביקע, וואָס פערספּעקטיוו פאַרן מאָלער. הגם קאַגאַנאָווסקי איז אויסגעבונדן מיט די סטאַווקי־

„העלדן" און באַנעמט אינטים זייערע איבערלעבענישן, פילט
זיך דאָך בולט די דיסטאַנץ, וואָס טיילט אים אָפּ פון זיי. ער
איז מיט זיי נישט צונויפגעוואָקסן, נאָר שטייט פון אַ באַ־
שטימטן מהלך און דאָס גיט אים די מעגלעכקייט צו זען דורך
אַן אייגענעם, קאַגאַנאָווסקישן אַספּעקט. פון אַלע ווינקעלעך
שיינט דאָ אַרויס קלאָרע לעבנס־חכמה, וואָס באַנעמט מן הצד
מענטשלעכע אַמביציעס און גלוסטונגען ער איז גוטמוטיק מוחל
אַלע שוואַכקייטן. דערביי איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס באַשרייַ־
בנדיק ס'לעבן פון אומפּיטלבאַרע מענטשן, צו־מאָל הפקר־נאַ־
טורן, וואָס קווענן זיך נישט מיט קיין אומצניעותדיקע סיטואַ־
ציעס און „זאַפּטיק" וואָרט, ווייזט קאַגאַנאָווסקי אַרויס אַ באַ־
זונדערע וואָרט־ריינקייט, שפּראַך אָפּגעהיטנקייט און שרייבע־
רישע עלעגאַנץ.

ער איז ביי אונדז דער סאַמע עלעגאַנטער נאָוועליסט,
וואָס האָט געפיל פאַר מאָס, פאָרם און בילד. ער צייכנט זיך
אויס מיט אַ טיפערן אַריינבליק אין מענטשנס געמיט, וועגן
וועלכן ער דערציילט מיט קינסטלערישער מנוחה און דענקע־
רישער באַהערשטקייט. אַלץ גייט אַדורך דעם פילטער פון קאַ־
גאַנאָווסקיס סקעפּטישן שמייכל.



דער שוידערלעכער איבערברוך, וואָס איז פאָרגעקומען אין
יידישן לעבן אין פוילן, האָט קאַגאַנאָווסקין אַרויסגעפירט פון
שרייבערישן גלייכגעוויכט. ער האָט פאַרלוירן דעם אינטערעס
צו צייכענען ס'עפּיזאָדישע לויט זיין ביזאַיצטיקן לייכט־שפּי־
לעוודיקן צוגאַנג. אין אָנבליק פון גרויליקן חורבן האָט ער גע־
ווענדעט זיין בליק צו דער פאַרגאַנגענהייט, בכדי פאַר די קינפ־
טיקע דורות צו פאַרפיקסירן דאָס, וואָס ער האָט געזען ביז דער
קאַטאַסטראָפע. ער איז פּסיכיש אַריינגעטראָטן אין זיך גופא
און שפינט איצט זכרונות פון נאָענטן עבר. במשך פון פולע
פערציק יאָר האָט ער זיך צונויפגעטראָפן מיט כמעט אַלע יידי־
שע שרייבער אין פוילן און אוקראַינע. אַ טייל פון זיי געקענט
נאָך פון דער פריץ־שטוב, וואָס איז געווען דער זאַמלפּונקט פאַר
אַלע, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו דער יידישער ליטעראַטור
און יידישער קולטור. איצטער אַרבעט קאַגאַנאָווסקי איבער אַ
ווערק, וואָס דאַרף אַרויספירן דעם דור יידישע שרייבער און
קינסטלער, וועלכע זענען דורך דער דייטשער האַק פאַרשניטן
געוואָרן פון לעבן.

# א. זווייטער

## (30 יאָר נאָך זיין מאַרטירער־טויט)

אין אַלע צייטן און אין אַלע דורות האָט דעם דענקענדיקן מענטשן קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו באַאומרואיקן און אינטריגירן ס׳אייביקע פּראָבלעם פון גליק און גליקזעליקייט. וואָרים אין תוך זענען דעם מענטשנס אַלע טואונגען און שטרעבונגען — אויף אַ נישט תמיד אנזעעוודיקן שטייגער — פאַרבונדן מיט אַ נאָכאַנאַנדיקער גלוסטונג צו גליק. און ווייל דאָס איז דעם מענטשנס אַ שטענדיקער באַגער און ווייל דער „תוכן" פון גליק נעמט אויף זיך אַלעמאָל נייע לבושים, זענען די פילאָזאָפן עד היום צווישן זיך נישט אַדורכגעקומען וועגן אַן איינהייטלעכער קלאָרער דעפיניציע פון גליק. מען קאָן נאָך אַלץ נישט פילאָזאָפיש פעסטשטעלן גענוי דעם אייגנטלעכן עצם פון גליק־באַגריף. דאַרף מען זיך דעריבער נישט חידושן, וואָס די געשיכטע פון פילאָזאָפישן געדאַנק ווייסט צו דערציילן וועגן פליצאָליקע גליק־דעפיניציעס, וואָס איינע איז באַשיימפערלעך סותר דער אַנדערער. צוו. אנד. איז פאַראַן אַ גליק־דעפיניציע, וואָס רעדט וועגן אַ צושטאַנד פון דויערהאַפטיקער צופרידנקייט און שטענדיקער גענוספולער באַזעלטקייט, פון וועלכער דער מענטש וויל באין אופן נישט אַרויס. ביי חסידים דערציילט מען וועגן באַרימטן גלות־אָפּריכטער ר׳ זישאַ אַניפּאָלער, אַז ער איז אַמאָל געקומען אין אַ פרעמדער שטאָט און זיך באַלד אַוועקגעזעצט אין בית המדרש לערנען. אין צוויי טעג שפּעטער האָבן די פלינקע לערן־בחורים באַמערקט, אַז ר׳ זישאַ האַלט אין דער גמרא אויפן זעלביקן עמוד. אין אַ וואָך אַרום — מ׳כאַפּט אַ זייטיקן קוק — ר׳ זישאַ האַלט אַלץ אויפן אייגענעם אָרט. אָבער

קיינער האָט נישט געהאַט די חוצפה איבערצופרעגן ר׳ זישאָן. אין בית המדרש האָט זיך פונדעסטוועגן געפונען אַן עזות פנים, וועלכער האָט איבערגעפרעגט ר׳ זישאָן, הלמאי ער שטייט אין לערנען עפּעס נאָכאַנאַנד אויף איין דף און רוקט זיך נישט אַביסל ווייטער. דערויף האָט ר׳ זישאָ געענטפערט געלאַסן: „צוואָס זאָל איך גיין ווייטער, אַז ס׳איז מיר דאָ גוט...“ צו אָט דעם צושטאַנד האָט דאָך געשטרעבט געטעס פאַוסט. נאָך זיינע כּל־ערליי שטורמישע איבערלעבונגען און ביטערע נסיונות, אין וועלכע ער האָט נישט געפונען קיין זינען און קיין טעם, האָט ער געבענקט צו דערלעבן אַזאַ באַזעלטן מאָמענט, אַ תענוג־פולן אויגנבליק, אין וועלכן ער זאָל געפינען אינעווייניקסטן זינען און „טעם“, מיט וועלכן ער זאָל שוין קיינמאָל נישט וועלן זיך שיידן און צו וועלכן ער זאָל מיטן גאַנצן האַרצן זאָגן: „פאַרבלייב נאָך, דו ביזט אַזוי שיין...“

לויט מיין געפיל קאָנען דעם מענטשנס פאַרשידענע גליק־צושטאַנדן געפינען זייער פילאָזאָפישן באַשייד אין דער באַקאַנטער פאָרמולע, וואָס לאָזט זיך איינפרעסן אין דריי ווערטער: „טריומף פון ווילן“. אויב אַלע אונדזערע שטרעבונגען, באַגערן, בענקשאַפטן און טרוימען ווערן אין לעבן מקוים און די נייגעשאַפענע לאַגע פאַרלירט נישט דערביי איר זעלישע שיינקייט, הייסט עס, אַז מיר זענען דערגאַנגען צום געהויבענעם מעמד, ווען אונדזער ווילן טריומפירט, ממילא זענען מיר גליקלעך. אָט דער מהלך, וואָס ליגט צווישן פאַרנעם פון ווילן און „טריומף“ פון ווילן. איז פאַר דעם דענקענדיקן און דערהויפּט סענסיטיוון מענטשן — דער שווערסטער, דער סאַמע דאָרנדיקער וועג. וואָס עמפּינדלעכער דער מענטש איז אַלץ מער ווערט אָט דער וועג צו „טריומף“ אויסגעצויגן אין דער ווייטקייט. מידאַרף האָבן אַ גרויסן ווידערשטאַנד־כּוח בייצושטיין די נסיונות. ס׳איז דעריבער מעגלעך צו רעדן וועגן גליק, וואָס דרינגט נישט נאָר אַרויס פונם דערגרייכטן, נאָר שוין בלויז פון זוכן און שטרעבן. דאָס גליק פון די זוכנדיקע באַשטייט דווקא אין דעם צושטאַנד פון נאָכאַנאַנדיקער אומצופרידנקייט, שטענדיקער פיינפולקייט און כּסדרדיקן ראַנגלען זיך מיט די נסיונות.

צו דעם קרייז זוכנדיקע, וועלכע האָבן זייער דערוויילִיק גליק געפונען אין די כּסדרדיקע שטרויכלונגען און שטענדיקע

ראַנגלעניש מיט די שווערע לעבנס־פּראָזע, האָט בײַ אונדז געהערט דער טראַגיש אומגעקומענער א. ווייטער. ער איז געווען טראַגיש אין לעבן און טראַגיש אין זײַן מאַרטירער־טויט. מאָדנע, ס׳זענען פֿאַראַן גרויסע שרײַבער, בײַ וועמען דער טאַלאַנט וואַקסט איבערן קאָפּ; זיי זענען גרעסערע שרײַבער ווי מענטשן. בנוגע א. ווייטערן לאָזט זיך זאָגן דאָס קאַפּויערדיקע. ער איז גראָד געווען אַ גרעסערער מענטש איידער שרײַבער, מער פּערזענלעכקייט ווי קינסטלער. אין פֿאַרגלײַך מיט זײַנע אינעווייניקסטע קאַמפֿן, אידעאישע איבערוועדנונגען זענען זײַנע שרײַבערישע אויסדרוק־מעגלעכקייטן געווען *מינימאַלע*. זײַנע נאָענטע דערציילן, אַז בעת זײַנע גרויסע יידישע געזעלשאַפֿטלעכע און פּאָליטישע אַנטוישונגען איז ער אַמאָל דערגאַנגען צו אַ קרייצפּונקט פֿון זײַן לעבן. דעמאָלט האָט ער זיך פֿאָרגענומען צו שטעלן די שטייגנדיקע יידישע ליטעראַטור ווי זײַנס אַ לעבנס־אידעאַל. איז עס נישט גענוג קלאָר וואָס עס איז דערמיט געמיינט געוואָרן. צי איז דאָרט געווען אַ רייד וועגן דער יידישער ליטעראַטור ווי אַ שעפֿערישע נאַציאָנאַלע אינסטיטוציע, וואָס דאַרף שענער מאַכן און פֿאַראייניטלעכן ס׳דעמאָלטיק נאָך־רעוואָלוציאָנער אויסגעהוילט לעבן פֿון די יידישע פֿאָלקס־מאַסן. אָדער ער האָט מיט דער יידישער ליטעראַטור געמיינט בלויז זײַן אייגענעם קינסטלעריש־שעפֿערישן וועג, וואָס דאַרף אים פּערזענלעך געבן פֿאַרגעסונג אָדער גאָר „גליק". אין צווייטן פֿאַל הויבט די זאַך אָן ווערן אומפֿאַרשטענדלעך מחמת דער באַשיימפּערלעכער דיספּראָפּאָרץ וואָס איז פֿאַראַן צווישן זײַן פּסיכישער צעריסנקייט, שייגייסטערישע ספֿיקות און אידעאישע וואַקלענישן פֿון איין זײַט און זײַן קנאַפּער שרײַבערישער אימפּולסיווקייט פֿון דער אַנדערער זײַט.

א. ווייטערס לעבן ציט זיך צווישן דעם לעצטן פֿינפֿטל פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט און דעם ערשטן פֿינפֿטל פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. אָבער לויט זײַן ראָמאַנטיש געמיט און אידעאישע אויסבליקן איז ער אינגאַנצן געווען אַ מענטש פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט. אין אַלע זײַנע לעבנס־עטאַפּן איז ער געטריבן געוואָרן דורך דעם — היינט־צו־טאָג שוין שטאַרק באַנאַליזירטן — „שטורעם און דראַנג". און כמעט בײַ יעדן ווענדפּונקט אין זײַן לעבן האָט ער זיך געפֿילט *פֿאַרדרענגט* און שטענדיק געמוזט אָנהייבן אויפֿסנײַ.

אין זיינע פאַר אים אַליין אומבאַוווסטע גליקזוכענישן איז ער צומאָל אַרויס פון זיך אַליין און צעזויפגעגאָסן מיט דער דרויסנדיקער וועלט און צומאָל איז ער ווידער אַריינגעטראָטן אין זיך, כדי דורכדעם צו באַקומען גייסטיקן אָנהאַלט. אָבער סיי דאָרט און סיי דאָ האָט ער נישט געפונען קיין זעלישע מנוחה. אויף זיין גורל איז אויסגעפאַלן צו לעבן אין אַן איבער־גאַנגס־עפּאָכע; ער האָט זיך נישט געקאָנט באַפרייען פון די אַלטע רעשטן, וואָס זענען ממש געלעגן אין זיין בלוט און באַ־גלייך האָט ער נישט געקאָנט אויפנעמען ס׳נייע, ס׳פרעמדע... ס׳איז ביי אים כסדר פאָרגעקומען אַ שפּיל צווישן פאַנטאַזיע און מאַכט.

לזיטן אָפּשטאַם האָט אין זיינע אָדערן זיך געקרייציקט ס׳בלוט פון אַ פאַרגרעבטן קרעטשמער מיטן בלוט פון פאַר־איידלטע תלמידי הכמים. ער האָט אין זיך איינגעזאַפּט די אַט־מאָספער פון דעם טאַטנס הפקר־צעהוליעטער דאָרפס־קרעטש־מע און אויך די אַטמאָספער פון געפרעסטער צניעות אין זיידנס בית המדרש. ער איז געווען אי אַן אוממיטלבאַרער מענטש פון דער נאַטור אי אַ פאַרצערטלטער מענטש פון ספר. אַ ליטוויש־געצוימטער בעל שכל און אַ סלאַוויש צעפלאַכטענער ראָמאַנ־טיקער.

אַ ווייטער איז געווען אַ דורכאויס ד ר אַ מ אַ ט י ש ע נאַטור, וואָס איז נישט קאַפּאַבל צו שליסן שלום מיט דער וועלט און אָקצעפּטירן אַלע אירע קרומקייטן. ער איז אַ נישט צופריי־דענער, אַ שטענדיקער אָפּפרעגער; עפּישע ווערטער אינטערע־סירן אים ווינציקער איידער דראַמאַטישע האַנדלונגען. ער לעבט זיך מער אויס אין ווידעראַנאַנדן, אין דיאַלאָג; ער איז לויט זיין וועזן אַ ב ר פ ל ו ג ת א (אָפּאָנענט), וואָס שטעלט אַ ווידערשטאַנד דער איינגעזעסנקייט.

זיינע בחורישע יאָרן האָט ער פאַרבראַכט אין בית המ־דרש; דאָרט אין די ד׳ אמות של הלכה האָט זיך לכתחילה אויסגעפורעמט זיין וועלט־בילד. און פאַרכאַפּט איז ער געוואָרן מיט דעם דראַמאַטיזירטן דיאַלאָג פון די בעלי הלכה, וואָס האָבן אין זייערע לאַנג־לאַנגע פאַרוויקלטע „שמועסן" איינער דעם אַנדערן אָפּגעפרעגט ביים אויספּעכטן אַ מער לאָגישן און מער עמישן לעבנס־צוגאַנג. ער האָט דאָרט דערזען, אַז ס׳לעבן איז נישט קיין אילוזיע, אַז מיינונגען פליען נישט גלאַט אין קאָפּ

אַריין, נאָר מ׳דאַרף מיטן כוח פון שכל אויסקעמפן פאַר זיי אַן אָרט אין דער געזעלשאַפט. מער דראַמאַטישע שפּאַנונג האָט ער אַרויסגעשפּירט אין דער אינטעלעקטועלער גימנאַסטיק פון די פּוסקים ומפורשים, וואָס האָבן חריפותדיק געוועבט דינע קשיות מיט נאָך דינערע תירוצים. בפרט, אַז ער האָט געזען ווי אַלץ איילט צו דעם פּונקט — מאַכן דעם מענטשן דער־הויבענער און גליקלעכער.

אָבער וואָס רייפער ער איז געוואָרן אַלץ מער איז דערפון פאַרשווונדן דער ראָמאַנטישער שלייער און ס׳זענען געבליבן בלויז האַרטע דינים און טרוקענע שקלא וטריות. עס איז אים געוואָרן דערווידער די גרויקייט און אָפּגעלעבטקייט פון דער תנו רבנן־וועלט. בפרט, אַז פון דרויסן האָט גערופן אַ נײַ אויפ־געוואַכט לעבן פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף. ער איז אַרויס פון אייגענעם „איך״ און איז אַריינגעטראָטן אין אַ דרויסנדיקער וועלט, אין דער וועלט פון די קעמפנדיקע מאַסן. ער האָט דעם „אמר אביי״ גיך פאַרביטן אויף דעם „אמר מאַרקס״, וואָס רופט צום קאַמף פאַר אַ וועלט וואָס וועט געבן מער אמת און מער גליק. און די וויזיע פון דער נײַער וועלט און נײַעם מענטש האָט אים באַלד מיטגעריסן מיט אַלע פיבערן. שוין איז אים אויסגעקומען נישט נאָר דאָס בילד פון דער קינספּטיקער אָרדע־נונג, נאָר אויך דער טאָג־טעגלעכער קאַמף פאַר איר. דער טאָג־טעגלעכער מסירת־נפשדיקער רעוואָלוציאָנערער קאַמף האָט איבער זיך געהאַט די גלאָריע פון כסדרדיקן אָפּפרעגן די הײַנ־טיקע וועלט. אין יעדער געהיים־פאַרשפּרייטער פּראָקלאַמאַציע, אין יעדן געהיימען קרייזל און בפרט אין יעדער עפנטלעכער דעמאָנסטראַציע האָט ער געזען אַ פאַרשטיקטן פּראָטעסט פון מענטשן, וואָס אַקצעפּטירן נישט די איצטיקע אומגערעכטע וועלט, וואָס איז אָנגעשטאָפּט מיט אויסנוץ און רויב. ער האָט פאַרקערט אין סאָציאַליסטישע קרייזן צוזאַמען מיט נח פּאָרטנאָי און יוזעף פּילסודסקי. ער איז געוואָרן אַקטיוו אין „בונד״ און איז געווען אַ בונדיסט מיט פאַנטאַזיע, געהאַט אַ פּאַרטיי־נאָ־מען „חבר אַראָן״. געטאָן טאָג־טעגלעכע פּראַקטישע אַרבעט, רעדאַגירט פאַרשיידענע אומלעגאַלע צייטשריפטן, געוואַלגערט זיך אין תפיסות, געפּרירט אין די סיבירער טייגעס און אפילו חתונה געהאַט אין דער מאָסקווער „בוטירקי״־טורמע... אָבער און סאַמע הויך־פּונקט פון „טריאומף״ פון רעוואָלוציאָנערן ווילן

האָט ער זיך אָנגעהויבן ביסלעכווייז איינברעכן. אוודאי האָט ער אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג געזען אַ ריזיקן פאַרמעסט פון געזעלשאַפטלעכע כוחות, אַז אַקט פון דער גרויסער וועלט־דראַמע. אָבער די טאָג־טעגלעכע פּאַרטיי־אַרבעט האָט אים אַזוי פאַרשלונגען, אַז ער האָט זיך פּלוצים דערזען אַן אויסגעליידיקטן. קודם כל איז אים געוואָרן דערווידער דער דעמאָלטיקער איינזייטיקער מאַטעריאַליסטישער צוגאַנג צום סאָציאַליזם, ווייל אין תוך איז א. ווייטער געווען אַ רעליגיעזע נאַטור. חוץ דעם האָט אויך דער דורכפאַל פון דער ערשטער רוסלענדישער רעוואָלוציע אים געמאַכט שטאַרק אַפּהענטיק. די גרויקייט פון טעגלעכן פּאַרטיי־לעבן האָט אים פאַרשטעלט סיליכט פון אידעאַל; זיין צאַרטער ראָמאַנטיזם האָט זיך גענומען בונטעווען קעגן דעם.

„גראָד" זענען דעמאָלט אויפגעקומען די טעג פון יידישן קולטור־רענעסאַנס; ס'זענען אין יידישן לעבן געבוירן געוואָרן נייע קולטור־ווערטן, ס'האָט אָנגעהויבן שטייגן ס'חשיבות פון געלייטערטן וואָרט, אַרום וועלכן ס'האָבן זיך אָנגעהויבן גרופּירן די אַנטוישטע יידישע פאָלקס־מאַסן. ס'אָרט פון פּאַרטיי־אַגיטאַטאָר האָט פאַרנומען דער אינטעלעקטועלער. דער עולם האָט זיך גענומען מיט נייגיר צוהערן צום געשליפענעם וואָרט פון קולטור־לעקטאָר, באַוונדערן דעם שוישפּילער אויף דער יידישער בינע און זיך קוויקן מיט דער סקיצע, נאָוועלע און ליד פון שרייבער און דיכטער. דער יידישער קולטור־רענעסאַנס האָט באַלד אין א. ווייטערן געפונען אַ הייסן חסיד; ער האָט זיך אין דעם שוימיק אויסגעלעבט, געפונען אין דעם סיי פאָלקסזובסטאַנץ סיי פערזענלעך גליק. און כאַראַקטעריסטיש, וואָס ער האָט פאַר זיין פען אויסגעוויילט דערעיקרשט די *דראַמאַטישע פאָרם*.

די פירנדיקע פיגור פון יידישער קולטור־רענעסאַנס־באַוועגונג איז געווען דער באַהויכטער י. ל. פרץ, צו וועלכן א. ווייטער האָט זיך באַצויגן מיט גרויס פאַרערונג. עס האָט זיך צווישן זיי באַלד איינגעשטעלט אַ ברייוולעכער קאָנטאַקט. אָבער דערהויפּט האָט א. ווייטער געזען אין פרצן אַ גייסטיקע קרובה־שאַפט. ס'איז אים וווילגעפעלן פרצס אומרו, פרצס גערעמפּטער ראָמאַנטישער פּאַטאָס, וואָס פלעכט אַדורך זיינע קורצאָטעמדיקע דיאַלאָגן און אויך פרצס פאָלקסטימלעכע איינגעוואָר־

צלטקייט. אַ באַזונדערן חן האָט ביי אים געהאַט פּרצעס פּוי־
לישקייט, זיין פּויליש געמיט און פּוילישע מעטאַפאָרן. און דער־
ביי איז מאָדנע, וואָס דער „ליטוואַק" א. ווייטער האָט ליב גע־
האַט נישט נאָר פּוילישע יידישקייט נאָר אויך עכטע פּויליש־
קייט; ער איז געווען אַ גרויסער פאַרערער פון דער פּוילישער
קולטור. בפרט איז ער געווען פאַרליבט אין פּוילישן דראַמאַ־
טיקער סטאַנ. וויספּיאַנסקי, פון וועלכנס שרייבערישע איינפלוסן
ער האָט זיך קיינמאָל נישט געקאָנט באַפרייען. וואָס האָט ווײ־
טערן אייגנטלעך פאַרכאַפּט ביי וויספּיאַנסקין? מיר דאַכט זיך,
אַז קודם כל האָט אים געכישופט וויספּיאַנסקיס טיפער דראַ־
מאַטישער טראַגיזם. וויספּיאַנסקיס דיכטערישע ראַפּסאָדן זענען
פאַר ווייטערן געווען אַ קינסטלערישע אַנטפּלעקונג און אינ־
גאַנצן באַרוישט איז ער געוואָרן פון וויספּיאַנסקיס סימבאָלישע
דראַמע „וועסעליע" (חתונה); אין אָט דער דראַמע איז געווען
קאָנצענטרירטער טראַגיזם. אין דער גייסטיקער וויספּיאַנסקי־
שער אַטמאָספער זענען אויפגעקומען א. ווייטערס דראַמעס:
„פאַרטאָג", „אין פייער" און „דער שטומער".

די דראַמאַטישע פּאָעמע „פאַרטאָג" ראַיעט זיך ממש פון
וויספּיאַנסקישע סימבאָלן. ער זעט אַרום זיך נאָר מיראַזשן,
בלענד־פלעמלעך, וואָס האַלטן זיך אין איין לעשן. ער פאַרבינדט
די אַרומיקע ירידה־שטימונגען מיט דער אייגענער פּערזענלע־
כער אָפּהענטיקייט. ער האָט געזוכט גליק און ס'האָט זיך דער־
פון אויסגעלאָזט אַ טייך. איינע פון זיינע פילע אַנטוישונגען:

אָ זוך נישט, מיין שוועסטער, קיין גליק,
אָ, זוך נישט אומזיסט! . . .
עס גיבט נאָר אַ שאָטן פון גליק . . .
טאָ זוך נישט אומזיסט! . . .

ער קוקט מיט ציטער אויף די פאַרפלויגענע רעוואָלוציאָ־
נערע יאָרן, אין וועלכע ס'האָט זיך געלעכט האָפענונגספול און
וואַרעם. איצט זיצט ער אויף די חורבות פון זיין אידעאַל:

ס'האָט ביי אים זיין האַרץ געברענט
שנאה צו דער הענקער־וועלט,

ליבע צום געדריקטן פאָלק.

---

כ'האָב אַ גאָט נאָך דאָן געהאַט.

ער איז דעמאָלט געווען פול מיט כוח און גלויבן, אַז ער איז אַ מיטבויער פון אַ נייער וועלט, וואָס דאַרף געהערן אַלע און נישט בלויז די פּריווילעגירטע „די ערד געהערט צו די, וואָס בויען זי, וואָס פלאַנצן נייעם לעבן איין". אָבער לסוף קומט דער אַנטוישטער אויספיר: „זוך נישט, מיין שוועסטער, אומזיסט, גליק איז נישטאָ". די אַלטע וועלט קרישלט זיך, די רעוואָלוציע איז אַדורכגעפאַלן, דערווייל „הוליען בייזע ווינטן" (לויט אברהם רייזענס ליד). ס'נייצייטיק יידיש לעבן הויבט זיך אָן קוים־קוים אויסצופּיקן און דערווייל איז אַלץ אָן גייסט און אָן סטיל. אין אָט די שטימונגען איז געבוירן געוואָרן ווייטערס דראַמע אין „פייער" וועגן פונאַנדערפאַל פון דער יידישער משפּחה. ס'איז אַ פאַרלוירענער דור, וואָס געפינט נישט קיין אָנהאַלט, ווייסט נישט וועגן קיין קאָנסטרוקטיווער יידישקייט. אינזשיניער לעווין בויט אויס אַ פאַבריק; ס'הויבט זיך אָן אַ גרויסשטעטיש לעבן, וואָס ברענגט אָבער נישט קיין גליק. פאַרקערט, ס'לעבן ווערט מער פאַרדאָרבן; ס'שפּרייטן זיך שקר און אויסגעלאַסנקייט. דער אַלטער שלמה קאָן נישט פאַרטראָגן די מאָראַלישע צעלאָזנקייט און צינדט אונטער די פאַבריק, כדי די פלאַמען זאָל פאַרצוקן אַלדאָס־בייז און ס'לעבן זאָל ווערן ריינער, וואָרים „פייער רייניקט"... ענלעך זענען די זעלביקע מאָטיוון באַהאַנדלט געוואָרן אין ה. ד. נאָמבערגס „משפּחה".

אָט אַזוי קייטלען זיך די נאָכאַנאַנדיקע גליק־זוכענישן מיט די כמעט שטענדיקע אַנטוישונגען. צו אַ גאָרער חשבון־הנפש־רעוויזיע איז א. ווייטער דערגאַנגען אין זיין האַלב־סימבאָלישער דראַמע „דער שטומער". דער יידישער רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענט האָט אַרומגעוואַנדערט איבער די פאַרשידענע אויסלאַנדס, געלעבט מיט פרעמדע לעבנס, אָבער אין ערגעץ נישט געשלאָגן קיין טיפע וואָרצלען. ביז די היימלאָזיקייט איז אים דערעסן געוואָרן און ער איז צוריקגעקומען צו טאַטע־מאַמע זיך אויפבויען אַן אייגענע היים. „... איך האָב געטראַכט אַ סך און געקומען צו גאָר נייע דרכים. אַ היים באַדאַרף מען האָבן, אַ בנין... נישט אומפליען". אלכסנדר באַטראַכט זיך

ווי דער לעצטער פון אַ לעצטן דור, וואָס גיט אים נישט קיין תוכן; ער וויל אויפבויי אַריינטרעטן אין זיך. אלכסנדר, אַ מענטש מיט אַן אידעאישער פאַרגאַנגענהייט, גייט זיך פאַרבינדן מיט אסיאַ, אַ מיידל פון אַ פאַרדעכטיקער „פאַרגאַנגענהייט". אָבער ער ווייסט נישט דערפון. ערשט אַ פריינט, וואָס איז געקומען אין טאָג פון אַלכסנדרס חתונה, דעקט אויף דעם ביטערן סוד. אלכסנדר שטייט אַן אידעאיש אויסגעליידיקטער און פערזענלעך אָפּגענאַרטער. פון גאָרער צעבראָכנקייט וויל ער זיך צוריקציען צו דער אַלטער וועלט, געפינען „גליק" אָדער פאַרגעסונג אין אַלטן בית המדרש. „...איך וויל זיין אַליין, איך וויל זיין אָפּגעזונדערט. — — — ביי מיר האָט זיך אַלץ צעבראָכן, גאָרנישט געבליבן פון אַלץ... און פאַרריכטן איז שוין אוממעגלעך. אַ דור אַזאַ אַ זינדיקער, צו אַזאַ דור געהער איך... פאַ לאָזט מיך דאָ... אין דער אַלטער שול... זיץ איך דאָ און שווייג... אַלטע ספרים, נשמות פון גאָר אַמאָליקע יידן... איז גוט מיט זיי. מיט זיי איז גוט..." דער צעטומלטער אינטעליגענט טרעט אַריין אין זיך ווי ר׳ זישאַ אַניפּאָלער געפינט ער דאָ „גליק". אלכסנדר וויל נישט גיין ווייטער ס׳איז אים „דאָ גוט"... ר׳ זישאַ האָט אויך גע׳טענהט: „צו־וואָס זאָל איך גיין ווייטער, אַז ס׳איז מיר דאָ גוט..." ביי א. ווייטערס גאַנצער און האַלבער סימבאָלישקייט זענען זיינע געדאַנקען נישט באַהאַלטן אין קיין בילדער, נאָר ליגן אויבן־אויף. די טענדענץ פון זיינע דראַמעס איז אַן אויסגעבלעטערטע.

איראָניע פון גורל... א. ווייטער, דער פאַרליבטער אין דער פּוילישער קולטור, האָט באַקומען זיין מאַרטירער־טויט פון אַ פּוילישער קויל. מיט דרייסיק יאָר צוריק, שביעי של פסח, האָבן פּוילישע זעלנער אין ווילנע זיך אַריינגעריסן אין זיין וווינונג, אַרויסגעשליפּט אויף דער גאַס און אים דערשאָסן.

דערמאָנען מיר היינט מיט יראת הכבוד דעם איידעלן נאָמען א. ווייטער ווי דעם פאָרשטייער פון אַן איבערגאַנגס־דור, וואָס האָט זיך טראַגיש געראַנגלט פאַר נייע יידישע לעבנספאָרמען.

# א. גלאַנץ - לעיעלעס

(צו זיין 60־טן געבורנטאָג)

ס׳איז עפּעס אויסטערליש נישט צו „דערגיין" די וועגן פון דער השגחה. וואָרים, ווען אַ. גלאַנץ־לעיעלעס זאָל זיך אפילו שווערן מיט כל השבועות דער וועלט, וועט מען אים אויך נישט גלויבן, אַז ער איז שוין קוואַליטאַטיוו אַלט געוואָרן „גאַנצע" זעכציק יאָר. ווייל סיי זיין יונג באַנעמעך זיך, סיי זיין רירעוודיקייט און סיי זיין שטראַלנדיקער אָפּטימיזם פּאָרן זיך עפּעס נישט מיט אַ אין צרות דערפּאַרענעם בן־ששים. ס׳איז טאַקע היינט זעלטן צו געפינען אין אונדזער סביבה — אַ דיכטער און אין דערזעלביקער צייט אַ געזעלשאַפטלעכער טוער און דערהויפּט אַ זשורנאַליסט־פּובליציסט, וואָס זעט טאָג־איין טאָג־אויס דעם „אונטערשלאַק" פון געזעלשאַפטלעכן האַרמידער, און זאָל נאָך דערביי פאַרמאָגן אומגעפּעלשטן גלויבן. אמונה איז נישט בלויז אַ ענין פון פּסיכישער אומרואיקייט, טיפן געמיט, לאָקנדיקער בענקשאַפט, נאָר איז אויך אַ זאַך פון מאָראַלישער פעסטקייט, דערהויבענע כוונות, וואָס לאָזן זיך נישט צעשלאָגן פון דרויסנדיקע שטערונגען און אַנטוישונגען. ביי אַ גלויביקן ווערט יעדע אַנטוישונג באַלד מגולגל אין אַ נייעם פאַרמעסט; אין אַ שטענדיקן באַגער צו תיקון, אויסצובעסערן דאָס קאַליע־געוואָרענע. דער דורך אים געפּריידיקטער ליטעראַרישער „אינזיכיזם" איז נוגע אַלע געביטן פון לעיעלעס ווירקן — געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, פּובליציסטיק, ליטעראַריש־קריטישער עסייאיסטיק — ועל כולם — דער ד י כ ט ו נ ג. ער ווייזט שטענדיק אַרויס אַן אינעווייניקסטן צוגאַנג; אומעטום קוקט ער אַריין אין זיך און איז תמיד גייסטיק מיט זיך. זיין גייסטיק מיט זיך הייסט באַנעמען דערשיינונגען אויפריכטיק און ערלעך, נישט לאָזן זיך מיטרייסן פון דרויסנדיקע עפעקטן. גענוי אַ

העלפֿט פֿון זיין ביז איצטיק לעבן געפֿינט זיך שוין אַ. לעיעלעס אין געצעלט פֿון „אינזיך", מיט וועלכן ער האָט — לויט זיינע רייד — זיין „ליטעראַרישן שיקזאַל פֿאַרבונדן אויף שטענדיק".

דאָס צושטיין צו אַ וועלכער ס׳איז ליטעראַרישער ריכטונג אָדער ליטעראַרישער שול דאַרף נישט באַטראַכט ווערן ווי אַ צופֿאַל אָדער ווי אַ צוזאַמענטרעף פֿון אומשטענדן. אין צופֿעליק אַריינגעקומענע שולן „זיצט" מען נישט לאַנג; דער צופֿאַל טרייבט אַריין און דער צופֿאַל טרייבט אַרויס. ביי לעיעלעסן איז עס געווען אַ פּסיכיש באַדערפֿעניש זיך „אינזיכיסטיש" אויסצולעבן, אויסצושוימען. אַריינקוקן אין זיך יעדעס מאָל מיינט צאַפּלדיק  אַ נ ד ע ר ש  אויפֿנעמען דערשיינונגען און געשעענישן, יעדעס מאָל זען די וועלט  א ו י פֿ ס נ י י. ביי אַ דיכטער איז פֿאַראַן אַן אייך־איינציקער אינווייניקסטער אמת, וואָס זוכט תמיד נייע קינסטלערישע לבושים. און אַ קיר מאַ־לן האָבן מיר, אַז נייע מלבושים רייצן מיט זייער נייקייט און רופֿן אַרויס בייז בלוט ביי די, וואָס האָבן זיך צענויפֿגעוואַרעמט מיט דער אַלטער צוקערזיסער געדאַנקן־און נוסחאות־פֿוילקייט. אַ מחדש רייסט געווינלעך פֿאַנאַנדער ס׳אָנגעזאַמלטע שפּינוועבס און מוז לויט זיין טבע זיין אַ קעמפֿער.

וואָס־וואָס נאָר אַ קעמפֿער און דערצו אַ טעמפּעראַמענטיקער קעמפֿער איז לעיעלעס כל ימיו געווען און וועט אַזוי בעזרת השם ווייטער אָנקעמפֿן זיינע קומענדיקע זעכציק יאָר. אין דער פּובליציסטיק איז ער הומאַניש־פּראָגרעסיוו, נאַציאָנאַל־וועלטלעך, דערהויפּט  י י ד י ש י ס ט י ש  און לויט אַלגעמיינעם אויסבליק־ ס אָ צ י אַ ל י ס ט י ש. נאָך דעם שוידערלעכן חורבן פֿון יידישער מזרח־ אייראָפּע, ווען אַרום אונדז בלאָזן בייזע ווינטן פֿון ביליקער און וולגאַרער אַסימילאַציע, וואָס דרוקט זיך קדום כל אויס אין פֿאַרלייקענען לשון־יידיש, פֿאַרפֿעלט לעיעלעסן פֿונדעסטוועגן קיינמאָל נישט קיין מוט זיך איינצושטעלן פֿאַר יידיש. ער גלויבט „אַז דער קוואַל פֿון עקשנות ביים עם קשה עורף איז נאָך נישט אויסגעטריקנט געוואָרן בנוגע יידיש און דעם גלויבן אין יידיש. איך האַלט עס פֿאַר אַ געזונטע עקשנות. נאָך מער, עס איז אַ שטיק פֿון יענעם פֿעלדז, וואָס אין אים האָבן מיר זיך געקלאַמערט דורך די טויזנטער יאָרן פֿון אונדזער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ, און וואָס אַ דאַנק אים זענען מיר געבליבן לעבן ווי אַ פֿאָלק".

פּראָפּעסיאָנעלע לצים און פּאַטענטירטע בעסער־וויסער מיינען אפילו, אַז יידישיזם איז שוין אַ באַנקראָטירטע פירמע און אַז איינשטעלן זיך פאַר אים שמעקט פשוט מיט אַנאַכראָ־ניזם, אָפּגעלעבטקייט. אָבער לעיעלעס דערשרעקט זיך נישט פאַר קיין לצנישע עפּיטעטן און שטעלט זיך תמיד איין מיט ברען פאַר יידיש. ווייל דאָ ווי אומעטום ווערט ער געפירט פון טיפן גלויבן... אין „אינזיכיסטישן" צוגאַנג. ער זעט ס׳יידיש־נאַציאָנאַלע לעבן נישט בלויז אין דרויסנדיקע אַבסטראַקטע פאָר־מולעס און הויכשפּיציקע שפּרוכן. ער קומט צו נאַציאָנאַל־יידיש־קייט פון „אינזיך", פון אינעווייניק, פון די פאָלקס־טיפּעניש, פון דער רעאַלער פאָלקישקייט, פון לעבעדיקן טאָג־טעגלעכן שאַפן, פאַר וועלכן יידיש איז דער אינטימסטער אינסטרומענט. אָט די וועלטלעך־פאָלקישע יידישקייט טאָר נישט פאַרבלייבן אין אַ פּראָווינצער ווינקל און זיך שפּייזן מיט פאַרפאַנצערט װעלט־פרעמדקייט. פאַרקערט, זי מוז סיי אין תוך און כ״ אין דער פּערספּעקטיוו זיין פאַרבונדן מיט אַן אוניווערסאַלן וועלט־אידעאַל. מיטן — סאָציאַליזם. ער זאָגט בפירוש: „די יידישע קולטור דאַרף זיין דורכגעדרונ־גען מיט דעם גייסט פון דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל מיט דעם שטרעבן צו אַ גערעכטער, פרייער און דעמאָקראַטישער וועלט־אָרדענונג, ווי אויך מיט דעם גייסט פון אינטערנאַציאָנאַליזם און אוניווערסאַליזם..." געוויס זענען דאָס זאַכן בנוגע וועלכע מ׳דאַרף נישט בלויז גלייבן אויפן וואָרט, נאָר באַווייזן מיט מע־שים. און לעיעלעס לעגיטימירט זיך טאַקע מיט אַ פּאַראַלעליזם (גלייכלויפיקייט) פון וואָרט און טאַט. אַ גרויסע טייל פון זיין טאַט דריקט זיך אויס אין קעמפערישקייט.

זיין וועג ווי אַ דיכטער איז אודאי נישט קיין גלאַטיקער; ער האָט געמוזט פירן אַ לאַנגן האַרטנעקיקן קאַמף מיט ליטע־ראַרישע פאַראורטיילן און פאָרם־איינגעזעסנקייט. פערזענלעך האָט אים לכתחילה אַרומגערינגלט אַן אומפריינטלעכע וועלט; ער האָט געהאַט זיין „ערלעך" אויסקומעניש. זיין ערשט ביכל „לאַבירינט" איז באַגעגנט געוואָרן פון אַ שטאַב צעשמעטערנ־דיקע רעצענזענטן. מ׳האָט אויף אים אויסגערעדט אַלץ, וואָס אין דער קאָרט פון דער פּסידאָ־קריטיק; מ׳האָט נישט גענומען אין אַכט, אַז ס׳איז קוים אַן ערשטלינג און אַז אין אָנהייב זענען דערלאָזבאַר געוויסע אומרייפקייטן. מ׳האָט נישט געזוכט דעם

עצם, נאָר זיך דערעיקרשט אָפּגעשטעלט אויף די חסרונות און אומדערצויגנקייטן. מיהאָט אים בקול רם פאָרגעוואָרפן, אַז זיינע לידער זענען נישט קיין פרייע שאַפונג, זיי זענען גיכער פּרעפּאַרירט, געמאַכט.

א. לעיעלעס האָט גענומען פאַר ליב די ביטערע דאָליע פון אַ פּאָעט און איז אַרויס אין קעגן־מלחמה צו פאַרטיידיקן דאָס א. ג. פּרעפּאַרירטע ליד. ער האָט געגלויבט און גלויבט נאָך מסתמא אויך איצט, אַז צום אונטערשטן בלינדן שאַפונגס־שטראָם מוז אויך צוקומען אַן אייבערשטער באַוווסטזיין־שטראָם. אַנדערש קאָן נישט זיין קיין רייד וועגן עכטער קונסט. אַ ליד שרייבט זיך נישט בלויז מיט רוח הקודש, אַ ליד דאַרף מען אויך ק אָ נ ע ן שרייבן. שליסלעך איז ש אַ פ ן און ק אָ נ ע ן הינו־הך (איינס און דאָס זעלבע).

„עך, חשובע פיינד און חשובע פריינד — זאָגט לעיעלעס — קאָנען איז טאַקע אַן איידעלע זאַך. אַ סברא, אַז קאָנען איז דער יסוד פון פּאָעזיע און יעדער קונסט. האָבן די הערן אַרונ־טעררייסער אַמאָל געטראַכט וועגן דעם ווערט און זין פון ווער־טער? ווייסן זיי, למשל, אַז קאָנען און קונסט שטאַמט פון דעם אייגענעם שורש? דאָס איז לאַטייניש „אַרס־אַרט", אין רוסיש, „איסקוססטוואָ". אַ קינסטלער איז — קודם כל אַ קאָנער, אַ ק ע נ ע ר . אויב מיליאָנען מענטשן זענען נישט קיין פּאָעטן, איז עס נישט אַזוי דערפאַר, וואָס זיי פ י ל ן נישט פּאָע־טיש, נאָר ווייל זיי קאָנען נישט אויסדרוקן, געפינען פאָרם פאַר זייערע געפילן. קאָנען גוט מאַכן — יאָ: מ אַ כ ן — דאָס ענגלישע וואָרט פאַר באַשעפער, פאַר גאָט, איז נישט אומזיסט „מייקער" — דאָס איז דער „א" און דער „ת" פון יעדער קונסט און אויך פון פּאָעזיע".

א. לעיעלעס באַהאַלט זיך נישט מיט זיין דעמאָלטדיקן קאַמף; ער איז פאַר אים נישט קיין יוגנט־זינד און שעמט זיך נישט מיט אים, פאַרקערט, ער באַטראַכט עס גאָר פאַר זיין שטאָלץ. מיט קנאַפּע צוויי צענדליק יאָר שפּעטער שרייבט ער וועגן דעם אויספירלעך ווי אַן איינלייטונג צו זיין בוך לידער „פאַביום לינד", וואָס איז דערשינען אין יאָר 1937. און אויך איצט, אין יאָר 1949, זאָגט ער זיך נישט אָפּ פון אָט דעם בליק אויפן וועזן פון פּאָעזיע.

*

בדרך כלל איז א. לעיעלעס — ווי שוין דערמאָנט — אַ

דיכטער, וואָס זעט דאָס ווייטע און נאָענטע אַרום זיך על פּי רוב אינעווייניק, ער קאָן אפשר נתפעל ווערן פון דרויסנדיקע דערשיינונגען, צומאָל אפילו מיטגעריסן ווערן פון באַשיימפּערלעכע צופעליקייטן. ער איז אָבער זעלטן־ווען גרייט זיי דיכטעריש איבערצוגעבן לויטן ערשטן אויפנעם ווי זיי שטייען און גייען. נישט דערפאַר ווייל ער אַליין פאַרלאָזט זיך נישט אינגאַנצן אויף זיין באַלדיקער אָפּטישער (אויגן) און אַקוסטישער (אויער) רעאַקציע. אים קלעקט נישט בלויז דאָס זען, נאָר ער מוז עס אויך דערזען, און נישט בלויז הערן, נאָר אויך דערהערן. ער מוז זיך מיט די דערשיינונגען און מאָנונגען נענטער צונויפלעבן, זיי אין זיך אויסוואַרעמען, ביז זיי ווערן צייטיקע פרוכט. אַלץ, וואָס איז ביי אים עכט אין אינעווייניקסטע ווזיע.

לעיעלעס האָט דערביי נישט די אַמביציע צו געבן אַ קלאָרע ווזיע. און דאָס איז קודם כל דערפאַר וואָס אין זיין דיכטערישן באַנעם איז סילעבן גופא אַ גרויסע מיסטעריע, אַן אומענדלעכער טונעל, ווו מ׳טאַפּט אין דער פינצטער. אַלץ, וואָס עס ווערט אַרויסגעזאָגט דורך מענטשן זענען בלויז אומקלאָרע דעפיניציעס, וואָס ברענגען גיכער אַריין צעמישעניש און גיבן באַין אופן נישט קיין פולשטענדיקן באַגריף וועגן אַלעם. וואָס קומט פאָר אַרום אונדז און איבער אונדז.

כ׳בין מיד פון ווערטער. וואָס מער קלאָר איז אַלץ מער דול.
איך בין מיט דולקייט ביז דער קלאָרסטער קלאָרקייט פול.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

פון סתירות האָט אַ טורעם פאַר אַ טאָג זיך אויסגעבויט.

ער פילט דעריבער אַ באַדערפעניש דיכטעריש אַרויסצוברענגען זיין איינענעם דה אַנדערשדיקן גאַנג. אָט די אַנדערשקייט באַפעלט אים פריי זיך שפילן מיט אייגענע ווזיעס. און דער פרייער אויפשפיל פון פאַנטאַזיע איז ביי אים נישט קיין פאַרבייגייענדיקע שטימונג, נאָר אַ באַשטענדיקער כאַראַקטער־שטריך, אויף וועלכן זיין טאַטע האָט שוין לאַנג אָנגעוויזן.

אין לעיעלעסעס דיכטערישער אויסדרוק־פאָרם איז קענטיק דער חותם פון דער פוילישער סביבה; פון דער זעלביקער סבי־

בה האָט לעיעלעס נאָך אין זיינע קינדער-יאָרן געזירשנט צאַרטע תמימות, וועלט־פאַרחלומטקייט, הייס־געבאָדנקייט און טעמפּע־ראַמענט־צעפּלאַכטנקייט. אין זיין זעלבסט־פּאָרטרעט זאָגט ער:

איך האָב געזירשנט נאַיוון אָפּנהאַרץ
פון דורות קליינשטעטלדיקע פוילישע יידן און שפּיציקע (רייד
פון הייסגעבאָדענע פרויען אין מיין קלאַן.

זאָל אָבער קיינעם נישט איינפאַלן צו טראַכטן, אַז לעיע־לעסעס טרייבן אַן אייגן ביסל פּאָעזיע־שפּאַס מיט זיך אַליין אין עפּעס אַ קאַפּריז פון אַ צעבאַלעוועטן חברה־מאַן. ניין. זיין ל י ד א י ז ע ר א ל י י ן. אָן דעם ליד איז אין זיינע אויגן זיין אייגן לעבן נישט ווערט קיין פּרוטה, ממש נישט כדאי געלעבט צו ווערן. צי ס׳ליד געפעלט עמעצן יאָ אָדער נישט, פילט ער סיי ווי אַ מוטערדיקע נויטוועגדיקייט עס אַרויסצו־ברענגען פון אינגעווייד. און ווען ער זאָל אפילו לעבן מתושלחס יאָרן וועט זיין ליד־הונגער קיינמאָל נישט געשטילט ווערן: זיין סטיכיע איז ליד.

מוטערדיק טיף איז מיין אינגעווייד
מאָנען לידער אין מיר ווי אַ ווונד אין געביין.
זאָל מיר זיין אַזוי און נאַכמער,
אויב נישט אַ לעמפּערט אויף לוויער דורך נאַכטלעך געווילד
איז דער הונגער נאָך ליד אין מיין גומען און לענד —
איינגעשטילט
דערפילונג איז אָנונג און אָנזאָג איז מאָנונג,
נישטאָ קיין זעטיקייט פאַר ליד אין מיר.

אַ דיכטער איז בטבע נע־ונד, געפינט נישט אין ערגעץ קיין איינגעזעסנקייט. ער ווערט שטענדיק געטריבן פון אייגע־נעם אומרו צום אומבאַקאַנטן און נישט־אויסגעשפּירטן. צוזאַ־מען מיטן דיכטער בלאָנדזשעט אויך זיין הימלאָז ליד. דער ליד־דאָרשטיקער דיכטער וואַנדערט „אַנדערשטיק" אין די פּאַר־הוילענע פּוס־טריט פון די באַזעלטע דיכטער־וואָגלער.

דאָס אַלץ איז שייך א. לעיעלעסעס זאַמלונג לידער און פּאָעמעס אין „פּאַביום לינד"; אויסדרוקפולער, רייפער און נאָענטער צו אונדזער היינטיק געמיט איז ער אין זיין לעצט בוך א. נ. „אַ ייד אויפן ים". פון „פּאַביום לינד" ביז „אַ ייד אויפן ים" זענען אָפּגעלאָפן קיילעכדיקע צען יאָר. זענען דאָס פאַר אונדז געווען צען בלוטיקע פינסטערגרויליקע יאָרן, וואָס זענען מסוגל צו צערודערן דעם מיושבדיקסטן מענטשן און מאַכן אים פּשוט דול. ער האָט זיך טעמאַטיש אָפּגעטאָן פון זיין ביז־איציקן טרייבן וועלט־שפּאַסעריי און איז שאַפעריש אַריין אמת באַלאָדן מיט רייך־יידישע יסורים, אין דער ספערע פון ריין יידישן „שגעון". א. לעיעלעס איז בעתן בלוט־מבול געווען אין אַמעריקע. ער האָט מיט די אייגענע אויגן נישט געזען דעם גהנום און אפילו שפּעטער נישט געזען די חורבות און פּאַרוויסטונג. האָט ער אָבער פון דער ווייטנס געפּלאַטערט מיט ווייטיק און במחשבה, טריט ביי טריט, נאָכגעגאַנגען יעדן ייד אויף זיין לעצטן וועג אין קאַלכאויוון אַריין.

ווי אַ דיכטער, לאָזט ער זיך נישט פאַנגען מצד דער פּליניקער פּובליציסטיש־היסטאָרישער פּראַזע, פון וועלכער עס איז היינט לייכט נכשל צו ווערן. ער זוכט פאַר זיין ליד דאָס געלייטערטע וואָרט אין בילד און שטעלט ממילא איין אַ פּאָעטישן דיסטאַנס (מהלך) צווישן וואָרט און פאַקט. אָבער אויך דאָ איז ער טריי זיין שעפערישער טראַדיציע צו פּ אַ ר א י נ ע ר ל ע כ ן די אויפגענומענע איבערלעבענישן. זינגען אין זיך אַזוי לאַנג דעם אויפגענומענעם מאָטיוו ביז ער ווערט מגולגל אין זיינס אַן אייגענעם ניגון.

אָבער ווי קאָן מען שלייפן דאָס וואָרט און בינדן דעם פערז, ווען מיר הערן נאָך אַלץ דעם אָפּקלאַנג פון די פאַרשטיקטע קולות פון די אומגעקומענע. גיי מאַך אָרער שאַף לידער וועגן חורבן מיט אַ טיף אינעווייניקסטן טאָן, אַז טרוקענע ציפערן וועגן אונדזער אומגליק שוידערן מער אויף איידער סיבעטע ליד.

אין דעם ליד „אַ ייד אויפן ים" נעמט ער דיכטעריש אויף ס׳פּראָבלעם פון יידישער פיינלעכער אויסגאַנגלאָזיקייט. פון הונדערט יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אויף אַ שיף, וואָס האָט געוואַנדערט איבערן ים, האָט זיך בסך הכל אָפּגעראַטעוועט אַן איינ־איינציקער ייד. און אָט דער ניצול־געוואָרענער ייד רופט

אַרויס דעם בורא עולם אויף אַ דין־תורה. ער שטעלט זיך נישט קיין לעבעדיקער צו דער דין־תורה, ווייל די הימלען זענען איצט טויב פאַר מענטשלעכע ווייטיק־קולות.

אויב דאָס מענטשלעכע וואָרט איז איצט צו־שוואַך, וועט אפשר דער פייער־פלאַם אַדורכלעכערן די הימלען. און דער ייד אויף דער שיף זינגט זיך אַליין אונטער...

עס ברענט אַ ייד אין מיטן ים — דער לעצטער ייד פון
(הונדערט.
די ניין־און־ניינציק האָבן שטיל פון אים זיך אָפּגעזונדערט

— — — — — — — — — — — — — — — — —

דער איינער וואָס האָט שטאָלץ געשטרעקט זיין קאָפּ
אַקעגן הימל:
זאָל דער, וואָס דאַרף זיין אויבן וואו און האָט קיין רעכט
(אויף דרימל,
זיך משפטן מיט מיר אַצינד — איך שטעל אַרויס אַן מורא
מיין לעצטע שוואַכקייט קעגן אים און רוף צו דין־תורה.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

און ס׳ברענט דער ייד אינמיטן ים — אַ לעבעדיקער פאַקל,
פון גאַנצן וואוילן וועלט־באַשאַף דער בראַנדיקער סך הכל.

ס׳אָרט פון אַנאָנימען ים־ייד פאַרנעמט באַלד די פאַרשוווני־דענע יידישע וועלט אין איר אַמאָליקער פולקייט. אין זיין דמיון לעבט אויף ס׳אַמאָליקע בילד פון פאַרשניטענעם קאָלעקטיוו־יידישלעכן לעבנס־שטייגער אין מזרח־אייראָפּע, וואָס איז במ־שך פון דורות אויסגעוואַרעמט געוואָרן און זיך געשפּיגלט מיט זיבן חנען. און דאָס אויסגעדמיונט בילד דערמאָנט, אַז אַמאָל האָבן יידישע אַרבעטער־מיידלעך זיך פאַרזיסט זייער זשמודנע אַרבעט מיט דעם ברייט־צעזונגענעם פאָלקס־מאָטיוו — „געפּי־לויגן, געפלויגן די גאָלדענע פאַווע”. איצט איז דאָס אַלץ פאַר־וויסט. די אַמאָליקע „גאָלדענע פאַווע” וואָס טראָגט אַ גרוס דער מאַמע, ווערט אין דער היינטיקער קיד־וועלט מגולגל אין אַ פלאַ־מיקן פויגל אויף ברייטע צעווייעטע בית־עלמנס.

געפלויגן, געפלויגן דער פלאַמיקער פויגל,
אַ שטיק זון איז אַראָפּ אין דער נידער.

לאָז גערוסן די פֿאַרבראַנטע שוועסטער,
און אַלע פֿאַרלענדטע ברידער.

צו דער זעלביקער סעריע חורבן־לידער געהערן אויך „צו דעם שונא" „אַ פּוילישער ייִד ביים האָדסאָן" „דאָס געוויין פֿון די פֿעלקער" „פּוילן" „ייִדיש קינד" „אַ לאָדזשער יום כּיפּור" „יעקב דן דער לאָדזשער שוסטער" און ביז גאָר רירנדיק איז זיין „אַ ייִנגל אַ קליינס", וואָס ענדיקט זיך מיט אַ צענעמענדי־קער פּאַטעטישער סטראָפֿע:

און דו ייִדיש ייִנגל, כ׳קוש שולדיק דיין פּנים
די אויגעלעך ייִדישע, כּשר און ריין.
עד סוף כּל הדורות, דורך יאָרן מיליאָנען
וועט מאַנען אַן ענטפֿער דיין קינדיש געוויין.

א. לעיעלעס נעמט זיין דיכטונג־שליחות ערנסט; ער פֿאַר־לאָזט זיך נישט בלויז אויף שטימונגען און באַהויכונגען, נאָר בעט אונטער זיין פּאָעזיע מיט וויסן. ער געהערט ביי אונדז צו די געציילטע דיכטער, וואָס פֿאַרמאָגן אַ שיינע ערודיציע. ער איז אויסגעצבונדן אין דער וועלט־ליטעראַטור און איז באַקאַנט מיט אירע אַלע פֿאָרמען פֿון דיכטונג. דאָס האָט אים אומבאַדינגט געהאָלפֿן הויבן די ליטעראַרישע קולטור פֿון זיין פּערז סיי בנוגע דעם ריטם סיי בנוגע דער ווערסיפֿיקאַציע. ער האָט געפּרוווט איינפּאַסן ס׳ייִדיש־פּאָעטישע וואָרט אין סאָנעטן, ראָנדאָס, טריאָלעטן און ווילאַנעלן, כּדי דורך זייער פֿאַרשידנאַרטיקייט אַרויסצובאַקומען די גראַציע און מוזיקאַלישקייט פֿון היימיש־ייִדישן פּערז. דערביי וויזט ער אַרויס אַ באַזונדערע איינגע־גלויבטקייט אין דעם באַהאַלטענעם חן און רייץ פֿון דעם ייִדישן לשון.

נישט געקוקט דערויף און אפֿשר ד ע ר פֿ אַ ר טאַקע האָט אים תּמיד אינטריגירט די ייִדיש־מיסטישע וועלט, וואָס איז פֿאַרזיגלט אין דער סודותדיקער קבלה. דערציילט דאָך י. אָפּאַטאָשו, אַז מיט יאָרן צוריק האָט ער מיט א. לעיעלעסן רעגלמעסיק געלערנט קבלה און חסידות. באַזונדער האָבן זיי באַנאַנד זיך איינגעקאַרבט אין די צוויבערפֿולע עמודים פֿון ר׳ אברהם אבולפֿיהס „ספֿר האות", אין וועלכע ס׳איז אויף אַ מיס־

טישן אופן אַ רייד וועגן דער גאולה פון יידישן פאָלק, וועגן דעם גואל, וואָס דאַרף קומען צו רייטן אויף אַ וואָלקן. און מען־לעך, אַז בעת אָט די קבלה־שמועסן איז ביי אים געבוירן געוואָרן די קאָנצעפּציע פון זיין דראַמע „שלמה מולכו". אין אָט דער דראַמע פאַרבינדט לעיעלעס די אידעע פון פאָלק־דערלייזונג מיט דער אידעע פון וועלט־דערלייזונג.

דורך א. לעיעלעסעס עסיי, ליד, פּאָעמע און דראַמע בליקט אַרויס דער היינטצייטיקער צעווינדיקטער זוכנדיקער יידמענטש, וואָס וויל זיך נישט אונטערגעבן דעם אַלגעמיינעם שטראָם, וואָס איז מסוגל אונטערצושווענקען אונדזער פאָלקישן אייגנאַרט. ער שווימט מוטיק קעגן שטראָם מיטן באַוווסטזיין און ערלעכן גלויבן, אַז אַ דיכטער טאָר באין אופן נישט זיין קיין נ אָ כ ג י י ע ר, נאָר איז לויט זיין דערהויבענער פּאָעטישער שליחות באַרופן צו זיין — אַ פ אָ ר ו י ס ג י י ע ר.

# וועגן קריטיק און קריטיקער

(צום יובילײ פון אַ ייִדישן ליטעראַט־קריטיקער)

ווער איז דער קריטיקער פון דער ייִדישער ליטעראַטור, בעל־מחשבות צי ניגער? ס׳האַנדלט זיך נישט דאָ וועגן דער קוואַליטעט פון טאַלאַנט בנוגע דער אָפּשאַצונג פון דעם אָדער יענעם שרײַבער. ס׳גייט דאָ פּשוט וועגן דעם אומפּאַסן, אין אַ ברייטן פאַרנעם, די געשטאַלטונג פון אונדזער ליטעראַטור אַלס עטוואָס גאַנצעס. דער קריטיקער דאַרף מיט זײַן אייגענעם מוח קניפּן דעם גרויסן קשר פון סינטעטישן סך־הכל. ווידער: דאָ גייט נישט בעיקר אין דעם אַרט באַהאַנדלען, נאָר אין דעם באַהאַנדלען בכלל. אַלס קריטיקער פון אַ ליטעראַטור וואָלטן מיר אָנגערופן דעם, וואָס האָט צוזאַמען מיט די שרײַבער גע־צויגן די פאַרשידענע פעדים פון זייער שאַפונגס־וועזן, כדי שפּעטער איבער, אָדער אונטער זיי, שפּינען אַן איינהיילנד גע־וועב פון גאַנצן ליטעראַטור־בנין. צי האָט עמעץ פון די צוויי קריטיקער דאָס באַוויזן? — ניין! צי האָט אָבער עמעץ פון זיי דאָס אונטערגענומען צו טאָן? — יאָ, בעל־מחשבות. דער צווישנ־שייד פון די ביידע טאַלענטן איז גענוג בולט און אָנזעעוודיק. לויט דער ערנסטקייט, איבערגעגעבנקייט און יראת־הכבוד פאַרן ייִדישן וואָרט, וואַקסט ניגער אַ סך איבער בעל־מחשבותן. די מעשה איז אָבער, וואָס ניגערן איז נישט באַשערט צו שווי־מען לענג־אויס איבערן טייך פון דער ייִדישער ליטעראַטור, ער מאַכט ס׳רוב אַ „נורעק" און דווקא אַ גאַנץ טיפן, אָבער באַלד דערשיינט ער ווידער אויף דעם אויבערפלאַך־שפּיגל, גרייטנדיק זיך אויפסניי צו אַ פרישן וואַסער־שפּרונג. דעריבער איז זײַן אַרט קריטיקירן אַ פראַגמענטאַרישער, אַן אָפּגעריסענער, ער פאַרלירט דערבײַ תמיד פון אויג די אַלגעמיינע געשטאַלטונג.

בעל־מחשבותן פעלט ניגערס טיפקייט און טיילווייזע חריפות, דערפאַר איז ער מער עפּטעט און דערעיקרשט, ער האָט זיך באַמיט בינדן, ער האָט געפּרוווט סינטעטיזירן, ער האָט אויף דער אייגענער האַנט אָנגעצייכנט די ריכטליניעס און גרונטשטריכן פון אונדזער ליטעראַרישן שאַפן און עס דערפירט ביז צו אַ געוויסער פאַרקיילעכונג. אפשר איז עס דערפאַר, וואָס בעל־מחשבות איז געשטאַנען ביים באַגין פון דער יידישער ליטעראַטור, ביי אירע קינדעריאָרן, האָט ער זי מדריך געווען, און ווי אַ דערפאַרענער זי געלערנט שטעלן טריט. פון דער אַנדערער זייט ווידער האָט ער געוועקט צו איר אויפמערקזאַמקייט ביים זייטיקן דורכגייער. פונדאַנען טאַקע שטאַמט בעל־מחשבותעס סיסטעמאַטיזירונגס־טענדענץ. ניגער איז געווען אין אַ פיל־גליקלעכער לאַגע, ער האָט פאַר זיך געהאַט אַ טיילוויז־אויסגעטראָטענעם שטעג, כמעט פאַרטיקן מאַטעריאַל, גענומען אים פאַרטייטשן, צעלייגט עס אויף טעלערלעך און יעדער טיילכל אָנגערופן מיט זיין נאָמען. דער פאַרנעם איז געווען אַן ערנסטער, פול מיט פייערדיקער התלהבות; געגריבלט זיך ביז גאָר אין יעדן קעמערל פון איטלעכן שרייבערס כתבים־געזעמל באַזונדער, פון גרעסטן ביזן קלענסטן.

***

קריטיק איז, אין תוך גענומען, דורכאויס קונסט, נאָר מיט דער באַוואָרענונג, וואָס זי איז אַ ביסל רעפּראָדוקטיוו. כמעט יעדער קריטיקער האָט יונגערהייט געפּרוווט אַליין קינסטלעריש צו שאַפן. לעסינג, שלעגעל, פרוי סטאַעל, בראָדזינסקי, פעלדמאַן און פיל אַנדערע האָבן געפירט אַ טאָפּלט שעפעריש לעבן. זיי האָבן אין אָנפאַנג אומאמיטלבאַר געשעפּט פון לעבן און זייערע איינדרוקן קינסטלעריש איינגעפאַסט אין געדיכטן. זיי זענען אָבער געווען אין זייער אייגענער קונסט צו שוואַך און האָבן צום סוף זיך געמוזט ווענדן צו קריטיק און ממילא שאַפן מיטלבאַר, אָבער יעדנפאַלס ק י נ ס ט ל ע ר י ש. דער אומאמיטלבאַרער שעפער דעראָבערט דאָס לעבן, דער קריטיקער וועבט עס אָרגאַניזאַציאָנעל אַרום מיט אַ רייף, אַסימילירנדיק זיין אייגענעם „איך". דער קריטיקער, נישט באַקומענדיק פון לעבן גופא קיין דירעקטן אימפּולס צום שאַפן, מוז זיך טיילווייז באַגרענעצן און באַוועגן אין דורך דעם אויטאָר־באַצייכנטן שטח, און זויגן פון אַ שוין פאַרהאַנענעם באַשאַף. פאַרברענגע־

דיק אָבער עסטעטיש מיט דעם אָריגינעל־קינסטלערישן באַשאַף, ווערט ער שוין באַרופן צו שפּינען אַ ווייטערדיקן געוועב, וואָס איז דורכאויס זיין אייגנס, אַלס אויסגאַנג פון זיין אייגענער פּסיכיק. אויב ס׳איז אים נישט באַשערט צו האָבן קיין אייגענע קינסטלערישע הנחה, נאָר זיין אָנגעוויזן אויפן מחברס באַראַט, צעשפּרייטן זיך פאַר אים דערפאַר ווייטע פּערספּעקטיוון פון אַ מסקנא, צו וועלכער ער דערפירט מיט גאָרער זעלבשטענדיקייט.

קריטיק-אינטערפּרעטאַציע טיילט זיך אויס פון דעם ליטעראַטור־חלל, וואַקסט אויס אין אַ זעלבשטענדיקן עלעמענט. די אינטערפּרעטאַציע אָבער פון יעדן קריטיקער, ווי פאַרשיידנפאַרביק זי זאָל נישט זיין, פאַרמאָגט זי דאָך אַ געוויסן שטריך, וואָס ווערט אומעטום פאַראייננהייטלעכט. די ערשטע נייגונג פון דעם פיינעם לייענער־קריטיקער איז דאָס איינראַמען די באַקומענע איינדרוקן און דויערהאַפטע ווערטן.

צוויי אופנים קריטיק וואַרפן זיך ס׳רוב אין די אויגן אַריין: דאָקטרינערישע און ליבעראַל־סוביעקטיווע. די ערשטע אָביעקטיוויזירט דעם לייענערס איבערלעבונגען, שאַפט פאַר זיי פאַרטיקע לוחות כדי אַזוי אַרום צו מאַכן זיי גויטוועדיק־פאַרפליכטנדיק. די צווייטע, מער עמאָציאָנעלע, רעפּראָדוצירט זעלבשטענדיק און אויף אַ ריין אינדיווידועלן אַרט די אייגענע געפילן, מיט וועלכע ער שטעקט בילדלעך פּשוט אָן דעם לייענער. דער ערשטער מין קריטיקער פאַרמאָגט געשיכטלעכע מעטאָדן און קריטעריען, וועלכע שטאַמען פון דער דרויסנדיקער וועלט, דער צווייטער האָט עקספּרעסיע, געשעפּט פון דער אייגענער פּסיכיק־טיפּעניש, באַזירט בעיקר אויף יחידיש־אויסגעוואַרעמטע אָדער אויסגעקילטע באַציונגען פון קינסטלער־לייענער צום קינסטלער־שרייבער.

אַלס מוסטערן פון די דאָזיקע ריכטונגען קאָנען אונדז דינען צוויי פּוילישע קריטיקער: סטאַניסלאַוו בזשאָזאָווסקי און ווילהעלם פעלדמאַן. דער ערשטער האָט זיין קריטיק פאַרקערפּערט אין דער פאָרמול: „קונסט פאַר אַרבעט", פאַרטיפט אַ געוויסע סכעמע און אין אירע קאַרבן געפּרוווט אַריינקוועטשן דעם גאַנצן פּוילישן שאַפונגס־פּראָצעס. די סכעמע האָט ער גענומען פון דרויסן, אָבער זי טיילווייז געניאַל באַהויכט מיט אייגענע שאַטירונגען. דער צווייטער מעסט די פּוילישע דער־

גרייכונגען מיט אַן עסטעטיש־עטישן־קריטעריום, וואָס ער האָט
זיך אַליין דערוואָרבן דורך אינערלעכן וויי. בזשאָזאָווסקי האָט
געשניטן, געמאָסטן און געוווגן צי סיפּאַסט זיך צו דער פּעסט־
געשטעלטער דאָקטרינע, פּעלדמאַן האָט קיין גענוי דעפינירטע
נאָרמע נישט געהאַט, נאָר זייענדיק געטראָגן אויף די פליגלען
פון אייגענעם שווונג, האָט ער, אין איינקלאַנג מיט דער געשאַ־
פענער אינעווייניקסטער דיספּאָזיציע, אָפּגעשאַצט און מיטגע־
שאַפן דאָס ליטעראַרישע געוועב. לאָגיש אויסגעהאַלטענער איז
דער ערשטער, אינטואיטיוו־ערלעכער איז דער צווייטער.

אין אונדזער יידישן וועלטל איז די ליטעראַטור־קריטיק
נישט קיין שטאַרק פּאַרוויקלטער ענין. בנוגע דער דאָקטרינע־
רישקייט, זענען מיר געבליבן הינטערשטעליק, און דאָס אַלץ
פועל־יוצא פון אונדזערע סאָציאַל־עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן,
וועלכע האָבן נישט געגעבן קיין צושטייער ביים אַנטשטיין פון
אייגנאַרטיקע דאָקטרינעס, וועלכע זאָלן קענען דינען אַלס באַזיס
פאַר ליטעראַטור־קריטיק. מיר האָבן דריי הויפּט־דאָקטרינעס:
רעליגיעזע, נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע. די ערשטע שטייט, לויט
איר כאַראַקטער, אין אַ בולטער סתירה צו דער וועלטלעכקייט,
וועלכע איז דאָך דער הויפּט־שטריך פון אונדזער נייער ליטע־
ראַטור. וואָלטן מיר פאַרמאָגט אַ קריטיק אין די צייטן פון דער
„צאינה וראינה” וואָלט דאָס רעליגיעזע קריטעריום אוודאי גע־
קאָנט אָנגעווענדט ווערן. די נאַציאָנאַלע דאָקטרינע ווידער וואָלט
געקאָנט אויסגענוצט ווערן אין דער גאַנצער ברייט. ליידער איז
די נאַציאָנאַלע באַוועגונג געווען פיינטלעך געשטימט צו יידיש
און ממילא איגנאָרירט די יידישע ליטעראַטור אַלס אַזעלכע.
דאָס איינציקע, וואָס איז יאָ אויסגענוצט געוואָרן, איז פאָלקס־
טימלעכקייט, וואָס איז אָבער שליסלעך נאָר אַ באַשטאַנד־טייל,
אָבער נישט קיין עצם. די סאָציאַלע, וועלכע איז לויט דער
קוואַנטיטאַטיווער פּראָפּאָרציע אַ פאַרשווינדנדיקע אין דער
יידישער עדה, האָט דאָך געשאַפן געוויסע מער אָדער ווייניק
געלונגענע פּרוון. עד־היום זענען די דערמאָנטע פּרוון נישט
אויסגעוואַקסן אין קיין זעלבשטענדיקע צווייגן, איבער וועלכע
מ׳זאָל קענען טראַכטן ערנסט. יעדנפאַלס זענען שוין אויפן דאָ־
זיקן פעלד גאַנץ געדיכט פאַרזייט געוואָרן געוויסע קערנדלעך,
וועלכע וועלן האָפנטלעך אויפגיין אין אַ שפע.

בלייבט נאָר דער צווייטער אופן קריטיק, דער ליבעראַל־

סוביעקטיווער, וועלכער האָט זיך, פאַרהעלטענישמעסיק, ביי אונדז שטאַרק צעוואַקסן, געפינענדיק זיין אויסדרוק אין אַ גרויסע צאָל צעשטויבטע אַרטיקלען פון פאַרשידענע מחברים, אָבער בעיקר ביי בעל־מחשבותן און ניגערן. דער מין קריטיק איז אַ כמו־וויסנשאַפט, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ טעפעך פון צונויפגעשטיקעוועטע ברעקלעך: עסטעטיק, פסיכאָלאָגיע, פילאָסאָפיע, געשיכטע און סאָציאָלאָגיע. אמת, זי איז פריי פון אַן איינגעוואָרצלטער סכעמע, אָבער נישט פריי פון פאָליסכעמאַטישקייט; אַ שפע פון סכעמען, ווו די צווייטע דערקענט נישט די ערשטע.

דער סוביעקטיווער קריטיקער באַקענט זיך מיטן בוך אינטואיטיוו, לעבט זיך גיך צונויף מיט זיין ריטם, און ווערנדיק גערירט ביז גאָר פון זיין קינסטלערישן תוכן, גייט ער איבער צו דער ראָלע פון אַ מיטשעפער, אַזוי, אַז סוף־כל־סוף איז זיין קריטיק נישט מער ווי אַ ווידוי פון אינדיווידועלן אויפברויז. די אויפברויזונגען טוישן זיך ווי די פאַרבן פון אַ רעגנבויגן, יעדעס מאָל בויט ער פרישע שפינוועבס־הנחות, און צוזאַמען מיטן ווינט פון אַ ניי ווערק ווערן זיי אַוועקגעבלאָזן. ס'איז אָבער אַ טעות צו גלויבן, אַז די זיך אונטערשיידנדיקע, אימפרעסיאָניסטישע אָפשיינונגען זענען פון זיך אינגאַנצן אָפגעטיילט, ווי ווידערשפרעכנדיק זיי זאָלן אַקעגן זיך נישט זיין, בינדט זיי דאָך אַ געוויסע קאָנטינואיטעט. אמת, די „איינהייטלעכקייט" איז אַ גאָר־גאָר דינע, אָבער דאָך שלענגלט זיך אַ רויט פעדימל, וועלכעס איז דער הוט השדרה פונם קריטיקער גופא אַלס מענטש.

### .2

פון ניגערס קריטישע אַרבעטן שטאַרט בולט אַרויס די פילקאָנטיקייט פון זיין פערזענלעכקייט. דער הויפט־יסוד איז — צעברעקלענדער אַנאַליז, די דיספאָזיציע — שפילוועדיקע רעטאָרישקייט. דער מין רעטאָרישקייט שטאַמט אייגנטלעך פון זיין וואַקלענדן וועלט־באַנעם בכלל, און ממילא איז שווער פעסטצושטעלן דעם יש פון זיין קריטיק. ניגער ווידמעט בעיקר זיין מי דעם מיטלפונקט פון קינסטלערס פערזענלעכקייט. בעל־מחשבות להיפך זוכט דעם נאַציאָנאַלן און טיילווייז אויך סאָציאַלן אונטערשלאַק. דעריבער ווייזט זיך אויס, אַז ניגער מעסט די ליטעראַטור אויסשליסלעך מיט אַן עסטעטישן קריטעריום. דער דאָזיקער איינדרוק אָבער איז אַן אויבנאויפיקער, וואָרים

עסטעטיק באַטייט קודם כל האַרמאָנישער, סימעטרישער צו־נויפגום.

ניגער שרייבט אימפּרעסיאָניסטיש, ער דיכטעט קריטיק. ליטעראַטור איז זיין, קריטיק איז כ אַ ו ו ו ס ט ז י י ן, ני־גער דערלאַנגט אונדז דעם באַוווסטזיין פון דער יידישער לי־טעראַטור אין אַן אתרוג־פּושקע. ער איז דער גלגול פון אויטאָר־קינסטלער, וועלכע ער האַלט אין איין צירן, ביז ס׳דערגייט כמעט צו גאָרער סטיליזאַציע. אַ מין כלו־שבת־קריטיק. און אונ־טער דעם פאָרהאַנג פון סטיליזירונג ליגט פאַרהוילן אַ ליטוויש־חריפותדיקער מוח, וואָס שניידט ווי מיט אַ חלף, נאָר עס גע־דויערט דאָס שניידן נישט לאַנג און עס פאַרדעקן זיך די בלויזן מיט אַ בילדלעכער באַריידעוודיקייט.

בעת ניגער טרעט צו צו אַ שרייבער, באַמיט ער זיך ס׳רוב צו שאַפן אַ הנחה, וועלכע איז נישט שטענדיק דורכאויס עס־טעטיש. דעם פיין־פילנדן פּרץ, וואָס איז אָנגעשטעקט מיטן היידנישן העלעניזם און דורכגעזאַפּט מיט טראַגיזם, רעמט ניגער איין אין דריי שכלדיקע באַגריפן, פון וועלכע ער שיילט שפּע־טער אַרויס דאָס וועזן פון דיכטער: „1) דאָס אינטעלעקטואַליס־טישע, 2) דאָס עטישע און 3) דאָס ראָמאַנטישע”. ס׳איז אַ ביסל אומפאַרשטענדלעך, וואָס אַן עסטעטיקער, וועלכער זעגלט זיך אויף אַן אימפּרעסיאָניסטישער שיף, געשליידערט דורך די לעבנס־כוואַליעס, זאָל זיין בכוח אַריינקוועטשן אַזאַ פיין־פילנ־דיקן גייסט, ווי פּרץ, אין וועלכער ס׳איז קאַטעגאָריע. צי איז בכלל מעגלעך פּרצן צו פאַרקיילעכדיקן מיט די דריי באַגריפן, צי קאָן מען נישט דערצו אויסניצן נאָך אַ ריי באַגריפן, וואָס וואָלטן געהאָלפן פּרצן נעענטער צו באַנעמען, אָבער סוף־כל־סוף נישט איינהילן אינגאַנצן?

מיט וויסענבערגן, למשל, אַנטפּלעקט זיך פאַר ניגערן דער פאַרהוילענער קונסט־אינסטינקט פון פאָלק. די התגלות פונעם דאָזיקן ליווינק איז אַ סך־הכל פון אַ דורות־לאַנגער וואַנדערונג פונעם פאַרבאָרגענעם שאַפונגס־קראַפט. ערגעץ טיף אין דער מאַסע האָט געדרעמלט זיין כוח, אַ פאַרשפּאַרטער דורך פאַר־שידענע דינים און סיגים. אין וויסענבערגן אָבער האָט די עולם הזהדיקע קולטור געגעבן איר תיקון, ער איז געוואָרן דער מאַ־מעס ראש־המדברים. דאָס וואָלטן איינצלער געקאָנט פיל־ווי־

ניק דינען אַלס ניגערס אויסגאַנגס־ פּונקט פאַר דער אָפּשאַצונג
פון ווייסנבערגס שריפטן.

⁂

זיינע ערשטע אַרטיקלען האָט ניגער געשריבן אין אַ צייט,
ווען דער יידישער לייענער איז נאָך געווען גאָר גרין מיט אַן
אומאַנטוויקלטן געשמאַק, און זיך פּשוט נישט אָריענטירט אין
ליטעראַרישע פּראָבלעמען. דער גאַנצער ענין ליטעראַטור איז
פאַר דעם מאַסן־לייענער פאָרגעקומען עפּעס ווי אַ בלינדער
דראַנג, אַ בענקעניש און לעכצן נאָך באַשטימטע אָדער אומ־
באַשטימטע עמאָציעס, ער האָט געפונען אין דער ליטעראַטור
אַן ענלעכן אינעווייניקסטן אויסדרוק. דער עולם אַליין האָט זיך
געפילט פאַרלאָזן, מטושטש, און נישט געהאַט קיין העזה זיך
צו שאַפן אַ זעלבשטענדיקע מיינונג, און דערפאַר דורשטיק גע־
זוכט אַ באַרופענעם פאַרטייטשער, וועלכער זאָל אים דאָס טונ־
קעלע און אומפאַרשטענדלעכע פּשוט מיט אַ לעפל לייגן „אין
קאָפּ אַריין". ניגער איז אָבער נישט געשווומען מיט דער צייט,
און נישט מיטגעמאַכט קיין דידאַקטישע קריטיק. אמת, דאָס
האָט אים בלי שום ספק דערהויבן צו אַ קינסטלערישער אייגנ־
אַרטיקייט, אָבער דערפאַר דערווייטערט פון דורכשניטלעכן
פאָלקס־לייענער, וועלכער איז ממש צעטומלט געוואָרן פון דער
האַרבער דיכטנדיקער קריטיק.

אַמבולטסטן האָט זיך דאָס אויסגעדריקט ביי פּרצן, וועמעס
שאַפונג האָט זיך הערמעטיש אָפּגעטיילט פונם לייענער, וועל־
כער האָט זיך דעריבער שטאַרק גענייטיקט אין אַ „מבין", וואָס
זאָל אויפבינדן דעם קנויל פּרץ־פּינטעלעך. ליידער האָט דאָס נאָך
עד־היום קיינער נישט באַוויזן אויף אַ קלאָרן אופן, און אַמ־
ווינציקסטן ניגער, וועלכער האָט זיך אַריינגעטאָן אין פּרצן,
און צו דעם דיכטערס לאַבירינטן צוגעגעבן זיינע אייגענע.

קינסטלעך ווייזט זיך אונדז אויס די געביידע, וואָס ניגער
שטעלט אויף אויף אשן. ניגער גלויבט, אַז אש פאַרמאָגט: חן,
סוד, בענקעניש און צער, דאַקעגן קאָן ער נישט פאַרטראָגן קיין
קאָנפליקטן, קאַמף, שטורעם, טראַגיק.

אפשר איז דאָס אַן אויסגאַנג פון אייגנטימלעכע לאַנד־באַ־
צוונגען. אונדזער ליטעראַטור האָט זיך אַנטוויקלט אויף פאַר־
שידענע ערד־ריחות. אויב פּרץ, ווייסנבערג און אש געהערן צו
די שאָטנדיקע זייטן פון ניגערס קריטיק, קאָן מען דאָס באַי־

אופן נישט זאָגן װעגן זײנע אָפּהאַנדלונגען איבער מענדעלע, שלום־עליכם, בערגעלסאָן, פּינסקי א. אַנד. די אַרבעטן איבער מענדעלען און טײלװײז איבער שלום־עליכמען זענען גלענצנדע. ס׳ישלאָגט פון זײ אַזאַ װאַרעמקײט און בעיקר אַן אײגן באַנעמען. דעם אַרטיקל איבער מענדעלען קאָן מען לײענען אַ פּאָר מאָל און זיך גאָרנישט אָנזעטיקן מיט אים. אַ קערנדיקע שפּראַך און אַ פאַרביקער סטיל.

בײ שלום־עליכמען האָט ניגער נישט איבעריק טיף באַנומען די פּסיכאָלאָגישע זײט פון קאָמיזם. דאָס פּראָבלעם פון קאָמיזם בײ מנחם מענדלען פאַרקערפּערט מיט זיך דעם סימבאָלישן רוף צו פאַרפולקומען דאָס אידעאַלע אינם מענטשן בעתן קאַמף פאַרן לעבנס־קיום. אָט דער גוטמוטיק־טראַגישער שטרײענער גיבור, װאָס קאָן נישט פון אײן זײט נעמען דאָס לעבן פאַרן קאַרק, און פון דער אַנדערער זײט װידער חוזקט ער פון לעבן מיט זײן אַרט מקבל באהבה־זײן די פאַרשידענע אַנטױשונגען און ירידות.

איבער בערגעלסאָנען האָט זיך ניגער נאָך ענדגילטיק נישט אַרױסגעזאָגט, אָבער זײן אַרבעט איבער „נאָך אַלעמען” געהערט צו די אױסגעצײכנטע.

ניגערס סטיל און זײן אימפּרעסיאָניסטיש באַנעמען די װירקלעכקײט האָט דאָך געפונען אַ װעג צו יחידי סגולה, צו דעם אױסדערװײלטן לײענער, װעלכער האָט זיך מיט זײן קריטיק געקװיקט. די מעלה איז באַשטאַנען דערין, װאָס זי האָט דעם זעלטענעם פײנעם לײענער נישט געלאָזט דרעמלען אין זײן פױלקײט, נאָר אים מיטגעריסן מיט דער זיגזאַגישקײט, געצװונגען זיך פאַרטראַכטן און קינסטלעריש מיטװעבן און מיטשאַפן דעם קריטישן געדאַנק. ניגערס װעג איז אַ געקרײזלטער און פאַרלאַנגט אָנשטרענגונג, אַקוראַט װי ער װאָלט געפּילט פאַר זיך דעם דערהױבענעם לײענער, און דעריבער קאָקעטירט ער אים אַזױ אָפט מיט זײן לײכטער שפּראַך־שפּילעװדיקײט.

ניגער איז נישט דער קריטיקער פון שטראָפן, סײ דעם דיכטער, סײ דעם לעזער. װעזנטלעך באַשטײט נישט ניגערס קריטיק פון משפּטן אָדער אױסטײטשן, נאָר דורכאױס פון רעפּראָדוקציע ד. ה. פון בילדלעכן איבערשאַפן. דעריבער װערט בײ אים דער אױטאָר־קינסטלער ביסלעכװײז אַװעקגערוקט אין דער זײט, איבערלאָזנדיק אַן אָרט פאַר די רעפּראָדוקציע־װע־

בינגען פון קריטיקער־קינסטלער. סוף־כל־סוף באַגרעניצט זיך זיין קריטיק מיט עסעיזם, וואָרעם זיין סימן מובהק איז פראַגמענטאַרישקייט, אָפּגעהאַקטקייט, נישט רעכענענדיק זיך בכלל מיט דער שאַפונגס־קאָנטינואיטעט. ס־רוב פון זיינע אַרבעטן שיינען אָפּגעזונדערט אין זייער שיינקייט, אָפּגעריסענע גלידער, וואָס זענען נישט צונויפגעהעפט אין אַ גאַנצן סקעלעט. לאָמיר זאָגן אָפן: ניגער האָט אויפגעשריבן אַ סך אינהאַלטלעכע, גלענצנדע און גייסטרייכע עסייען איבער פאַרשידענע יידישע שרייבער, אַ טייל ריכטיק, אַ טייל נישט ריכטיק אויפגעפאַסט, ער האָט נישט באַשאַפן קיין גאַנצקייט פון דער יידישער קריטיק, נישט אָנגעוויזן דער ליטעראַטור קיין שום פּראָגראַמען, און, בעיקר, נישט אויפגעשטעלט טעאָרעטיש קיין שום ליטעראַרישע שולן. ער איז לסוף דער קריטיקער פון יידישן שרייבער, אָבער נישט דער קריטיקער פון דער יידישער ליטעראַטור.

במשך פון דער צייט האָט ניגער נישט דורכגעלאָזט קיין שום ליטעראַרישע דערשיינונג. מיר לייענען פון צייט צו צייט זיינע אַרבעטן אין פאַרשידענע אַמעריקאַנער אויסגאַבן און שטוינען איבער זיין אומגעהויערער באַלייענטקייט, קריטישער ערלעכקייט און געוויסנהאַפטיקייט, אָבער ר־איז ווייטער געבליבן אָפּגעשלאָסן אין זיין עסייאיזם. גאָר צום סוף האָט ער געפּרוווט שטעלן טריט אויפן געביט פון סינטעטיזם, באַמיט זיך צו דערקלערן געוויסע איינהייטס־דערשיינונגען און ריכטונגען (ווי צ. ב. דאָס פּראָבלעם פון מיטאָס). אין וואָס פאַר אַ וועזן זיין קריטיק וועט ווייטער גיין, איז דערווייל אומבאַקאַנט, אָבער גרוים וועט ער שוין אוודאי בלייבן אין זיין שרייבער־קריטיק.

היינט צו טאָג איז ניגער ביי אונדז דער שטאַרקסטער און באַדייטנדיקסטער קריטיקער.

**(1925)**

# פון מלאווע ביז יריחו

## אויפן ראַנד פון י. אָפּאַטאָשוס ראָמאַן „דער לעצטער אויפשטאַנד" (ר׳ עקיבא)

### א.

ווּיזיאָנערישע גרסא דינקותא —

איז דאָס טאַקע נאָר אַ ציטערוואָרט, וואָס דאַרף געלייפיק באַצייכענען בלויז די וועסנע-צייט אינעם שרייבערס וועג. איז דאָס רק אַ פּרי־ אויפגעקומענער צייט־אָפּשניט, וואָס פאַר־שווינדט צוזאַמען מיט דעם שרייבערס שאַפונגס־אויסוווקס. גע־פּאַקט, געמאָזלט און פאַרביי... אָדער דאָס איז עפּעס אַזוינס, וואָס — אונטער פאַרשידענע געזעענע און אומגעזעענע גלגו־לים — באַגלייט עס און פאַרפאָלגט דעם קינסטלער אין אַלע זיינע שפּעטערדיקע שאַפערישע קערוועגן און ווענדונגען.

נאָכאַמאָל, איז דאָס רק אַ צופעליקע אָפּשטאַם־סביבהדי־קייט, וואָס איז פון צייט צו צייט גורם באַשטימטע רעצידיוון, אָדער ס׳איז אַן איינגעוואָרצלט וועלטגעפיל פון וועלכן ס׳איז ממש אוממעגלעך צו אַנטלויפן אפילו שוין אין די הויך־רייפע יאָרן. וואָרים באַפרייען זיך פון אַ וועלטגעפיל, וואָס מ׳האָט אין בלוט, הייסט זיך גופא אויפלייזן.

אוודאי טאָר מען די גרסא דינקותא נישט פאַרבייטן מיט די כראָנאָלאָגישע ערשטע ליטעראַרישע פּרוּוון. די ערשטע פּרוּוון קענען גריילעך זיין פון לייכט־אויפגענומענע און שלעכט־פאַרדייטע איינפלוסן, און ממילא קאָנען זיי לגבי דעם אייגענעם קינסטלערישן באַרוף זיך גאָר אַרויסווייזן פאַר פאַלסיפיקאַטן. דאָס איז דערימאָך גיכער שייך דעם יונגשעפערישן פּעריאָד, ווען דער טאַלאַנט האָט שוין סימנים פון אויפגעבליטער מענטש־

לעבקייט און איז מסוגל אויף אַ נאַטירלעכן שטייגער אַרויס־צוברענגען  א י י ג נ ס. פאַר דעם האָט דער אָריענט געהאַט אַ בילדערישע באַצייכענונג — „ר א ש י ת  א ו נ י". אָט־די ראשית־אונידיקע פּראָדוקציעס פאַרמאָגן שוין דאָס סובס־טאַנציאָנעלע, וואָס דאַרף בילדן דעם קינסטלערס שפּעטערדיק שאַפונגס־וועזן. דאָס דאַרפן שוין זיין שפּורן פון קינסטלערישער זעלבסטאַנטפּלעקונג, פון וועלכן ס׳פּיקן זיך אויס קאָנטורן פון אַן אייגן וועלטבילד.

ביים צוקוקן זיך צום שרייבערס וועלטבילד טאָר מען זיך נישט לאָזן פאַרפירן פון דער פאַרשידנאַרטיקער און צומאָל צווישן זיך מהלך־רבדיק אָפּגעטיילטער טעמאַטיק, וואָס דאַרף קלאָמפּערשט באַווייזן, אַז דער קינסטלער איז נישט אָרגאַניש פאַרבונדן מיט אַ וועלכן ס׳איז גייסטיקן שטח.

דאָס איז אָבער הוילע פאַרבלענדעניש. מעג דער שרייבער בייטן זיין אַלטע סביבה; מעג ער איבער טייכן און ימים זיך לאָזן אין די מרחקים; מעג ער אויפנעמען נייע אידעען און גלייבונגען. אָבער די שטים פון בלוט וועט ער אין זיך נישט פאַרטויבן. ער הערט זיך קיינמאָל נישט אויף צו שאָטענען אין דער וויזיע פונעם אייגענעם גייסטיקן שטח.

י. אָפּאַטאָשוס גייסטיקער שטח איז — פּ ו י ל י ש ע  י י ד י ש ק י י ט  אין אירע אַלע גלגולים; זי ליגט אויסגע־גאָסן ממש אויף יעדער תנועה פון זיין פּען. זי באַהויכט זיינע דרויסנדיקע שטייגער־שילדערונגען, ס׳פּסיכיש געמיט פון זיינע געשטאַלטן, די פאַרזאָרגטקייט פונעם צעפּלאָשעטן שטעטלדיקן קרעמער, צעטראָגנקייט פון פאַרמוחטן משכיל, דערהויבנקייט פון צעפּאַכעטן חסיד, רויקייט פון צעוואַרעמטן בעל־עגלה. באַ־זונדערס איז זי פאַרפלאָכטן אין ברייטלעכן ריטם פון זיין לשון, עטנאָגראַפישע מעטאַפאָרן, לאַנדשאַפט, לעבנסבאַנעם און צאַר־טער סענסיטיווקייט. מיט איין וואָרט: אויף יעדן טראָט שפּירט זיך אוירא דפּולניא.

אינעם אַלגעמיינעם פאַרנעם איז אָפּאַטאָשוס שאַפן נישט מאָנאָליטיש, ער ווערט געפירט דורך טעמאַטישע זיג־זאַגן און נישט אַלע זיינע ווערק זענען פון גלייכמאָסיקן קינסטלערישן ווערט. זיינע געשטאַלטן קומען פון פאַרשידענע שטאַפּלען פון דעם געזעלשאַפטלעכן לייטער; זיינע „העלדן" לעבן זיך אויס אין קעגנזייטלעכע געזינונגען. אָבער ס׳רוב פון זיי באַוועגן זיך

אין איין און דעמזעלביקן פּסיכישן קלימאַט. די זעלביקע ינקר־תא־וויזיע שלאָגט זיך אָפּ אויף די הפקר־מענטשן פון „יענער זייט בריק" און אויף די וועלט־שטורמער פון די „פּוילישע וועלדער".

ב.

בדרך כלל קאָנטראָלירט זיך אָפּאַטאָשו לאָגיש; ער לאָזט קיינמאָל נישט די בילדער „הפקרדיק" לויפן אָן אַ סוף און אָן אַן עק. צו אים אַפּעלירן קנאַפּ־וואָס „בלינדע" בילדער, וואָס ווערן צעשוווּמען אין זייער אומאויפגעקלערטקייט. זיי באַקומען ביי אים ערשט דעמאָלט אַ ווערט, ווען ער באַווייזט זיי אַדורכצודרינגען מיט אַ אינטעלעקטועלן ריטם. באַקומען זיך טיילמאָל שפּאַרעם דורך וועלכע מ׳זעט צו־ביסלעך וואָס עס טוט זיך אין דער לאַבאָראַטאָריע. און דאָ איז כדאי אָנצווייזן אויף אַ געוויסן שטריך אין אָפּאַטאָשוס שאַפן. מ׳זעט נעמלעך ווי עס קרייציקן און פלעכטן זיך צוויי ליניעס — די ו ו ע ר ט י־ ק אַ ל ע און ה אָ ר י ז אָ נ ט אַ ל ע. אַ כסדרדיקער געוואַקל צווישן הלכה און אגדה. ס׳ציען אים די רויע פאַרשוינען מיט די געשיילטע פּנימער; ס׳האַרצט אים די אוממיטלבאַרקייט, אימפּולסיווקייט, פּשוטע ליבשאַפט און לופטיקייט פון די פּראָסטע יונגען, פערד־גנבים מיט זייערע געשפּאָלטענע קולות. אין דער זעלביקער צייט צויבערן אים די פאַראיידלטע לומדים מיט הויכע שטערנס און חסידישע רביים מיט זייער דערהויבענער וועלט־בענקשאַפט און אָדלער־געדאַנקען. ער האָט גרויס אָפּשיי פאַר די עוקרי הרים און וועלט־שפּאַלטער, וועלכע זענען תמיד פאַרקוקט אין דער הייך. די ערשטע שפּאַנען איבער פרייע פעלדער, פאָכן מיט בייטשן און קלאָניצעס, די אַנדערע זיצן אין אָפּגעלעגענע חדרים און זענען מעיין אין ספרים. און מאָרנע, אין אָט־די קעגנזעצלעכע סביבות פּילט זיך אָפּאַטאָשו שרייבעריש באַגלייך היימיש. ער איז פאַרבראַט מיט קיווקע גנב און איז אויסגעבונדן מיטן סראָצקער רב. ס׳צינדט זיך אין אים אָן ס׳בלוט, ווען די וואַרשעווער ווילדע יונגען מיתן זיך איינס ס׳אַנדערע און ער ווערט ווידער באַהערשט פון אַ טיפער, שטילער באַטראַכטונג, ווען דער סראָצקער רב שפּאַנט פאַמעלעך איבערן בית־דין־שטוב איינגעזונקען אין טיפע מחשבות.

שוין אין זיינע סאַמע ערשטע דערציילונגען פלעכטן זיך אויף אַן אַנזעעוודיקן אופן אָט־די שטייגער־מאָטיוון גענומען פון קעגנ־

זעצלעכע סביבות. אין „ראָמאַן פון אַ פערד־גנב" איז ער אויפגעקאָכט אין די טאָג־טעגלעכע דאגות און פריידן, זאָרגן און צאַפּלענישן, פאַרלאַנגען און איינרייסענישן פון שלמה קראַדניק, זאַנוול פּשאַ־יוכאַ, דעם גיבור פון שטעטל, בערקע בעל־עגלה, מיט זייערע ווייבער און טעכטער. אַ גאַלעריע קנאָביקע געשטאַלטן, וואָס שוימען זיך אויס מיט זייערע צעדמטע כאַראַקטערן, רויע אימפּולסן, עלעמענטאַרע ליידנשאַפטן און איינרייסערישע אַמביציעס. ער געפינט סיפּאַסיק וואָרט, אידיאָמאַטישן זאַץ, בילדערישע מעטאַפאָרן און דערהויפּט דעם ריטמיש קאָנדענסירטן חתוך הכתב פולבלוטיק איבערצוגעבן סילעבן פון די געוויקסיקע, ברייטברוסטיקע פאַרשוינען און תאווהדיק צעפלאַמטע מיידן און ווייבלעך.

„קראַדול האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער קאַנאַפּע, געהערט ווי זיין ווייבל רעדט. ער האָט געטראַכט, אַז אויב זי זאָל זיך נאָר טויגן, קאָן זי ווערן די „מאַטקאַ" פון אַלע גנבים, און דעמאָלט האָט ער אָפּגעזאָרגט. ער האָט פאַר גרויס שמחה עפּעס אונטערגעזונגען און איז אַזוי אַנטשלאָפן געוואָרן. באַלד האָט ער זיך געלאָזט הערן איבער דעם גאַנצן צימער. ער האָט פאַרריסן איין פוס אין דער הויך ווי אַ קראָקווע און גענומען שנאָרכן".

ער זעט זיינע פאַרשוינען אויף די ירידים, ווו זיי שלאָגן זיך מיט פויערים, גנבענען פערד, צעווערטלען זיך אין די מעלינעס, שיכורן אין די שענקען, רעדן גראָבע רייד, הוליען אין די בתי זונות א. ד. גל.

לעם די פּיפּיקע שטאָטישע פערד־גנבים פירט אָפּאַטאָשו אַרויס פאַרגרעבטע, מגושמדיקע ערלעכע דאָרפישע יידן, שמידן און פישערס, וואָס לעבן אין אַ גרישער סביבה, זיי האָרעווען שווער און כאַפּן ביינאַכט פיש אין טייך.

„דער פישער מיט די דריי בנים זענען געשטאַנען אָן קאַפּאָטעס, באָרוועס מיט פאַרשאַרצטע איבער די קניען הויזן און געשמירט מיט קעז גרויסע צוויי אוויעריקע עמערס. שמחהס ווייב, אַ געזונטע, רויטע יידענע ווי אַ פויערטע, מיט אַ ווייס דרייעקיק טיכל אויפן קאָפּ איז געשטאַנען אַ באָרוועס, מיט ברייט צונויפגעוואַקסענע ווי ביי אַ גאַנדז פינגער און פאַרריכט גרויסע, געשטריקטע שאַטקעס. די מענער האָבן אַריינגעלייגט שפּינער אין די עמערס, דער שטראָם זאָל זיי נישט אַוועק־

טראָגן. און אַז אַן עמער איז פול געוואָרן מיט פיש, האָבן זיי גיך אָנגעצונדן שטיקער קין. די פיש זאָלן נישט זען, ווו צו אַנטלויפן און האָבן דעם עמער אַריינגעשלעפט. די צאַפּלדיקע פיש האָט מען אַריינגעלאָזט אין די געשטריקטע שאַטקעס און זיי אָנגעהאָנגען אָן אַ פּליט, וואָס איז געשווומען אין וואַסער, צוגעבונדן צום ברעג מיט גראָבע שטריק".

מיט געצוימטע רייד און פּלאַסטישן אַרט דערציילן דרינגט ער אומפּמיטלבאַר אַריין אין שטייגער פון דעם פאַרגרישטן שיבט. אין קרעפטיקע נאַטוראַליסטישע בילדער צייכנט ער ס'לעבן פון מענטשן, וואָס ווערן געפירט פון זייערע אינסטינקטן.

מ'זעט באַשיימפערלעך, אַז דער אויטאָר איז דאָ נישט קיין דערוויילינקער גאַסט, עפּעס אַ דרויסנדיק באַלעבאַטיש בחורל, וואָס האָט צופעליק פאַרבלאָנדזשעט און באַטראַכט מיט נייגער אַלץ וואָס קומט דאָ פאָר. ניין. ער איז ביי זיינע העלדן אַן אייגענער, אַ בן־בית, וואָס איז אויסגעפלאָכטן אין זייער לעבנסשטייגער און מענטאַליטעט.

נישט מינער אויסגעבונדן איז ער אָבער אויך מיט דער חסידיש־לומדישער און חסידיש־קבלהשער סביבה. מיט אַ סך שטייגער־קענטעניש און טיפער חסידות־ערודיציע דרינגט ער אַריין אין דער סובטעלער וועלט פון דער טראַדיציאָנעל־יידישער גייסטיקער פירערשאַפט. די ליניע הייבט דאָ אָן שטייגערן ד ו ע ר ט י ק אַ ל. מיט אַ קנעפּל־שבקנעפּלדיקער היימישקייט דערציילט ער אויספירלעך און פּרעציז — אָן אַ וועלכער סטיליזאַציע — וועגן דעם, ווי אַזוי חסידים שאַצן אָפּ די התנהגות פון אַלטן קאָצקער רבין, זיין שטרעבן צו הויכקייט און אויסדערוויילטקייט, זיינע אינעווייניקסטע ראַגלענישן און להכעיסדיקן קידער־ווידער מיטן עולם.

„און ר' מענדעלע אַליין פּלעגט שבת בין השמשות אַרומגיין אַ קליינער, אַ גרויער, מיט לאַנגע ברעמען איבער די אויגן, די גראָבע פינגער אין גאַרטל און מאַכן אַזעלכע געוואַלדן, אַז די חסידים איז אַן אימה באַפאַלן! און וואָס מיינט איר האָט ער געשריגן? — „כ'האָב תמיד געהאָפט צו האָבן אַ מנין חסידים, אַ מנין, אַרומגיין מיט זיי אין די וועלדער, אין די וועלדער! אַז חיינט האָב איך אָקסן, כ'האָב געהאָפט צו ווערן אַ מענטשן־דאָקטאָר און איר בהמות, האָט מיך געמאַכט פאַר אַ קאָנאָוואַל..." דאָס איז געשריבן אין 1915, אין דער דערציילונג „קאָנ־

טראַבאַנדיסטן" ד. ה. פיר יאָר פאַרן פאַרענדיקן „אין פוילישע וועלדער".

מיט גרויס אַריינטוּאונג צייכנט אָפּאַטאָשו, למשל, די גייס־טיקע געשפּאַנטקייט פון שרענסקער רב, דעם גרויסן למדן, מחבר פון פיל ספרים ר׳ טוביה („אַ גאון"). ער האָט שוין צען מאָל אויסגעלערנט ש"ס, אָבער דאָס גיט אים באין אופן נישט קיין זיכערן טריט אויפן דרך התורה. תמיד האַלט ער זיך אין איין וואַקלען.

„דעם רב איז קשה געוואָרן, וואָס ביז דעם מלך חזקיהו איז קיין איין קראַנקער נישט געזונט געוואָרן. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, לייכט געשפּרייזט איבערן חדר, ווו אַרום און אַרום אויף די נישטגעהיבלעטע פּאָליצעס זענען געווען צע־שטעלט ספרים.

אָן אַ שיעור קעמערלעך האָבן זיך געעפנט ביים אַלטן רב אין מוח. איין גמרא האָט סותר געווען די צווייטע. זאָל עס הייסן, ווי דער אבן־עזרא זאָגט — אַז ביז חזקיהון האָט מען נאָר געקענט היילן אויסערלעכע קראַנקהייטן, ווי אַ צעבראָכענעם פוס, אַ האַנט, אָבער אינערלעכע האָט קיינער, אַ חוץ גאָט, נישט געקאָנט היילן? אַנדערש וואָלט דאָך זייער פליישׁ געמוזט זיין פון שטיין און זייערע לייבער פון קופּער".

מיט וואָסערער לייכטקייט, סיטואַציע־שפּילעוודיקייט און דערביי לעבנסטריישאַפט דערציילט אָפּאַטאָשו וועגן לעבנס־נוסח אין די חסידיש־לומדישע הייזער, ווו „ווילדע" עילוים זאָגן שאַרף־שפּיציקע פּשטלעך, וואָס פאַרבליפן די צוהערער און ווי די זעלביקע פליאהדיקע פּשטלעך ווערן שפּעטער אָפּגעווענדט דורך שווער־לומדישע קשיות („אַויגן").

בולטער קומט אַרויס אָפּאַטאָשוס באַהאַוונטקייט אין דער לומדישער ספערע דורך זיין קורצער דערציילונג „גאַי שוין, גאַי". מיט אַ באַזונדערן חוש פאַר אַ ריח תורה און ריח חכמה, מיט אַן אויספירלעכער קענטשאַפט, געניטקייט און אייגנטימ־לעכער קורצאַטעמדיקער רבנישער שפּראַך און ברייט־פּויליִ־שער אויסשפּראַך צייכנט ער די ספּעציפישע הויות, גרימאַסן, תנועות און זשעסטן ביי צוויי פוילישע גאונים, דעם קוטנער רב און טשעכאַנאָווער רב, בעת זיי פירן אַ הויך־לומדישן שמועס וועגן די „בעלי המסורה".

„דער קוטנער רב איז געשטאַנען הינטער ר׳ אברהמלען.

ער איז געשטאַנען אינעם צעקנעפּלטן פּעלץ. ער האָט נישט גע־רעדט וועגן די צוויי יידן, וואָס מען האָט געדאַרפט אָפּראַטע־ווען פון דער תליה. ער האָט נישט גערעדט וועגן לערנען. ער האָט גערעדט וועגן די „בעלי מסורה" און זיך געריכט, אַז אברהמל וועט אים אָפּשטעלן, וועט זאָגן „אַפּיקורסות", און אַז ר' אברהמל האָט אים נישט אָפּגעשטעלט, האָט ר' יהושיעלע ווייטער גערעדט:

„...וויסן דאַרפט איר, טשעכאַנאָווער רב, אַז די „בעלי המסורה" זענען געקומען נאָך די אנשי הניקוד והנגינה. ווי שטייט אין דער הקדמה פון „חובת הלבבות"? דער חובת הלב־בות זאָגט, אַז די בעלי המסורה זענען געווען נאָך איבן־גנאח".

— גאַי שוין, גאַי — האָט אברהמל זיך אַ וויג געטאָן אי־בערן אָפּענעם רמב"ם.

— און וואָס זאָגט דער אבן־עזרא אין „ספר מאזנים"? — האָט ר' יהושיעלע ווייטער גערעדט. — ער זאָגט, אַז נאָך די חכמי התלמוד זענען אויפגעשטאַנען די אנשי המסורה.

— גאַי שוין, גאַי — האָט ר' אברהמל שוין געוואַרט דער קוטנער זאָל ענדיקן.

און דער קוטנער רב, וואָס איז געשטאַנען „בדחילא ורחי־מאַ", געציטערט אינגאַנצן, האָט פון יעדן „ג אַ י ש ו י ן, ג אַ י" דערפילט אַ ברי, ווי ס'וואָלט זיך פון ר' אברהמלען געטראָגן צו אים פלאַמען... ער האָט זיך אָנגענומען מיט כוחות און אַ זאָג געטאָן:

„...און דער רמב"ם אַליין אין הלכות ספר הלכה פרק ח' שרייבט, אַז ער האָט זיך נישט באַנוצט מיט די „בעלי המסורה", נאָר מיט בן אשרן, הייסט עס, אַז לויט דעם רמב"ם איז בן אשר געווען פאַר די בעלי מסורה. וואָס זאָגט איר דערויף, טשעכאַ־נאָווער רב?

דער קוטנער רב האָט זיך אָפּגעגאָסן מיט שווייס. ער האָט אויף הינטערוויילעכס זיך גענומען אַרויסשאַרן פון בית־דין־שטוב. אַז דער טשעכאַנאָווער הייסט גיין, גייט מען".

אין דעם שמועס שטעקט טיף־פּוילישער נוסח. דער יונ־געטשקער קוטנער גאון רייסט זיך צו־ביסלעך צו השכלה און שטעלט אויף אַ נישט־דרייסטן אופן זייטיקע קשיות. אין דעם טשעכאַנאָווערס „גאַי שוין, גאַי" איז נישט געווען קיין ווילן אָפּצופּטרן דעם יונגען גאון מיט אַ לאָמיך געמאַכט. דאָס איז

גלאַט אַ רעטאָרישער זאַץ פון אויפמערקזאַמען אויסהערן דעם פראַגעס־שטעלער, מיטן ברייט־פוילישן „גאַי שוין, גאַי” איז דער משעכאַאָנווער גאָר געווען אויסן צו  ד ע ר נ ע נ ט ע ר ן דעם קוטנער; אַ מין טרייבן פון זיך צו זיך...

דעם העכסטן שפּיץ פון צייכענען ראַפינירטע אינטעלעקטועלישקייט אין דער יידישלעכער וועלט האָט אָפּאַטאָשו דער־גרייכט אין זיינע „פוילישע וועלדער”, דערהויפּט דורכן אַריינ־דרינגען אין קאָצקערס קאָמפּליצירטער פנימיות. אינעם קאַפּיטל „ווען מען וואָלט כאָטש זיכער געווען...” וואַקסט דער קאָצקער אויס אין אַ הויכע פּערזענלעכקייט, וואָס איז מיט אַלעמען צע־קריגט. ער ראַנגלט זיך מיטן עולם חסידים, מיט דער נאָענטס־טער סביבה, מיט דער גאָט־אידייע און לסוף — אויב נישט לכתחילה — מיט  ז י ך  אַ ל י י ן.

ווען אָפּאַטאָשו שילדערט דעם גייסטיקן פיבער פון ר׳ מענ־דעלע קאָצקער, זיין שליידערן זיך אויף רעכטס און לינקס, זיינע אַפגרונט־טיפע באַטראַכטונגען וועגן פּראָבלעם פון שכר ועונש, זיינע פּאַרדויקלט-לומדישע שמועסן, וואָס ער פירט מיט ר׳ איט־שע מקובל, לעבט דער לייענער דאָס אַלץ טיף איבער. ער זעט איבער זיך די שווערע וואָלקנס, וואָס שפּרייטן זיך פון ר׳ מענ־דעלעס מרה־שחורהדיקע רעיונות. מ׳טרעט במחשבה אַריבער די טעווועלעך פון „ראָמאַן” און מ׳באַהעפט זיך מיט דער ווירק־לעכקייט. דעם רבינס הויף איז פאַר אים נישט קיין פרעמדע חתונה; ער איז דאָרט אויסגעבונדן מיט יעדן ווינקל, ער שפּילט זיך ממש מיט זיינע הויף־פיגורן.

יאָ, איינער פון י. אָפּאַטאָשוס הויפּטשטריכן איז ס׳אָפּטע באַלאַנסירן צווישן מגושמדיקער וואָכעדיקייט און עטערישער דערהויבנקייט, צווישן רויען נאַטוראַליזם און געאיידלטן ראָ־מאַנטיזם, צווישן פינצטערע עמי הארצים און ראַפינירטע לומדי תורה: אין ביידע ספערעס פילט זיך אָפּאַטאָשו באַגלייך היימיש.

ס׳וואָלט אָבער געווען אַ פאַרזען צו מיינען, אַז אָפּאַטאָשוס נאַטוראַליסטישע טעמאַטיק איז נוגע אויסשליסלעך דעם פוילישן באָדן. אויך אין אַמעריקע האָט זיך אָפּאַטאָשו פאַרנו־מען צו שילדערן ס׳לעבן פון די הויכוויקסיקע און ברייטביינ־קע אונטערוועלט־פאַרשוינען, וואָס זענען זייער ווייט פון חסי־דות און אוודאי ווייט פון לומדות.

אויך אין אַמעריקע, אין דער סביבה פון די אונטערוועלט־

פֿאַרשווינען, וואָס די געזעלשאַפֿט האָט אויסגעשפּיגן, פֿילט זיך אָפּאַטאָשו שרייבעריש גאָר היימיש.

ווי שרייבעריש אויסגעקאָכט איז ער אין דער סביבה פֿון דער אַמעריקאַנער אונטערוועלט. ווי פֿריי און צומאָל נאַטוראַליסטיש צייכנט ער די פֿיגורן פֿון געפֿאַלענע פֿרויען, לילי און ראָזאַ, און די נישט איבעריק זויבערע „פֿאַרמיטלער", אייב און הוזה, וואָס האַלטן אויף אַ „היים" פֿאַר פֿאַרפֿירטע פֿרויען. אַ קנוילּיק געפֿלעכט פֿון טעמפּעראַמענטן, אימפּולסן, פֿאַרבאָטענע ליבעס, אַפּיעקונעס, פֿאַראַט, אינטריגעס, פֿאַרפֿירענישן א. ד. גל.

דאָס איז אויך נוגע די דערציילונגען „אין סאַלון", „משה ליגנער", „מאָרים און זיין זון פֿיליפּ" א. אַנד.

סוף פּסוק — אין אָפּאַטאָשוס שאַפֿן קומט בולט צום אויסדרוק דער שטריך פֿון ק ע ג נ ז ע צ ל ע כ ק י י ט. מיט אַ גלייכער מאָס טעמאַטישער פֿאַראינטערעסירטקייט און קינסטלערישער סבלנות פֿירט ער אַרויס פֿיגורן, וואָס געהערן צו באַשיימפּערלעך קאָנטראַסטישע סביבות. איז דאָס דורכויס נישט קיין צופֿאַל, ווייל אין אָפּאַטאָשוס וועזן וואָרצלט דער שרייבערישער באַגער זיי אַרויסצוברענגען אויף דער ליכטשיין, נאָכגיין זייערע לעבנסטריט און קאָנפֿראָנטירן זייערע האַנדלונגען. ער גיט זיך אפֿשר אַליין נישט אָפּ קיין חשבון דערוועגן, אַז עפּעס אין אים זוכט דעם סינטעז צווישן שווימיקער אימפּולסיווקייט און ראַפֿינירטער אינטעלעקטועלישקייט. אָבער אומעטום זוכט ער פּיטינע און הויכמענטשלעכע, דערהויבטע אין דער געטאַדלטער וועלט פֿון פּראָסטאַקעס.

סימבאָליש פֿאַרן צונויפֿגיסן זיך פֿון אָט־די צוויי ספֿערעס איז אָפּאַטאָשוס אַנעקדאָטישע סקיצע „תּיקון־חצות". ס׳דערציילט זיך ווי אַזוי שמחה בעל עגלה איז אין אַ געדיכט־פֿינצטערער נאַכט שטאַרק באַאומרואיקט געוואָרן פֿון אַ יאָמערלעך געוויין, וואָס האָט זיך געטראָגן פֿון מלאַווער רבס דירה. ער איז מיט שרעק גיך אַריין אין בית־דין־שטוב און דאָרט געטראָפֿן דעם רב זיצן אויף דער פֿאָדלאָגע אָפּריכטן „חצות". דער בעל עגלה האָט געשטוינט, נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פֿאָר. דער רב האָט אים געדולדיק אויפֿגעקלערט דעם אייגנטלעכן זינען פֿון „תּיקון־חצות". שמחה האָט זיך שטאַרק איבערגענומען מיטן אומגליק פֿון חורבן בית המקדש, מיטגעוויינט מיטן רב און מיטגעשטאַמלט די אומפֿאַרשטענדלעכע קלאָגווערטער.

ס'האָט זיך אַריינגעפּרעסט אַ חורבן־שטימונג, וואָס האָט פּסיכיש פּאַראַייניקט דעם רויען בעל עגלה מיטן גאונישן רב. די געמיינזאַמע קלאָגאויסלאָדונג האָט דערפירט צו אַ געמיינ־זאַמען „לחיים"; ביידע האָבן זיך פאַרגעסן. דער בעל עגלה פאַרבינדט זיינע פּערזענלעכע צרות מיט די צרות פון כלל. ער פלעכט צונויף דעם פּאַטאַליזם פון פאָלק מיטן ביטערן גאַנג פון אייגענעם גורל און ס'ווערט אים לייכטער, ווען ער ביטערט זיך אויס ס'האַרץ פאַרן רב.

„און ווי ביידע האָבן אויסגעטרונקען, האָט שמחה אויפ־סניי אָנגעגאָסן. נאָכן דריטן גלעזל האָט דער מלאָווער רב, שוין אַן אויפגערוימטער, מיט אַ לומדישן שמייכל אין די קלוגע אויגן, אַ שאַר געטאָן ס'גלעזל פון זיך:

— געננוג, שמחה, גענוג.

— ס'בית המקדש איז חרוב... גאָט האָט אָנגעשיקט אַ קללה אויף מיין הויז... אין צוויי וואָכן זענען ביי מיר געפאַלן צוויי פערד און די בעסטע... גאָט וויל מיך מאַכן פאַר אויס קאַפּעלוש־מאַכער — — — — — — ס'בית המקדש איז חרוב, שמחה בעל עגלה איז געבליבן מיטן בייטשל, אויס עושר, אויס מחותן מיט גאָט.

— נו, נו, שמחה — האָט דער רב צוגעפּירט דעם בעל עגלה צו דער סאָפקע, וואָס איז געשטאַנען אין בית־דין־שטוב, — ווי וועסטו גיין אין אַזאַ רעגן אַ היים? שלאָף שוין איבער די נאַכט, שמחה, — האָט דער רב אויף אים אַרויפגעלייגט אַ פּאַלטן, — אַ גוטע נאַכט".

ס'איז געווען אַן אידייאישער טרעף־פּונקט פון עם הארץ מיטן למדן, צוויי באַזונדערע וועלטן האָבן זיך באַרירט און גע־שלאָסן שלום צווישן זיך. ס'דוכט זיך, ווי אָפּאַטאָשו שפּרייט איבער זיי פּאַטערלעך פאַנאַנדער זיינע הענט, באַשענקט דעם פאַרהאַרטעוועטן פאָלקס־מענטש מיט ל י ב ע און דעם פאַר־איידלטן תלמיד־חכם — מיט ד ר ך - א ר ץ.

ג.

„אַ טאָג אין רעגנסבורג" —

פירט אָפּאַטאָשו אונדזער בליק קריק אין אַמאָליקן אַשכנז; לעבט בילדעריש אויף אַן אָפּגעהילכטע צייט אין יידישלעכן דייטשלאַנד, פּראָפּט אויף די איינגעשפּיכלטע לאָגלען און ס'דערטראָגט זיך צו אונדז דער געווירצטער אַראָמאַט פון די אָפּגעווישטע געאיידלטע קהילות אין רעגנסבורג, ווירמייזע,

קעלן און מאַיניץ. קאָן אונדזער איינער אוודאי נישט בלייבן גלייכגילטיק לגבי דעם אויפבליק פון אויסגעהויכטן יידישן לעבנסשטייגער אין מיטל־און מערב־איראָפּע. איז דאָך דאָרט געשטאַנען ס׳וויגעלע פון אונדזער פּויליש יידישקייט. האָבן מיר דאָך געשיקט אונדזערע שאַרפע בחורים קיין אשכנז, זיי זאָלן אין די דאָרטיקע ישיבות זיך אָנזאַפּן מיט תורה, און ווען ס׳איז אין אַלט־יידישן פּוילן אונדז עפּעס געוואָרן קשה, האָבן מיר געשיקט באַרופענע שלוחים צו די אשכנזער תלמידי חכ־מים, זיי זאָלן אונדז געבן באשייד. האָבן מיר דאָך אין דער גליי־כער ליניע אין מדינת פּוילן אַמאָל איבערגענומען די גייסטיקע ירושה פון געפלעכטן צרפת־אשכנז.

און ווען אָפּאַטאָשו איז צוגעטרעטן געבן אַ תיקון דעם פאַרלוירענעם יידישן טאָג אין רעגנסבורג, פירט ער אונדז קודם כל אין שול אַריין:

„די שווערע שול־טירן, געשמידט און געהאַמערט מיט איי־זערנע מגןֿ־דודים זענען געשטאַנען ברייט צעעפנט. פון דער טיר האָט אַרויסגעשאָטנט אַ קילקייט, זיך צעלייגט איבערן געפלאַס־טערטן אַריינגאַנג, ווו טויבן האָבן אַרומגעשפּאַצירט, זיך גע־וויגט אויף דינע, רויטע פיסלעך, ג ע ט ע ר ק ל ט.

אויפן באַלעמער איז געשטאַנען דער אַלטער יעקיל, וואָס האָט שוין געהאַט איבערגעגעבן דאָס שמשות דעם זון זיינעם. דאָס מאַטע פּנים געגרונצלט און איינגעפאַלן פון אַלטקייט. ס׳ווייסע בערדל, געקניפּט און געקאָלטנט. האָט זיך געריסן צו די פּאות, צו די ברעמען, גלייך מען וואָלט ס׳פּנים אַרומגענער־מען מיט אַ קרענצל קנאָבל".

פונוואַנען האָט אָפּאַטאָשו גענומען די רעגנסבורג־וויזיע? ווי אַזוי און ווען ער האָט זי פאַרגעאַנט? — ער האָט זי גענומען פון זיין פּוילישער גרסא דינקותא.

די רעגנסבורגער שול איז דאָך געבויט געוואָרן לויט דעם מוסטער פון דער וואָרמסער שול, וואָס איז אַ טיפּישע ראָמאַ־נעסקע געבײדע מיט אַ צוויי שיף־פּלאַן. און לויט זייער פּלאַן זענען געבויט געוואָרן די שולן אין פּוילן. איז דען נישט די אַל־טע שול אויפן קראָקאָווער קוזמאַרק אַ קאָפּיע פון דער רעגנס־בורגער שול? ענדלעך זענען די רמ"א־שול אין קראקע, מהרש"ל־שול אין לובלין און די ט"ז־שול אין לעמבערג.

אָפּאַטאָשו שרייבט וועגן יידישן לעבן אין פאַרצייטישן

אשכנז און פון צווישן די שורות ברומט אַרויס דער פּוילישער ניגון. יאָ, די שמועסן צווישן די רעגנסבורגער יידן זענען אַדורכ־געפלאָכטן מיט יידיש־דייטשישע ווערטער: „בוילעפּט" „וואַקע־רער" „קעסטליכע" „ניקס" „גרייפן" „פּאַנץ", „אייטל" א. ד. גל. אָבער דער אַלגעמיינער חיתוך הדיבור איז אַ היימיש־פּוילישער. און אפילו די אשכנזישע ווערטער זענען גענומען פון די טייטש־חומשים, וואָס אונדזערע באָבעס האָבן פרומלעך רעציטירט שבת נאָכן עסן.

„פון אַלע זייטן שול־הויף האָבן זיך גענומען אַרויסרוקן בעטלערס — הינקענדיקע, לאָמע, בלינדע, אַ הויקער פון פאָרנט, אַ פּוקל פון הינטן. מען איז געקומען מיט ווייבער, מיט קינדער, מיט געפּעק. מען האָט געקלאַפּט מיט האָלצפיס, מיט שטעקנס, מיט קרימפּלהעלצער, זיך צעלייגט איבער שול־הויף, ווי אַ גע־שווילעכץ, און יונג און אַלט האָבן געגודערט".

איז דאָס נישט אונדזערס אַ געטריי הקדש־בילד פאַר אַן אָרים־מאָלצייט אויף אַ גבירישער חתונה?

„דער הייסער נאָכמיטאָג האָט געפּרייכט מיט פּליט און פּויק. די בעטלער, וואָס האָבן געהאַט באַגעגנט די לצים מיט קללות און חרמות, זענען איינציקווייז שטום געוואָרן. זיי האָבן אַפילו פאַרגעסן, אַז אין טאַנץ־שטוב וואַרט אויף זיי אַ פליישיק מאָלצייט. מען האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך פּ׳געפּעק, זיך צע־לייגט אַרום די שול־ווענט, אַרום די טרעפּלעך, אַרום דעם קילן, שטיינערנעם ברונעם, וווּ מען האָט איבערגעשראָקן אַ מחנה, שפּערלס, וואָס האָבן זיך געבאָדן אין זאַמד".

דאָס איז אונדזערס אַן אַלט-באַקאַנט בילד, וואָס האָט גע־וואַנדערט פון קעלן קיין ווירמייזע, פון ווירמייזע קיין רעגנס־בורג, פון רעגנסבורג קיין פּראַג, פון פּראַג קיין לובלין. האָט דאָס בילד געזען מענדעלע אין „פישקע דעם קרומען", י. מ. וויסנבערג אין זיין „קריינדעלע", ה. לייוויק אין זיין „גולם" (אין פינפער־טורם) און ביי אָפּאַטאָשו באַקומט עס אַ נייעם גיל־גול, געזען דורך דעם אַספּעקט פון געשיכטע און פאַרפיקסירט דורך היימישע עמאָציעס.

ס׳זעלביקע שווימט קאַפּויער אין זיין מזרח־דערציילונג: „פונדקא רטיבתא". אויך דאָ פלעכטן זיך די שטימונגען גע־שעפּט פון חדר אין פּוילן, ווו מ׳האָט צעזונגענערהייט געלערנט די וווּנדערפולע תנ"ך־מעשיות, וואָס האָבן געבלענדעט מיט זייי־

ער אָריענטאַלישער פאַרביקייט. די מזרח־מעשיות האָבן דעמאָלט אין חדרדיקער דעמפּיקייט אַריינגעבראַכט אַ היילנדיקע לופטיקייט, וואָס האָט געוועקט די פאַנטאַזיע. מיט אָט־דער הדר־נאַאיווקייט שטעקט אונדז אויך אָן ס׳מזרח-ליכט, וואָס פליצט פון אָפּאַטאָשוס „גרינעם גאַסטהויז״.

די אויסגערעכנטע עלעמענטן פון י. אָפּאַטאָשוס שאַפן זענען אויף אַ סינטעטיש־געפלאָכטענעם שטייגער איבערגעטראָגן געוואָרן אין זיין היסטאָריזאָפישן ראָמאַן „דער לעצטער אויפשטאַנד״ (ר׳ עקיבא). דאָס איז אַ סך־הכל־ראָמאַן אין וועלכן עס ווערט אויף דער קאַנווע פון געשיכטע אַריינגעהאָפטן כמעט אַלץ, מיט וואָס י. אָפּאַטאָשו האָט זיך באַדינט במשך פון דרייסיק יאָר.

ד.

ר׳ עקיבא —

עס איז פאַרשטענדלעך, אַז באַלד ביים „ערשטן״ קינסטלערישן בליק האָט אַזאַ געשטאַלט ווי ר׳ עקיבא געמוזט האַרצן די שרייבערישע פאַנטאַזיע פון י. אָפּאַטאָשו. עס האָט אים קודם־כל געצוויבערט ר׳ עקיבאס בולטער קאָנטראַסט־געפלעכט: *יושב אוהל* און *רעוואָלוציאָנער*. ער איז פאַר זיין צייט מסתמא געווען דער איינציקער גרויסער תנא, וואָס האָט בפועל־ממש געטראָגן אין איין האַנט די שווערד, און אין דער אַנדערער האַנט דעם ספר (סיפאָ וספרא). דער גרעסטער תנא פון יענע טעג, דער קינציקער שפינער פון הלכות־געוועב, איז באַגלייך געווען דער פּלאַמיקער אָרגאַניזאַטאָר פון פּאָליטישן אויפשטאַנד קעגן די רוימער. אָט־דער גרויסער אינטעלעקטועלער האָט זיך אַקטיוו פאַרבונדן מיטן גיבור בר־כוכבא, מיט אָט־דעם „פּראָסטאַק״, דעם היסטאָרישן יורש פון די אַמאָל־געטאַדלטע און דורך די תלמידי חכמים פאַרשריגענע בריונים.

אָבער אַ חוץ די באַשיימפּערלעכע *געזעלשאַפטלעכע* קאָנטראַסטן, זענען ביי ר׳ עקיבאן אויך קאָנטיק *פּערזענלעכע* קאָנטראַסטן. ער איז ווייט נישט פּשיטיש גראָדווייריק, ער איז אַ צונויפשטעל פון בפירושע פּערזענלעכע קעגנזאַצן.

וועגן אים זאָגט די משנה: „משמת ר׳ עקיבא בטל כבוד התורה״, ד. ה., אַז ער האָט פאַר זיין צייט דערגרייכט דעם שפּיץ פון דער תורה־ווייסנשאַפט און איז געווען דער פירנדיקער תנא. אָבער וועגן אים דערציילט זיך אויך, אַז ער איז נישט

געוועז קיין בן־טובים, נישט געהאַט קיין זכות אבות, געווען פון פראָסטן אָפּשטאַם און ביז זיינע שפּעט־ריַיפע יאָרן געווען אַן עם הארץ און לויט זיין פּרנסה גאָר — אַ פּאַסטוך, וואָס האָט באַרוועסערהייט געטריבן בהמות איבערן פעלד. זיין עם האר־צות איז נישט געווען קיין צופעליקע, מחמת ער האָט גע־שטאַמט פון אָרעמע עלטערן און דעריבער נישט געהאַט קיין צוטריט צו די תורה־קוואַלן. נייז, ער איז געווען אַן עם הארץ אין בלוט און פאַרמאָגט אַ פולן עם הארצישן לעבנסבליק, מיט דער פאַרביסנסטער שנאה צום למדן, צום תלמיד חכם. ער אַליין האָט שפּעטער וועגן זיך דערציילט, אַז „כשהייתי עם־הארץ" — בעת ער איז נאָך געווען אומוויסנד, האָט ער נישט איינמאָל געטראַכט, אַז ווען עס געלונגט אים אַ שטייגער ערגעץ אין אַ ווינקל צו פאַקן אַ תלמיד חכם, וואָלט ער זיך מיט אים אָפּגע־רעכנט אויף אַ גאָר באַזונדערן אופן. ער וואָלט אים ממש צע־ביסן ווי אַן אייזל (אנשכנו כחמור). ווען די תלמידים האָבן אים געפרעגט: היתכן, רבי וואָס עפּעס ווי אַן אייזל און נישט ווי אַ הונט? האָט ר׳ עקיבא זיי געענטפערט: ווען אַן אייזל בייסט, ברעכט ער דערביי איבער די ביינער (זה נושך ושובר עצם), ווען אַ הונט בייסט, ברעכט ער נישט איבער די ביינער (ואינו שובר עצם). אַזוי ווייט איז געווען זיין שנאה צום תלמיד חכם (פּסחים מ״ט).

אין אָט־דער ווונדערפולער פיגור האָבן זיך שפּעטער האַר־מאָניש צונויפגעגאָסן ס׳ אומ מיט לבאַר־אימפּול־סיווע און ראַפינירט־אינטעלעקטועלע.

לויט דעם אַלגעמיינעם נאָמען פון ראָמאַן — „דער לעצטער אויפשטאַנד" זאָל עס הייסן, אַז אָפּאַטאַשו זעט ר׳ עקיבאַן נישט ספּעציעל אין דער ספערע פון דער ישיבה אין בני ברק, נאָר דערהויפּט אין ליכט פון דער גרויסער פּאָליטישער אַקציע, אין וועלכער ר׳ עקיבא האָט זיך פאַרוועבט מיט אַלע פעדעמער פון זיין נשמה. אָבער דאָ גייט שוין אָפּאַטאָשון ווידער נאָך דער שאָטן פון זיין פּוילישער יידישקייט; ס׳פאַרפאָלגט אים די גרסאַ־דינקותא־וויזיע. ביים שילדערן די גרויסע היסטאָרישע דראַמע, גייט אים נאָך דער ווידערקול פון די פּוילישע שטעטלעך. די געפאַלענע מויערן פון יריחו פלעכטן זיך אין זיין פאַנטאַזיע מיט דעם איינגעבראָכענעם מויער־פּאַרקן אַרום מלאַוועֶר בית־עלמן. מ׳קאָן זיך נישט באַפרייען פון איינדרוק, אַז דאָ קומט פאַר אַ

צײַט־פֿאַרשיבונג. זעענען מיר דאָך עדות געװען, װי אַזױ מאַקס בראָד און ליאָן פֿױכטװאַנגער האָבן זיך באַמיט צו פֿאַרשטײן די קעגנװאַרט דורך דעם ליכט פֿון דער פֿאַרגאַנגענקײט. די אײראָפּײאישע היסטאָריש־קינסטלערישע ליטעראַטור, ערב דער צװײטער װעלט־מלחמה, האָט בדרך־כּלל נישט געפֿונען דעם אומפּיטלבאַרן װעג צו דער הײנטצײטיקײט, נאָר על־פּי־רוב געקומען צו איר דורך היסטאָריש־מיסטישע און גראָטעסק־שפּילערישע אומװעגן. פֿאַר אָט־דעם דיסטאַנס־נוסח איז באַשאַפֿן געװאָרן אַ באַצײכענונג — ניגאַסקאָפּיאַ, ד. ה. די טענדענץ צו קוקן אױף דער פֿאַרגאַנגענקײט און צוקונפֿט דורך דער פּריזמע פֿון דער קעגנװאַרט. די קעגנװאַרט־באַשטרעבונגען װערן איבערגעװאָרפֿן אױפֿן עקראַן פֿון עבר.

ביים ערשטן צורירן זיך צום בוך איז קענטיק אָפּאַטאָשוס אויספּירלעכע ערודיציע. ער באַהערשט געלייפֿיק היסטאָרישע געמען פֿון לענדער, שטעט, טייכן, דערפֿער און פּערזענלעכקייטן. ער אָפּערירט מייסטערהאַפֿטיק מיט היסטאָרישע געשעענישן און פֿלעכט מיט זיי קינציק אַדורך די ראָמאַן־אַקציע. מיט גרויס בקיאות אילוסטרירט ער דעם ראָמאַן מיט תורה. מיר פֿאַרקערן דאָך אין דער סביבה, פֿון ר׳ עקיבא, בן־עזאי, יהושע בן חנניה, ר׳ ישמעאל און אַנדערע תנאים. דער יצר־הרע צו גלאַנצן מיט ערודיציע פֿאַרפֿירט נישט איינמאָל דעם אויטאָר און אפֿשר נישט ווילנדיק באַלעסטיקט ער אַביסל דערמיט דעם לייענער. שוין אין די ערשטע קאַפּיטלעך פֿירט אונדז אָפּאַטאָשו אַריין אין גייסט און אַראָמאַט פֿון יענער צייט; ער שילדערט בילדלעך דעם קלימאַט, לעבנסשטייגער און לעבנסבליקן פֿון יענעם דור. ס׳איז באַשיימפּערלעך, אַז אָפּאַטאָשו צייכנט די לאַנדשאַפֿט, לעבנס־באַדינגונגען און פּראָבלעמען מיט מעגלעכער היסטאָרישער טרייִשאַפֿט. אָבער נישט געקוקט דערויף, וואָס עס רעדט זיך וועגן יריחו, טבריה און חברון, וועגן מילגרוימביימער, טייטלביימער און בשמים־גערטנער, וועגן סאַנדאַלן, טוניקעס און טאָגעס, פֿאַרפֿאָלגט אונדז כּסדר ס׳געפֿיל, אַז אין דער אמתן זענען מיר גאָר בשעת מעשה אין די פּוילישע וועלדער און פּוילישע שטעטלעך. אָט האָבן מיר אַ נאַטור־בילד:

„אויבן־אויף איז אין דער יריחוער פּראָווינץ, אָדער, ווי יידן האָבן עס גערופֿן: „מעמד יריחו" געווען רואיק. יריחו האָט נישט געוווּסט פֿון קיין ווינטער. פֿון באַרג און טאָל האָט זיך

אין טבת שוין געריכן דער פרילינג. טייטלביימער־וועלדלעך, מילגרוים־ביימער־וועלדלעך האָבן שוין געבליט. אַרום און אַרום — באַלזאַם ריחות. די ריחות האָבן זיך געטראָגן פון די בשמים־גערטנער, וואָס זענען געלעגן אַרום די יריחו־וואַסערן. ס׳איז גענוג געווען אַ הויב צו טאָן דעם קאָפּ און די נאָז־פליגל האָבן גענומען ציטערן. די לופט האָט געאָטעמט מיט נעגלעך, מיט צימערינג, מיט נרד, מיט רויזן. די לופט בלו ווי תכלת, איז געווען אַזוי דורכזיכטיק, אַז שטעט, דערפער, וואָס זענען געליגן מיילן ווייט, האָבן אויסגעזען נאָענט. די לופט האָט אויפגעכאַפּט די ווייטסטע קלאַנגען, זיי געכפּלט, זיי געקייקלט אַריבער די יריחו־טאָלן, ווי די קלאַנגען וואָלטן נישט געקומען פון דער ווייט, נאָר פון שכנישע פעלדער און גערטנער. און פון דער מדבר יהודה האָט דער יריחו־טאָל, אַרומגערינגלט מיט בערג, אויסגעזען ווי אַ ריזיקער אַמפיטעאַטער".

הגם דאָס איז אַ ריין באַשרייבערישער פּייזאַש אָן וועלכע ס׳איז אַנרעגנדיקע מעטאַפאָרן, איז נישט צו לייקענען, אַז אָט־די שילדערונג באַרוישט. אָבער דערביי קאָן מען זיך נישט באַפרייען פון דעם געפיל, אַז אונטער דעם יריחו־לאַנדשאַפט ריזלט עפּעס אַ היימיש־פּויליש טייכל.

אָדער:

„ערשט איצט האָט טאָבי גענומען גלעטן אַ פערד איבערן גלאַנציקן האַלדז, איבער די פינקלענדיקע ליטקעס. און אַז דאָס האָט נישט געהאָלפן, האָט ער איינגענומען דאָס פערד מיט טרוקענע פלוימען. ער האָט אים אַ שטעק געטאָן איין פלוים אין פּיסק אַריין, אַ צווייטע, און דער אָגער האָט זיך צעלאַכט, צעהירזשעט, באַשפּריצט טאָבין מיט שטיקער שוים און ווי־לעריש אַ הויב געטאָן דעם צוגעשווירענעם עק. אַרום טאָבי האָבן זיך געשפּרייט גילדענע קניידלעך און פרישע פערדישע ריחות".

ווען מ׳זאָל זיך אָפּזאָגן פון „פּאַרשווענדערישן" איינגע־מען ס׳פערד מיט געטרוקנטע פלוימען און די באַשרייבונג אָפּרייסן פון ראָמאַן־קאָנטעקסט, באַקומט זיך ווידער אַן אייגן־פּויליש בילד. מ׳האָט דעם איינדרוק, אַז דער אָגער מיט די גלאַנציקע ליטקעס און צעשוימטן פּיסק געפינט זיך ערגעץ אויף אַ מלאַווער פּאַסטווויסקאָ און לעבן אים פּאָרעט זיך שמחה בעל עגלה און נישט טאָבי.

## ה.

ערשט נישט לאַנג צוריק איז מיר אויסגעקומען צו הערן ווי אָפּאַטאָשו האָט עפנטלעך דערקלערט, אַז לויט זיין מיינונג איז דאָס שטענדיקע וווינען אין ניו־יאָרק, אין דער ריזיקער שטאָט מיט די לאַנג־לאַנגע עוועניוס, מסוגל אַריינצוהויכן אין אַ קינסטלער אַ לאַנגען אָטעם. ער האָט זיין באַגריף פון לאַנגקייט, אילוסטרירט מיט אַ זייגערל, וואָס ער האָט גראָד געהאַלטן אין האַנט: „ווען מ׳זאָל — האָט ער געזאָגט — מיט קראַפט אַ שליידער טאָן ס׳זייגערל, וועט עס זיך געשווינדט קייקלען לענג־אויס ביז קאַליפאָרניע״. דערביי האָט ער צוגעגעבן: „נאָר אין ניו־יאָרק בין איך געווען בכוח צו שרייבן מיינע „פּוילישע וועלדער״.

דער געדאַנק איז אוודאי אַ בילדערישער און לאָזט זיך בלי־ספק אָנווענדן צו די „פּוילישע וועלדער״. אין די „פּוילישע וועלדער״ איז באמת פאַראַן הייסער אָטעם, וואָס ווערט נישט אָפּגעקילט איבער דעם גאַנצן שטח פון ראָמאַן. די פּאַסירונגען וואַקסן אויס מיט אַן אָרגאַנישער נאַטירלעכקייט לויט אַן איינהייטלעכער אַנטוויקלונג. מ׳קאָן זאָגן, אַז די געשעענישן וואַקסן בעיקר אין איין דימענסיע — אין דער לענג. דאָס זעלביקע איז שוין אָבער נישט שייך צו זאָגן וועגן „לעצטן אויפשטאַנד״, דאָ וואַקסט אַלץ דערהויפּט אין דער ברייט. ס׳דערציילט זיך וועגן פאַרשידענע הייזער מיט זייערע באַזונדערע זאָרגן, וועגן פאַרשידענע משפחות מיט זייערע באַזונדערע דאַגות, וועגן פאַרשידענע מענטשן מיט זייערע באַזונדערע אַמביציעס און וועגן פאַרשידענע פאָרלעך מיט זייערע באַזונדערע ליבעס. דער „גאַנג״ פונעם ראָמאַן וואַקסט נישט אויס אין דער לענג, גיכער ווערט ער אַרומגעוואַקסן אין דער ברייט. ס׳איז דעריבער נישטאָ קיין ספּעציעלע קאָנטינואיטעט־שפּאַנונג פון די נאָך זיך פאָלגנדיקע ראָמאַן־עטאַפּן. ס׳איז מער אַטמאָספער־צייכענונג איידער סיזשעט־אויסגעצויגנקייט (נישט צו פאַרטוישן מיט צעצויגנקייט).

דער אייגנטלעכער ראָמאַן פלעכט זיך אַרום דער ערלעכער און הויכמוטיקער ליבע פון איידעלן און אידעאַליסטישן יהושע, דעם בן־יחיד פון שמעון בר קבוסה, דעם רייכן, אָנגעזעענעם און איינפלוסרייכן תושב אין יריחו, צו ציפורה, דער שוואַרצחנעוודיקער טאָכטער פון תנא ר׳ עקיבא. אין דער ריי־

כער שטוב פון די בר קבוסהם טוט זיך צוליב דעם חושך און יהושעס ליבע צו ציפורה איז אָנגעוויזן אויף מניעות, וואָס פאָדערן קרבנות. זיין שיינע און שטאָלצע מוטער, נעמי, בלאָזט זיך; זי טראָגט זיך אַרום מיט אַ יחוס־מגילה, אָנגעשריבן אויף הירשן־פּאַרמעט, אין וועלכער ס׳ווערט באַוויזן, אַז נעמי שטאַמט אין דער גלייכער ליניע פון הלל הזקן און ממילא שטאַמען זיי אַלע פון דוד המלך. און דאָ האָט — נישט פאַר קיין שום יחסן געדאַכט — איר געראָטענער און געבילדעטער זון זיך גאָר פאַרליבט אין אַ דאָרפסמיידל, דער טאָכטער פון דעם „אומיחוס־דיקן" ר׳ עקיבא, דעם „מלמד" אין בני־ברק. דער שידוך שטייט איר נישט אָן, ס׳איז אַ מעזאַליאַנס. יהושעס ליבע צו ציפורה איז אויך באַזעלטן מיט יראת הכבוד צו איר טאַטן, זיין פאַרערטן רבי ר׳ עקיבא. ער געהערט צו ר׳ עקיבאס געקליבענע תלמידים. דערצו איז ער זיין רבינס אַ חבר לדעה אין דער פּאָליטישער אָריענטאַציע אַקעגן די רוימער און אַ באַגייסטערטער אָנהענגער פון צעמענטירן אַ רעליגיעז־נאַציאָנאַל יידישקייט פריי פון פרעמדע גריכיש־לאַטייניש איינפלוסן. איז אויך דאָס געווען דערווידער די בר קבוסהם; זיי, ווי רייכע יידן, האָבן נישט געהאַלטן פון ר׳ עקיבא מיט זיינע תלמידים „מייסטנס אָרימעלייט, שלעפּערס, וואָס מישן זיך, ווו מען דאַרף נישט, וואָס נעמען גלייך איינפירן זייערע מנהגים, זייערע דינים, נישט בלויז אין דער כנישתא, נאָר טאַקע אין שטאָט אויך".

פּאַראַלעל דערמיט וויקלט זיך אַ צווייטע ליבע. פּאַפּיאַס, דער זון פון לוליאַנוס, דעם רייכסטן און אָנגעזעענסטן ייד אין קסריה, פאַרליבט זיך אין דער שיינער מרימען, דער בת־יחידה פון שמעון בר־קבוסה אין יריחו.

אמת, אַז דאָ דאַרפן זיך שוין נישט ספּעציעל קרייציקן צוויי הייזער מיט באַזונדערע מענטאַליטעטן. אדרבא, לוליאַנוס און זיין פרוי סאַבינא זענען געווען אָנגעזען אין לאַנד. אין זייער פּאַלאַץ זענען געווען אָפּטע־איינגייער מיליטערישע פירער פון סיריע און דער פּראָקוראַטאָר רופוס אַליין. לוליאַנוס האָט טאַקע זיין זון פּאַפּיאַסן געשיקט צו ר׳ עקיבא קיין בני־ברק, ער האָט אים אָבער געגעבן אַ גרינטלעכע לאַטייניש־גריכישע בילדונג. לוליאַנוסעס משפּחה האָט זיך געהאַלטן פונדערווייטנס פון די יידן אין טלית און תפילין און אָפּט באַזוכט די גוישע פאָרשטעלונגען, אין וועלכע מ׳לאַכט אָפּ פון יידן, ער האָט זיך

גופא פאַרעכנט צו די געהויבענע יידן, צו די נישט אויסגעלאַכטע. די בר־קבוסהס זענען אוודאי פּאַסיקע מחותנים, אָבער זייערע קינדער שלעפּן אויף זיך דעם שעדלעכן פּרושים־לאַסט פון יידיש־נאַציאָנאַלן המשך. פּאַפּיאָס איז אָנגעשטעקט געוואָרן פון יהושעס יידישקייט מיטן לשון ארמית, וואָס איז אין דער נאָך־חורבן־צייט ממש אַן אומגליק פאַר יידן. פּאַפּיאָס און יהושע האָבן צוזאַמען געהאָלפן עקילסן איבערזעצן די ביבל אויף גריכיש. סיי ביי די בר קבוסהס, סיי ביי די לוליאַנוסעס האָט מען „אָפיציעל" גערעדט גריכיש און נישט ארמית.

אָבער דאָ הייבט זיך אָן קרייציקן אַ דריטער ראָמאַן. טעריפערא, פּאַפּיאָסענס שוועסטער, פאַרליבט זיך אין הויכגעוויקסיקן יהושע, דעם חתן פון ציפּורה.

אין די דריי ראָמאַנען שפּיגלט זיך אָפּ סילעבן פון דער דעמאָלטדיקער יוגנט, דער האַלב־אַסימילירטער אינטעליגענץ און זייער באַציאונג צו די עלטערן. זיי ווייזן אַרויס ווידערווילן לגבי די רייכע עלטערן, וואָס האָבן זיך וואַרעם איינגעזעסן אין זייערע הייף און פּאַלאַצן, ווילן נישט טראָגן דעם עול פון דער אויסגעשפּילטער יידישקייט און ווילן אוודאי נישט דעם „משוגענעם" ווידערשטאַנד פון די באַזיגטע יידן לגבי די מעכטיקע רוימער. אפילו דעם גייסטיקן ווידערשטאַנד לגבי די רוימער פאַררעכענען די מיושובדיקע עלטערן אויפן חשבון פון די צעקאָכטע געבליטן ביי דער יוגנט און דעם „פאַרסמטן" איינפלוס פון ר׳ עקיבא, וואָס איז מיט זיינע רמ"ח אברים אַריינגעטאָן אין יידישקייט פון מצוות מעשיות, אַז ער זעט נישט אַרום זיך דיווירקלעכקייט און ברייטע וועלט אַרום... ער און זיין פּרושים־סביבה זענען שולדיק, וואָס אין יהודה איז אומרואיק, יהודה בונטעוועט זיך.

צו אַ קורצשלוס צווישן דער אויפגעברויזטער יוגנט און געזעצטע עלטערן דערגייט עס אויף אַ גאַלאָ־פאָרשטעלונג אין קסריה. אין פולגעפּאַקטן טעאַטער געפינען זיך אויך די טאַטעס פון דער שטאָט, די גדולי־העיר, און די פאָרשטייער פון דער רוימישער מאַכט. דער געצנדינערישער ליץ טריפאָן גייט אָפּחוזקן פון דער יידישער „שמיטה". אנשטאַט אַ קאָלירטע טאָגע טראָגט ער אויף די פּלייצעס אַ טלית מיט פאַרצערעוועטע קריעות; ער פירט אַרויס אויף דער סצענע אַן אייזל הויט און ביין. אין אַ צעדרייטן יידישן גריכיש פרעגט דער ליץ דעם

אייזל: „וואָס ביסטו אַזוי דאַר, ברודער מיינער?" און דער אויסגעדאַרטער אייזל דאַרף ענטפערן, אַז ס'איז „שמיטה" און יידן עסן אויף די שטעכעלקעס. די ווילדערצויגענע יידישע יוגנטלייט האָבן געמאַכט אַ וויסטן סקאַנדאַל, נישט דערלויבט צו חוזקן פון יידן, פאַרטריבן דעם לץ פון דער סצענע. דער סקאַנדאַל האָט פאַרטריבן פון טעאַטער די גדולי העיר, צווישן זיי אויך לוליאַנוסן מיט סאַבינע. זיי זענען געווען אויפגעבראַכט פון פּאַפּיאסעס אָנטייל אין מאַכן דעם סקאַנדאַל. מעגעלעך, אַז דער פּראָקוראַטאָר וועט זיך דערפון דערוויסן, אַז לוליאַנוסעס זון געפינט זיך צווישן בונטאָווטשיקעס... יאָ, אַ זון אַ סורר ומורה... די עלטערן און די „הייסגעבאָרענע" יוגנט געפינען זיך אויף צוויי באַזונדערע גייסטיקע פּלאַנעטן; זיי קענען זיך נישט פאַרשטיין.

„פּאַפּיאסן האָט לוליאַנוס אינגאַנצן נישט געקאָנט באַנעמען. ער וואָלט נאָך פאַרשטאַנען, ווען דער זון איז אַ הולטאַי, ווען ער האַלט זיך אויס אַ זינגערין, צי אַ טענצערין, ווי חרסומס בן־חיוד, וואָס פאַרברענגט גאַנצע נעכט אינעם רייכן באָרדעל „דריי פאַוועס". פּאַפּיאס איז ווייט דערפון. מען זעט אים נישט אין קיין טרינק־שטוב, פון באָרדעלן איז דאָך אָפּגערעדט. דער יונג איז אַן אמתער נזיר. איז דאָך גוט — טויג עס אויך נישט. דער יונג האָט זיך אַריינגענומען אַ משוגעת אין קאָפּ, און ער איז נישט איינער אַליין. דאָס איז גאַנץ יהודה. דאָס זענען אַלע פּרושים. זיי ווילן זיך פאַרמעסטן מיט רוים. און דאָס קאָן פירן צו אַ צווייטן חורבן, אַז ס'זאָל פון יידן קיין זכר נישט בלייבן".

איז קלאָר, אַז בעת אַן אַנטשיידונגס-עפּאָכע, ווען ס'פאָדערן זיך קרבנות ביי אַ נישט זיכערן אויסבליק פון נצחון, מוז קומען צו אַ „ויתרוצצו" צווישן דעם ניכטערנעם איינגעזעסענעם עלעמענט און דעם יונגען, שטאָלצן, אימפּולסיוון עלעמענט, וואָס לאָזט זיך נישט אַראָפּנידערן פון דער ווערדע און איז גרייט צו קעמפן פאַר איר.

ס'איז מיר נישט אינגאַנצן קלאָר צי ביים שילדערן ס'לעבן פון דער יידישער א. ג. אַריסטאָקראַטישער יוגנט, אינטעליגענץ, וואָס האָט אַ חוזק יידישקייט מיט דער פאָלקייט געגאָסן פון דער גריכיש־רוימישער קולטור, שטיצט זיך אָפּאַטאָשו אויף היסטאָרישע מאַטעריאַלן און אויף ווי ווייט ער העלפט זיך אַרויס מיט קינסטלערישער פאַנטאַזיע. איינס איז אָבער זיכער, אַז ער

אַנטפּלעקט אַ פּלאַסטיש בילד פון אַ באַדייטנדיק שטיק לעבן פון דער ערב־אויפשטאַנד־צייט, פון אַ סביבה, וואָס איז עד־היום גע־בליבן אינגאַנצן אומבאַקאַנט. און טוען טוט ער דאָס מיט טיפער אַריינדרינגונג, גענויער קענטשאַפט פון די היסטאָרישע פאַרהעל־טענישן, קולטור־שטרעמונגען און אויסגעצייכנטער באַהאַוונט־קייט אין דער דעמאָלטדיקער יידישער און יידיש-גריכישער לי־טעראַטור.

ס'איז גיך צו מערקן, אַז די קולטור־פראַגעס און אויפשטאַנד־ענינים פון דער בר־כוכבא־צייט זענען אייגנטלעך אונדזערע פּראָ־בלעמען, ד. ה. פּראָבלעמען פון אונדזערע היינטיקע טעג. מ'דאַרף נאָר איבערשטעלן די נעמען און דאַטעס. ס'שפּירט זיך באַלד אַרויס דער ניגאָסקאָפּיאַ־צוגאַנג, דאָס איבערוואַרפן אונדזערע היינטיקע באַשטרעבונגען אויפן עקראַן פון עבר.

כ'האָב שוין דערמאָנט, אַז אָפּאַטאָשוס באַגער איבערצוגעבן דערהויפּט די לעבנס־ספערע פון יענער צייט, האָט גורם געווען, אַז דער ראָמאַן איז נישט געבויט אין דער לענג, נאָר אין דער ברייט. דאָס איז נישט קאָנטינואיטעט, נאָר פּלאַסטישער קווער־שניט. אַזוי אַרום איז מעגלעך געוואָרן, אַז אַ טייל קאַפּיטלעך פון ראָמאַן זענען פאַר זיך גענומען פיינע פאַרקיילעכדיקטע נאָוועלן אָן אָרגאַנישער שייכות צו דער הויפּט־טענדענץ פון ראָמאַן. זיי קאָנען ווי קרעלן אַרויסגעצויגן ווערן אויף איין בייטשל, אָבער יעדע קרעל פאַר זיך האָט אַן אייגענעם קאָליר.

לדוגמא איז כדאי צו דערמאָנען ס'קאַפּיטל „תנחום עם הארץ”. דאָס איז אַן אין זיך אָפּגעשלאָסענע נאָוועלע, וואָס רייצט מיט איר אָריענטאַלישן אַראָמאַט און דערנענטערט מיט איר היימישן שטייגער־שילדערונג. אָט־דאָס קאַפּיטל־נאָוועלע לעבט זיך אויס אין אייגענער גאַנצקייט און איז לויטן סיו־זשעט דירעקט נישט פאַרבונדן מיט דער צענטראַלער טעמע. גיכער איז עס אַ פּלאַסטישע שטייגער־אילוסטראַציע צום הינ־טערגרונט פון ראָמאַן, אָבער אין עצם איז עס אַ חי נושא את עצמו.

ס'צענטראַל־געשטאַלט פון ראָמאַן איז די טיטול־פיגור פון בוך — ר י ע ק י ב א. צו אים ציען זיך אַלע זעעוודיקע און פאַרהוילענע סיוזשעט־פעדעם; אַלע זעאונגען, טואונגען און באַגערן קרייזן זיך אַרום דעם מיטלפּונקט — ר' עקיבא. דאָס בוך עפנט זיך דערמיט, וואָס ירחו ריכט זיך אויף ר' עקיבאס

אָנקומען אין שטאָט אַריין. אַ גרויסער עולם פּראָסטע יידן, די גדולי יריחו און תלמידי חכמים פון יהודה און גליל זענען געקומען אים מקבל־פּנים זיין, אָפּגעבן כבוד דעם גרויסן תנא. אָבער בן־עזאי, ר׳ עקיבאס יינגער חבר און תלמיד, נעמט זיך קנאַפּ איבער מיט דעם אָפּגעגעבענעם כבוד. ער זאָגט, אַז „איך פאַרגלייך מיט אונדזער „קרח", מיט ר׳ עקיבאן, האָבן אַלע חכמי ישראל ביי מיר אַזאַ ווערט, ווי ס׳שאָלעכץ פון קנאָבל".

ענדלעך איז ר׳ עקיבא אָנגעקומען. זענען מיר אוודאי נייגעריק צו וויסן, ווי אַזוי זעט עס אויס ר׳ עקיבא. אָבער דער אויטאָר דערציילט עס נישט. ער דערציילט גענוי, ווי עס האָט אויסגעזען זיין באַגלייטער שמעון בן־עזאי, זיין וווקס, האָר, פּנים, באָרד, אויגן. אָבער קיין איין וואָרט נישט וועגן ר׳ עקיבאַס געשטאַלט. עס רעדט זיך כסדר אַרום און אַרום וועגן ר׳ עקיבא, מ׳זאָגט נאָך זיינע תורות, מ׳דערציילט זיך איבער וועגן זיין קאַמף מיט די „מינים", אָבער מיר זעען עפּעס נישט אים אַליין, זיין געשטאַלט, זיין פּנים. אַקוראַט ווי אָפּאַטאָשו וואָלט אים גיכער געוואָלט אויסקלינגען איידער אויסמאָלן. ערשט שפּעטער הערן מיר פון בן־עזאיס מויל וועגן ר׳ עקיבאס פייערדיקן שמועס מיט די „מינים" און דערביי באַמערקט בן־עזאי (נישט דער אויטאָר):

„ווי דער „מין" האָט אָפּגערעדט, האָט ר׳ עקיבא זיך אַ ריס געטאָן פון צווישן עולם. די באָרד צעפלויגן, די קלוגע אויגן קוקן פון אונטער די געדיכטע ברעמען, ווי ער וואָלט אַראָפּגעשאָקלט פון זיך צוויי צענדליק יאָר. און אַז ער האָט זיך צערעדט, צענומען די הענט, זיך אויסגעגלייכט און איז געוואָרן מיט אַ קאָפּ העכער פונעם עולם, וואָס איז געשטאַנען אַרום אים..."

ווייטער דערציילט שוין אָפּאַטאָשו: „דער הויכער עטוואָס געבויגענער ר׳ עקיבא איז אַריין מיט אַזאַ ברייטן גוט־אָוונט, אַז ס׳איז ביי אַלעמען ליכטיקער געוואָרן אין די אויגן. דאָס צעאַקערטע פּנים, די בראָדעווקעס, די קלוגע אויגן, די צעבאַרשטע ברעמען, דער געפאַלדעוועטער שטערן ביז אין קאַרק אַריין — אַלץ האָט דערציילט פון יידישע ישובים אין בבל, אין פּרס און אַלעקסאַנדריע, אין קאַרטאַג, אין רוים. אין די קנייטשן, אין די קישעלעך אונטער די אויגן — אַזוי פיל חכמה, אַזוי פיל טרויער".

אַ לומדישן שמועס פירט יהושע מיט זיין רבין ר׳ עקיבא וועגן עקילסעס גריכישער איבערזעצונג פון די כתבי הקודש, וועגן דער ענלעכקייט פון „קהלת" צו אפלטונס „פילעביוס", ווייל זיי פרעגן דאָך די זעלבע קשיא: וואָס איז בעסער — חכמה צי הוללות? אפלטון ענטפערט: „חכמה", קהלת: אי חכמה אי הוללות זענען הבל הבלים". אויב ווידער „קהלת" איז געווען אונטער אפלטונס השפעה, האָט מען דאָך „קהלת" נישט געטאָרט אַריינגעמען אין די כתובים?

ווערט אָט־דער שמועס איבערגעגעבן אויף אַ היימיש־פוי־לישן שטייגער לויט אונדזער אייגענעם געמיט מיט אַ היינט־צייטיקן אויסבליקן פון צווייפל און דערמאָנט די זעלישע לאַנד־שאַפט, וואָס בליקט צו אונדז אַרויס פון דעם שמועס, וואָס עס האָט געפירט ר׳ יהושעהלע קיטנער מיט ר׳ אברהמעלע טשע־כאַנאָווער וועגן די „בעלי המסורה" און „אנשי הניקוד והנגי־נה" (אין דער דערציילונג „גאַי שויך, גאַי"). און נישט מינער דערמאָנט עס די נישט־אויסגעלעבטע רמזים־שמועסן צווישן ר׳ איטשע מקובל און מענדלע קאָצקער („אין די פוילישע וועל־דער").

ר׳ עקיבא איז גייסטיקער פירער פון אויפשטאַנד; ער איז אי אָנצונדער אי רעגולירער פון די פאָלקס־ליידנשאַפטן. וואָס טרייבט ר׳ עקיבאן צו זיין דער באַגייסטערער פון אויפשטאַנד? וואָס איז זיין צענטראַל־אידייע פון געפלאַנטן אויפשטאַנד? ארץ־ישראל? קיום ישראל? לאַנד־פאָלק? וועלט־פאָלק?

זיין תלמיד פאַפיאַס מיינט, אַז אין דער צעוואָרפנקייט, אין די יידישע ישובים ליגט אונדזער גבורה. לויט אים קומט אויס, אַז ווען אַלע יידן וואָלטן ביים צווייטן חורבן געווען אין לאַנד וואָלט פון אונדז מסתמא נישט געבליבן קיין זכר. די צעוואָרפנקייט האָט אונדז געראַטעוועט ווי אַ וועלט־פאָלק. אַ דאַנק דער צעשפרייטקייט איבער דער וועלט זענען מיר אַרויס פון געצנדינעריי. ערשט אין בבל זענען מיר געוואָרן „עם ה׳". דער צווייטער תלמיד יהושע באַקרעפטיקט אָט־דעם געדאַנק מיט ירמיהוס וויזיע פון „נצח ישראל", אָבער ער איז איבער־צייגט, אַז אָן ארץ־ישראל וועט נישט זיין קיין „קיום ישראל".

ר׳ עקיבא סובלימירט אָבער דעם קיום ישראל אין אַ מע־טאַפיזישן אויסבליק. גלאַט פאָלק און גלאַט קיום האָט נישט קיין שום חידוש. ס׳וואָלט געווען נאָך אַ קליינטשיק מזרח־פאָל־

קעלע, נאָך אַ מואב, נאָך אַן עמון. ס׳מוז זיין דאָס, וואָס טיילט ישׂראלן אויס פון אַנדערע פעלקער. דער אַקט פון „מתן־תורה״ האָט אַנטפּלעקט אונדזער זכות הקיום; אָן „מתן־תורה״ האָט „יציאת מצרים״ נישט קיין שום באַדייטונג.

אָבער ר׳ עקיבא וויל זיך נישט לאָזן באַהערשן פון זיינע רייך־אינדיווידועלע געזינונגען; ער איז בלב ונפש פאַרבונדן מיטן פאָלק „און אַז ס׳פאָלק וויל זיך באַפרייען פון שונא, וויל אַ „יציאת אדום״, בין איך מיטן פאָלק״.

אויף דעם פּונקט אַנטפּלעקט זיך די פּסיכישע געשפּאָלטנ־קייט פון דעם למראית־עין „גאַנצן״ ר׳ עקיבא. דער פאַסטוך־תנא קאָן זיך נישט באַנוגענען מיט אַבסטראַקציעס. פון איין זייט איז ער באַזעלט פון יידישער וועלט־שליחות — „לתקן עולם במלכות שדי״, פון דער אַנדערער זייט שטייט ס׳לעבע־דיקע פאָלק מיט די טאָג־טעגלעכע יידישע און מענטשלעכע נויטן. זוכט ער אַ סינטעז, מ׳דאַרף ביידע צונויפשמעלצן. „...אין אַזאַ שעת חרום דאַרף מען נישט פרעגן וואָס איז וויכטיקער — מתן תורה צי יציאת מצרים? ביידע זענען וויכטיקער! און אַז ס׳לאַנד שטייט אין קאָן, דאַרף מען ראַטעווען ס׳לאַנד. אוז אַז מען וועט ראַטעווען ס׳לאַנד, וועט מען במילא אויך ראַטע־ווען די תורה. און ביים ראַטעווען דאָס לאַנד, דאַרף גילטן דער אַלטער יידישער רוף — „מי לה׳ אלי״!

מיט אַט־דער געזינונג נעמט זיך ר׳ עקיבא צו טאַט, אָר־גאַניזירן דעם אויפשטאַנד. ער לאָזט זיך מיט אַ שיף קיין קאַר־טאַגע דאָרט אויפצוזוכן דעם מיליטערישן בר־כוכבא, וואָס איז אַ שפּראָץ פון דודס הויז. ער דאַרף אָנפירן מיטן אויפשטאַנד און ער דאַרף נישט נאָר זיין מיליטערמאַן, נאָר אויך אַ דער־לייזער, אַ לאַנג־דערוואַרטעטער בן דוד...

„...איין ר׳ עקיבא איז געבליבן שטיין הינטער דער ברע־נענדיקער מנורה. און ווי ער איז געשטאַנען אין פלאַמען, האָט ער אַרומגענומען בר־כוכבאן, זיך צעקושט מיט אים און אונ־טערגעכאַפּט ס׳געשריי פון עולם:

— „אונדזער גואל! אונדזער גואל״.

בעתן לייענען דעם „לעצטן אויפשטאַנד״ קאָן מען זיך אויף קיין איין מינוט נישט באַפרייען פון דער אימפּולסיווער היינטצייטיקייט, וואָס שלאָגט פון יעדן דיאַלאָג, אין ראָמאַן. דאָס זענען דאָך אונדזער היינטיקע זאָרגן, ספקות, ווייטיקן

און פּראָבלעמען, וואָס וואַרגן אונדז ביטאָג און ביינאַכט.

ווען ר׳ עקיבא שפּאַנט איבער זיין חדר און פאַרוואַנדלט דעם דיל אין אַ מאַפּע; ווען ער פירט מיטן שטעקן איבער דער דיל־„מאַפּע", אויסמעסטנדיק יעדעס שטעטל און דערפל און אויסרעכענענדיק די פיינטלעכע כוחות אין לוד, קסריה, מצרים און סיריע, דערמאָנט דאָס די היינטיקע הגנה־פירער, פאַר וועלכע עס שטייען די זעלביקע אויפגאַבעס. ווען ר׳ עקיבא מיט זיינע תלמידים יהושע און פּאַפּיאָס דיספּוטירן וועגן וועזן פון פאָלק און קיום האומה, איז דאָס נאָר אַ מוסטער פון אונדזערע היינטיקע אידייאישע שטרייטן וועגן אונדזער איצטיקן נאַציאָנאַלן מהות.

אָפּאַטאָשו איז נישט דער איינציקער, וואָס זוכט מיט היסטאָרישע בילדער אונדז און זיך אַליין קלאָר מאַכן די היינטצייטיקייט. דאָס האָבן שוין געפּרוּווט טאָן מאַקס בראָד, ליאָן פויכטוואַנגער און שלום אַש. אָבער אין אונטערשייד פון זיי זענען מיר מיט אָפּאַטאָשון תמיד אויף אַ יידישן באָדן. אָפּאַטאָשוס צוגאַנג און פּראָבלעמען־שטעלונג איז אַ אימאַנענט־יידישער און זיין היסטאָרישער אויסבליק איז אַ ריין־יידישער. שלום אַשם „מאַן פון נצרת" איז אַ אויף יידיש סטיליזירטע פרעמדקייט. אַש שעפּט פון פרעמדע קוואַלן און זוכט פאַר זיי אַ יידישן הכשר און איך צווייפל צי ס׳פאָלק וועט ווען עס איז געבן די היסטאָרישע הסכמה דערויף. אין נאָמען פון נוצרים שפּורד: „ווען מען גיט דיר אַ פּאַטש אין איין באַק, שטעל אונטער די צווייטע" האָט מען אונדז געפירט צו די שייטערהויפנס. אין נאָמען פון ר׳ עקיבאס מימרא: „חייך קודמין לחיי חברך" בויט מען אַ ניי יידיש לעבן. ר׳ עקיבאס סינטעז פון מתן־תורה און קיום האומה, פון יידישער קולטור און יידיש פאָלק איז דער געזונטסטער גלויבן פון יעדן יידישן פאָלקס־מענטש. יעדער דור זעט ר׳ עקיבאן אין אַן אַנדער ליכט. אָפּאַטאָשו זעט אים ווי אַ געטרייען מנהיג, וואָס קומט אַליין פון די פאָלקס־טיפענישן. ווען ר׳ עקיבא איז דערשיטערט פון זיינע תלמידימס רייד וועגן גורל פון יידישן פאָלק, זיפצט ער אויס ריין־יידישלעך: „יידן דאַרפן בטחון, אַ סך בטחון". זענען דאָס ווערטער, וואָס מ׳האָט געהערט ביי די חסידישע רביים אין גער און אַלעקסאַנדער. אַזוי זעט אים אָפּאַטאָשו, ווייל ער איז אַליין אָרגאַניש פאַרוועבט מיטן יידישלעכן פאָלקס־לעבן.

ז.

די שפּראַך איז דאָ אַ ריין אָפּאַטאָשישע, ציכטיק, געזויבערט, פֿאָלקס־שטאַמיק און דערביי אַריינגענומען אין אַ ראַפּירטן ריטם. דער סטיל איז אַ לויטערער אָן וועלכע ס׳איז אויפֿגעבלאָזענע פּראַזעס, אַלץ איז בינדיק, געפּרעסט און צמצומדיק, ממש אַ רענדל אַ וואָרט. אָפּאַטאָשו שרייבט מיט אַ זעלטענער שפּראַך־אחריות, מיט אַ באַזונדערער ליבשאַפֿט צו דער פּוילישער אידיאָמאַטישקייט. ער קאָן זיך פֿון איר פּשוט נישט באַפֿרייען. די נאַראַטיווקייט איז אַ געהעמטע, זי איז נישט קיין פֿליסיקע נאָר גיכער אַן אויסגעהאַקטע; אפילו אין די סאַמע סענטימענטאַלסטע מאָמענטן גיט זיך אָפּאַטאָשו נישט אונטער דעם פֿרייען, צו־פֿרייען באַרעדעוודיקייט־שטראָם.

אינגאַנצן פּויליש־שטעטלדיק איז דאָס שפּראַך־בילד פֿאַר יוחננס טרונק־שטוב בעת מ׳קלייבט מיט אַ „מאָראַלישן" ניגון צונויף געלט אויף תכריכים פֿאַר אַ מת־מצוה. די ווייבער — באַווייינערינס, מיט זייער: „אַזאַ אומגליק, אַזאַ אומגליק" „גאָט זאָל שומר ומצל זיין" „ווער וועט זיין רעכט טאָן?" זענען דאָך אונדזערע היימישע קלאָג־מוטערס. מ׳דאַרף נישט זיין אַזש אין בית־שאָן כדי צו האָבן פֿאַר די אויגן אַזאַ בילד. מיר קענען גוט אָט־דאָס זעליש בילד לויט אַלע פּיטשעווקעס פֿון קאָזשעניצער אָדער אַפּטער לוויות־ריטואַל. אָבער אפילו צו דעם אַרט „האַרצרייסנדיקע" סצענעס מאָביליזירט נישט אָפּאַטאָשו קיין לעגיאָנען ווערטער, נאָר קומט אויס מיט זיין געפּרעסטן שפּראַך־ריטם. אָט־די ווערטער־קאַרגשאַפֿט פֿאַרהיט אים, ס׳רוב, פֿון פֿאַרבייטן בילד אויף פּראַזע.

זאָל עמעץ, חלילה, נישט אויסטייטשן דאָ לגנאי דעם מאַנגל פֿון צייט־דיסטאַנס. אויב מ׳וויל באַלעבן דעם עבר, קאָן מען אין אים נישט אַריינדרינגען מיט אויסגעלאָשענע היסטאָרישע בליקן, נאָר מיט די אייגענע לעבעדיקע אויגן. ס׳רוב קינסטלער נעמען זייערע מאָדעלן פֿאַר היסטאָרישע געשטאַלטן פֿון דעם אייגענעם געפֿל. ווען מ. אַנטאָקאָלסקי האָט אויסגעשניצט „קריסטוס פֿאַר זיינע שופֿטים" האָט די דעמאָלטדיקע קריטיק זיך אַרויסגעזאָגט, אַז אַראָפּרעכענענדיק די היסטאָרישע אַקסעסואַרן, באַקומט זיך דער איינדרוק, אַז מיר זעען אין אַנטאָקאָלסקיס קריסטוסן אַ קעגנוואַרטיקן פּאָליטישן רוסישן קעמפֿער (אַ נאַראָדניק) בעת ער ווערט אויסגעפֿאָרשט פֿון דער רוסישער זשאַנדאַרמעריע.

ס׳זעלביקע דערציילט זיך וועגן אַנאַטאָל פראַנס. ווען אַנאַטאָל פראַנס האָט צוזאַמען מיט זיין פריינט, אַ סקולפּטאָר, באַזוכט אַ פּאַריזער הינטערשטאָטישע קירך, האָט אים דער פריינד אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז אויף די אַלטע קירך־בילדער זעען די אבות אויס ווי פּויערים פון זעכצנטן יאָרהונדערט (די בילדער האָבן טאַקע געשטאַמט פון זעכצנטן יאָרהונדערט). דערויף האָט אַנאַטאָל פראַנס געענטפערט, אַז ס׳קאָן גאָר אַנדערש נישט זיין. דער אמתער קינסטלער זעט דעם נעכטן מיט היינטיקע אויגן. מ׳טאָר זיך נישט רק גריבלען אין טויטן פאַרמעט, נאָר מען מוז צו דער פאַרגאַנגענקייט טראַנספערירן לעבעדיקע איצטיקייט. אָפּאַטאָשו העלפט זיך דערימאַך אַרויס מיט קינסטלערישן קפיצת הדרך, וואָס פירט אים באַגלייביק פון מלאווע ביז ירחו.

# דער שרייבער און די שייד - צייט אין יידישן לעבן

.1

עס איז זייער שווער, טאַקע אוממעגלעך, שלום צו מאַכן מיטן ביטערן געדאַנק, אַז אונדזער אַלטע היים איז שוין אָפּ־געמעקט אויף שטענדיק. ס׳איז ממש נישט צו גלייבן, אַז אַ יידי־שער פּען־מענטש זאָל זיך ווען ס׳איז קענען שיידן מיט דער ווייזיע פון דער פאַרשניטענער יידישער וועלט אין מזרח־איי־ראָפּע, אין וועלכער מיר זענען אַלע אויסגעוואַקסן אין טריי־שאַפט צום פאָלק און ליבע צו יידיש־שאַפערישן וואָרט. ס׳איז דעריבער מיר איצט דערווידער צו מאַכן אַ קלאָרן חשבון וועגן אונדזער היינטיקן גייסטיקן מצב און דערביי אַרויסלאָזן פון דער רשימה — מדינת־פּוילן.

יאָ, אויב ס׳יידישע פּוילן, וואָס האָט דעם וועלט־יידנטום געבן אַ גייסטיק קלסתר־פּנים, איז בפועל־ממש אונטערגעגאַנגען, דאַן — מיינען אַנדערע — דאַרף שוין אַצינד זיין אַ רייד וועגן גאָר אַן אַנדער יידישקייט, כמעט וועגן אַ נייעם אָנהייב. איז עס זיכער אַ סימן פון וויטאַליטעט, ווען אַן אַלט פאָלק איז — נאָך יעדן שטורמישן איבערברוך — אַלע מאָל מסוגל גייסטיק זיך צו באַנייען, אָנצוהייבן פון בראשית, מ׳פאַרגעסט אָבער דער־ביי, אַז די סדרה „בראשית״ לייענט מען אין זעלביקן טאָג, ווען מ׳פאַרענדיקט לייענען „וזאת הברכה״. די לייענער פון דער נייער סדרה שעפּן זייערע זאפטן פון דער אַלטער סדרה. און אָט דער ציקל חזרט זיך איבער יאָר־איין, יאָר־אויס.

קיין שום יידישער קיבוץ אויף דער גאָרער וועלט, מעג ער זיין ווי שטאַרק איינגעגלויבט אין זיינע אייגענע כוחות, איז

נישט מסוגל אויסצומיידן די גייסטיקע ירושה פון מזרח־אייראָ־פּעישער יידישקייט. די, וואָס נעמען זיך איבער מיט דעם נייעם און פּיאָנערישן, ווייסן גאָר אַליין נישט, וואָסערע גייסטיקע בעלי־חובות זיי זענען אַקעגן דער פאַרלענדטער יידישער וועלט. אונטער זייער יעדער אַרויסגעזאָגטער פראַזע (מעג עס זיין אין דער ספרדישער הברה) שטעקט ירושה פון אַ טויזנטיעריק געפלעגטן יידישלעכן לעבנס־נוסח אינעם א. ג. „גלות״.

מיט אַ גרינג געמיט וואַרפט מען זיך ביי אונדז נאָכאַנאַנד מיטן „מיאוסן וואָרט גלות״ און מ׳פאַרגעסט דערביי, אַז דער טערמין „גלות״ איז שוין לאַנג אָפּגעריבן און האָט פאַרלוירן זיין אַלטגעבאַקענעם זינען. יידן אויף דער וועלט געפינען זיך אין ערגעץ נישט אין אַ פאַרטריבענעם צושטאַנד. אין דער צייט פון בית־שני איז אין אלכסנדריא של מצרים געווען אַ גרויסער יידישער קיבוץ. זיי זענען דאָרט נישט פאַרטריבן געוואָרן, נאָר געקומען פרייוויליק. די אַלעקסאַנדרינער יידן האָבן געהאַט כל המעגלעכקייטן זיך אומצוקערן קיין ארץ־ישראל. זיי האָבן עס אָבער נישט געטאָן; זיי האָבן געלעבט אין מאַטעריעלן וווילשטאַנד, געווען רעליגיעז־נאַציאָנאַל אָרגאַניזירט, געהאַט אפילו אַן אייגענעם בית־המקדש, וואָס האָט מיט אַ פּאָר יאָר איבערגעלעבט דעם בית אין ירושלים. אין דער עגיפּטישער הויפּטשטאָט איז דער לעבנס־סטאַנדאַרט געווען אַ העכערער איידער אין דער פאַראָרעמטער יהודה און דערפאַר האָט דאָרט נישט געקענט זיין קיין רייד וועגן שיבת־ציון. דאָס זעלביקע לאָזט זיך איצט, נאָך מיט מער איבערצייגעוודיקייט, זאָגן וועגן פינף־מיליאָניקן יידישן צענטער אין אַמעריקע. מיר הערן ווי דער ראש פון מדינת־ישראל רופט כסדר אַמעריקאַנער יידן זיך צו באַזעצן דאָרט. אָבער דער עפעקט פון בן־גוריונס רוף איז אַ מינימאַלער.

ס׳איז אפשר איבערדריסיק ווידער און אָבער צו זאָגן, אַז מיר האָבן אין דער וועלט־צעשפּרייטקייט, ביי די שווערסטע און געפערלעכסטע באַדינגונגען, נישט נאָר באַוויזן איינצוהיטן אונדזער נאַציאָנאַלן אייגנאַרט, נאָר זענען אויך אין „גלות״ גייסטיק געוואָרן באַרייכערט, פאַראיידלט און פאַרפיינערט. דער פלאַמיקער „חובב־ציון״, ר׳ יהודה־הלוי, האָט נאָך מיט אַכטהונדערט יאָר צוריק באַוויזן, אַז דער „גלות״ האָט זיין אייגעווייניקסטן זינען. נאָך מער — דער „גלות״ האָט אַ באַשטימ־

טע געטלעכע כוונה. דאָס לעבן פון יידן אין צעשפּרייטקייט קאָן מען — זאָגט ר' יהודה הלוי — פאַרגלייכן צו אַ קערנדל, וואָס מ'האָט געוואָרפן אויף דער ערד. דאַכט זיך, אַז ס'פוילט, צעפאַלט זיך און ס'ווערט דערפון גאָרנישט. אָבער אינדערזאמתן זוינגט ס'קערנדל אין זיך איין ערד, וואַסער און אַנדערע עלעמענטן, כדי שפּעטער אַרויסצושפּראָצן ווי אַ זאַנג. ער גלייבט, אַז דעם שווערן און פּיינפולן עול פון יידישקייט האָבן יידן אין דער צעשפּרייטקייט תמיד געטראָגן פרייוויליק. מיטן אַרויסזאָגן איין וואָרט האָבן זיי געקענט בייטן זייער ביטערע מערכה און ווערן פרייע מענטשן. זיי האָבן עס אָבער נישט געטאָן. און אוודאי האָבן זיי דערביי נישט געהאַט קיין אויסרעכענונגען, אַז זיי וועלן דערפאַר מקבל־הנאה זיין אויף „יענער" וועלט. זיי האָבן ברצון געטראָגן דעם יידישקייט־עול איינציק דערפאַר, ווייל זיי האָבן ג ע ו ו א ָ ל ט לעבן ווי גאָטס פאָלק. — „עס שטייט נישט אין דער תורה, אַז איר וועט מקיים זיין די מיצוות, וועל איך אייך, נאָך אייער טויט, ברענגען אין שיינע סעדער, ווו איר וועט האָבן אַ סך תענוג. עס שטייט נאָר: „איר וועט זיין מיין פאָלק, און איך אייער גאָט". (ועל כן איננו אומר בתורה, כי עם תעשה המיצוות הזאת, אביאכם אחרי המות אל גנות להנאות, אבל הוא אומר: ואתם תהיו לי לעם, ואני אהיה לכם לאלהים. — „הכוזרי" 1 סימן כ"ט).

.2

דער אויפקום פון מדינת־ישראל איז בלתי־ספק אַ דערשיינונג פון גרויסן היסטאָרישן באַטייט. זי איז אָבער צו אונדז געקומען אין אַ שווידערלעכער צייט, ווען מיר זענען אומגעטרייסטע אבלים נאָכן אומקום פון זעקס מיליאָן יידן. אַנדערע מיינען אפשר קאַפּויער, אַז גראָד דערפאַר, וואָס מדינת־ישראל איז אויפגעריכט געוואָרן באַלד נאָכן חורבן פונעם יידישן אייראָפּע, דאַרף זי פאַר אונדז זיין אַ גרויסע אַפּוועקסלונג, מיגון לשמחה, מעבדות לחירות. די בעלי־התהילים דערציילן, אַז אַמאָל האָט שיבת־ציון אַריינגעטריבן אונדזערע אבות אין אַ סאָמנאַמבולישן צושטאַנד; זיי זענען געווען כ ח ו ל מ י ם, עפּעס פון אָט דעם צושטאַנד איז היינט נוגע אונדז, „גלות"־יידן. מיר קענען זיך פשוט נישט קאָנטראָלירן.

וואָס שייך מיר פערזענלעך, בין איך נישט מסוגל געניי אויסצוחשבנען, צי ס'געווינס פון מדינת־ישראל קאָן כאָטש אין

אַ וועלכער ס׳איז פּראָפּאָרץ זיך באַלאַנסירן מיט אונדזער בראָך אין אייראָפּע. וואָרום סוף כל פּסוק — דאַרף דער מיטל־פּונקט פון אונדזערע אַלע באַשטרעבונגען זיין ס י ל ע ב ע ד י ק ע פ אָ ל ק מיט אַלע זיינע מאַטעריעלע און גייסטיקע נויטן. און נישט ב ל ו י ז אַן אַבסטראַקטע אידייע און נישט ב ל ו י ז אַ לאַנד, מעג עס אפילו זיין דאָס היסטאָרישע — און היינט שטאַרק אַרומגעשניטענע — ארץ־ישראל.

באַלד נאָכן חורבן בית־ראשון (און אפשר נאָך פריער) האָבן זיך יידן פאַרנומען אויף דעם וועג צו ווערן אַ וועלט־פאָלק. דריטהאַלבן טויזנט יאָר שוין ווי לעבעדיקע יידישקייט דאָמי־נירט ביי אונדז א י ב ע ר דעם באַגריף פון מלוכה. מיר זענען אַ גרויס וועלט־פאָלק מיט אַ הויך־יידישער קולטור, וואָס טראָגט אין זיך דעם אָטעם פון פאַרשידענע קלימאַטן. מיר האָבן פון אומעטום גענומען און עס שפּעטער איבערגעקאָכט אויף אונדזער יידישן שטייגער. ס׳איז דעריבער פאַר אונדז אוממעג־לעך, היינט זיך איינצושרומפּן כדי צוריק ווערן ב ל ו י ז אַ טעריטאָריאַל פאָלק אָדער פאָלקל. ווי י. ל. פרץ האָט דערוועגן געזאָגט, אַז אַ דערוואַקסן פאָלק קאָן שוין נישט צוריקגיין אין וויגל אַריין...

ביי די גרעסטע דערפאָלגן אין מדינת־ישראל (און מיר ווינטשן עס איר מיטן גאַנצן האַרצן) וועט די מערהייט פון יידישן פאָלק תמיד לעבן אין „גלות". מדינת־ישראל מוז זיך נאָכאַנאַנד נערן מיט די „גלות"־זאַפטן, אָבער ס׳איז דערווייל שווער פאָרויסצוזען די צייט, ווען מיר וועלן קענען ווערן אירע קאָנסומענטן. ס׳איז דעריבער אַ סכנהדיקער לייכטזין מבטל צו זיין ס׳יידיש לעבן אויף דער גאָרער וועלט און א ל ץ און א י י נ צ י ק שטעלן אויף מדינת־ישראל. ווען מ׳וואָלט זיך אַמאָל געהאַלטן אויסשליסלעך ביים טעריטאָריעלן פּרינציפּ, וואָלט נאָכן חורבן בית־שני נישט געבליבן פון אונדז קיין שריד־ופליט. און נאָר צוליב דעם, וואָס מיר האָבן שוין דעמאָלט גע־האַט אַ „פינצטערן גלות" עקזיסטירן מיר נאָך היינט און ס׳איז דאָ ווער ס׳זאָל איצט אויפסניי בויען מדינת־ישראל.

די היינטיקע אָפיציעלע גייסטיקע פירער פון ארץ ישראל־דיקן ישוב, דערהויפּט די, וואָס האָבן זיך באַזעצט אויפן הר הצופים, ווילן פאַר יעדן פּרייז זיך הערמעטיש אָפּטיילן פון די איינפלוסן, וואָס קומען פון „פינצטערן גלות". במשך פון לעצטן

יאָר אַלאַרמירן זיי צום דאָרטיקן דעת־הקהל מיט — ג ל ו ת ע ל י ד, י ש ר א ל! און דער ערשטער סימן: גלות איז ביי זיי — י י ד י ש. אין מיינע אויגן איז דאָס הר־הצופים־דיקע פּראַלן קעגן דער „פאַרקריפּלטקייט פון גלות" — אַ בפירוש לעסטערן די גרעסטע הייליקייט, וואָס יידן האָבן אַרויס־געבראַכט במשך פון טויזנטער יאָרן און ס׳איז זיכער נישט כדאי אויף אַ וועלכן ס׳איז שטייגער צו באַוועגן די שוללי גלות צו זען דאָס, וואָס זיי ווילן באין אופן נישט זען, נעמלעך, אַז אָן „גלות" איז נישטאָ קיין ישראל. קוים לעבט די איבערוויגנדיקע מערהייט פון פאָלק אין „גלות", איז אויך שכינתא בגלותא. די שכינה איז צוזאַמען מיטן פאָלק.

דער תלמוד בבלי און תלמוד ירושלמי זענען אויפגעקומען אין צוויי באַזונדערע לענדער און אויך אין צוויי באַזונדערע — לכתחילה צו זיך פיינטלעכע — סביבות. מ׳האָט אין ארץ־ישראל לכתחילה גערעדט מיט גרויס ביטול און חוזק וועגן די בבלישע יידן און זייערע גייסטיקע פּירער. אָבער מיט דער צייט האָבן די ארץ־ישראלדיקע אמוראים איינגעזען זייער געפּער־לעכן טעות. שפּעטער האָבן זיך סיי די וואָרצלען און סיי די צווייגן פון ביידע תלמודים צונויפגעפלאָכטן און ס׳פאָלק באַציט זיך צו ביידע מיט גלייכער פאַרערונג און קדושה. שוין אָפּגע־זען דערפון, וואָס לויטן פאַרנעם שטעלט דער בבלי אַוועק אין שאָטן דעם ירושלמי.

ח. נ. ביאַליק האָט אַמאָל געשריבן, אַז יידיש האָט זייער פיל געהאָלפן פאָרמירן דעם לשון־קודש פון די שפּעטערדיקע מדרש און מוסר־ספרים. מבינים ווייזן אָן אויף דעם גרויסן איינ־פלוס, וואָס יידיש האָט אויסגעווירקט און ווירקט ווייטער אויס אויף דעם אַנטוויקלונגס־גאַנג פון באַנייטן העברעיש אין ארץ־ישראל. אין ישראל קען מען נישט אויסקומען אָן איבערזעצונ־גען פון דער יידישער ליטעראַטור און בכלל אָן דעם דורותדיקן יידיש־קוואַל. און פונדעסטוועגן הערט מען עפּעס נישט, אַז מען זאָל אין די דאָרטיקע שולן איינפירן דעם לימוד פון יידיש און דערמיט ביי דעם יונגערן דור אויסוואָרצלען די ביי־טול־באַציונג צום יידישן לעבן און שאַפן אויף דער גאָרער וועלט. ס׳איז ביז איצט נאָך נישט זיכער ווער ס׳איז אייגנטלעך נענ־טער צו דער יידישער פאָלקס־נשמה: די האַרציקע שרה־בת־טובים, וואָס מוסרט יידישע ווייבלעך אין זאַפטיקן מאַמע־לשון,

אָדער די פּאַריסענע סאַבראַ, וואָס שפּאָט פון „גאַלוט", אָבער דערפאַר אויף עברית און דערצו — אין דער ספרדישער „האַווארא"...

אויב מדינת־ישראל וועט נישט זוכן דעם גייסטיקן קאָנטאַקט מיט די תפוצות־ישראל, זענען נישט פּאָרויסצוזען קיין גוטע רעזולטאַטן. ישראל וועט אַזוי אַרום אין ברייט־יידישן וועלט־לעבן פאַרבלייבן אַן אָפּגעזונדערט אינדזעלע. ס׳מוז דערגיין צו אַ בשותפותדיקן אויסטויש פון ווערטן צווישן ישראל און אַלע יידישע קיבוצים אויף דער וועלט.

ס׳יידישע לעבן איז אומעטום היילִיק; ס׳זענען נישטאָ קיין יחסנים, קיין אויסדערוויילטע. יידיש דאַרף אין ישראל איינגעפירט ווערן אין די שולן און אויך באַקומען עפענטלעכע רעכט אין געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן.

.3

די ידיעה וועגן אָפּווישן יעדן שפּור פון אַ יידיש קולטור־לעבן אין ראַטן־פאַרבאַנד האָט אונדז געטראָפן ווייטיקלעך. נאָכן חורבן־פּוילן האָבן מיר באַין ברירה געווענדעט אונדזערע בליקן צום איבער־צוויימיליאָניקן יידישן קיבוץ אין סאָוועט־רוסלאַנד. ביי אַלע באַוואָרעניש האָבן מיר דאָך געוואָלט האָפן, אַז טאָמער וועט פון דאָרט קומען אַ געוויסע באַנייאונג פון יידישן קולטור־לעבן אין מזרח־אייראָפּע. באַוויזן דערצו האָבן אונדז צוויי אומשטענדן:

1) דער פאַקט, וואָס די יידיש־סאָוועטישע ליטעראַטור איז במשך פון לעצטן צענדליק יאָרן באַרייכערט געוואָרן מיט אַ ריי ווערק פון דורכאויס יידישן אינהאַלט. נאָכדעם ווי ס׳איז פון קרעמל דעקרעטירן געוואָרן די פרייהייט — דורך נאַציאָנאַלע מאָטיוון — צו וועקן סאָוועטישן פּאַטריאָטיזם, האָבן די יידישע שרייבער דאָרט אויפגעהערט צו שטאָלפּערן אויף שטאַלצן לויט דער אָנגעוואָרפענער גענעראַל־ליניע. מ׳האָט אָנגעהויבן גיין מיט די אייגענע פוס. שמעון האלקין, פּרץ מאַרקיש, דוד האָפשטיין, לייב קוויטקאָ, איציק פעפער, אהרון קושניראָוו, דוד בערגלסאָן, דער נסתר, און אַנדערע האָבן אין די לעצטע יאָרן געשאַפן ווערק פון אַ מעגלעך־פרייען און ערלעכן כאַראַקטער. דורך זיי איז געקומען צום אויסדרוק אייגנגעשפייכלטע יידיש־נאַציאָנאַלע ענערגיע. אָט־די ווערק בילדן אין דער אַלגעמיין־יידישער ליטעראַטור — אַ דויערהאַפטיקע פּאָזיציע.

2) איך בין אין ראַטנפאַרבאַנד געווען זיבן יאָר. געקומען אין באַרירונג מיט יידן פון ווייסרוסלאַנד, אוקראַינע און מאָסקווע. איך האָב זיך מיט די אייגענע אויגן און אויערן איבערצייגט, אַז ביי די סאָוועטישע יידן פילט זיך אַ בענקשאַפט נאָך יידישקייט. אין די ימים־נוראים האָב איך געזען אין די שולן פאַרזאַמלט טויזנטער און טויזנטער אַלטע און יונגע יידן, מענער און פרויען. איך בין אין אוקראַינע געקומען אין באַרירונג מיט דער יידישער אינטעליגענץ, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס פאַר יידישער קולטור. זיי האָבן באַדויערט פאַרוואָס מ׳האָט זיי דערווייטערט פון די יידישע קוואַלן. אַלע האָבן געגלייבט, אַז נאָך דער מלחמה וועט פאַרשטאַרקט ווערן דאָס יידישע קולטור־לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד. אין זעלביקן גייסט האָבן מיר געפירט אָפטע שמועסן מיט יידישע שרייבער אין מאָסקווע, פאַרשטייט זיך, אַז די יידישע שהיטות אין ווייסרוסלאַנד און אוקראַינע האָבן פאַרשטאַרקט ס׳יידיש-נאַציאָנאַלע געפיל ביי די סאָוועטישע יידן.

די ידיעות, וואָס קומען איצט פון ראַטנפאַרבאַנד, זענען אומבאַדינגט טרויעריקע. אָבער דאָס הייסט נאָך נישט, אַז מ׳דאַרף זיין פאַרצווייפלט און האַלטן, אַז דער גאַנצער יידישער ישוב אין ראַטנפאַרבאַנד איז, חלילה, גייסטיק אָפּגעמעקט לעולם־ועד. מיט פאַרטיי־דעקרעטן קען מאַן נאָך נישט פאַרשטאָפּן קיין קוואַל. אַ נאַציאָנאַלער קאָלעקטיוו לאָזט זיך נישט גייסטיק פאַרשלינגען, מיר האָבן שוין געהאַט אין אונדזער געשיכטע צייטן, ווען מ׳האָט מיט דעקרעטן־גזירות געוואָלט אָפּווישן די יידישע קולטור. די דערפאַרונג לערנט אונדז אָבער, אַז יעדער רעפּרעסיע רופט אַרויס אַ קאַפּויערדיקע רעאַקציע, ס׳פאַרשטאַרקט זיך נאָך מער דער פאַרלאַנג צו אַן אייגן גייסטיק לעבן. די לאַגע אין סאָוועט־רוסלאַנד איז אַזעלכע, אַז ס׳רוב יידן ווייזן דאָרט אַרויס, באַזונדער די יוגנט, אַ באַגער צו בלייבן יידן. ס׳איז אַ צייט, ווען יידן אין ראַטנפאַרבאַנד מוזן אַריינטרעטן א י ן ז י ך; זיי זאַמלען כוחות פאַר אַ גינסטיקן מאָמענט, ווען די איינגעשפּייכלטע יידישקייט־כוחות וועלן באַפרייט ווערן פון דרויסנדיקן צוואַנג. דאָרט איז מען דאָך שוין איינגעוווינט מיט ווידערשפּרעכיקע דעקרעטן... מיר וועלן נאָך ווען עס איז געפינען אַ בשותפותדיקע שפּראַך מיט די סאָוועטישע יידן. אַלנפאַלס איז נאָך פריצייטיק צו זאָגן קדיש.

געטע האָט אַמאָל געזאָגט וועגן דער גריכישער קונסט: „אַלע אַנדערע קונסטן דאַרף מען עפּעס צוגעבן, בלויז דער גרי־כישער בלייבט מען עפּעס שולדיק". ס׳וואָלט כדאי געווען גע־פּעס זאָג צו פּאַראַפראַזירן — „אַלע גרויסע יידישע קיבוצים בלייבן מיר שטענדיק עפּעס שולדיק, בלויז דער אַמעריקאַנער קיבוץ איז דעם יידישן פאָלק געבליבן אַ גרויסער בעל־חוב".

ווי איראַציאָנעל ס׳זאָל נישט האָבן געווען אונדזער גאַנ־איבער דער וועלט לאָזט זיך דאָך מערקן אַ באַשטימטע געזעצ־מעסיקייט אין דעם אונטערגאַנג און אויפקום פון די יידישע העגעמאָנישע צענטערן. ווען ס׳איז אונטערגעגאַנגען די זון אין יהודה איז אין בבל רייף געוואָרן די צייט, אַז די יידישע זון זאָל דאָרט אויפגיין. ווען ס׳איז דערגאַנגען צו שקיעת־חמה אין בבל, איז די יידישע זון אויפגעגאַנגען אין שפּאַניע. באַלד נאָך דער ירידה פון יידישן צענטער אין שפּאַניע, האָט זיך אָנגע־הויבן די יידיש־גילדענע תקופה אין מדינת־פּוילן. די אַלע צענ־טערס האָבן מיר זייער פיל צו פאַרדאַנקען. זיי האָבן געשאַפן גרויסע יידיש־גייסטיקע ווערטן, וואָס האָבן געשפּייזט ס׳פאָלק און דערמיט עס געמאַכט האַרטנעקיק אַ קעגן די בייזע ווינטן, וואָס האָבן אַרום אונדז געוויטערט. דער מזרח־אייראָפּעישער צענטער איז אָבער נישט אַוועק פון דער וועלט מיט קיין נאַ־טירלעכן טויט, ער האָט נאָך געקענט דורות־לאַנג לעבן און שאַפן, מ׳האָט בײ אים אָבער אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ.

ס׳איז דעריבער נישט געווען גענוג צייט עס זאָל דערווייל רייף ווערן אַן אַנדער יידישער קיבוץ איבערצונעמען די גייס־טיקע ירושה פון דער פאַרלענדטער מזרח־אייראָפּעישער יידיש־קייט.

אַמעריקע בכלל איז ראַש געוואַקסן און בתוכם אויך דער יידיש־אַמעריקאַנער קיבוץ. דער רוב מנין ורוב בנין פון יידישן פאָלק געפינט זיך איצט אין אַמעריקע. די אַמעריקאַנער יידן האָבן געגעבן און גיבן ווייטער מאַטעריעלע הילף יידן אויף דער גאַנצער וועלט. אָבער ס׳אַמעריקאַניש יידנטום האָט נאָך נישט באַוויזן אויסצוקריסטאַליזירן אַן אייגן גייסטיק פּרצוף־פּנים. מאַטערט אונדז די פראַגע: — צי פאַרמאָגט ס׳אַמערי־קאַנער יידנטום גענוגנדיקע גייסטיקע ווידערשטאַנד־כוחות לגבי די אַסימילאַציע־ווינטן, וואָס בלאָזן דאָ אַרום אונדז? —

ס׳איז שווער צו זאָגן נביאות, אָבער איך גלייב נישט, אַז אַ געשלאָסענער קיבוץ לאָזט זיך לייכט אַסימילירן, בפרט, אַז דאָ הערשט בלויז שפּראַך־אַסימילאַציע. יידן לעבן דאָ בלויז צווישן זיך און קומען נישט אין אינטים־געזעליקער באַרירונג מיט דער נישט־יידישער וועלט. אָבער אויך די שפּראַכלעך־אַסימילירטע זענען גיריק צו שעפּן יידישע ידיעות און יידישע עמאָציעס פון ביכער, פאַרזאַמלונגען און פייערונגען אויף דער ענגלישער שפּראַך.

במשך פון די דריי יאָר, וואָס איך געפין זיך אַמעריקע, האָב איך עטלעכע מאָל אַדורכגעקרייציקט די פאַרייניקטע שטאַטן אין דער לענג און דער ברייט. איך האָב אויך באַזוכט די גרעסערע שטעט פון קאַנאַדע. איך האָב אומעטום פעסטגעשטעלט, אַ גענוג־אַנזעעוודיקן יידיש־גייסטיקן קאַפּיטאַל. ס׳זענען נאָך פאַראַן גענוג יידן מיט אַ וואַרעמער באַציונג צו יידיש און יידישער קולטור. ס׳רוב פון זיי פאַרשטייען, אַז דאָס וואָס די יוגנט דערווייטערט זיך פון דער יידישלעכער סביבה דאַרף אונדז נישט אָפּשרעקן. דאָס וועט לאַנג נישט געדויערן. זיי וועלן אויסגעליידיקטע און פאַרשעמטע זיך מוזן אומקערן אויף די שוועלן פון די יידישלעכע היימען. ס׳וועט זיי ווערן פּוסט און וויסט אין דער גייסטיקער פּרעמדקייט. אָבער די יידישע שטוב דאַרף דערצו זיין צוגעגרייט מיט אַ סטילפּול יידיש לעבן.

מיר געפינען זיך איצט אויף אַ ניסיונותפולן שייד־פּונקט פון אונדזער געשיכטע. ס׳יידיש וועלט־געפיל איז איצטער וואַך. דער יידישער שרייבער, דער גייסטיק־געכפּלטער ייד דאַרף מיט זיין פּען שטאַרקן די וואַכזאַמקייט פון יידישן וועלט־געפיל. דער יידישער שרייבער דאַרף איצט זיין אָנגעפילט מיט נאַציאָנאַלער אחריות. ווער־ווער ס׳קען אפשר צווייפלען, אָבער באין־אופן טאָר עס נישט טאָן דער פאָלקס־שטאַמיקער יידישער פעך־מענטש, דער מאמין־בן־מאמינים. ער קען זיך פאַראַפּראַזירן קאַנטס זאָג — דער אויסגעשטערנטער הימל איבער מיר, דער יידישער אימפּעראַטיוו אין מיר...

(מיאַמי, פעברואַר 1950)

# יידישע עלעמענטן אין שפינאָזאָס פילאָזאָפיע

עס האָט זיך ביי אונדז איינגעשטעלט אַ משונהדיקע מיי־נונג וועגן די אַלע, וואָס זוכן אין שפינאָזאָס שיטה יידישקייט, אַז זיי זענען ר״ל עפּעס נישט מיט אַלעמען. יעדנפאַלס טוען זיי דאָס נישט מחמת פילאָזאָפישער אָביעקטיוויטעט, נאָר ווי זיי וואָלטן פאַרפאָלגט געוואָרן פון אַן אויסטערלישער מאַניע. עס קומט דעריבער אויס, אַז אָדער זיי זענען געטרייבט פון אי־בערגעטריבענער נאַציאָנאַלער אַמביציע, אָדער גאָר — פון אי־בערגעשפּאַנטער פאַרערונג פאַר שפינאָזאַן, וועלכן זיי גאַרן מיט אַלע כוחות צו רעכטפאַרטיקן לגבי די אַמסטערדאַמער מחרי־מים, וואָס האָבן דאָך דעם 24־יעריקן שפינאָזאַן פאַרטריבן פון דער עדה, נאָר צוליב זיין „ווידערשפּרעכן" דעם מהות פון יידישקייט, אָדער — ווי עס קלינגט בעסער — יידנטום...

עס איז אונדז אפילו אַביסל דערווידער זיך אַליין צו באַ־פרייען פון אַלגעמיינעם חשד וועגן מאַניאַקישקייט, פון וועלכער אגב קיין שום ילוד אשה איז אין דער אמתן נישט פריי. פונ־דעסטוועגן, האַלטן מיר, אַז ווען עס זאָל זיך פון ערגעץ־ווו מעלדן אַן „אָביעקטיווער" בר סמכא, וואָלט ער נאָך אַ גרינט־לעכער אונטערזוכונג — בלתי ספק אויסגעפונען אין שפינאָ־זאָס פילאָזאָפיע עלעמענטן, וואָס זענען אָרגאַניש פאַרבונדן מיט דער יידישער גייסטיקייט.

אַ סך האַרבער איז מיט דער דעפיניציע גופא וועגן יידנ־

טום. עס איז, דאַכט זיך, נאָך נישט געבוירן געוואָרן דער בריה, וואָס זאָל באַווייזן גענוי פעסטצושטעלן דאָס גייסטיקע וועזן פון יידנטום פאַר וועלכן מען זאָל זיך קענען קאָנסעקווענט איינשטעלן. בעצם איז דאָך נישט קלאָר, וועלכע גייסטיקע עלעמענטן פון דעם גאַנצן „יידישקייט"־קאָמפּלעקס זענען אייגנטלעך יידיש אָדער אומיידיש. דערציילט דאָך אונדז די יידישע געשיכטע וועגן פאַרשידענע תקופות וואָס איינע מעקט גייסטיק אָפּ די אַנדערע: נישט נאָר זיי אונטערשיידן זיך, נאָר לייקענען זיך ממש געמיינזאַם אָפּ.

עד היום איז נאָך נישט גענוג זיכער, וואָס איז כאַראַקטעריסטישער פאַר דעם מהות פון יידנטום: צי דער גרויסער שטרייט צווישן די צוויי אַקאַדעמיעס בית שמאי און בית הלל וועגן אַ ביצה שנולדה ביום־טוב? אָבער גאָר דער עטישער פּאַטאָס פון נביא ישעיה, וועלכער רופט אין זיין אומשטערבלעכן והיה באחרית הימים־בילד די גאַנצע מענטשהייט גרייטן זיך צום אייביקן וועלט־שלום!

איך קאָן גרייליך פאַרשטיין, אַז דער פעסטער באַשלוס פון בית שמאי תאכל! אָדער פון בית הלל — לא תאכל! זענען מסתמא דיקטירט געוואָרן דורך די פּאַקטישע דעמאָלטדיקע נאַציאָנאַלע לעבנס־נויטן, בכדי זיך צו פאַרהיטן פון אַסימילאַציע. צו יענער צייט איז דאָס אפשר געווען אַ באַדייטנדער קולטור־פּאַקטאָר. פאַרגלייכט מען אָבער דעם דאָזיקן „פּאַקטאָר" מיט ישעיהס פיל עלטער פרידנס־בילד, פאַלט דער חשבון אויס גאַנץ אָפּן. — די פיל יונגערע לא תאכל־פּראָפילאַקטיק קריישלט זיך ממש פון אַלטקייט און האָט נישט דעם מינדסטן אָנהאַנג אין אונדזער היינטיקער מענטאַליטעט. דאַקעגן דאָס אוראַלטע נביאישע בילד פון „לא ישא גוי אל גוי חרב ולא ילמדו עוד מלחמה" איז אין עטישן זינען אַ צויבער־בילד, וואָס האָט גאָרנישט פאַרלוירן פון איר פרישקייט און רייץ. מיר פון אונדזער זייט באַטראַכטן די באַזונדערע תקופות אַלס פולגעשטאַלטיקע אַנטפּלעקונגען פון דעם עוואָלוציאָנערן קולטור־פּראָצעס. ממילא גלויבן מיר נישט אין דער עקזיסטענץ פון אַ וועלכן עס איז אַ ב ס ט ר אַ ק ט ו ס, וואָס הייסט „יידנטום" און געפינט זיך ערגעץ אין חלל־האויר. מיר גלויבן, אַז אין מיטלפּונקט פון דער יידישער גייסטיקייט געפינט זיך דאָס לעבעדיקע יידישע פאָלק מיט אַלע זיינע גייסטיקע און מאַטעריעלע

נויטן און באַדערפעניש, און נישט וועלכע עס איז פאַרהייליקטע לוחות. ווען עס איז נויטיק צעברעכט מען אפילו די לוחות, אבי דאָס פאָלק זאָל בלייבן גאַנץ און אומבאַשעדיקט. דער אינעווייניקסטער בלינדער ווילן פון פאָלק און די דורך דעם אומבאַוווסטן לעבנס־דראַנג אַרויסגעבראַכטע עטישע טוגנטן, זענען אונדז גיכער מסוגל דערנענטערן צום אַבסאָלוט פון דער א. ג. יידישקייט, איידער דער גלויבן אין די פולע קאַנאָניזירטע דאָגמען און פאַרשידענע אויפגעצוואונגענע „עיקרים". עס מוז תמיד קומען אין באַטראַכט קודם כל דאָס אורשפּרינגלעכע, און נישט דאָס סעקונדערע. אין דעם פאל קאָן גילטן אַ שאָפענהויערישער צוגאַנג. די סובסטאַנץ פון פאָלק איז זיין ווילן, די לוחות־אינטעליגענץ דאַקעגן איז אַ שפּעטערדיקע דערשיינונג. מערקווירדיק, וואָס די אמתע (אין מעטאַפיזישן זינען) רעליגיע שטראָפט אָדער באַלוינט דעם מענטשן נישט פאַר קיין אינטעלעקטועלע טוגנטן, נאָר פאַר עטישע, ד. ה. כאַראַקטער־טוגנטן, וואָס בילדן דעם מענטש גופא.

אויך בנוגע דעם וועזן פון יידנטום, דאַרף געזאָגט ווערן, אַז עס אַנטפּלעקט זיך אין דער עטיק, ד. ה. אין דעם זיטלעכן לעבנס־ריטם סיי אין דעם באַשרייבנדיקן און סיי אויך אין דעם נאָרמאַטיוון פאַרנעם. נאַטירלעך וואָלט דאָ געווען אַרויסגעוואָרפן די טרחה זיך אַריינצולאָזן אין אַ וויכוח מיט די אָרטאָדאָקסאַלע דאָגמאַטיקער וועגן מהות פון יידנטום. זייער פאַנאַטישע צוגעבונדנקייט צום קוצו של יוד פון ריטוס פאַרשטעקט זיי אין אַ פאַרגליווערטער קטנות דמוחיך־פילאָזאָפיע. ווען איך זאָל האָבן וואַל־רעכט, וואָלט איך מוחל געווען אַלע ביצים שנולדו בשבת, ביום־טוב און אַפילו ביום כפור, פאַר איין און איינציק בילד פון ישעיה. דאָס איז, שאָפענהויעריש גענומען, אַ שפּעטערדיקע פונקציע, אַ צוטראַכטעניש, וואָס וועט לייכט פאַרשווינדן, ווערענד אין דער הויך־עטישער פּראָפעטישקייט אַנטפּלעקט זיך דער מעטאַפיזישער ווילן, דער „דינג אַן זיך" פון יידנטום.

אויב עטיק אַן און פאַר זיך (ד. ה. אַבסטראַהירנדיק דערוויל פון דער ריכטונג) איז די הויפּט־קריטעריע פאַרן יידישן וועלט־באַנעם, איז כדאי די דאָזיקע עלעמענטן אויפצוזוכן ביי שפּינאָזאַ און שפּעטער זיך איבערציינגן אויף וויפיל זיי פאַלן צונויף מיט דער א. ג. „רייך־יידישער" ריכטונג.

מיר וועלן זיך דערלויבן אַדורכצופירן אַן עקספּרעס־דעפּ־
לאַדע פון אַ ריי יידישע פילאָזאָפן, וועלכע שטייען מיט בײדע
פיס אויף דעם רייך־יידישן באָדן און די גרונט־שטריכן פון זייע־
רע שיטות פאַרגלייכן מיט די גרונט־שטריכן פון שפּינאָזאַס
שיטה. אַזוי אַרום, גלויבן מיר, אַרויסצובאַקומען דעם עקס־
טראַקט פון שפּינאָזאַס יידישקייט.

נעמען מיר דעם ריטער פון יידישע מיטלאַלטערלעכע פי־
לאָזאָפן — דעם ר מ ב " ם. דער ווערט פון דאָזיקן ביישפּיל
איז אַ טאָפּלטער: ערשטנס, ווייל דער רמב"ם אַלס בעל „יד
החזקה" און מחבר פון די „שלשה עשר עקרים" גילט אַלס
גרויסער רעליגיעזער אויטאָריטעט. צווייטנס אויך דערפאַר,
וואָס דער רמב"ם איז געווען אַן אָביעקט פון די שפּיציקסטע
פיילן, וואָס שפּינאָזאַ האָט אין אים געשליידערט. שפּינאָזאַ איז
געווען דעם רמב"מס שאַרפסטער קעגנער, פּונקט ווי ער איז
בכלל געווען אַ קעגנער פון אַלע אַריסטאָטעליקאַנער.

אין לעצטן פּרק פון „מורה נבוכים" (חלק שלישי נ"ד)
באַהאַנדלט דער רמב"ם אויספירלעך די גרונט־שטרעבונגען פון
דעם מענטש צו פולקאָמענקייט. פון די דאָזיקע באַטראַכטענישן
שיילט זיך אויס אויך אַ מערקווירדיקן שטייגער דעם רמב"מס
אייגנטלעכע גייסטיקע פיזיאָנאָמיע, זיין איינשטעלונג צו די
הויפּט־אויפגאַבן פון מענטשן בכלל. די פאַרפולקאָמונגען טיילט
ער איין אין פיר קאַטעגאָריעס לויט אַ ספּעציעלער שטייגערונג
פון מדרגות.

אַלס ערשטן, ד. ה. סאַמע פּרימיטיוון און נידעריקסטן מין
האַלט דער רמב"ם דאָס שטרעבן פון מענטשן צו רייכטום, ד.
ה. באַזיץ פון מאַטעריעלע גיטער („שלמות הקנין ר"ל מה
שימצא לאָדם ממון ובגדים וכלים ועבדו וקרקעו"), באַווייזנ־
דיק דערביי די נישטיקייט פון די דאָזיקע מענטשלעכע גלוס־
טונגען. טראַכט זיך נאָר אַריין אין דעם, און איר וועט באַלד
דערבליקן דעם אומנאַטירלעכן אייגנטום־צוזאַמענהאַנג פונם
מענטשן און זיינע מאַטעריעלע גיטער. דער דאָזיקער צוזאַמענ־
האַנג איז דאָך אין דער אמתן נאָר אַן איינגעבילדעטער („שאין
דבקות בינו ובין האיש ההוא כלל אבל הוא יחס אחר רוב הנאתו
דמיון גמור"). ווען די זעלביקע גיטער גייען איבער אין רשות
צו אַנדערע פּערזאָנען קומען דאָך ביי זייער פריערדיקן באַזי־

בער נישט פאַר קיין שום אינעווייניקסטע וועזנטלעכע ענדערונגען.

דער צווייטער מין איז שוין ממילא אַן עטוואָס העכערער — דאָס שטרעבן צו קערפּערלעכער פולקאָמענקייט, ד. ה. פיזישער געזונטקייט און שיינקייט פון גוף. אָבער אויך דאָס דערהויבט נאָך נישט דעם מענטש, ווייל סוף כל סוף זענען די דאָזיקע שטרעבונגען (שלמות גופני) נישט קיין אויסשליסלעך מענטשלעכע, נאָר זענען אייגנטימלעך פאַר אַלע בעלי־חיים. ביי די גרעסטע אָנשטרענגונגען אויף דעם געביט האָט דער מענטש קיינמאָל נישט באַוויזן צו ריוואַליזירן מיט אַנדערע ברואים. ער וועט קיינמאָל נישט דערגיין צום ריזיקן כוח פון אַ לייב אָדער העלפאַנט (לא ישיג לכח פרד אחד חזק כל שכן כח אריה או כח פיל).

אין אַ גאַנץ אַנדערער וועלט ווערט דער מענטש אַריינגעפירט דורך דעם דריטן מין, ד. ה. דורך זיין שטרעבן צו דער פולקאָמענקייט פון די זיטן, שלמות פון מאָראַליטעט („שלמות מעלות המדות"). אודאי שטייט דער דאָזיקער מין אויף אַ העכערער מדרגה איידער די צוויי פאָריקע. אָבער אויך דער דאָזיקער וועג איז נאָך נישט דער ענדגילטיקער. אין וואָס באַשטייט זיין חסרון? גאַנץ איינפאַך — ער איז נישט קיין ציל אין זיך גופא. (אינו תכלית בינו בעצמו). גוטע מדות האָבן נאָר אַן אָנווענדונג לגבי מיטמענטשן, לגבי דער געזעלשאַפט. זיטן אַן און פאַר זיך אָן זייער באַציונג צום צווייטן, האָבן נישט קיין שום באַדייטונג. ווען דער מענטש זאָל פון גורל ווערן פאַרוואָרפן אויף אַן אינזל, ווו ס'געפינען זיך נישט קיין מענטשן, וואָלטן אַלע זיינע פיינע מדות און זיטן פולשטענדיק געוואָרן ווערטלאָז. זיי האָבן נאָר אַ באַדייטונג „בין האדם ובין זולתו".

די אויסגערעכנטע דריי שטרעבונגען ווערן אָבער אינגאַנצן איינגעשרומפּן אַקעגן דער פערטער, העכסטער און ליכטיקסטער שטרעבונג פונם מענטש — צו אינטעלעקטועלע פולקאָמענקייט, ד. ה. צו שכלדיקער דערקענטעניש (המעלות השכליות).

די דאָזיקע שלימות איז דער העכסטער און לעצטער צוועק פאַר דעם מענטש (היא התכלית האחרונה), ווייל דורך איר קאָן ער אָן דער מיטהילף פון אַנדערע גאַנץ אַליין זיך גייסטיק

אויסלעבן, אַריינטראַכטן זיך און אינטעלעקטועל באַהעפטן מיט דעם אַבסאָלוט. דורך דעם ווערט רעאַליזירט די אינדיווידועלע דורכלויכטונג פון יחיד. „זה השלימות האחרון הוא לך לבדך אין לאחר עמך בו שתוף כלל — והיא לך לבדך ואין לזרים". די אינטעלעקטועלע השתלמות דאַרף זיין דער צייכן פאַר דעם העכערן טיפ, וואָס זאָל באַגרייפן זיין אינדיווידועלן מהות. דער רמב"מישער העכערער טיפ דאַרף שטרעבן צו אייגענער שלי־מות און נישט אַרבעטן פאַר אַנדערע („ולא תטרך ולא תיגע לאחרים").

זענען די דאָזיקע אויספירונגען פון רמב"ם באמת אין איינ־קלאַנג מיט דעם וועזן פון דער יידישער גייסטיקייט? צי פאַר־דערט זיך טאַקע ביי די פאַרערער פון די עשרת הדברות דער־הויפּט אינטעלעקטועלע שלימות, שטעלנדיק זי העכער אפילו פון דעם מענטשנס עטישער געלייטערטקייט? מיר צווייפלען דערין שטאַרק. דער דאָזיקער ריין־שכלדיקער בליק שטאַמט דערפון, וואָס דער רמב"ם איז געווען שטאַרק באַאיינפלוסט פון זיין מייסטער אַריסטאָטעלעס, וועלכן ער האָט גרענעצלאָז פאַרערט. אַריסטאָטעלעסן באַטראַכט ער אַלס תכלית פון מענטש־לעכן וויסן. אמת, דער רמב"ם באַוואָרנט זיך, אַז זיין אַריסטאָ־טעלעסשע נאָכפאָלגערשאַפט פאַרהאַלט זיך האַרט ביי דער גרע־נעץ פון די הימלישע קערפּערס, ד. ה. אַז אַריסטאָטעלעסעס אויספירונגען זענען ריכטיק בנוגע די ערדישע דערשיינונגען, אָבער נישט בנוגע די הימלישע קערפּערס. („...מה שאמרה ארסט"ו בכל הנמצא אשר מתחת גלגל הירח עד מרכז הארץ הוא אמת ולא יטה ממנו אלה מי שלא יבינהו או מי שקדמו לו דעות"). פונדעסטוועגן איז די השפעה פון געניאַלן גריך אויף דעם רמב"ם געווען אַן אומבאַזיגבאַרע; זי שטראַמט אַרויס — אָפּטמאָל קעגן ווילן פון מחבר — כמעט פון אַלע ווינקעלעך פון „מורה נבוכים". דער גאַנצער ענין וועגן שכל הפועל, שכלים נבדלים און גלגלים איז שטאַרק רעמיניסצענצירט פון אַריס־טאָטעלעסן.

דאָס מערקט זיך אפילו אויך אין דעם קאַרדינאַלן „ויתי־רוצצו", וואָס איז פאַראַן צווישן דעם רמב"ם און אַריסטאָטעלעסן לגבי דער אומלעזבאַרער פראַגע וועגן אורשפּרינגלעכקייט, אָדער באַשאַפנקייט פון דער וועלט. דער יידיש־רעליגיעזער וועלט־באַנעם האַלט, אַז די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן אַלס

יש מאין. אַריסטאָטעלעס דאַקעגן דערקלערט, אַז די וועלט איז אַ קדמון, די אַבסאָלוטע מאַטעריע איז אייביק און ווירקט לויט אירע אומפאַרענדערלעכע געזעצן. זי קאָן נישט אַנטשטיין און קאָן אויך נישט פאַרשווינדן. אין זיין באַקעמפן די דאָזיקע אַריסטאָטעלעסישע אויספירונגען, ווייזט דער רמב"ם אַרויס אַ שפּאָר ביסל פילאָזאָפישע וואַקלדיקייט. ער שפּירט, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן אַן עיקר־פּראָבלעם פון יידנטום. ער ווייזט, נעמלעך אָן, אַז אַריסטאָטעלעסיס באַווייזן זענען געשעפּט פון דער נאַטור, ד. ה. פון דער ווירקלעכער וועלט. עס איז אָבער — לויט דעם רמב"ם — אוממעגלעך צו באַנוצן זיך מיט אַרגו־מענטן פון דער רעאַלער שוין עקזיסטירנדיקער וועלט לגבי דעם צושטאַנד, אין וועלכן עס האָט זיך געפונען די וועלט, איידער זי איז דערגאַנגען צו דער מדרגה פון איר איצטיקער ווירקלעכקייט.

אָבער אויך ביים באַגרינדן די אייגענע טעזע פון „יש מאין", קעגן אַריסטאָטעלעסעס טעזע פון קדמות העולם שפּירט זיך אַ געוויסע אומאַנטשלאָסנקייט. די אַמביציע פונם רמב"ם גייט אין דער ריכטונג פון וועלן פעסטשטעלן די *באַווייזלאָזיקייט* פון אַריסטאָטעלעסעס טעזע: „וואָס עס האָט מיך באַוויגן וועגן דעם צו רעדן — זאָגט דער רמב"ם — איז דער אומשטאַנד, וואָס די נייערע אַריסטאָטעליקאַנער האַלטן, אַז ער האָט באַוויזן די אייביקייט פון דער וועלט". דער רמב"ם האַלט, אַז אַריסטאָטעלעס האָט נאָר וועגן דעם „באַהויפּטעט", אָבער באין אופן נישט „באַוויזן". מען אָפּערירט מיט „טענות", פאַרוואַנדלנדיק זיי אין מכלומרשטע „ראיות".

די אַריסטאָטעליקאַנער קאָנען אָבער פרעגן: „היתכן"? ווי קאָן דאָס געמאָלט זיין? אויב דער רמב"ם האַלט באמת, אַז מיקען נישט פון דעם איצטיקן פולקאָמענקייטס־צושטאַנד פון דער נאַטור אַרויסברענגען אַ מיינונג אָדער פאָרשטעלונג וועגן איר צושטאַנד נאָך פון יענער צייט, איידער זי איז געוואָרן פולקאָם, טאָ ווי אַזוי פירט עס דער רמב"ם אַדורך אַן „אייזער־נע" טעזע וועגן דער וועלט־באַשאַפונג אַלס יש מאין? פונוואַנען קען מען עס וויסן אַז דער צושטאַנד פון דער מאַטעריע איז פאַר דער וועלט־באַשאַפונג געווען אַזעלכער און נאָך דער וועלט־באַשאַפונג אַן אַנדערער? דערויף ענטפערט דער רמב"ם כמעט רעזיגנירט, אַז עס גייט אים גאָרנישט אין לעבן דוקא

צו באַווייזן, אַז די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן, ער ווייל נאָר אָנווייזן, אַז עס איז מעגלעד, אַז די וועלט זאָל קאָנען ווערן באַשאַפן („אפשרות היותו מחודש"). און בכלל גענומען האַלט דער רמב"ם די דאָזיקע פאַרפלאָנטערטע פראַגע פאַר אַן אומאַנטשיידענע, הגם ער איז „גענייגט" צו גלייבן אין דעם באַשאַף פון אַ יש מאין.

חפנים, אַז אויך ביי דער דאָזיקער קאַרדינאַלער פראַגע איז קענטיק דעם רמב"מס אינעווייניקסטע צעריסנקייט. ביי זיין גענייאַליטעט און אומגעהייער טיפן בליק בילדעט ער דאָך נישט קיין האַרמאָנישע גאַנצקייט און געשלאָסנקייט. לעולם שטייט ער אויף דעם פילאָזאָפישן באָדן און פון צייט צו צייט שטעלט ער זיך „על דעת תורתנו". דעם רמב"ם איז אַבוסל דערווידער אָפצופטרן אַריסטאָטעלעסעם טעזן מיט „גלאַטע" תירוצים, ווייל ער שפירט אין זיי די ריזיקע לאָגישע קראַפט. (מען טאָר נישט פאַרגעסן, אַז פאַרן רמב"ם איז דאָך די אינטעלעקטועלע דערקענטעניש אַלץ מיט אַנאַנדער). אין פילאָזאָפישע פאַרלעגנהייטן שטעלט דער יידישער פילאָזאָף, וועמעס העכסטער אידעאַל איז הכרה, אַריסטאָטעליסן אַקעגן — די געטלעכע אַנטפלעקונג. ער גלייבט, הייסט עס, אַז די וועלט איז אַזוי אַרום אַנטשטאַנען און נישט אַנדערש. צווישן די שורות פילט זיך עפעס נישט, אַז דער רמב"ם זאָל אפילו אין דאָזיקן ענין, באַלאַנגען צו אַריסטאָטעלעסעם אַנטשלאָסענע קעגנער. זיין דיסקרעטע וואַקלדיקייט און די האַלב־טענער זאָגן גייבער עדות וועגן די דעמאָלדיקע געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן און רעליגיעזע פאַראורטיילן, בעת וועלכע מען מוז זיין פאָרזיכטיק און שטאַרק איבערקלייבן מיט אַ פריי וואָרט. אַמבעסטן באַשטעטיקט עס די שפעטערדיקע קרוציאַטע קעגן „מורה נבוכים", וואָס איז אונטערגענומען געוואָרן דורך זיינע קעגנער מיט ר׳ שלמה פון מאָנפעליע בראש. דאָס איז געווען אַ פאַרביטערטער קאַמף פון דעם דאָגמאַטישן רבניזם קעגן דער פילאָזאָפישער פריידענקעריי. זיי האָבן עפעס „דערשנאַפט", אַז דעם רמב"מס פילאָזאָפיע איז סותר די גרונט־פרינציפן פון טראַדיציאָנעל־רעליגיעזן יידנטום.

דאָס בילד פון די רבנים וואָס זענען געקומען צו די דאָמיניקאַנער בעטן אינקוויזיציע־הילף קעגן דעם „זינדיקן" ספר ''Duxe Nutrorum'' („מורה נבוכים"), וואָס איז פאַר־

פאַסט געוואָרן דורך דעם „אַפּיקורס" משה פון מצרים, דעקט זיך פולשטענדיק מיט דעם בילד פון די אַמסטערדאַמער רבנים און פרנסים, וועלכע זענען געקומען צו דער שטאַט־מאַכט און גע־בעטן הילף קעגן דעם „געפערלעכן" ווידערשפעניקער בענע־דיקט דע שפּינאָזאַ.

פונדעסטוועגן האָט זיך דעם רמב"מס רעפּוטאַציע שוין איינגעשטעלט און קיינער וועט זיך נישט דערוועגן צו פאַר־אורטיילן זיין שיטה אַלס נישט־יידישע.

מיר האַלטן אָבער, אַז דעם רמב"ם פילאָזאָפיע איז לויט איר מעטאַפיזיק, מענטשלעכע באַשטימטקייט, שטעלונג צו השא־ארת הנפש און בעיקר לויט דער סופּרעמאַציע פון לאָגיק אי־בער דער עטיק אַ שפּאַר ביסל וויטלעך פון דעם עטיש־אוני־ווערסאַלן אַבסאָלוט פון דעם יידנטום.

אַנדערש זעט די זאַך אויס ביי שפּינאָזאַן, וועלכער צייכנט זיך אויס מיט אינזווייניקסטער געשלאָסנקייט. דער צענטראַל פּונקט פון זיין פילאָזאָפיע איז די זיטלעכקייט, שוין נישט רעדנ־דיק דערפון, וואָס זיין הויפּט־ווערק טראָגט דעם נאָמען „עטיק". אמת, מען דאַרף אומבאַדינגט שטרעבן צו אינטעלעקטועלע־שלימות, בכדי צו באַהערשן די עמאָציעס און אַפעקטן, אַלס ענדציל אָבער גילט ביי אים תמיד דאָס מענטשלעכע פרידלעכע צוזאַמענלעבן, מענטשלעכע גליקזעליקייט.

ווי אַ שפּענדל אויפן צעבושעוועטן ים ווערט דער מענטש שטענדיק געשליידערט און געטריבן דורך די ליידנשאַפטס־כוואַ־ליעס, וועלכע לויפן דורך אומצייליקע קאַנאַלן און טרעפן זיך ענדלעך צונויף אין צוויי גרונטגעפילן: Laetitia (פרייד) און Tristitia (טרויער). דער מענטש מוז זיך אַליין דערפירן צום צושטאַנד פון פולשטענדיקער ליידנשאַפטסלאָזי־קייט, ממילא וועלן פאַרשווינדן אַלע מניעות, וואָס געפינען זיך אויף דעם וועג צו אַ האַרמאָניש ברידערלעך צונויפלעבן.

די אינטעלעקטועלע שלימות זאָל דעם מענטש געבן פריי־הייט, דער מענטש דאַרף פאָלגן זיין אינעווייניקסטע פאַרנונפט־שטים און אַזוי אַרום אינגאַנצן באַפרייט ווערן פון אויסנווייי־ניקסטן צוואַנג. די מענטשלעכע פרייהייט באַשטייט פון אויס־שליסלעכער סובאָרדינאַציע לגבי די געזעצן פון אייגענעם גייסט און בזה האופן באַדינגט דער מענטש אַליין זיינע טאַטן. דער מענטש פאַרבינדט זיין גאָט־אידעע מיט דעם גליקזעליקייטס־אי־

דעאַל. ווען ער טרעט אַריין אין דער דריטער סטאַדיע פון דערקענטעניש Scentia Intuitiva הערשט שוין אַ געלייטערטע זעלישע מנוחה, עס פאַרשווינדן אַלע קאָנפליקטן, מענטשן פאַרשטייען זיך שוין און זענען זיך קעגנזייטיק אַלץ מוחל. דעמאָלסט באַהערשט דעם מענטשן אַ גרויסע לעבנספרייד, ווייל דאָס לעבן אין זיך גופא איז גוט.

דאָס איז אַ גלגול פון דעם אַלט־יידישן אָפּטימיזם — וירא כי טוב. און גערעכט איז אודאי דער פאַרביסענער קעגנער פון דעם יידישן וועלט־באַנעם, דער טריבער פעסימיסט אַרטור שאָפּענהויער, ווען ער וואַרפט פאָר שפּינאָזען, אַז זיין אָפּטימיזם איז צו ביבליש, אַז ער אַנטציקט זיך צו פיל מיט דער וועלט און הייסט דעם מענטשן געניסן. ער פאַרטרייבט פון זיך די שאָטנס פון טויט און דענקט כסדר נאָר וועגן לעבן.

''Homo liber, hocest, qui e solo rationis dictamine vivit mostis metu non ducitur, sed bonum directe supit. (''Ethica' Pars IV propos LXVII).

(„דער פרייער מענטש, ד. ה. דער, וואָס לעבט לויט דער אָנווייזונג פון שכל, ווערט קיינמאָל נישט געפירט דורך קיין טויט־שרעק, נאָר באַגערט אוממיטלבאַר דאָס גוטע"). נאָכמער דערמאָנט עס אין די ווערטער פון „דברים": ...החיים והמות נתתי לפניך, הברכה והקללה ובחרת בחיים". דער העכערער אינסטינקט זאָגט דעם בעל שכל שטענדיק אונטער אויסצוקלייבן דאָס לעבן, ווייל ס'איז אין תוך גוט און אויסמיידן דעם טויט, וועלכער איז אין תוך שלעכט.

שפּינאָזאַ האַלט, אַז אינטעלעקטועלע שלימות איז נאָך נישט מסוגל צו פאַרטרייבן דעם מענטש אין מדבר אַריין און מאַכן אים אומאָפּהענגיק פון דער סביבה, די פאַרנונפט־פולקאָמענקייט באַהויכט אים מיט גייסטיקער ליבע צו מענטשן און צו גאָט. וואָס איז דען שפּינאָזאַס גאָט אויב נישט הוילע עטיק? זיין Deus sive natura זאָגט דאָך עדות, אַז אויך די נאַטור איז אין אירע געזעצן עטיש. אַ מענטשלעך־עטיש לעבן הייסט געלעבט אין איינקלאַנג מיט די נאַטור־געזעצן. זיין גאָט־דעפיניציע קאָן דאָך ווייטער וואַריאירט ווערן אין Deus sive veritas (גאָט אָדער אמת), Deus sive virtus (גאָט אָדער טוגנט) Deus sive amor (גאָט אָדער ליבע) א. א. וו. פון דאָזיקן דרינגט דאָך בולט אַרויס די פאָרשטעלונגען פון א ה ב ת

ה אָ ד ם און א ה ב ת ה׳. צי איז דאָס נישט דורכ־
אויס יידיש? בפרט, ווען שפינאָזאַ האַלט, אַז אַ חוץ דער איני
טעלעקטועלער ליבע צו גאָט, איז קיין שום ליבע נישט אייביק.

וואָס פאַר אַ שכר אייגנטלעך וועט דער מענטש באַקומען פאַר זיין צניעותדיק לעבן? שפינאָזאַ ענטפערט דערויף:

„גליקזעליקייט (Beatitudo) איז נישט קיין שכר (praemium) פאַר טוגענט, נאָר די טוגענט אַליין. נישט דערפאַר פרייען מיר זיך מיט איר, ווייל מיר האַלטן איין (coercemus) די תאוה, נאָר פאַרקערט, ווייל מיר פרייען זיך מיט איר זענען מיר בכוח איינצוהאַלטן די תאוה״.

"Ethica' Pars V-XLII.

די דאָזיקע דערהויבענע פאַרשטעלונג וועגן טוגנט אָן און פאַר זיך אָן אַ וועלכע עס איז אויסנווייניקסטע באַלוינונג, איז דאָך אין גרונט גענומען דורכאויס־יידיש. דאָס שטעלט אַוועק אין מיטלפונקט פון זעלישן לעבן די אַבסאָלוט־ריינע מאָראַל לשם מאָראַל. די באַלוינונג פאַר דעם גוטן איז דאָס גוטע אַליין, די שטראָף פאַר דעם שלעכטן, איז דאָס שלעכטע גופא.

צי איז דאָס נישט אין הסכם מיט די ווערטער פון בן עזאי: „שכר מצוה — מצוה ושכר עברה — עברה״?

מיר וועלן דאָ פרווון אַדורכפירן אַ פּאָר פאַרבינדונגס־שטריכן און שייך־פונקטן צווישן רמב״ם און שפינאָזאַ, בכדי אויסצוגעפינען די קעגנזייטיקע באַציונג פון די דאָזיקע צוויי סיסטעמען צווישן זיך און זייער געמיינזאַמע שטעלונג צו די א. ג. יידישקייט־פּראָבלעמען.

קדום־כל פאַרייניקט שפינאָזאַן מיט רמב״ם דער אַ ב ס־ט ר אַ ק ט ע ר ג אָ ט ־ ב אַ ג ר י ף. די טעזע פון רמב״ם אַז גאָט איז דורך קיין שום זאַך נישט באַשרענקט און, אַז עס איז נישטאָ קיין שום ענלעכעס צו אים (אין לא שום דמיון כלל), דערמאָנט שטאַרק אָן שפינאָזאַס אַבסטראַקטן באַגריף, וועגן גאָט אָדער סובסטאַנץ. די אומדערקענבאַרקייט פון גאָטס וועזן האָט אַ שטאַרקן שייכות צו שפינאָזאַס מיינונג וועגן דעם, אַז דער מענטש איז ביכולת צו דערקענען נאָר צוויי געטלעכע אַטריבוטן (דענקען און אויסגעשפּרייטקייט). די „איבעריקע״, ד. ה. די אומצייליקע אַטריבוטן, זענען דעם מענטשן לגמרי נישט צוגענגלעך, זיין דערקענטעניש האָט צו זיי נישט קיין דריסת הרגל. דער רמב״ם פון זיין זייט האַלט, אַז דער מענטש קאָן

אפשר אַ סך רעדן וועגן גאָט, דאָס הייסט, אָבער נישט, אַז מיט זיינע רייד ווייסט ער עפּעס מער וועגן גאָט. דער רמב"ם פאַר־רופט זיך דערביי אויף די ווערטער פון ירמיה „קרוב אתה בפי־הם ורחוק מכליתהם". דאַקעגן רעקאָמענדירט דער רמב"ם דעם פאַרנונפטיקן מענטש, אַז ער זאָל אין זיינע טיפענישן שטיל זיך אַריינטראַכטן אין דעם וועזן פון גאָט. ער באַשטעטיקט דאָס מיט די ווערטער פון תהלים: „אמרו בלבבכם על משכבכם ודמו סלה". דער רמב"ם שטעלט העכער די שכלדיקע דערקענ־טעניש איבער תפילות און מעשים טובים.

עבודת הבורה פאַרפלאָנטערט זיך אָפט אין אַנטראָפּאָמאָר־פיזמען און אַנטראָפּאָפּאַטיזמען, צושרייבנדיק גאָט אַ מענטש־לעכע געשטאַלט און מענטשלעכע פונקציעס. דעם רמב"מס פאָרשטעלונג וועגן גאָט איז אָבער הערמעטיש אָפּגעשיידט פון וועלכער עס איז מענטשלעכע אייגנשאַפטן.

שפּינאָזאַ שטרייכט אויך כסדר אונטער, אַז גאָט איז פריי פון וועלכע עס איז אַפעקטן. גאָט איז אַן אַלוועזן, וואָס באַ־שטייט פון אַן אומענדלעכע צאָל אַטריבוטן פון וועלכע יעדער איינער פון זיי דריקט אויס אַן אייביקן און אומענדלעכן אינ־האַלט.

דער רמב"ם אונטערשיידט זאַכן רעלאַטיוו־עקזיסטירנדי־קע פון זאַכן אַבסאָלוט־עקזיסטירנדיקע, ד. ה. — וועזנס מעג־לעכע פון נויטווענדיקע.

גאָט איז — לויט דעם רמב"מס אויפפאַסונג — אַ כוח, וועמעס עקזיסטענץ איז אַן אומבאַדינגט־נויטווענדיקע. באַשאַ־פענע זאַכן אונטערליגן דעם שטראָם פון דער צייט, גאָט אָבער, אַלס ערשט־ווירקנדיקע אורזאַך (סבה הראשונה) איז אייביק.

שפּינאָזאַ זאָגט:

1) „...גאָט איז די ווירקנדע סבה פון אַלץ, וואָס דער אומ־ענדלעכער שכל קאָן אומפאַסן".

2) „גאָט איז די סבה פון זיך אַליין און נישט דורך עפּעס זייטיקעס.

3) גאָט איז אַבסאָלוט די ערשטע סבה.

דער רמב"ם אַלס ראַציאָנאַליסט האַלט די אינטעלעקטוע־לע דערקענטעניש אַלס די העכסטע אויפגאַבע פון מענטש. אַלע עמאָציעס און אַפעקטן דאַרפן ווערן אונטערגעאָרדנט דער מע־טיקייט פון שכל. שפּינאָזאַ, אין אַ געוויסן זין, אַלס נישט קיין

קלענערער ראַציאָנאַליסט, האַלט, אַז דער מענטש, שטרעבנ־דיק צו עטישער פולקאָמענקייט, דאַרף איבערגעוועלטיקן די שעדלעכע אַפעקטן. די עמאָציעס וואָס דערשיטערן אונדז, מוזן ווערן באַהערשט דורך דעם גייסט. דער גייסט קלייבט זיך פאַ־נאַנדער אין די אַפעקטן, וואָס ווירקן נויטווענדיק און אין דעם דערקענטעניש־פּראָצעס איז ער זיי גובר — שפינאָזאַ זאָגט: „וואָס מער דער גייסט פאַרשטייט אַלע זאַכן, אַלס נויטווענדי־קער, אַלס אַ גרעסערע מאַכט פאַרמאָגט ער איבער די עמאָ־ציעס.

ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, באַשטייט דעם רמב"מס פילאָזאָפיע פון אַ יידיש־טעאָלאָגישן און אַן אַריסטאָטעליש־פילאָ־זאָפישן תוכן. דער רמב"ם האָט זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז עס איז ניט פאַראַן קיין ווידערשפּרוך צווישן די רעליגיעזע־דאָגמען און אַריסטאָטעלישע טעזן ד. ה„ צווישן גלויבן און שכל. שפּי־נאָזאָס אויספירונגען זענען אויסן צו באַגרינדן אַ גאַנץ אַנדע־רע טענדענץ. פונדעסטוועגן זענען אויך אפילו אויף דעם געביט פאַראַן צווישן רמב"ם און שפינאָזאַ געוויסע פאַרבינדונגס־פונקטן.

ווען מען שטעלט צונויף דעם „טעאָל.־פאָל.־טראַקטאַט" מיט דעם צווייטן חלק פון „מורה־נבוכים", — שטעלט זיך אַרויס, אַז שפינאָזאַ — הגם ער האָט געהאַט אַ גרונט־אַנדערע שטע־לונג— איז דאָך געווען אונטער אַ שטאַרקן איינפלוס פונם רמב"ב. ער באַהאַנדלט די זעלביקע פּראָבלעמען. דערהויפּט האָט ער אַ שייכות צו די פּראָבלעמען פון נבואה, נביאים, באַגאַבטקייט פון פאַראויסזאָגן, געטלעך געזעץ, רעליגיעזע מנהגים, נסים, אינטערפּרעטאַציע פון די כתבי־הקודש, א. ד. גל. אָפטמאָל אַנאַ־ליזירט שפינאָזאַ די זעלביקע אָפּזאַצן פון די כתבי הקודש, באַ־נוצט זיך מיט די זעלביקע ביישפּילן, אַפילו זאַצן און טיילמאָל דערגייט ער אפילו צו די זעלביקע אויספירונגען.

בנוגע דעם אָפּשאַצן די ראָל פון די נביאים איז דאָ פאַראַן אַ וועזנטלעכער אונטערשייד. שפינאָזאַ האַלט נישט די נביאים פאַר קיין דענקער און פילאָזאָפן, נאָר אַז די נבואה איז אַ רעזול־טאַט פון אַ רייכער פאַנטאַזיע. דער רמב"ם זאָגט, אַז די נבואה איז זיך סומך אויף דריי יסודות: 1) שלימות פון דענקען, 2) שלי־מות פון אַ רייכער פאַנטאַזיע און 3) שלימות פון מאָראַל. שפינאָ־זאַ דאַקעגן אַנערקענט נאָר צוויי יסודות פון דער נבואה: 1)

שלימות דער פאַנטאַזיע און 2 שלימות פון מאָראַל. דער נביא איז געווען אַ מאַן פון גערעכטיקייט... דאָס געמיט פון די נביאים איז געווען אויסשליסלעך געווענדעט צו דער גערעכטיקייט און גוטס. שפינאָזאַ האָט פון דער נבואה אינגאַנצן עלימינירט דעם שכל־מאָמענט.

דער רמב"ם פירט אַרויס צוויי אַרטן פון רעכט: מענטשלעכע, אָדער געזעצגעבערישע רעכט, וועמענס הויפּט־צוועק איז פאַרזיכערן דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן דורכן באַזייטיקן געוואַלט, איבערמאַכט און רעכטלאָזיקייט, נישט אַכטנדיק, אינגאַנצן דערויף, צי דאָס העלפט מיט צו פאַרפולקאָמען די אמונה, ד. ה. פּראָפּאַגירן געזונטע באַגריפן וועגן גאָט און מלאכים, ווי אויך דערציען דעם מענטש צו אמתער דערקענונג און ליבע צו גאָט.

מיט 500 יאָר שפּעטער דערקלערט שפּינאָזאַ: אונטער מענטשלעך רעכט פאַרשטיי איך דעם לעבנס־שטייגער, וואָס דינט צו פאַרזיכערן דאָס לעבן און די אינטערעסן פון דער געזעלשאַפט. אונטער געטלעך רעכט, ווידער, פאַרשטיי איך אַזאַ, וואָס האָט אַ שייכות אויסשליסלעך צום העכסטן גוטס, ד. ה. דעם אמתן דערקענען און ליב האָבן גאָט („טעאָל.־פּאָל.־טראַקט. קאַפּ. 4. פּאַר. 9).

דער באַגריף פון השארת הנפש איז ביים רמב"ם פאַרבונדן מיט אינטעלעקטועלער דערקענטעניש. אָבער אויך שפּינאָזאַ האַלט, אַז דער מענטשלעכער גייסט גייט נישט לאיבוד צוזאַמען מיט דעם גוף. עס בלייבט פון אים עפּעס. וואָס עס איז אייביק און דער אייביקער טייל פון גייסט איז טאַקע דער שכל.

פאַרשטייט זיך, אַז אין דער פראַגע פון השארת הנפש ווייכט דער רמב"ם שטאַרק אָפּ פון דער יידישער טראַדיציאָנעלער דאָגמאַטיק און קאָנסטרואירט אַ פילאָזאָפישע קאָנצעפּציע פון אַ דענקענדן אויבער־מענטש. דער דאָזיקער אינטעלעקטועלער אַריסטאָקראַטיזם דרינגט אָרגאַניש אַרויס פון דעם רמב"מס גאַנצן פילאָזאָפישן סיסטעם, וואָס בוקט זיך פאַר דער אינטעלעקטועלער דערקענטעניש, וואָס נאָר זי איז מסוגל אַריינצופירן דעם מענטש אין מלכות פון אומשטערבלעכקייט. צו דער דאָזיקער מדרגה קאָנען זיך דערהויבן נאָר יחידי סגולה. דער שכל עפנט די טויערן צום קעניגרייך פון „אומשטערבלעכקייט".

ווען מען זאָל פּרוּוון צונויפשטעלן דעם רמב"ם מיט דעם בעש"ט, וואָס פאַראַ שרייענדיקע קעגנזאַצן!...

שפּינאָזאַ באַהויפּטעט, אַז אונדזער גייסט, אויף וויפיל ער אַנטהאַלט דעם תוכן פון גוף אונטער דעם אָנבליק פון אייביקייט, איז ער אייביק, זיין עקזיסטענץ ווערט נישט באַגרעניצט דורך דער צייט. אונדזער גייסט איז אַ געטרייע אָפּשפּיגלונג פון גאָטס דענקען, וואָס דרינגט אוממיטלבאַר אַרויס פון גאָטס אומענדלעכן פאַרשטאַנד. על כן — לויט שפּינאָזאַ — קען דער מענטשלעכער גייסט נישט ווערן אינגאַנצן פאַרניכטעט מיט דעם גוף, נאָר עס בלייבט עפּעס פון אים, וואָס עס איז אייביק. צו דעם דאָזיקן שטאַפּל קענען זיך דערהויבן נאָר יחידי סגולה, וואָס זענען באַהערשט מיט אינטעלעקטועלער ליבע צו גאָט.

אודאי פאַרייניקן שפּינאָזאַ מיט דעם רמב"ם פּונקטן, וואָס ווייכן אָפּ פון דעם דאָגמאַטישן יידנטום. עס אונטערשיידן זיי אָבער פּונקטן, וואָס דערנענטערן שפּינאָזאַן צו די אור־קוואַלן פון יידנטום. ער האָט באַשאַפן אַן עטיק, אין וועלכער עס קאָך זיך אין דער פולסטער קראַפט אויסלעבן די ריין־יידישע פּערזענלעכקייט.

(.1934)

# פון חשבון הנפש

## (לויט דעם רמב״ם און שפּינאָזע)

אינעם טאָג־טעגלעך לשון, וואָס לעבט שוימיק אין פאָלקס־
מויל, האָבן די צוויי געאיידלטע ווערטער „חשבון־הנפש" שטענ־
דיק געהאַט אַ באַזונדערן פּסיכישן ווידערקלאַנג. זיי האָבן זיך
באַשיימפּערלעך אָפּגעשפּאָלטן פון וואָכעדיקן ווערטער־סכום.
זיי האָבן אויף אַ גאָר דינעם שטייגער זיך געפּעדימט מיט דער
„שעה זאָל נישט זיין"דיקער שטימונג פון „חשבון־צדק", וואָס
דאָס געוויסן מאָנט ביי יעדן ייד אין די מינוטן פון „אָפּראַנ־
קען", ווען דער מענטש שפּאַנט באַרג־אַראָפּ אויפן וועג „פונעם
יאַריד"...

ס׳זענען אָבער פאַראַן טעג, ווען נישט בלויז דער יחידי־
שער גורל פירט צו חשבון־הנפשדיקע באַטראַכטונגען. דאָס
זענען די האַרבסטיקע אלול און תשרי־טעג. זיי ווייען מיט
„פורכט" און וועקן ס׳יידיש געוויסן. דעמאָלט איז דער קאַנאָ־
ניזירטער „סעזאָן" פאַרן אַלגעמיינעם אַריינטרעטן אין אייגע־
נעם „איך" און באַגלייך פאַר בצבורדיקן חשבון הנפש. די אינ־
דיווידועלע קלעמענישן, יידישע צאַפּלענישן און איינצלנע פלאַ־
טערדיקייטן ווערן אָפּגעריסן פון פערזענלעכן שורש און ווערן
אַריינגעגאָסן אין אַלגעמיינעם ריטם פון קאָלעקטיוון שטראָם,
אין וועלכן יעדער ייד „ציטערט ווי אַ פיש אין וואַסער"...

אמת, פאַר אַלע יחידים, וואָס ציילן אויספירלעך איבער
מיט גרוים באַדויער די אייגענע נישט־פוּיגלדיקע האַנדלונגען
און דרוקן הכנעהדיקע אויס די גרייטקייט זיך צו פאַרבעסערן,
איז געגעבן אַן אַלגעמיינער געבעט־נוסח, וואָס לייגט אַריין אין
זייער מויל „פאַרטיקע" רייד, ווי אַזוי זיך צו באַקענען צו די

אייגענע זינד, חרטה האָבן אויך זיי, און ווי אַזוי אויסצופועלן ביים באַשעפער פאַרגעבונג. מ׳דאַרף אָבער פאַרשטיין, אַז דאָס איז די שטענדיקע הנחה, וואָס יעדע אידעאָלאָגיע און בפרט יעדע רעליגיע מאַכט פאַרן „פשוטן" מענטש, וואָס איז נישט מסוגל זיך אַליין דערטראַכטן צו די מעטאַפיזישע וואָרצלען פון דער אייגענער אמונה. אָבער איבער די טעקסטועלע „יהי־רצונס", תפילות און איינגלייבעניש־שפּרוכן הויבט זיך אַ גע־לייטערטער יידישער וועלטבאַנעם אין וועלכן ס׳איז אויך פאַר־שטריקט די אידעע פון חשבון הנפש, וואָס דאַרף לויט דער אינעווייניקסטער לאָגיק פירן צו זעלישער שלימות.

אין תוך איז דער יידישער באַגריף פון חשבון הנפש פאַר־בונדן מיט אַ כסדרדיקן פּסיכישן פּראָצעס, וואָס באַשטרעבט דעם מענטשן אומאויפהערלעך גייסטיק און עטיש צו לייטערן. דער שטיצפּונקט פאַר אַט־דעם פּראָצעס איז דער שטענדיק־עקבערנדיקער אינעווייניקטער געבאָט, וואָס טרייבט דעם בר־נש — נישט אָפּרייסנדיק זיך פון דער מאַטעריעלער וועלט — אַריינטרעטן אין זיך, וועגן און מעסטן די שווין אָפּגעטוענע און די באַפאַרשטייענדיקע מעשים, בכדי אָפּצווייניקן דעם וועג פאַרן ווייטערדיקן שטייגן.

די געהויבענע שעהן פון חשבון הנפש זענען נישט נוגע בלויז די געדאַכטע ימים נוראים, נאָר דאַרפן תמיד זיין דורכ־געפלאָכטן מיטן טעגלעך לעבן; זיי דאַרפן זיך קייטלען מיט אַ פּערמאַנענטער פּסיכישער זעלבסטקריטיק. די ימים נוראים מיט זייער ריטועלער ווייסקיטלדיקער יום־הדין־שטימונג זענען גי־כער אַ סימבאָלישער הויכפּונקט, ווען דער מענטש באַמיט זיך אין באַגער צו שלימות מאַכן סומאַרישע אויספירונגען הן בצי־בור והן אינדיווידועל בלחש. אָבער הויכפּונקט הייסט נאָך נישט דער ה ע כ ס ט ע ר פּונקט און סומאַרישע אויספירונגען הייסט נאָך נישט אונטערציען דעם ע נ ד ג י ל ט י ק ן ס ך ־ ה כ ל. די חשבון־הנפש־ליניע איז אַ שטענדיק־פליסיקע און ס׳איז נישט שייך צו רעדן וועגן אַ סופיקן באַלאַנס.

דער יידישער וועג צו שלימות פירט לויט זיין מהות דורך מענטש צו גאָט. אָבער נישט פאַר יעדן איז קלאָר דער אייגנט־לעכער סדר פון די שלימות־שטאַפּלען. ס׳איז אוודאי כדאי צו וויסן: צי ווערט מען דורך עטישער שלימות אויך אינטעלעק־טועל פאַרפולקומט, אָדער פאַרקערט — דורך אינטעלעקטועלער

דערהויבנקייט ווערט מען אויך עטיש געזויבערט. אויף דעם געביט זענען בולט צעטיילט די מיינונגען פון די אָנערקענטע יידישע עטיקער און פילאָזאָפן, פאַר וועלכע דעם מענטשנס שטרעבן צו שלימות איז די אַקס פון זייער פילאָזאָפישן וועלט־באַנעם.

צוויי גרויסע יידישע פילאָזאָפן האָבן זיך מיט דער פראַגע באַשעפטיקט: דער רמב"ם און ברוך שפּינאָזע.

אין לעצטן קאַפּיטל פון „מורה נבוכים" (חלק שלישי, פרק נ"ד) באַהאַנדלט דער רמב"ם אויספירלעך די גרונט־שטרעבונ־גען פונעם מענטש צו שלימות. פון די זעלביקע באַטראַכ־טונגען שיילט זיך אויס אויף אַ מערקווירדיקן שטייגער דעם רמב"מס אייגנטלעכע גייסטיקע פיזיאָנאָמיע, זיין שטעלונג צו די הויפּט־אויפגאַבן פון מענטש בכלל. די פאַרפולקאָמונגען טיילט ער איין אין פיר קאַטעגאָריעס לויט אַ ספּעציעלן שטייגער־וועג פון מדרגות.

פאַרן ערשטן, פּרימיטיווזן און נידעריקסטן מין האַלט דער רמב"ם דעם מענטשנס שטרעבן צו רייכטום ד"ה צום באַזיץ פון מאַטעריעלע גיטער. (שלימות הקניין ר"ל מה שימצא לאדם ממּמון ובגדים וכלים ועבדים וקרקעת"), באַווייזנדיק דערביי די נישטיקייט פון דעם מין מענטשלעכע גלוסטונגען. אָט דער צוזאַמענהאַנג איז דאָך אין דער אמתן נאָר אַן א י נ ג ע ב י ל־ ד ע ט ע ר („שאין דבקות בינו ובין האיש ההוא כלל, אבל הוא יחס אחר רוב הנאתו דמיון גמור"). אַז די זעלביקע גיטער גייען איבער אין רשות צו אַנדערע פּערזאָנען, קומען דאָך ביי זייערע פריערדיקע באַזיצער נישט פאַר קיין שום אינעווייניקסטע וועזנטלעכע ענדערונגען.

דער צווייטער מין איז שוין ממילא אַן עטוואָס העכערע־ר — סישטרעבן צו ק ע ר פּ ע ר ל ע כ ע ר שלימות. ד"ה פיזי־שער געזונטקייט און שיינקייט פון גוף. אָבער אויך דאָס דער־הויבט נאָך נישט דעם מענטש, ווייל סוף כל סוף זענען אָט־די שטרעבונגען (שלימות גופני) נישט קיין אויסשליסלעך מענטש־לעכע, נאָר זענען אייגנטימלעך פאַר אַלע בעלי־חיים. ביי די גרעסטע אָנשטרענגונגען אויף דעם געביט וועט דער מענטש קיינמאָל נישט באַווייזן צו ריוואַליזירן מיט אַנדערע ברואים. ער וועט קיינמאָל נישט דערגיין צום ריזיקן כוח פון אַ לייב אָדער העלפאַנט („לא ישיג לכח פרד אחר חזק כל שכן כח אריה או כח פיל").

אין אַ גאַנץ אַנדערער וועלט ווערט דער מענטש אַריינגעפירט דורך דעם דריטן מין. ד״ה דורך זיין שטרעבן צו פולקאָמענקייט פון די זיטן, שלימות פון מאָראַליטעט („שלמות מעלות המדות״). אודאי שטייט אָט־דער מין אויף אַ העכערער מדרגה איידער די צוויי פריערגעדאַכטע מינים. אָבער אויך דער דריטער וועג איז נישט דער לעצטער. אין וואָס באַשטייט זיין חסרון? גאָר פּראָסט — ער איז נישט קיין ציל אין זיך גופא („אינו תכלית כונה בעצמו״). גוטע מידות האָבן נאָר אַן אָנווענדונג לגבי מיט־מענטשן, לגבי דער געזעלשאַפט; זיטן גענומען פאַר זיך אָן זייער שייכות צום צווייטן, האָבן נישט קיין שום באַדייטונג. ווען דער גורל זאָל דעם מענטשן — לאָמיר זאָגן — פאַרוואַרפן ערגעץ אויף אַן אינדזל, וווּ ס׳געפינען זיך נישט קיין מענטשן, וואָלטן אַלע זיינע פיינע מידות און זיטן געוואָרן אינגאַנצן ווערטלאָז. זיי האָבן נאָר אַ באַדייטונג „בין האדם ובין זולתו״.

די אויסגערעכנטע דריי שטרעבונגען ווערן אָבער אינגאַנצן איינגעשרומפּן קעגן דער פערטער, העכסטער און לויטן רמב״ם — ליכטיקסטער שטרעבונג פונעם מענטש — צו אינטעלעקטועלער פולקאָמענהייט ד״ה צו שכלדיקער דערקענטעניש („המעלות השכליות״).

די אינטעלעקטועלע שלימות איז דער העכסטער און לעצטער ציל פונעם מענטש („היא התכלית האחרונה״), ווייל דורך איר קאָן ער אָן דער מיטהילף פון אַנדערע גאַנץ אַליין זיך גייסטיק אויסלעבן, אַריינטראַכטן זיך און אינטעלעקטועל באַהעפטן מיט דעם אַבסאָלוט. דורך דעם ווערט רעאַליזירט די פולע דורכלויכטונג פון יחיד. די אינטעלעקטועלע השתלמות דאַרף זיין דער צייכן פאַר דעם העכערן טיפ, וואָס זאָל באַגרייפן זיין אינדיווידועלן מהות.

פון דעם איז קלאָר צו זען, אַז די העכסטע מידה פון יחיד איז די אינטעלעקטועלע שלימות, ווייל נאָר זי איז מסוגל צופירן דעם מענטשן צום ענדגילטיקן אידעאַל — הכרת הבורא — גאָט־דערקענטניש. אין הסכם דערמיט דערקלערט דער רמב״ם זיין באַזונדערן בליק אויף דעם ענין פון השגחה פּרטית. די השגחה איז חל נאָר אויף פאַרנונפטיקע מענטשן, ביי וועלכע דאָס דענקען איז געווענדעט אויף גאָט. וואָס שלימותדיקער עס איז דעם מענטשנס אינטעליגענץ אַלץ מער ווערט

ער באַשטראַלט פון דער געטלעכער השגחה. זי אַנטפּלעקט זיך נאָר צו מענטשן, ביי וועלכע עס ליגט פאַרבאָרגן דער טייל פון דער גאָטהייט — דער ש כ ל מ ו פ ר ד. און דאָס זעלביקע איז אויך מיטן פּראָבלעם פון ה ש א ר ת ה נ פ ש. סיווענדט זיך נאָר אין מענטשנס שכלדיקער פּאָטענץ, אַז ער זאָל באַווייזן זי אַזוי צו אַנטוויקלען, אַז זי זאָל קענען איבערגיין מן הכוח אל הפועל, ד"ה אַרויסשלאָגן פון זיך אינטעלעקטועלע פונקען, וואָס זאָלן אים פאַרייניקן מיט דעם אוניווערסאַלן פלאַם פון אַקטיוון וועלט־שכל, אַזוי אַרום ווערט דער מענטשלעכער גייסט אומשטערבלעך.

צו אָט דער מדרגה אָבער קאָן זיך נישט יעדער בשר ודם דערהייבן; דער וועג איז אָפן נאָר פאַר גייסטיקע ריזן, פאַר יחידי סגולה. דער גרויסער אומוויסנדיקער המון גייט פאַר דער אייביקייט אינגאַנצן לאיבוד. די אומשטערבלעכקייט געהערט נאָר דעם א. ג. אדם בפועל.

וואָס שייך ווידער דעם איבערוואָג פון שכל איבער עטיק, איז אפשר אויך אָנצונעמען, אַז דעם מענטשנס שטרעבן צו גאָט־דערקענטעניש איז ממילא כולל אין זיך דאָס שטרעבן צום אַבסאָלוט עטישן.

לאָמיר אַ ווײַלע איבערכאַפּן דעם אָטעם און באַלד איבערגיין צו די שלימות־באַטראַכטונגען פון ב ר ו ך ש פּ י נ אָ ־ ז ע. אוודאי הערשט דאָ אַ גאַנץ אַנדערע אַטמאָספער. שפּינאָזע איז מיט קנאַפּע פינף הונדערט יאָר „יונגער" פונעם קאָרדאָווער בן מיימון. דערצו האָט ער זיך פולשטענדיק באַפרייט פון וועלכע ס׳איז טעאָלאָגישע איינשטעלונגען און פאָראורטיילן, ער דערלויבט זיך פראַנק און פריי פילאָזאָפירן נישט רעכענענדיק זיך לגמרי מיט דעם רעליגיעזן דעת הקהל.

דער רמב"ם האַלט דעם שכל פאַר דעם פיינסטן און פּרעציזסטן דערקענטעניש־אינסטרומענט. שפּינאָזע גלויבט אויך אינעם כוח פון שכל, אָבער ער האַלט אים נישט פאַר פולקאָם. דאָרט ווי דער שכל הייבט אָן אונטערהינקען און סיקלעקט אים נישט קיין כוח אַריינצודרינגען אין וועלט־עצם, דאַרף דער זוכנדיקער מענטש זיך אַרויסהעלפן מיטן דער א י נ ט ו א י ־ צ י ע ד"ה אומממיטלבאַרן (אומחושימדיקע דערפאַרונג, אָן באַווייזן און אָן לאָגיק) דערקענען גאָטס עצם דורך זיינע אַטריבוטן. די אינטואיציע באַזייטיקט פון די זאַכן זייער צופעליקייט

און באַקומט פון זיי אַרויס דעם אייביקייטס־עלעמענט. די אינ־טואיציע איז אינעווייניקסט גייסטיק באַזעען, און איז מסוגל אריינצודרינגען אין מהות פון וועלטאַל.

בדרך כלל איז דער מענטש מיט זיינע עמאָציעס און אַפעקטן נישט קיין אויסנאַם אין דער נאַטור; ער איז אינגאַנצן אונטערגעוואָרפן די אַלגעמיינע נאַטור־געזעצן. דער מענטש איז נישט אָפגעזונדערט און בילדעט נישט קיין אייגענע מלוכה אין דער וועלט־מלוכה. די נאַטור־געזעצן זענען צוגלייך דעם מענטשנס געזעצן.

דער צענטראַל־פונקט פון זיין פילאָזאָפיע איז אָבער זיט־לעכקייט, זיין הויפט־ווערק טראָגט דעם נאָמען „עטיק". מען דאַרף אומבאַדינגט שטרעבן צו אינטעלעקטועלער שלימות, בכדי צו באַהערשן די עמאָציעס און אַפעקטן. ווי אַן ענדציל אָבער גילט ביי אים תמיד דאָס מענטשלעכע פרידלעכע צוזאַמענ־לעבן, מענטשלעכע גליקזעליקייט.

ווי זעט אויס דער מענטש? — ווי אַ שפּענדל אויפן צע־בושעוועטן ים ווערט דער מענטש שטענדיק געשליידערט און געטריבן דורך די ליידנשאַפטס־כוואַליעס, וועלכע לויפן דורך אומצייליקע קאַנאַלן און טרעפן זיך ענדלעך צונויף אין צוויי גרונט־געפילן: laetitia (פרייד) און tristitia (טרויער). וואָס דאַרף זיין דער גרונט־באַגער פון מענטש? שפּינאָזע מיינט: אַז דער מענטש דאַרף זיך אַליין דערפירן צום צושטאַנד פון פולשטענדיקער ליידנשאַפטלאָזיקייט, ממילא וועלן פאַרשווינדן אַלע מניעות, וואָס געפינען זיך אויפן וועג צו האַרמאָניש־ברי־דערלעך צונויפלעבן.

און אָט לאָמיר זען ווי שפּינאָזע גייט אַ שטיקל וועגס צו־זאַמען מיטן רמב"ם. ווי אַזוי קאָן דער מענטש ווערן פריי? דערגרייכנדיק אינטעלעקטועלע שלימות. דאָס קאָן געשען דע־מאָלט, ווען דער מענטש וועט פאָלגן זיין אינעווייניקסטע פאַר־נונפט־שטים און אַזוי־אַרום זיך אינגאַנצן באַפרייען פון אויסנ־ווייניקסטן צוואַנג. וואָרים מענטשלעכע פרייהייט באַשטייט אין אויסשליסלעכער סובאָרדינאַציע לגבי די געזעצן פון אייגענעם גייסט און בזה האופן אַליין באַדינגען זיינע מעשים.

שפינאָזעס אויסבליק פון גליקזעליקייט איז פונקט ווי ביים רמב"ם פאַרבונדן מיט דער גאָט-אידעע. ווען זי דערגייט צו אינטעלעקטועלער גאָט־ליבע הערשט שוין אַ געלייטערטע זעלישע מנוחה; עס פאַרשווינדן אַלע קאָנפליקטן, מענטשן פאַרשטייען זיך קעגנזייטיק און זענען זיך אַלץ מוחל. דעמאָלט באַהערשט דעם מענטשן אַ גרויסע לעבנס־פרייד, ווייל ס׳לעבן אין זיך גופא איז גוט.

דאָס איז אַ גילגול פונעם אַלט־יידישן אָפּטימיזם — ויראַ כי טוב. פאַרטרייבט פון זיך די שאָטנס פון טויט און טראַכט כסדר נאָר וועגן לעבן. שפינאָזע זאָגט: „דער פרייער מענטש ד"ה דער, וואָס לעבט לויט דער אָנווייזונג פון שכל, ווערט קיינמאָל נישט געפירט דורך קיין טויט־שרעק, נאָר באַגערט אוממיטלבאַר דאָס גוטע". אָט דער שפינאָזעס געדאַנק דערמאָנט אין די ווערטער פון דער תורה: „...החיים והמות נתתי לפניך, הברכה והקללה, ובחרתם בחיים". דער העברעער אינסטינקט זאָגט דעם בעל שכל שטענדיק אונטער אויסצוקלייבן ס׳לעבן, ווייל ס׳איז אין תוך גוט און אויסמיידן דעם טויט, וועלכער איז אין תוך שלעכט". דרייען זיך דאָך אַלע ימים נוראימדיקע תפילות אַרום דעם געבעט: „זכרנו לחיים, מלך חפץ בחיים, וכתבנו בספר החיים, למענך אלהים חיים".

און מענטשנס צונויפלעבן איז באַזירט אויף זיטלעכער שלימות. די ליבע צום מענטשן איז באַגלייך ליבע צו גאָט.

וואָס איז דען שפינאָזעס גאָט אויב נישט הוילע עטיק?

צי דאַרף דער מענטש דערוואַרטן פאַר זיין צניעותדיק לעבן עפּעס אַ הימלישן שכר? אויף דעם ענטפערט שפינאָזע: ניין. „גליקזעליקייט — זאָגט שפינאָזע — איז נישט קיין שכר פאַר טוגנט, נאָר די טוגנט אַליין. נישט דערפאַר פרייען מיר זיך מיט איר. ווייל מיר האַלטן איין די תאווה, נאָר פאַרקערט, ווייל מיר פרייען זיך מיט איר, זענען מיר בכוח איינצוהאַלטן די תאווה".

אָט־די דערהויבענע פאָרשטעלונג וועגן טוגנט אין זיך גופא אָן וועלכער ס׳איז אויסגעוויינקסטער באַלוינונג, איז דאָך אין גרונט גענומען דורכאויס יידיש. דאָס שטעלט אַוועק אין מיטלפונקט פון זעלישן לעבן די אַבסאָלוט ריינע מאָראַל לשם מאָראַל. די באַלוינונג פאַרן גוטן איז ס׳גוטע אַליין, די שטראָף פאַר דעם שלעכטן איז דאָס שלעכטע גופא. צי איז דאָס נישט

אין הסכם מיט די ווערטער פון בן־עזאי: שכר מצוה — מצוה, ושכר עברה — עברה".

דער רמב"ם טיילט־צו השארת הנפש בלויז פאַר דענ־קענדיקע אויבערמענטשן; ער מיינט, אַז נאָר דער אינטעלעק־טועלער אַריסטאָקראַטיזם עפנט די טויערן צום מלכות פון אומשטערבלעכקייט. אָבער אויך דער „אַפּיקורסישער" שפּינאָ־זע איז נישט ווייט פון גלויבן אין השארת הנפש און אויך ער גיט דיך־קדימה דעם אינטעלעקטועל געשטייגערטן. שפּינאָזע מיינט, אַז אונדזער גייסט, אויף וויפיל ער אַנטהאַלט דעם תוכן פון גאָט אונטער דעם אַנבליק פון אייביקייט, איז ער אייביק, זיין עקזיסטענץ ווערט נישט באַגרענעצט דורך דער צייט. אונדזער גייסט איז אַ געטרייע גאָט־אָפּשפּיגלונג פון דענקען, וואָס דרינגט אומממיטלבאַר אַרויס פון גאָטס אומענדלעכן פאַר־שטאַנד. על כן — לויט שפּינאָזע — קען דער מענטשלעכער גייסט נישט ווערן אינגאַנצן פאַרניכטעט מיטן גוף, נאָר עס בלייבט עפּעס פון אים, וואָס איז אייביק. צו אָט־דעם שטאַפּל קאָנען זיך דערהייבן נאָר יחידי סגולה, וואָס זענען באַהערשט פון אינטעלעקטועלער ליבע צו גאָט.

די צוויי יידישע פילאָזאָפן האָבן געלעבט אין גאָר אַנדערע תקופות, דערווייטערט פון זיך אַזש אויף 500 יאָר, און געבויט זייערע שיטות אויף גאַנץ אַנדערע פילאָזאָפישע יסודות. דער צווייטער האָט נישט איינמאָל שאַרף באַקעמפט דעם ערשטן. פונדעסטוועגן איז דער גרויסער אַפּיקורס פונקט ווי דער גרויסער „אחר" געווען באַאומרואיקט פון די זעלביקע עכט־יידישע חש־בון הנפש־פּראָבלעמען. ביידע האָבן זיך באַמיט צו באַלייכטי־דעם דאָרנדיקן וועג צו מענטשלעכער שלימות און ביידע זענען אָפּט געקומען צו ענלעכע, צומאָל אויך אידענ־טישע, אויספירונגען.

(1948)

# פילאָסאָף אָדער ביאָסאָף

## (וועגן ד״ר חיים זשיטלאָווסקי)

דעם פילאָסאָף זענען מיר געוווינט זיך פאָרצושטעלן אַלס יושב אוהל, אַלס מענטש, וואָס רייסט זיך אָפּ פון די וואָכעדי־קע לעבנס־גרילצן און פאַרקלייבט זיך ערגעץ אין אַן אָפּגעזונ־דערטן געצעלט, בכדי אין זיינע ד׳ אמות של הלכה געדאַנקלעך אויסצושמידן אַן איינהייטלעך האַרמאָניש־געשלאָסן וועלט־בילד. דאָרט, אין דעם אָפּגעצוימטן חדרל, אין אַן אַטמאָספער פון טיף־אָביעקטיווער נאָכטראַכטונג, ווערט מיט מסירת־נפשדיקן אויס־דויער געשאַפן אַן אידעישע לעבנס־אָפּשפּיגלונג, פון וועלכער עס שטראַלט שפּעטער אַרויס אַ געדאַנקלעכע צוריקשפּיגלונג, וואָס האַלט שוין נאָכדעם במשך פון דורות דאָס לעבן „פאַר די הער־נער". ווער עס האָט געהאַט דאָס גרויסע גליק אויף די שפּיצפּינ־גער אַרומצושפּאַנצן אין טיפן שווייגן בלויז עטלעכע מינוט אין ספּינאָזעס בוידעם־שטיבל אין צאַרטן האַאַג, אין דעם זייטיקן געסל פּאַוויליאָנס־גראַכט נעבן דער שטילער־זוערקאַדע, ווו דער גרויסער בודד האָט אויסגעפּאַרטיקט זיין „עטיק", דער וועט בלי ספק פאַרשטיין רענאַנס באַצייכענען:

"...c'est d'ici peut-etre que Dieu a été vu de plus pres"

(„פון דאָזיקן אָרט האָט מען אַמנאָענטסטן געזען גאָט"). אַזוי — נעמט מען אָן — זענען די וועגן פון די, וואָס ווילן זיך דער־גראָבן צו די וואָרצלען פון אמת.

זשיטלאָווסקי וווינט אין דער גרעסטער וועלט־שטאָט, אין קאָכעדיקן ניו־יאָרק און איז מיט אַלע פעדעם איינגעוועבט אין האַסטיקן טעמפּ פון רוישיקן לעבן. ער איז טעמפּעראַמענטפול און אפילו ליידנשאַפטלעך. ער האָט זיך אינטערעסירט און רעאַ־

גירט אויף אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות מיט דער יידישער גייסטיקער און מאַטעריעלער ווירקלעכקייט, נישט דאָס לעבן האָט אים פאַרטריבן אין איינזאַמען געצעלט, נאָר פאַרקערט — ער האָט דאָס „געצעלט" מיט גרויס עקשנות אַריינגעפירט אין מיטלפונקט פון אַלע לעבנס־באַשטרעבונגען. אמת, זיין פילאָזאָפישער וועלט־באַנעם האָט זיך דערהויפט געצייטיקט אויף דעם פאָן פון דער שטיל־הערלעכער שווייצאַרישער לאַנדשאַפט, זיין עקספאַנסיווקייט אָבער האָט ערשט באַקומען אַ תיקון צווישן די ריזיקע ניו־יאָרקער אודיטאָריעס.

דאָס פאָלק, אַרויסברענגענדיק דעם אונטערשייד צווישן ווילנער גאון און דובנער מגיד, האָט שטענדיק געטענהט, אַז ס'איז נישט קיין איבעריק „גרויסע קונץ" צו פאַרבלייבן אומבאַרירט אין דער גאונישער גרויסקייט, ווען מען זיצט רק אָפּגעזונדערט אין חדר מיוחד, אַרומגערינגלט מיט ספרים און מען איז מעמיק בתורה, נישט אָנזעענדיק קיין לעבעדיקן מענטש פאַר די אויגן. עס איז אָבער אַ פיל „גרעסערע קונץ" צו פאַרקערן תמיד צווישן פּראָסטן פאָלק, אין זאַפטיק־פאַרבאַפנדע בילדער אים אויפקלערן דעם גייסט פון דער תורה און דערביי נישט פאַרלירן דעם אָנזען אַלס חכם... עס איז נישט בלויז די באַקאַנטע נפקא מינה צווישן סיסטעמאַטיקער און פּאָפּולאַריזאַטאָר, נאָר עס איז אַ גרונט־אונטערשייד, וואָס איז פאַרהאַן צווישן אַבסטראַקטן דענקער, פאַר וועלכן די האָרשפּאַלטעניש פאַר זיך גופא איז אַן אָנגענעם־גייסטיקע שפּיל, און דעם ראַפינירטן לעבנס־חכם, וואָס וויל זיין געדאַנקען־בלוט פונאַנדערפירן איבער די אַרטעריעס פון פאָלקס־אָרגאַניזם, בכדי שענער און טיפער צו מאַכן זיין גייסטיק לעבן.

מערקווירדיק, זשיטלאָווסקי איז פון „דער היים אויס" אַן אַקטיווע פיגור פול מיט רעוואָלוציאָנערן פּאַטאָס. ער האָט קודם־כל געהאַט אינטערעס פאַר סאָציאַלע פּראָבלעמען. באַקענענדיק זיך אָבער נענטער מיט דער מאַרקסיסטיש־טעאָרעטישער באַגרינדונג פון סאָציאַליזם, האָט ער איינגעזען איר געדאַנקלעכן טעות, וואָס איז עלול צו פאַרפירן. דערדאָזיקער פילאָזאָפישער „טעות" האָט אָבער שוין פריער באַוויזן צו גילטן פאַר אַן איינגעפונדעוועטן „אמת", וועלכן מען האָט ממש פאַרהייליקט. ער האָט זיך דעריבער געשטעלט פאַר זיינס אַ לעבנס־שליחות אַרויסצופירן זיין דור פון היסטאָריש־פילאָזאָפישן אומווענ. ער האָט

זיך באַמיט אונטערצוגראָבן דעם וויסנשאַפטלעכן באָדן, אויף וועלכן עס האָט זיך סומך געווען דער עקאָנאָמישער מאַטע־ריאַליזם. אָט דער דאַזיקער פילאָזאָפישער „טאָמער פאַרקערט" איז אין זיינע גרונט־שטריכן שוין אויסגעאַרבעט געוואָרן במשך פון די „72 ציריכער נעכט". דאָס איז געווען דער שטוים במשך פון צענדליקער יאָר ווייטער צו האַלטן אין איין פונאַנדערדרייען די פאַלשע אידעען־פאַרבינדונג צווישן סאָציאַליזם און דאָגמאַ־טיש־עקאָנאָמישן מאַטעריאַליזם. אויף זיינע שפּעטערדיקע פי־לאָזאָפישע אַרבעטן פילט זיך נאָך דער ציריכער חותם. עס באַקומט זיך דער איינדרוק, ווי ד"ר זשיטלאָווסקין וואָלט תמיד געשוועבט פאַר די אויגן דאָס בילד פון זיין הויפּט בר פלוגתא — דעם אָרטאָדאָקסיש־גלויביקן מאַרקסיסט — פּלעכאַנאָוו...
ס׳איז באמת כדאי אָפּצולעבן אַ לעבן, בכדי צו באַווייזן דעם אויסטערלישן מעזאַליאַנס, וואָס שטעקט אין דער שייכות צווישן העגעלס דיאַלעקטיק און מאַרקסי מאַטעריאַליסטישער וועלט־אַנשויאונג. אַזוי אַרום דאָמינירט אפילו אין זשיטלאָווסקיס שפּע־טערדיקע, ריין פילאָזאָפישע, אַרבעטן דער פּ ר אַ ק ט י ש ע ר אונטערשלאַק — די באַדערפעניש צו צעטרייסלען די טעאָרע־טישע פעסטקייט פון דעם מאַרקסיסטישן סיסטעם. צום סוף פון זיין אינטערעסאַנטער אַרבעט „דער מאַטעריאַליזם און די דיאַלעקטישע לאָגיק" האָבן מיר אַזאַ אויספיר וועגן מאַרקסי־סטאַריע: „פילאָזאָפיש איז זי נישט באַגרינדעט, פאַר דער וויסנ־שאַפט איבעריק, אין דער פּראַקטיק מער שעדלעך, איידער אָן נוצן, און ממילא האַלט זי אומעטום נישט אויס קיין קריטיק". דאָס איז אויך זיין, קאַמפּס־פּאַראַל אין דער מלחמה מיט זיינע קעגנער, ווייל זשיטלאָווסקי איז — אַזוי צו זאָגן — אַ פילאָזאָ־פיש־קעמפערישע נאַטור.

זשיטלאָווסקי איז אַן איידל־פאַרביסענער קעגנער פון דער מאַטעריאַליסטישער וועלט־אויפפאַסונג. די מאַטעריאַליסטן באַ־טראַכטן דאָך די מאַטעריע פאַר אַן אַבסאָלוטער רעאַליטעט. עס קומט דעריבער אויס, אַז די מאַטעריע איז אורשפרונג, דער גייסט, דאַקעגן, איז — בלויז דערשיינונגס־פאָרם פון דער זעל־ביקער מאַטעריע, אַזוי אַרום איז דאָס דענקען אַן אייגנשאַפט פון דער מאַטעריע, פּונקט אַזוי ווי עלעקטריציטעט, באַוועגונג, אומדורכדרינגלעכקייט, אויסגעשפּרייטקייט א. ד. גל. היות ווי

דידאָזיקע „מעטאַפיזישע" קאָנצעפּציע ווערט צונויפגעפירט מיט פּאָליטישער עקאָנאָמיע און מיט אַ סאָציאַל־פּראַקטישן אידעאַל, פאַר וועלכן עס קעמפן העראָיש מיליאָנען מענטשן, שטעלט זיך זשיטלאָווסקי אַפּאָסטאָליש איין פאַר זיין קאָנסעקווענטן אַנטימאַטעריאַליזם. זיין גייסטרייך לעבן איז אייגנטלעך געווען אַ ריטערלעכער צוג לדורן, לתפילה ולמלחמה קעגן דער דאָזיקער פאַלשער אידעען־פאַרבינדונג. אין זיין באַדייטנדער פילאָזאָפישער אַרבעט א. נ. „היסטאָרישע אידעען־פאַרבינדונג", וואָס ווייזט אפשר אויס צו זיין געווידמעט ריין־פילאָזאָפישע ענינים, קאָן ער זיך אויך נישט באַפרייען פון ציריכער געשפּענסט. דאָס איז קענטיק שוין פון ערשטן קאַפּיטל, אין וועלכן ער באַהאַנדלט דעם פילאָזאָפישן דיספּוט צווישן מאַרקס און לאַסאַל וועגן גאָטפּראָבלעם; אַ געראַנגל צווישן אידעאַליסט און מאַטעריאַליסט. די הויפּט־פראַגע איז: צי קאָן אין דער מאַטעריעלער וועלט ליגן דער גרונט פון געזעצמעסיקייט? לויט לאַסאַלן קומט אויס, אַז דער „אמתער" אידעאַליזם איז נויטווענדיק פאַרבונדן מיט אַטעאיזם. לויט מאַרקסן ווידער מוז אויסקומען, אַז דער מאַטעריאַליזם גאָר איז אָרגאַניש צונויפגעוואַקסן מיטן אַטעאיזם. פאַרשטייט זיך, אַז מיר גייען נישט אַריין אין מעריטום פון מחלוקת־הפּוסקים וועגן אַטעאיזם — „אבן־טוב", מיט וועלכן ביידע צדדים צאַצקען זיך אַזוי צערטלעך. פאַר זיך גענומען איז עס אַן איבעריקער באַווייז פאַר דעם אַלגעמיינעם ריטם פון זשיטלאָווסקיס געדאַנקען־גאַנג. ער שטעלט זיך פּאָזיטיוו איין פאַרן רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם, ער שפּאַלט אים אָבער אָפּ פון זיין אומנאַטירלעכער צונויפפּאָרונג מיט דעם מאַטעריאַליזם, ווייל אין תוך איז דאָך זשיטלאָווסקי אַ קולטור־פילאָזאָפישער אידעאַליסט.

אַנאַליזירנדיק דעם ענדציל פון דער געשיכטס־פילאָזאָפיע קומט ער ווידער צו זיין גרונט־הנחה. ער באַווייזט, אַז מאַרקס האָט פּרודאָנס טראַנסצענדענטאַל־עקאָנאָמישן אידעאַליזם פאַרוואַנדלט אין אַן עמפּיריש־עקאָנאָמישן מאַטעריאַליזם. און דאָ ווענדט שוין זשיטלאָווסקי אָן זיינע אַלע כוחות צו צעשטערן די הויפּט־זיילן, אויף וועלכע עס האַלט זיך דער טעאָרעטישער בנין פון מאַרקסיזם, זיין פילאָזאָפיע, דערקענטעניש־טעאָריע און אַפילו סאָציאָלאָגיע. מאַרקס קלאָרע נבואה וועגן דעם אייזערנעם „מוז" איז דעריבער ווייט נישט קיין אייזערנע. אַ דאַנק

דעם מאַרקסיסטישן מעטאָד קאָנען מיר אפשר אויספאָרשן דעם עבר, אָבער באין אופן נישט פאָרויסזען די צוקונפט. דער וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם אין דער מאַרקסיסטישער ווערסיע קאָן נישט אויפבויען קיין סאָציאַלע פראָגנאָזן. גיכער איגנאָרירט זשיטלאָווסקין דער עטישער עלעמענט אין דער וויסנשאַפט. ציטנוויז קומט עס אויס אַ ביסל קריטיש, וואָס זשיטלאָווסקי איז דורך און דורך באַהערשט פון אַליידנשאַפטלעכן אַנטימאַרקסיסטישן ווידערווילן, מען טאָר אָבער נישט פאַרגעסן, אַז דאָס ראַדיקאַלע דענקען פון יענער צייט איז געשטאַנען כמעט אונטער דער אויסשליסלעכער שליטה פון מאַרקסיזם. די אַנטימאַרקסיסטישע ליטעראַטור איז דעמאָלט געווען אַ פּיאָנערישע, פאַר וועלכער מען האָט קיין איבעריק־האַרציקן קבלת פנים נישט צוגעגרייט. פאַרשטייט זיך, אַז ד״ר זשיטלאָווסקי האָט דערפאַר געהאַט אויסצושטיין פון זיינע קעגנער קאַלטס און וואַרעמס. אָפטמאָל איז ער געבליבן איזאָלירט, ער האָט זיך אָבער דערמיט קנאַפ וואָס איבערגענומען און עקשנותדיק ווייטער געפירט זיין קאַמף.

במשך פון לעצטן צענדליק יאָרן האָט אים אָבער דאָס מזל אָנגעהויבן „צו שפּילן". די דערגרייכונגען אין דער מאָדערנער פיזיק פאַלן טיילוויז צונויף מיט די טעזן, פאַר וועלכע זשיטלאָווסקי האָט זיך אַזוי אייפעריק איינגעשטעלט, דאַקעגן מאַכן זיי אַ תל פון דעם מאַטעריאַליזם. ראשית־כל קומען דאָ אין באַטראַכט די גרונט־אויספירונגען פון איינשטיינס רעלאַטיוויטעטס־טעאָריע — דער סינטעטישער מאָניזם, וואָס שמעלצט צונויף רו מיט באַוועגונג, שטח מיט צייט, מאַסע מיט ענערגיע און שווערקראַפט מיט אינערציע. איינשטיין גלויבט נישט אין דער אַבסאָלוטקייט פון מענטשנס שכל. באַגריפן קאָנען זיין אמתע אין געוויסע גרענעצן, ביז אַ געוויסער מאָס און ביי געוויסע באַדינגונגען. אין אַנדערע גרענעצן און ביי אַנדערע אומשטענדן פאַרלירן זיין זייער אמתדיקייט. די צ י י ט ווידער איז נישט קיין ריינער שטראָם, זי שטעקט אין זאַכן און געשעענישן אַלס זייערס אַ פיזיקאַלישע אייגנשאַפט, ממילא זענען זיי רעלאַטיוו. אַ קלאַפּטער און אַ סעקונדע אויף איין אָרט קאָנען אויף אַן אַנדער אָרט ווערן אויסגעצויגן אָדער איינגעשרומפּן. איינשטיין פאַרשיט דעם אָפּגרונט, וואָס איז פאַרהאַן צווישן מאַסע און ענערגיע. די קעניגין מאַטעריע ווערט דעטראָנירט.

אין די „אַלטע גוטע צייטן" פלעגט מען גלויבן אין דעם פּאַראַלעליזם פון מאַסע און ענערגיע. איינשטיין האַלט, אַז דאָס זענען בכלל נישט קיין גלייכלויפנדיקע דערשיינונגען; זיי בילדן צוזאַמען איין־און־איינציקע דערשיינונג. מאַסע איז אַ געוויסער צושטאַנד פון ענערגיע. מאַטעריע אין זיך גופא איז גאָרנישט בנמצא. זי איז אַ סכום ווירקונגען פון פאַרשיידענע ענערגיעס.

ד"ר זשיטלאָווסקי, רעפערירנדיק שטרענג אָביעקטיוו די גרונטפּרינציפּן פון איינשטייניזם (אין זיין אויסגעצייכנטן בוך איבער איינשטיינס טעאָריע), שמייכלט שעלמיש צווישן די שורות. דורך דיסקרעט־אַריינגעפלאָכטענע זאַצן גיט ער אָנצוהערן, אַז ער איז צופרידן, וואָס עס איז אים באַשערט זיך צו באַטייליקן אין דער „לוויה" פון מאַטעריאַליזם.

מיט אַ באַזונדערער ליבע איז זיך זשיטלאָווסקי סומך אויף די אויספירונגען פון געניאַלן פיזיקער פּאָן־פּלאַנק. זשיטלאָווסקי האַלט, אַז פּאָן־פּלאַנקס אויפגעשטעלט וועלט־בילד באַווייזט דעם באַשיימפערלעכן באַנקראָט פון מאַטעריאַליזם.

פּאָן־פּלאַנק רעדט וועגן דרייערליי וועלטן: 1) די זינען־וועלט, ד. ה. די וועלט פון חושים, 2) די רעאַלע וועלט, וואָס ליגט הינטער די חושים און ווירקט אויף זיי (זי ברענגט אַרויס שפּירונגען, פאַרבן, קלאַנגען א. ד. גל.) און 3) די וועלט פון פיזיקאַלישער וויסנשאַפט (זי באַמיט זיך צו געבן אַ באַריכט וועגן עצם פון דער וועלט).

בנוגע דער זינען־וועלט האַלט פּאָן־פּלאַנק, אַז די חושים זענען לגמרי נישט מסוגל צו געבן אַ גענוי וועלט־בילד, זיי האָבן פאַר דער וויסנשאַפט אַ גאָר קנאַפּן באַטייט. וואָס שייך ווידער דער רעאַלער וועלט, מיינט פּאָן־פּלאַנק, אַז אַ דירעקטע דערקענטעניש איז בכלל אוממעגלעך. דאָס קאָן נאָר בלייבן אונדזערס אַ פרומער ווונטש. בלייבט נאָר די דריטע וועלט, וועלכע איז אַ באַוווסטזיניקע באַשאַפונג פון מענטשנס גייסט. די פיזיקאַלישע וועלט מיט אירע אַלע געזעצן איז דעריבער אַ סוביעקטיווע מענטשלעכע שאַפונג, ממילא קאָן דער מענטשלעכער שכל נישט אַריינדרינגען אין תוך פון דער וועלט. דידאָזיקע טעזע צעקלאַפּט אינגאַנצן ענגעלס דאָגמאַטיזם. אָבער אויך די מאַטעריאַליסטישע טעזע, אַז פריער איז געווען די וועלט, שפּעטער ערשט דער מענטש, ווערט דאָ שטאַרק אָפּגעפרעגט. דער מאַטעריאַליזם האַלט, אַז דאָס ז י י ן באַשטימט דעם

ב אַ ו ו ו ס ט ז י י ן. אויב ווידער אַלץ, וואָס איך ווייס און
זאָג וועגן דער וועלט איז בלויז אַ פּראָדוקט פון מיין באַוווסט־
זיין און אין דרויסן פון מיין באַוווסטזיין עקזיסטירט אינגאַנצן
נישט קיין דערקענטעניש, טאָ וואָס פאַר אַ ווערט, מ׳שטיינס־
געזאָגט, האָט דער „פאַקט“, אַז די וועלט איז געווען פריער פון
מיר; אין דער וועלט פון וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג איז פריער
דער מענטש און נאָכדעם די „וועלט“.

אַ קלאָרע תשובה באַקומט מען מצד דעם איינשטיין־פּלאַנק־
געפלעכט אויף דער קאַרדינאַלער פראַגע וועגן מאַטעריע און
באַוועגונג. אוודאי לייקנט נישט די מאָדערנע פיזיק אין דער
עקזיסטענץ פון דער מאַטעריע, זי באַווייזט נאָר, אַז די מאַטע־
ריע שטאַמט פון אַ נישט־מאַטעריעלער ענערגיע, זי קאָן דערי־
בער נישט גילטן אַלס אורשטאָף, ד. ה. אַלס ערשטער יסוד פון
דער וועלט. אַליווער לאָדזש האָט שוין פאָרמולירט, אַז די באַ־
שטאַנדטיילן פון אַטאָם, ד. ה. די עלעקטראָנען און פּראָטאָנען
זענען „ליידיקע ערטער, אָנגעפילט מיט עלעקטרישער ענער־
גיע“... עס קאָן דעריבער געמאָלט זיין ריינע באַוועגונג אָן מאַ־
טעריע. בכדי אינגאַנצן צו וויסן וווהין זשיטלאָווסקי שטרעבט
מיט זיין אָביעקטיוון רעפעראַט, וואַרפט ער אַגב אורחא אַריין
אַ שפּילקעלע „...ולא כדברי ענגעלס, אַז ווו באַוועגונג, דאָרטן
מוז זיין מאַטעריע...“

גראָד אַזוי ווי זשיטלאָווסקי באַמיט זיך פונאַנדערצערייסן
דעם בונד פון סאָציאַליזם און עקאָנאָמישן מאַטעריאַליזם, אַזוי
באַמיט ער זיך אויך צו באַווייזן די מעגלעכקייט פון צונויפ־
שמעלצן דעם סאָציאַליזם מיט רעליגיע אָן אַ וועלכן עס איז שאָ־
דן פאַר ביידע. דערביי צייכנט ער די דערקענטעניש־שטאַפלען
לויט דעם פאָלגנדיקן סדר: וויסנשאַפט, פילאָזאָפיע און רעלי־
גיע. נאַטירלעך רעדט זשיטלאָווסקי פאָזיטיוו נישט וועגן דער
דאָגמאַטישער רעליגיע, נאָר וועגן רעליגיעזישקייט אַלס וועלט־
געפיל און עטישער פרינציפּ. זשיטלאָווסקי פאַררופט זיך אָפט
אויף דעם פסוק „...מה ד׳ דורש ממך, כי אם עשות משפט ואה־
בת חסד...“ („וואָס פאַרלאַנגט גאָט פון דיר? — נאָר טון גע־
רעכטיקייט און ליב האָבן גנאָד“). דווקא אין דער קולטור־פי־
לאָזאָפיע אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז זשיטלאָווסקיס פערזענ־
לעכקייט. צו דעם געהערט אויך זיין פיינע אַרבעט וועגן פריד־
ריך ניטשע, ווו ער באַהאַנדלט דאָס פּראָבלעם פון מענטש און

וועלט-דערלייזונג דורך איבערשאַצן די אָפגעלעבטע קולטור־
ווערטן. אין דער זעלביקער אַרבעט זאָגט ער, אַז הגם ער איז נישט מסכים מיט ניטשעס אויספירונגען, האָט ער דאָך אַ גרויסן קולט פאַר זיין אינעווייניקסטער רעליגיאָזיטעט. „מיט אונדז, אָדער מיט אונדזערע קעגנער, — דער באָדן, אויף וועלכן ער שטייט, איז הייליקער באָדן". ניטשע איז אין תוך אַ טיף־מאָ־ראַלישע און טיף־רעליגיעזע נאַטור, וואָס זוכט הייליקייט און אומענדלעכקייט, און פאַר דעם קאָן זיך זשיטלאָווסקי באַגייס־טערן. דערפאַר איז ער אַזוי פאַרכאַפט פון די נביאים, פון זייער ריזיקן עטישן פאַטאָס. וועגן דעם זאָגן אויך עדות זיינע מייס־טערהאַפטע אַרבעטן „טאָלסטאָי, ניטשע און קאַרל מאַרקס", „אַנאַטעמאַ", „בלויער פויגל", „טויט און ווידערגעבורט פון גע־טער און רעליגיעס" און בעיקר „איוב", אַ פאָעמע פון דעם יידישן פרייען געדאַנק", אַ קנויל פון פראָבלעמען: גאָטזוכעניש, פראָמעטעאיזם, גליקזעליקייט און השארת הנפש. דידאָזיקע פראָבלעמען זענען געצייכנט אויף דעם פאָן פון גראָדווירדיקער לאָגיק, מיט אַ געהעמטן פאַטאָס. דאָ איז זשיטלאָווסקי ביי זיך אין דער היים. זיין אייגנטלעכער געדאַנקלעכער און פסיכישער באַרוף ווייזט זיך אונדז אויס צו וואָרצלען אין דעם אייגנאַרטיקן נעמען שטעלונג צו לעבנס־פראָבלעמען. ער נוצט נאָר אויס דעם פילאָזאָפישן מעטאָד, בכדי צו וואַרפן אַ ליכט־רעפלעקטאָר אויף די טונקעלע לעבנס־וועגן, איבער וועלכע מענטשן הערן נישט אויף צו בלאָנדזשען. ער איז מער לעבנס־חכם — ב י אָ ז אָ ף, איידער אַבסטראַקטער קאַבינעט־פאָרשער (הגם לעבנס-חכמה פאָדערט אויך קאַבינעט, אָבער שוין מיט אַ געעפנט פענסטער צו דער גאַס). שוין דאָס אַליין, וואָס זשיטלאָווסקי האָט זיך נישט איינגעוועלבט אין איין תקופה, נאָר שווימט כסדר מיט די נייע שטרעמונגען אין דער מאָדערנער פיזיק, און דאָס, וואָס ער הערט נישט אויף נאָכצופאָלגן די אַנטוויקלונגס־ליניע פון היינטצייטיקן פילאָזאָפישן געדאַנק, באַשטעטיקט ווידעראַמאָל, אַז זיין פילאָזאָפיע איז נישט גלאַט לשם פילאָזאָפיע, נאָר לשם זוכן אַ לינדערונג פאַר די גייסטיקע און מאַטעריעלע לעבנס־נויטן. דאָס איז אייגנטלעך דאָס שענסטע, וואָס דאַרף אין דעם מענטשן געלויבט ווערן.

.1935

# אינהאַלט

## יידיש־פילאָזאָפיש

